גרשון ריטוואַס

# אַ ייד אין אַ נאַצישן אוניפאָרם

די איבערלעבענישן פון קאַפּיטאַן גרעגאַר, געוועזענער שעף
פון 352־טן באַטאַליאָן פ. ט. פּ. פּ. אין לע־פּי (האָט לואַר)
פראַנקרייך

פּ א ר י ז 1971

# אַ וואָרט פון מחבר

ניין, איך בין נישט קיין שרייבער און איך פּרעטענדיר נישט אַז מיין בוך זאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער יידישער ליטעראַטור.

איך בין נאָר אַן עדות פון טויזנטער אומגעקומענע יידישע סאָוויעטישע קריגס-געפאַנגענע, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן נאָך שווערע קאַמפן, אין די נאַצישע לאַפּעס.

איך ווייס, אַז פון די טויזנטער יידישע סאָוויעטישע קריגס-געפאַנגענע זיינען געבליבן ביים לעבן נאָר איינצעלנע, פונקט ווי איך.

דעריבער איז מיין בוך, ווי אַ דענקמאָל פאַר די העלדיש אומגעקומענע יידישע קעמפער.

זאָל דאָס בוך, אויך זיין אַ דענקמאָל, פאַר מיין אומגעקומענער פרוי און זון, פאַר מיין אומגעבראַכטער משפחה.



איך דריק אויס מיין טיפע דאַנקבאַרקייט, פאַר דער מאָראַלישער אונטערשטיצונג די חברים ב. שלעווין, ז. גאַסטינסקי און נפתלי מילנער.

אַ באַזונדערן הארציקן דאַנק דריק איך אויס שעכטער. ער איז געווען פאַר מיר נישט נאָר אַ לערער, נאָר אַן איבערגעגעבענער פריינט.

דער מחבר

## אנשטאָט אַ הקדמה

# איך טו אָן די נאַצישע אוניפאָרם

— אַלזאָ, וואָס גיבט עס נויעס, ניקאָלאַי ? האָסטו קיינע יודען גע־פונדען ?

— נאָין, הער שאַר־פיורער.

ווען איך דערהער די עטלעכע ווערטער, גייט מיר דורך אַ ציטער דורכן קערפּער. איינער שטייט ביי אַ טיש, און דער צוויי־טער — ווענמען ער האָט אָנגערופן ניקאָלאַי — שטייט לעבן אים אָנגעטאָן אין אַ סאָוויעטישער אוניפאָרם אָן אַפּצייכנס, אָן אָפּגעפּרעסטענער פּרצוף, אַ ווייס בענדל אויפן אָרבל, מיט איין גרויסן בוכשטאַב „ד״, דאָס הייסט דאָלמעטשער, איבערזעצער. מען האָט מיר שוין אויף אים אָנגעוויזן. דאָס איז אָן עלטערער טשוואַש ביי די פּופּציקער, אַ געוועזענער פעלדפעבל אין דער צאַרישער אַרמיי, וואָס מען דאַרף זיך פאַר אים היטן, אָן איבער־געגעבענער קנעכט פאַר די נאַציס.

עס איז דעצעמבער 1943 און מיר געפינען זיך אין אַ גרויסן ספּעצ־יעלן ווערבירונגס־לאַגער אין שעדלעץ, לעבן וואַרשע. איך געפין זיך אין אַ גרויסן באַראַק מיט נאָך 119 קאַנדידאַטן וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעקליבן, כלומרשט ווי פרייוויליקע, פאַר די וולאַסאָווסקע אָפּטיילונגען. מיט עטלעכע מינוט צוריק בין איך אַדורך די קאָמיסיע פון געשטאַפּאָ, נאָקעטערהייט, אָפּגעראַזירט מיין באָרד און דורכגעגאַנגען די באָד, די ערשטע, זייט 1942. אָט איז שוין באַלד 28 חדשים ווי איך געפין זיך ביי מיינע טויט־שונאים אין די הענט. מיט עטלעכע מינוט צוריק האָב איך אונטערגעשריבן אַ שטיקל פּאַפּיר, ווו עס איז פאַרצייכנט אַז סאַבאַקאַיעף (אַזוי הייס איך אין דעם מאָמענט), גריגאָרי כאַביבולאָוויטש, געבוירן אין 1916 אין סאַראַטאָוו, טרעט אַריין פרייוויליק אין „ר. אָ. אָ.״ אָדער ווי מען פלעגט זיי רופן: „וולאַסאָווסקע אַרמיי״.

ביי זיך טראַכט איך: „יאָ, יענעם „געטרייען״ סאָלדאַט האָט איר אַריינגעכאַפּט״... און אפילו קערים, מיין בעסטער חבר, האָט זיי אויך פיינט, כאָטש ער איז טאַקע אַ ריכטיקער, געבוירענער טאַטאַר; אָדער אָט יענער פון ווייטן, איך בין זיכער אַז ער איז אויך אַ ייד. דאָס איז נאָך

אונדזער גליק, וואָס מיר יידן דערקענען זיך גיכער צווישן זיך... דאָרטן, עטוואָס ווייטער, שטייט אַ גרופּע מאָרדווינער. צוויי פון זיי קען איך גוט, איך ווייס, אַז איינער פון זיי איז אַ מאַטראָס, און במילא מוז ער זיין פּאַרזיכטיק, פּונקט ווי די יידן אָדער קאָמיסאַרן. און דאָרט אין ווינקל שטייט אויך אַ גרופּע טאַטאַרן. אייניקע פון זיי קען איך זייער גוט. איינער פון זיי איז אַ קאַזאַנער פּראָקוראָר. אַך און ווי וואָלט געוועזן צו אים ווען די דייטשן וויסן דאָס. אָדער אָט שטייט לעבן פּראָקוראָר אונדזער־רעד אַ גוטער חבר, אַ דורכגעמאַכטע קאָפּ, אַ פּאָליטרוק. אַדאַנק אונדז ביידן געפינט ער זיך דאַ מיט אונדז, ווייל אים האָט מען נישט געוואָלט נעמען. ער האָט אַ פּאַרוווּנדעטן, שטייפן פוס. ער שרייבט אָבער זייער גוט און אַרבעט אין דער קאַנצעלאַריע. דאָס קומט אונדז צו נוץ, ווייל מיר וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער וועבירונגס־קאָמיסיע.

מיר זיינען שוין דאָ אין שעדלעצער לאַגער אַכט טעג. מען גיט אונדז גוט צו עסן. זיי האָבן דאָ אַן אייגענע שניידעריי, אַ שוסטעריי. קום איך אַריין אַלעמאָל אין זייער שניידעריי. מען שפּילט דאָרט אָפט אין דאַמקעס, אין שאַך און אין קאָרטן. אין קיין לאַנד אין דער וועלט שפּילט מען נישט אַזוי פיל אין שאַך ווי אין סאָוויעטן־פּאַרבאַנד. ווען איך האָב זיך אויסגעלערנט שפּילן אין שאַך געדענק איך אַליין נישט. אַלע ספּאָרטן האָב איך נישט שלעכט באַהערשט און שאַך איז ביי מיר נישט קיין אויסנאַם. איידער איך האָב זיך אַ ביסל באַקענט מיטן לאַגער, איז אַריבער אַ דריי־פיר טעג. אויפן פינפטן טאָג גיי איך אַריין צו די שניידער. אַ גרופּע טאַטאַרן שפּילן אין שאַך, אין דאַמקעס, ווער אין קאָרטן. צווישן די קיביצער באַמערק איך אַז עס שטייען ביידע דאָלמע־טשער, ניקאָלאַי, דער מסור און „האַנס". איך ווייס אַז האַנס איז אַ האַלבער ייד און שוין אַ פּאָר טעג ווי ער ווייסט ווער איך בין. דאָס האָט ער מיר געזאָגט, אַז איינער פון די געפערלעכסטע איז ניקאָלאַי. האַנס אַליין איז דאַ אַנגעגאַנגען פּאַר אַ „פּאָלקס־דייטש" — פון דער וואָלגע. מיך פלעגט ער רופן „זעמליאַק". צו רוסיש מיט דייטש האָט ער גערעדט אַ גוטן טאַטאַריש. ער פלעגט קאָרטאַווינען, דאָס הייסט, שלעכט אַרויס־רעדן דעם רייש, פּונקט ווי די מערסטע טייל דייטשן. אַ מענטש אין די דרייסיקער, עטוואָס העכער פון מיר, אַ בלאָנדער, מיט אַ פּאָר בלויע אויגן, אַ שיינער יונג.

איך האָב געהערט ווי דער שאַר־פירער רופט אים „האַנס". ביי זיך האָב איך געטראַכט, אַז ער איז אַזאַ „האַנס" ווי איך בין אַ סאָבאַקייעף. איך באַמערק אַז איינער פון די טאַטאַרן שפּילט נישט שלעכט און די איבעריקע, זעט מען באַלד, אַז זיי זענען אמתע „קאָליקעס". ס'ציט מיך צום שאַך־ברעט, ווי מיט אַ מאַגנעט. עס שטייען אַ היבש ביסל טאַטאַרן. מיין קערים שפּילט אין קאָרטן, און אינסטיקטיוו הייב איך זיך אָן צוצורוקן צום ברעט, און ביי זיך טראַכט איך, אַז באַלד כאַפּט דער טאַטאַר אַריין יענעם „מאַט". איך דאַרף פּאַרבייגיין „האַנסן", כ'שפּיר, אַז מען גיט מיר

א צי פאַר אַן אַרבל, איך קער אום דעם קאָפּ און פאַרשטיי נישט ווער עס ציט מיך. אין דעם מאָמענט טרעפן זיך צונויף אונדזערע בליקן, האַנס קוקט אויף מיר מאָדנע שטרענג און איך פאַרשטיי קיין זאַך נישט. כ׳זעץ זיך אַוועק און אַזוי ווי דער טאַטאַר איז זיכער אין זיין שטאַרקייט, גיט ער מיר צו שפּילן מיט די ווייסע. פּלוצלונג הער איך האַנס שטימע: „איך דאַרף פיר האַלץ־העקער, ווער איז פרייוויליק?" קיינער רירט זיך נישט פון אָרט. „נו", זאָגט ער, „אַז קיין פרייוויליקע זיינען נישטאָ, וועל איך אַליין אויסקלייבן". אָנגעטאָן גייט ער האַלב אין דייטשע, האַלב אין רוסישע זאַכן. „הייז", זאָגט ער, „אַז איר קאָנט אַזוי גוט שפּילן אין שאַך, מוזט איר קענען גוט האַקן האַלץ". ער הייסט אונדז ביידע מיטגיין, דערצו נעמט ער נאָך צוויי מאַן. ביי זיך טראַכט איך: „אַ יעקע, אַפילו אַ האַלבער, בלייבט אַ יעקע, צי ער איז פון ענגעלסק, צי פון בערלין. וויפיל מענטשן דאַרטן געווען? ניין. גראַד אונדז האָט ער געדאַרפט מיטנעמען". ער ברענגט אונדז נעבן דער לאַגער־קאָמאַנדאַטור און עס ווערט אונדז פינצטער אין די אויגן: אַ גרויסע קופּע מיט געזעגטע האַלץ אפשר צען מעטער די הויך. אָבער „האַנס" בארואיקט אונדז: „שרעקט אייך נישט. איר וועט אָנהאַקן און אַריינטראָגן עס זאָל קלעקן ביז מאָרגן." ס׳ווערט אונדז אַ ביסל לייכטער אויפן האַרצן און מיר נעמען זיך צום האַקן. אַליין איז ער אַריין אין קאָמענדאַטור. ער גייט אַרויס. אין אַ האַל־בע שעה אַרום האָבן מיר שוין אַ היבש ביסל אָנגעהאַקטע האַלץ. ווייזט ער אויף מיר מיט נאָך אַ צווייטן: „קומט, וועל איך אייך ווייזן וווּ איר זאָלט אַריינטראָגן די אָנגעהאַקטע האַלץ". איינעם פון אונדז ווייזט ער אָן אויף אַ צווייטן צימער. איך טראָג אַריין צוויי מאָל און קום אַריין מיט אַ דריטע קופּע האָלץ. איך הער ווי דער דייטש זאָגט צו האַנסן, ער זאָל בלייבן דאָ, ווייל ער מוז אַוועקגיין, ווען נישט, ווייזט ער אויף מיר, וועל איך דאָ וואָס נישט איז צוגנבענען. איך לייג אַוועק דאָס האַלץ. „האַנס" ווייזט מיר איך זאָל בלייבן שטיל, אַליין גייט ער צו צו דער טיר און פאַרמאַכט, זי. ער זאָגט מיר: „איך ווייס נישט ווי דו שפּילסט אין שאַך. אָבער אַזוי לאַנג ווי דו געפינסט זיך ביי זיי אין די הענט, טאָרסטו קיין מאָל נישט געווינען. און איצטער זעץ פאַר דיין אַרבעט". דערביי עפנט ער די טיר און גיט אַ געשריי אויף טאַטאַריש: „נו וואָס ציט זיך אַזוי לאַנג ביי אייך, פונקט ווי איר וואָלט היינט נישט האָבן געגעסן"...

די אַרבעט איז געענדיקט, און אָט פירט אונדז „האַנס" צוריק אין אונדזער אָפּגעצוימט ווינקל. אָט זיץ איך ווידער מיט מיינע געטרייע חברים, צווישן קערימען מיט אַבדולאַי.

מיר פאַררויכערן פון דער מאַכאָרקע, וואָס „האַנס" האָט אונדז גע־געבן פאַר דער אַרבעט, און אָט גייען מיר דורך די אַכט און צוואַנציק חדשים, מיט קליינע איבעררייסן, פון מיין געפאַנגענשאַפט ביי די היטלע־ריסטן.

קאפיטל 1

# ליטע, מיין היים

לאמיר צוריקגיין קיין קאשעדאר, א קליין שטעטל אין דער ליטע.

ס'איז דער 22־טער יוני 1941.

...א גרין פעלד. ס'האבן זיך צונויפגעקליבן א היפש ביסל מענטשן. מיר שפּילן אין פוסבאל. איך לויף מיטן באל. א קעגנער קומט מיר אנט־קעגן. איך גיב איבער דעם באל שלומקען. ער לויפט אויפן טויער און איך לויף אים נאך, גרייט אים קומען צוהילף. איך האב אפילו קיין צייט נישט א טראכט צו טאן. איך זע, אז לויפנדיק, הייבט ער אויף א פוס. איך בין זיכער, אז דאס איז דער גאל. איך זע, ווי ער גיט א זעץ דעם באל, און — פלוצים הער איך, ווי עמיצער קלאפּט און שרייט דורכן וואנט:

— גרישע, איר שלאפט?

איך הייב אויף דעם קאפּ. דעם חלום האט מען מיר איבערגעריסן אין בעסטן מאמענט. איך גיב א קוק אויפן וועקזייגער, און דערזעענ־דיק אז מיין פרוי שלאפט אויך נישט, פרעג איך ביי איר:

— וואס טוט זיך דא? דער זייגער האט זיך געמוזט אפשטעלן.

א פערטל פינף הער איך אבער, אז איצט קלאפּט מען שוין אין טיר. איך גיב זיך א כאפּ אריין אין די הויזן, אין דער מייקע; האלב־נאקעט, לויף איך ארויס פון שטוב. א פארטאגיקע קעלט. אויפן גראז ליגט א ווייסער טוי. עפּעס טומלט זיך אין גאס. מסתמא, טראכט איך, גייען די פויערים אין קלויסטער. לעבן מיין טיר שטייט יאנקל גורוויטש, דער בעל־הבית פון מיין הויז; עס שטייט אויך יאנקל אראנאוויטש. ער אר־בעט אויך אין דער פייערלעשער־קאמאנדע. כ'פרעג ביי אים:

— וואס האט פּאסירט? ס'ברענט?...

— דו ווייסט נאך נישט? — לאזן זיי מיך נישט פארענדיקן — די דייטשן זענען אונז באפאלן. מ'זאגט, אז זיי זענען שוין אריין 30 קילאמעטער טיף אין אונזער טעריטאריע.

אזוי האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן דער קריג אין אַ קליין ליטוויש שטעטל, און געענדיקט האָט ער זיך מיט פיר יאָר שפעטער, אין אַ קליין שטעטל, אין פראַנקרייך.

שוין באַלד דריי יאָר ווי איך ווױן דאָ אין קאָשעדאַר, צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד. איך אַרבעט אין דער פייערלעשער־קאָמאַנדע, איך בין קאַנדידאַט אין דער פאַרטיי, דער איינציקער אין שטעטל, אויסער שמואלטשיק סאַדעוויטש אַן אַלטער קאָמוניסט וואָס איז אָפּגעזעסן 10 יאָר אין טורמע. ער לעבט אין טראָק, אַ קילאָמעטער 90 פון קאָשעדאַר, און אַרבעט אין „גאַרקאָם". אונדזער שטעטל ליגט 37 קילאָמעטער מזרחדיק פון קאָוונע, און 58 קילאָמעטער אין מערב פון ווילנע. מיט קאָוונע זענען מיר פאַרבונדן דורכן אויטאָ־וועג. פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז קאָשעדאַר געווען אַ וויכטיקער באַן־קנופּ. נאָכן פאַרכאַפּן ווילנע דורך די פּאָליאַקן, האָט די וויכטיקע באַן־קנופּ־ליניע פאַרלוירן איר באַדייטונג.

כ׳בין נישט קיין היסטאָריקער, נאָר כ׳וויל אין קורצן איבערגעבן דאָס, וואָס מ׳האָט מיך אויסגעלערנט אין דער ליטווישער אַרמיי: שוין אין 12־טן יאָרהונדערט האָט זיך ליטע געשלאָגן קעגן די טעווטאָנען. אין 14־טן און 15־טן יאָרהונדערט האָט זיך דאָס ליטווישע קעניגרייך אויסגעשפרייט פון באַלטישן ביזן שוואַרצן ים. ליטע און פוילן האָבן געלעבט צווישן זיך אין גוטער שכנהשאַפט. אָבער אין 18־טן יאָרהונדערט האָבן פוילן און ליטע אָנגעהויבן צו פירן אינטריגעס צווישן זיך.ביידע מלוכות זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. צוליב דעם זענען זיי ביידע אַנעקסירט געוואָרן פון זייער מזרחדיקן שכן, פון רוסלאַנד. נאָכן ווערסאַילער אָפּמאַך אין 1918 איז ליטע ווידער פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַן אומאָפּהענגיקע רעפּובליק.

ליטע איז נישט קיין גרויס לאַנד, אַן ערך 65 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער. אַן אַגראַר־לענדל. די קלענסטע מאַשין האָט מען געמוזט ברענגען פון אויסלאַנד. נאָר מערדערס און באַנדיטן האָבן זיי געגנוג געהאַט אייגענע, און אויך אויף עקספּאָרט...

די געשיכטע פון ליטווישן יידנטום איז עלטער ווי ליטע גופא. יידן זענען דאָרט אַלעמאָל געווען אַקטיוו אין עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד. ווען ליטע איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָבן די רוסן, אין סאַמע פלאַקער פון בירגער־קריג, געוואָרפן אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי, כדי ווידער צו פאַרכאַפּן דאָס שטיקל ליטווישע ערד. ליטע האָט נאָך דאַן נישט געהאַט קיין רעגולערע אַרמיי און צווישן די פרייוויליקע, וואָס האָבן זיך געשלאָגן פאַרן לאַנד, זענען געווען זייער פיל יידן. זיי האָבן געקעמפט און זענען געפאַלן פאַר דער ליטווישער אומאָפּהענגיקייט. אין ליטע האָבן געלעבט אַן ערך 220 טויזנט יידן. אָבער אין די דערפער האָבן זיי געמיינט, אַז דער אָרעמסטער ייד איז רייכער פון זיי. קיין אַנטיסעמיטן האָבן נישט געפעלט. עס זענען אָבער

געווען שטאַרקע יידן, וואָס האָבן געקאָנט צוריקגעבן ביי אַ געשלעג. פונדעסטוועגן האָט מען ביזן אַריינקום פון די נאַציס, נישט געהערט, אַז אין ליטע זאָל פּאַרקומען אַ פּאָגראָם. אין 1934 האָבן פויערים אייג־מאָל געפּרוווט באַפאַלן יידן אין סלאָבאָדקע, אַ פאָרשטאָט פון קאָוונע; האָט מען צוויי פויערים אָוועקגעפירט אויפן מאַהילביק. דער ליטווינער איז געווען בלוטדורשטיק און — רעליגיעז.

מיר איז אָפט אויסגעקומען צו זיין אין די דערפער, אויף אַ דאָר־פישן באַל. הרגענען אַ הון, אָדער אַ קאַטשקע, פאַרנעמען זיך דערמיט די קינדער; די עלטערע פאַרנעמען זיך מיט עפּעס וויכטיקערס — אַ קו, אַ קאַלב, אַ שעפּס, אַ חזיר. אין אַ שטעטל אויפן ניעמען האָט מיר אַמאָל אַ יונגער ליטווינער געלערנט ווי מען דאַרף שטעכן אַ חזיר. ער האָט גע־זען ווי אַזוי כ'האָב זיך אָן עצה געגעבן אין אַ געשלעג מיט די שקצים. כ'בין געווען ספּאָרטיוו, האָב געקענט באָקס און דזשיא דזשיצא. דער־פאַר האָט ער דרך ארץ געהאַט פאַר מיר. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ חזיר־קראָם. מיר, יידן, האָבן זיך מיט זיי נישט אויסגעמישט, אַסימילירט. זעלטן פלעגט זיין אַ געמישטע חתונה; און אויב יאָ — איז עס שטענדיק באַגלייט געווען מיט אַ סקאַנדאַל.

יידן אין ליטע האָבן אויסגעמאַכט אָן ערך 12 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, אָבער אויף קיין רעגירונגס־שטעלעס האָט מען זיי נישט צוגעלאָזן, אויך נישט צו לאַנדווירטשאַפט. בלויז אין אייניקע ערטער האָבן יידן באַאַרבעט די ערד. זיי האָבן אָבער געפירט אַ יידיש אָרט לעבן, נישט געשיכורט, ווי זייערע שכנים.

געלעבט האָב איך אין ליטע, כאָטש געבוירן בין איך אין טיף רוסלאַנד, אין סאַראַטאָוו, ביי דער וואָלגע, ווען מיינע עלטערן האָבן זיך דאָרט געוואָלגערט ווי „ביעזשענצעס". דאָס איז געווען אין יאָר 1916. איך בין ביי מיינע עלטערן געווען דער פערטער. די עלטסטע שוועסטער, געבוירן אין 1909, איז געווען אין קאָוונער געטאָ, שפּעטער אין לאַגער שטוטהאָף, לעבט איצט אין ווילנע; אַ ברודער, געבוירן אין 1911, גע־קעמפט אין דער 16־טער ליטווישער דעוויזיע. פינף מאָל געווען פאַר־וווּנדעט דרונטער דריי מאָל שווער, דורכגעשאָסן ביידע לונגען, לעבט איצט אין ווילנע; אַ שוועסטער, געבוירן אין 1914, אומגעקומען אין אַ מאַלינע אין קאָוונער געטאָ; אַ ברודער, געבוירן אין 1922, געקעמפט און פאַרוווּנדעט געוואָרן דריי מאָל, לעבט אין ווילנע. מיינע אַ שטיף־שוועסטער, געבוירן אין 1914, אומגעקומען אין שטוטהאָף.

איך האָב כמעט מיין מוטער נישט געקענט. זי איז געשטאָרבן, ווען איך בין אַלט געווען קוים 2 יאָר. מיין פאָטער האָט דערנאָך חתונה געהאַט מיט מיין מוטערס אַ שוועסטער. זיי האָבן געשטאַמט פון דווינסק (לעטלאַנד). מיין פאָטער האָט געשטאַמט פון נאָוואָ־אַלעקסאַנדראָווסק, ליטע. יידן רופן עס ביזן היינטיקן טאָג עזערענע, אויף ליטוויש — זאַראַסאַי. גלייך נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָבן מיר זיך אומגעקערט אַהין. אין 1922

איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ ברודערל; און כדי פּטור צו ווערן פון אַן איבעריק מויל, האָט מען מיך אָוועקגעפירט קיין לעטלאַנד, ווו ס'האָט געלעבט די גאַנצע משפחה פון מיין פאָטער. צוויי יאָר שפּעטער האָט מיין באָבע מיך צוגעפירט צו דער גרענעץ און אַ פּאָר הונדערט מעטער ווייט געוויזן מיר אַ קליין בריקל מיט אַ בודקע, און זי האָט מיר אָנ־געזאָגט וואָס איך דאַרף ענטפערן, אויב מען וועט מיך עפּעס פרעגן. דאָס איז מיר געבליבן אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג — אַ מענטש מיט אַ ביקס האָט מיך אָפּגעשטעלט: „ווו גייסטו, קליינער?". „איך גיי צו מיינע עלטערן — האָב איך אים געענטפערט — כ'בין געווען ביי מיין באָבען". און פון ווייטן האָט מיר די באָבע אַ פאָכע געטאָן מיטן טיכל. איך האָב נאָך געהאַט צו גיין צופוס 4 קילאָמעטער. איך קום אין שטעטל, זע איך, אַז אונדזער שטוב איז פאַרמאַכט.

— דיינע עלטערן וווינען שוין נישט מער אין עזערענע... — האָט מיר אַ שכנטע געזאָגט.

ווי אַ דונער וואָלט מיך געטראָפן. און עסן ווער וועט מיר געבן? בפרט, אַז כ'בין תמיד געווען הונגעריק. פאַר דער צייט האָבן זיך מיי־נע עלטערן אַריבערגעקליבן אין אַ ישוב, 35 קילאָמעטער פון עזערענע, נענטער צו קאָוונע. דער ישוב רופט זיך ראַדייקי, און עקזיסטירט נישט אויף דער קאַרטע. 15 יידישע משפחות האָבן דאָרט געלעבט, בראש מיט אַ יידישן פּריץ. לערנען אין דאַרף איז נישט געווען ווו, האָט מען מיך געפירט אָוועקגעבן אין אַ ליטווישער שול. אין שול האָט מען געלערנט נאָר ווינטער, ווייל זומער האָבן די קינדער געהאָלפן זייערע עלטערן אויף די פעלדער, היטן די בהמות. צו גיין אין שול איז געווען אַ מהלך פון 3 קילאָמעטער. דערצו דאַרף מען האָבן שיך. אָבער אַז אין שטוב זענען דאָ 6 קינדער, און שיך נאָר 3 פּאָר, און איך בין איי־נער פון די יינגסטע, האָב איך טאַקע כמעט נישט געלערנט, נאָר אַביסל אין חדר, דאָ, אויפן ישוב, און אין עזערענע, ווו איך האָב געגעסן „טעג".

דער פאָטער האָט שווער פאַרדינט אויף חיונה פאַר דער היפּשער משפּחה. ער איז געווען אַ פאַריקמאַכער. אין רוסלאַנד האָט ער אַביסל שפּעקולירט. און קומענדיק צוריק קיין ליטע, האָט ער פּרובירט האַנד־לען. האָט ער געהאַנדלט מיט פערד, פאַלן אין איין וואָך אַוועק 6 פערד; האָט ער לסוף גענומען אַ פּאַקט אויפן ישוב. ער האָט אָפּגעקויפט די מילך פון 8 קי. אָבער דאָס האָט אויך נישט געטויגט. איז ער געוואָרן אַ פורמאַן. אין ישוב איז געווען אַ ציגעלניע, האָט ער געפירט די ציגל צום שטעטל אויטיאַן, 15 קילאָמעטער ווייט.

אָנהייב 1927 פאָרן מיר אַריבער קיין קאָוונע, אין דער פאַרשטאָט סלאָבאָדקע. אין 1932 האָט מיין פאָטער מיר געוואָלט מאַכן אַ פּאַס, ווייזט זיך אַרויס, אַז מיין מעטריקע איז פאַרפאַלן געוואָרן. אין אַזאַ פאַל האָט אַ קאָמיסיע פון דאָקטוירים געמוזט שאַצן דעם קאַנדידאַט פון פּאַס־

פאַרט. ביז יענער צייט האָב איך שוין געהאַט אַ היפּש ביסל מלאכות. איך האָב זיך געלערנט פאַר אַ שניידער, אַ סטאָליער, אַ טאַפּעצירער, אַ קופּערשמיד, און צולעצט בין איך געוואָרן אַ בלעכער, און טאַקע אַ דאַך־בלעכער. איך האָב געהאַט אַ פאַרגעניגן צו אַרבעטן אויף הויכע דעכער, וואָס העכער, אַלץ מער איז עס מיר געפעלן געוואָרן, איבער־הויפּט אויפן דאַך פון אַ קלויסטער, און זען ווי אונטן גייען אַרום קליינע מענטשעלעך. איך בין ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן אַ בלעכער, אפשר דערפאַר, ווייל די אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיט שטענדיקער געפאַר, וואָס איך האָב ליב געהאַט און ס'האָט זיך צוגעפּאַסט צו מיין בריוזנדיקן, אומרויִקן, ענערגישן כאַראַקטער. אַ דאַך־בלעכער קאָן מען צוגלייכן צו פּיאָנערן, וואָס זוכן מינעס, און אַז זיי געפינען, נעמען זיי עס פונאַנדער, אַז ס'זאָל נישט אויפרייסן.ביידע, סיי אַ בלעכער, סיי אַ מינע־זוכער, קאָן זיך טועה זיין נאָר איין מאָל.

ביזן היינטיקן טאָג פיל איך זיך אויף אַ דאַך ווי אַ פייגעלע אויף דער פריי, איך האָב פיינט די גאַסן, פול מיט אויטאָס.

צו דער שאַצונג־קאָמיסיע האָט זיך דעריבער צוגעשטעלט אַ ברייט־פּלייציקער, מוסקולירטער הברהמאַן, ווי איך בין געווען. מען האָט מיך געשאַצט מיט 3 יאָר עלטער. אַנשטאָט 16, האָט מען מיך פאַרשריבן 19 יאָר, אַזוי אַרום, אַז דינען אין דער אַרמיי האָב איך געמוזט גיין מיט 3 יאָר פריער. כ'בין נאָך קיין גאַנצע 18 יאָר נישט אַלט געווען, ווען כ'בין אַוועק דינען. פאַר דער צייט האָב איך שוין געהאַט אויסגע־שפּאַנט גאַנץ ליטע, געווען אין מעמעל, אָדער אויף ליטוויש — קליי־פּעדע. איך וואָלט שוין אפשר פאַרבליבן אין דער אַרמיי, ווי אַ פּראָ־פעסיאָנעלער סאָלדאַט, אָבער קיין יידן האָט מען נישט גענומען.

און אָט, אין 1934, אין חודש אָקטאָבער, קומען מיר, די רעקרוטן, אָן אין מאַריאַמפּאָל, דאָס איז 68 קילאָמעטער פון קאָוונע, נאָענט ביי דער דייטשער גרענעץ. מיר שטעלן זיך אויס אויפן קאַזאַרמע־הויף. איך פּאָל אַריין מיט נאָך 59 העלדן אין דער ראָטע (קאָמפּאַניע) פון „סוויאַז", דאָס הייסט טראַנסמיסיאָן. מען שטעלט אַלעמען אויס לויטן אַלפאַבעט און עס הייבט זיך אָן דאָס רעגיסטרירן. ווען ס'קומט מיין ריי, פרעגט מען מיך :

— ווי הייסטו ?

— ריטוואַס.

— דיין פאַרנאָמען ?

— גרשון.

— גרשון ? — פרעגט ער מיך איבער.

ענטפער איך אים :

— יאָ, גרשון הייס איך. וואָס, עס געפעלט דיר נישט ?

און ביי זיך גיב איך אַ טראַכט, אַז ער קריגט ביי מיר באַלד אַריין אַן „אודאַר" (אַ זעץ) אין די ציינער, אַז די אויגן פליען אים אַרויס פון קאָפּ. קענטיק, אַז מיין קוק האָט אים קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען עטוואָס ווייטער. דאָרט איז געשטאַנען דער פעלדפעבל. ער האָט אים עפּעס אַ זאָג געטאָן אויפן אויער. ביידע גייען זיי צו צו מיר. דער פעלדפעבל גיט מיך אַ פרעג:

— ביסט אַ ייד?

— אַ ייד צו זיין דאַרף מען האָבן אַ דערלויבעניש? — ענטפער איך אים מיט אַ פראַגע.

— שטילשווייגן! ביסט אין דער אַרמיי. דאָ הערט מען באַפעלן און מען שווייגט. — און צום פאַרשרייבער: — רעגיסטריר די אי־בעריקע.

מיך האָט מען דערווייל אָפּגערוקט אין אַ זייט. איך הער, ווי די אַנדערע רעדן צווישן זיך; און איינער רופט זיך אָפּ:

— זע, מיר האָבן אויך אַ יידל... עס וועט זיין מיט וועמען אַ שפּיל צו טאָן.

איך גיב אַ קוק אויף אים: אַ מיטלוווקסיקער ליטווינער, מיט אַ לאַנגער נאָז. איך דערנענטער זיך און פרעג אים:

— אפשר גייסטו מיט מיר אַרויס אויף אַ ווילע?

און איך נעם אים אַן פּאָר אַ קלאַפּע. די איבעריקע האָבן זיך צו־געהערט מיט אויפגעשפּיצטע בליקן. צווישן זיי איז געווען איינער אַ קאָוונער, וואָס האָט מיך גוט געקענט. מישט ער זיך אַריין און זאָגט צום מיטלוווקסיקן ליטווינער:

— דיך פאַרדריסט וואָס דו האָסט אַלע ציינער? ער טשעפּעט דיך נישט, און דו טשעפּעסט אים שוין. קענסט אים נאָך נישט...

אַז איך זע, איך בין נישט אַליין, ווער איך דרייסטער און זאָג אים:

— אונזער געשפּרעך וועלן מיר ענדיקן אַן אַנדערש מאָל. דאָ זע־נען דאָ צופיל אויגן.

מ'האָט אַלעמען פאַרשריבן, און מיך רופט מען עפּעס נישט. עס גייט אַזוי אַוועק אַ שעה, צוויי, ביז ס'קומט אַריין דער פעלדפעבל און זאָגט כ'זאָל מיט אים מיטגיין. ער פירט מיך אין ביוראָ. די גאַנצע נאַ־טשאַלסטוואָ איז אויסגעזעצט. מען הייסט מיר צוגיין נענטער, און דער זעל־בער לייטענאַנט, וואָס האָט מיך אָפּגעקליבן, הייבט מיר אָן שטעלן פראַגן. געענדיקט אַלץ אויסגעפרעגט, הייסט מען מיר צוריקגיין צום פאַרשרייבן. אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך שוין אָנגעטאָן אין סאָלדאַטסקע קליידער.

אין 9־טן פּאָלק זענען געווען נאָך אַ היפּש ביסל יידישע סאָלדאַטן, אַ סך, וואָס זענען רעקרוטירט געוואָרן צוגלייך מיט מיר, אַנדערע, וואָס דינען שוין אַ היפּש ביסל צייט. יעדער באַזונדער דערציילט זיינע ניסים.

און איך דערצייל זיי, אַז איך בין אין דער ראַטע „סוויאַז״, שטעלן זיי אויף מיר אָן די אויגן:

— ווי קומט עס? דאָרט נעמט מען נישט אָן קיין יידן.

געוועזן צווישן אונדז איינער, וואָס האָט נאָך קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט. און ער זאָגט:

— יאָ, ער איז אין דער זעלבער ראָטע, וואָס איך. איך האָב שוין געהערט פון די ליטווינער, אַז עס איז דאָ ביי אונדז נאָך אַ „זידיאַליס״... (אַ יידל).

די אַלטע יידישע סאָלדאַטן האָבן מיר שפּעטער דערציילט פּאַרוואָס מען וויל נישט יידן זאָלן דינען אין דער ראָטע „סוויאַז״. גאַנץ איינפאַך, ווייל מען האָט צו זיי נישט קיין צוטרוי. די אָפיצירן זענען מערסטנס אַלע רוסישע ווייסגוואַרדייער, אָדער דייטשן. זיי טראָגן אַפילו נישט קיין ליטוויניזירטע נעמען. אין די איינפאַכע ראָטעס האָט מען געלערנט בלויז ווי צו באַגיין זיך מיטן געווער, אָבער ביי אונדז האָט מען געלערנט דעם מאָרז־אַלפאַבעט, ליכט־סיגנאַלן, אַליין צונויפשטעלן אַ טעלעפאָן, אַ ראַ־דיאָ, אָדער ווי מען דאַרף זיך באַגיין מיט פאָסט־טויבן, מיט גרענעץ־הינט. מיר זענען דורכגעגאַנגען אַ קורס פון קאָדן און שיפרן. מען האָט אונדז שטענדיק געזאָגט, אַז אין פאַל פון אַ קריג, זאָלן מיר קענען פאַרטרעטן אַן אָפיציר. איך האָב זיך טאַקע גוט אויסגעלערנט, נישט דערפאַר ווייל איך האָב געטראַכט צו ווערן אַן אָפיציר; צי קאָן דען אַ שוסטער, אַ שניידער טראַכטן צו ווערן אַ מיניסטער?

דאָס איז געווען אין יאָר 1934, און אין צען יאָר אַרום בין איך גע־וואָרן אַ קאַפּיטאַן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

קאַפּיטל 2

# דער גרויסער כאַאָס

אָבער וועגן אַלדאָס איבעריקע — שפּעטער. איך וווין אין קאָשעדאַר שוין באַלד דריי יאָר, מיט מיין פרוי און קינד, אַ יינגעלע. ס׳איז דער 22־טער יוני 1941. איך אַרבעט אין דער פייערלעשער־קאָמאַנדע.

איך גיי צוריק אַריין אין שטוב. ווי דאָס האַרץ וואָלט איר אָבער געזאָגט, אַז קיין גוטס דערוואַרט אונדז נישט, האָט זיך מיין פרוי פאַר־נאַנדערגעוויינט. איך פּרוו זי צו באַרויקן. איך מוז זיך איילן.

אין דער פייערלעשער־קאָמאַנדע האָבן מיר 12 שעה דיזשורירט און 24 שעה געווען פריי. איך כאַפּ עפּעס אַ ביס, טו אָן מיין אוניפאָרם. מיר זענען געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצע אוניפאָרמען, זייער ענלעכע צו די אוניפאָרמען פון די ס.ס. וואָס כ׳האָב שפּעטער מיט שוידער אָנגע־טראָפן. איך גיי אַרויס פון שטוב. מיין פרוי זאָג איך, אַז איך קום

ב אַ ל ד צוריק. צי האָב איך דען געקאָנט וויסן, אַז איך זע מיין פרוי און מיין קינד... צום סאַמע לעצטן מאָל?

איך, צוזאַמען מיט נאָך איינעם פון מיין קאָמאַנדע, פאַרהאַלטן מיר אַ דייטשן שפּיאָן. מיר האָבן אים באַלד דערקענט, ווייל שוין אַכט חדשים ווי מען האָט אים אַרומגעזוכט. מיר באַטאַפּן און געפינען ביי אים געווער. מיר קריגן אַ באַפעל צוצושטעלן אים אין הויפּט־שטאַב אין טראָקאַי. פון דאָרטן לאָזט מען אונדז שוין אָבער מער נישט צוריקקערן זיך אין קאַשעדאַר.

אין טראַקאַי ווערט געשאַפן פון פּאַרטייאישע און קאַנדידאַטן, אַ ספּעציעלע גרופּע צו באַקעמפן די דייטשע דיווערסאַנטן און פּאַראַשו־טיסטן. דער ערשטער סעקרעטאַר פון „אַבקאָם" (קרייז־קאָמיטעט) פון טראָקאַי, אַפּאַנין, ווערט באַשטימט אַלס שעף פון אונדזער גרופּע. זיין געהילף — שמואל סאַדעוויטש. מיר קריגן געווער, און נעמען די ריכטונג, צופוס, אויף ווילנע. אַכט קילאָמעטער פאַר ווילנע האָבן מיר דעם ערשטן צוזאַמענשטויס מיט אַ גרופּע דיווערסאַנטן, בעסער געזאָגט — מיר ווערן באַשאָסן פון אַ באַנדע, וואָס איז פאַרשטעקט אין אַ דערבייאיק וועלדל. מיר זענען אָבער די מערסטע געזונטע מיליטערלייט, גוט באַ־וואָפנט. אין אַ פינטל מיטן אויג, פאַרשטעקן מיר זיך אויף גוטע פּאָזיציעס, און מיר ענטפערן מיט אַן אָרגאַניזירטן, געדיכטן פייער. קענטיק, אַז אויף דעם האָבן זיי זיך נישט געריכט. ווייל מיר זענען געווען כמעט אַלע אין ציוויל. נאָך דער קליינער שלאַכט גייען מיר ווייטער. מיר האָבן איי־נעם, אַ לייכט־פאַרוווּנדעטן. אין אָוונט מוזן מיר זיין אין ווילנע.

די פּאַניק איז גרויס. ווילנע ווערט באָמבאַרדירט אָן אויפהער. מיר באַהאַלטן זיך אַפילו נישט, פּונקט ווי די מלחמה וואָלט שוין געדויערט יאָרן. און עס איז דאָך ערשט דער ערשטער טאָג פון קריג. מען לויפט אויף מזרח־צו. מיר פאַראייניקן זיך מיט אַנדערע גרופּן, און צוזאַמען מיט צעקלאַפּטע אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי, אין לאַסט־אויטאָס פון פאַרוווּנדעטע, פאָרן מיר אָפּ קיין מינסק. אויפן וועג לאָזט מען אונדז אַראָפּ. דער אויטאָ נעמט אָן אַנדער ריכטונג, און צופוס דערגייען מיר ביז אין שטאָט אַריין. אַ פּאַטרול פאַרהאַלט אונדז און פירט אונדז אָפּ אין אַ קאַזאַרמע. זיי נעמען אונדז גאָר אָן פאַר דייטשע דיווערסאַנטן, קענטיק צוליב אונדזערע אוניפאָרמען, און פירן אונדז אין נ.ק.וו.ד. איינער דאָרט גיט זיך אַ זאָג אָפּ:

— נאָכוואָס זיי פירן? נישטאָ קיין צייט צו צאַצקען זיך מיט זיי... (מיר זענען זאַלבעצווייט) — מען דאַרף זיי אָפּקנאַלן און דערלידיקט...

נאָך גוט, וואָס זיי האָבן פאַרט באַשלאָסן אָפּצופירן אונדז אין נ.ק.וו.ד. דאָרט זעען מיר, אַז מיר זענען נישט די איינציקע. דער כאַאָס איז גרויס. איינער ווייסט נישט פון צווייטן. דאָ זענען מיר אָבער נישט קיין אַרעסטירטע. פאַרן געווער, וואָס מ'האָט ביי אונדז אָפּגענומען, גיבן זיי אַרויס אַ צעטל, און מען הייסט אונדז גיין.

מיר גייען אַרויס אויפֿן שליאַך, וואָס פֿירט פֿון מינסק קיין מאָסקווע. מיר גייען אַפּ אַ קילאָמעטער, און עס טוען פּלוצים אַ פֿלי אַן דייטשע אַעראָפּלאַנען. מיר שפּרינגען אַריין אין אַ גרוב. עס האָגלט מיט פֿייער. אַ 200 מעטער פֿון גרוב ליגן שוין צעשאָסן זעקס לאַסט־וועגענער. זיי האָבן געפֿירט פֿאַרווונדעטע סאָלדאַטן, פֿרויען מיט קינדער. אין איינעם פֿון די אויטאָס האָבן מיר געפֿונען עפּעס צו עסן. צווישן די אַנגעלאָפֿענע זענען פֿאַראַן מיליטערלייט, ציווילע, האַלב־מיליטעריש, האַלב־ציוויל. עס קומט אָן אַ נייע קאָלאָנע מיט לאַסט־וועגענער, פֿול מיט פֿאַרווונדעטע פֿון פֿראָנט.

אויפֿן שאָסיי וואַלגערן זיך טויטע גופֿים, צעריסענע, דעם פֿעלט אַ האַנט, דעם אַ פֿוס. אין יעדן מאָמענט קאָנען קומען נייע דייטשע אַעראָ־פּלאַנען. עס געפֿינט זיך אַ קאַפּיטאַן, וואָס פֿאַרשטייט די געפֿערלעכע לאַגע; אַליין אַ פֿאַרווונדעטער, די האַנט הענגט ביי אים אויף אַ פֿאַר־בלוטיקט טיכל, באַפֿעלט ער מען לאָז אָפּרייניקן דעם שאָסיי, מען זאָל קאָנען ווייטער פֿאָרן. אַלע ווילן זיך אַרויפֿכאַפּן אויף די לאַסט־וואָגנס, וואָס רייסן זיך אויף מזרח. דער קאַפּיטאַן זאָגט מ׳זאָל באַערדיקן די טויטע. איך בין צווישן די פֿרייוויליקע. מיר זענען עטלעכע און צוואַנציק. מען גראָבט. די ערד איז ווייך. אין משך פֿון צוויי שעה איז אויסגעגראָבן אַ ברודער־קבר. איך באַמערק, ווי ביי אַלע הרוגים זענען די קעשענעס אױ־בערגעקערט. די ערשטע זאַך פֿלעגט מען ביי אַ טויטן אויסליידיקן די קעשענעס. מען רעדט נישט, נאָר פֿון צייט צו צייט רייסט זיך ביי עמיצן אַרויס אַ זידל־וואָרט אויפֿן חשבון פֿון די דייטשן; איבערהויפּט, ווען מען טראָגט די פּיצלעך קינדער צו די גריבער. אויף די איבעריקע לייגט מען גאָרנישט קיין אַכט. באַגראָבן, באַשאָטן; און מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז דער קריג האָט זיך נעכטן אָנגעהויבן. מען לאָזט זיך ווידער אין דער ריכטונג פֿון באָריסאָוו. 122 קערפּערס האָבן מיר באַגראָבן. 22 פֿרויען, 20 קינדער און די איבעריקע — מיליטערלייט.

מיר פֿאָרן אַפּ אייניקע קילאָמעטער, ביי סמאָלעוויצי פֿאַרהאַלט אונדז אַ פּאַטרול פֿון נ.ק.וו.ד. אַלע זענען אַרונטער פֿון לאַסט־וואָגן, אויסער די פֿאַרוווּנדעטע. מען ווייזט אונדז די ריכטונג, נישט ווייט פֿון דאַנען, אין אַ סאָסנע־וועלדל. דאָרט שטייען קליינע דאַטשע־הייזלעך, און מענטשן — אין די טויזנטער. אונטער די ביימער שטייען טישן, ביי יעדן טיש — עט־לעכע אָפֿיצירן. זיי פֿאַרשרייבן די פֿריש־געקומענע. אַלע ווילע גייען אָפּ פֿרישע אָפּטיילונגען מאָביליזירטע קעמפֿער.

אין יאָר 1941 האָבן די סאָלדאַטן פֿון דער רויטער אַרמיי געהייסן — קעמפֿער, די אָפֿיצירן — קאָמאַנדירן, די פּאָליטישע אָנפֿירער ביז אַ ראָטע — פּאָליטרוק, און העכערע — קאָמיסאַר. שפּעטער האָט מען פֿאַר־ביטן די נעמען און פֿאַרקלענערט זייער מאַכט. איבערהויפּט ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מיליטערישער אָפּעראַציע. ווייל נישט איינמאָל האָט עס אָפּגעקאָסט טויזנטער לעבנס, צוליבן וועלן אויסאיבן זייער מאַכט,

כאָטש זיי זענען נישט געווען קאָמפּעטענט אין מיליטערישע ענינים. אַ סך קאָמיסאַרן זענען נאָך געווען געוועזענע קעמפער פון בירגער־קריג. אין יענער צייט האָט דעצידירט נישט אַזוי די באַוואָפענונג, ווי דער מוט, די דרייסטקייט פון סאָלדאַט. אין אַ סך פאַלן האָט עס אויך פּאַסירט אין צווייטן וועלט־קריג, אָבער ס׳האָט געמוזט זיין גוט פּלאַנירט און מיליטעריש גוט אויסגעפירט. שפּעטער זענען די קאָמיסאַרן, פּאָליטרוקעס געוואָרן — שטעל־פאַרטרעטער פון דעם אָדער יענעם אָפיציר. דאָס אַלץ האָב איך זיך דערוווּסט אַ סך שפּעטער, ווען כ׳בין שוין געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן.

אין סאָסנע־וועלדל לעבן סמאָלעוויטשע האָב איך זיך אָנגעהערט גע־שיכטעס, איינע שרעקלעכער ווי די אַנדערע. מ׳האָט דערציילט, אַז די דייטשן נעמען נישט קיין געפאַנגענע, אַנדערע — אַז נאָר די יידן און קאָמיסאַרן דערשיסן זיי אויפן אָרט. ס׳איז שוין אויך געגאַנגען אַ קלאַנג, אַז געוויסע מיליטערישע פירער האָבן פאַראַטן דאָס לאַנד. קיינער האָט נישט געצווייפלט, אַז דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקע מפּלה. מ׳האָט אָבער נישט געוווּסט ווי גרויס די פאַרלוסטן זענען און וואָס פאַראַ קראַפט פון שונא עס גייט קעגן אונדז.

פון די צייטונגען האָבן מיר געהערט ווי אַזוי די דייטשן האָבן מיט איבער אַנדערהאַלבן יאָר צוריק צעשלאָגן די פּוילישע אַרמיי, אָביסל אויך מיט אונדזער הילף; מיט וואָס פאַראַ קראַפט די דייטשן האָבן פאַרנומען אין אייראָפּע איין לאַנד נאָכן אַנדערן. איבערהויפּט האָבן מיר פריער, איידער ליטע איז אַריין אין באַשטאַנד פון ראַטנפאַרבאַנד, געוווּסט פיל מער, כאָטש די ליטווישע צייטונגען פלעגן שרייבן מערסטנטייל פּאָזי־טיוו פ אַ ר דייטשלאַנד. ביזן פינלענדישן קריג האָט מען געהאַט אַ סך מער צוטרוי צו דער רויטער אַרמיי. וואָס מער דער קריג האָט זיך פאַר־צויגן אין פינלאַנד, אַלץ מער האָט מען אויפגעהערט צו גלויבן אין די רייד און אין די לידער וועגן דער העלדישקייט פון דער רויטער אַרמיי. אין די לידער האָט זיך געזונגען, אַז קיין שטאַרקערע און מעכטיקערע אַרמיי, ווי די רויטע אַרמיי, איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ, און יעדער שונא, פון וואַנען ער זאָל נישט קומען, וועט פאַרניכטעט ווערן אויף זיין אייגענער טעריטאָריע.

קאַפּיטל 3

# א י ן ק א מ ף

עס איז מאָנטיק פאַרנאַכט, דעם 23־טן יוני 1941. די נאַכט פאַלט אַראָפּ. איך כאַפּ אונטער איינעם פון די, וואָס פאַרשרייבן, אַ לייטענאַנט, און פרעג אים וואָס עס וועט זיין מיט מיר. ביי אַלעמען האָב איך געזען

מאָביליזיר־צעטלעך און איך האָב גאָרנישט צו באַווייזן. זאָגט ער מיר, אַז דאָ וועט מען מיך נישט פאַרשרייבן. און דערביי ווייזט ער מיר:

— זעסט דאָך וויפל מענטשן זענען דאָ אויפן זאַמלפונקט, אין יעדן מאָמענט קאָנען מיר אַטאַקירט ווערן דורך דער דייטשער אַוויאַציע. דו מוזט דאָ בלייבן נעכטיקן, ווייל ביז אין דער פרי איז פאַרבאָטן פון דאַנען אַרויסצוגיין.

ער האָט דורכגעקוקט מיינע דאָקומענטן און איז אַוועקגעגאַנגען. ווען ס'איז גוט טונקל געוואָרן, האָבן עטלעכע זעלנער געמאָלדן, אַז ווער ס'וויל עפּעס דערליידיקן, זאָל עס באַלד טאָן, ווייל שפּעטער וועט מען זיך איבערן לאַגער נישט טאָרן באַוועגן. יעדער וועט מוזן בלייבן אויף זיין אָרט. ווייל די דייטשן האָבן אַרונטערגעלאָזן פּאַראַשוטיסטן דיווערסאַנטן, אָנגעטאָן אין ציוויל, אָדער אין סאָוויעטישע מיליטערישע קליידער. מיר דאַרפן זיין פאָרזיכטיק.

אונטער דיביימער איז פינצטער, חושך. מען זעט נישט צוויי מעטער פון זיך. עס לויכט אויף אַ ראַקעטע. דוכט זיך, אַז דאָס איז אין מערב זייט. אָט לויכט אָבער אויף אַ צווייטע — פון מזרח־זייט; אַ דריטע, אַ פינפטע, אַ צענטע. יעדער טראַכט ביי זיך: דייטשע ליכט־ראַקעטעס. הייסט עס, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. נאָך גוט, וואָס מיר האָבן נישט געוווסט אַלץ גענוי, אַז נישט וואָלט באַלד געוואָרן אַ פּאַניק. קופּעס־ווייז כאַפּט מען אַ דרעמל, צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן. קיינער טרייבט דיך נישט אַוועק.

איך ווייס נישט ווי לאַנג כ'בין געשלאָפן, נאָר אויפגעוועקט האָט מיך אַ שיסעריי. קיינער ווייסט נישט וואָס דאָ טוט זיך. יעדער האָט מורא זיך אַ ריר צו טאָן. ביז ס'איז ווידער שטיל געוואָרן. קוים מיט צרות דערוואָרט דעם פאַרטאָג. איינער פרעגט ביים אַנדערן, וואָס איז עס געווען פאַר אַ שיסעריי? מען דערציילט, אַז אַ פּאַטרול האָט באַמערקט, ווי עמיצער לאָזט אַרויס ראַקעטן פון אונדזער לאַגער. ביים טייכל דערלעבן וואַשט מען זיך אַרום. עס ליגן אויפן ברעג צוויי טויטע,ביידע אין ציוויל, די קעשענעס, ווי געוויינלעך, אויסגעקערט. מ'זאָגט, אַז דאָס זענען דייטשע דיווערסאַנטן, אַנדערע זאָגן, אַז דאָס זענען — פּונקט ווי מיר, פאַרבלאָנדזשעטע. קיינער קומט נישט אויפקלערן ווער זיי זענען אין דער אמתן.

אַזאַ טבע האָב איך שוין — אַלץ טו איך פּונקט קאַפּויער ווי אַנדערע. איך זע ווי אַלע לויפן וואָס ווייטער פון מינסק, וואָס ווייטער פון פראָנט, אָבער איך באַשליס אומצוקערן זיך אין שטאָט און זיך מעלדן אין דער קאָמענדאַנטור. איך גיי אַרויס פון וואַלד. אַנטקעגן מיר — מענטשן אין די טויזנטער; ווער אויף אויטאָס, ווער — אויף פערד־און־וואָגן, ווער אויף ראָווערן, און דירעקט — צופוס. פון צייט צו צייט לויפט דורך אַ מיליטערישער לאַסט־וואָגן אין דער ריכטונג פון מינסק. איינעם פון זיי

האַלט איך אָפּ און בעט מיך אויפצונעמען. איך באַמערק אָבער אַן אומצו־טרוי פון די מיליטער־לייט, וואָס זיצן אין קאַבינקע.

— וווהין ווילסטו פאָרן ? — פרעגן זיי מיך גלייך.

— אין דער קאָמענדאַנטור — זאָג איך.

מען הייסט מיך אויפשטייגן, און דער לייטענאַנט, וואָס זיצט אויבן, קאָנטראָלירט מיינע דאָקומענטן. ער איז אַ בלאָנדער, מיט זומער־שפּרענ־קעלעך. ער פרעגט מיך אַלץ אויס גענוי. און פּלוצלונג ענטפערט ער מיר אויף יידיש : „זאָל זיין מיט גליק !"...

איך קוק אים אָן פאַרוואונדערט.

— כ'ווייס — מאַכט ער — אַז אויף מיר דערקענט מען נישט ווער איך בין, אָבער אויך אייך קאָן מען נישט דערקענען, ווען כ'קוק נישט אַריין אין אייערע פּאַפּירן... אָן אייגענער...

דאָס איז געווען דעם 24־טן יוני. דעם טאָג האָבן די דייטשן פון 5 אַ זייגער פאַרטאָג אָן שטאַרק באָמבאַרדירט מינסק, ביז שפּעט אין אָוונט. איך דריי זיך אַרום אין דער קאָמענדאַנטור אפשר אַ שעה, און יעדעס מאָל רייסט מען מיך איבער, אַז איך קאָן נישט ענדיקן דערציילן וואָס אַלץ מיט מיר האָט פּאַסירט. עס גייט צו צו מיר אַ מיטלוווקסיקער קאַפּיטאַן און זאָגט מיר, אַז דער קאָמענדאַנט האָט אים באַפוילן מיך צו פאַרשרייבן אין זיין ראַטע, וואָס ער פאַרמירט. ער פאַרשרייבט מיר אויף זיין ליסטע און זאָגט מיר, אַז איך געהער צו דער 125־טער דיוויזיע. דערנאָך מעלדע איך זיך צו אַ יינגערן לייטענאַנט. דאָס ערשטע פרעגט ער מיך, צי איך בין הונגעריק. זייער שיין ! אַ פראַגע אַביסל, צי כ'בין הונגעריק ? דערווייל פאַלן באָמבעס. די ערד ציטערט. אָבער די מורא איז שוין ביי אונדז אַריבער. מיר עסן, ווי ס'וואַלט אַרום אונדז גאָרנישט געשען. דער קאַפּיטאַן איילט אונטער. אין אַ ווײַלע אַרום מאַרשירן מיר אָפּ אין דער ריכטונג פון דער קאַזאַרמע.

די קאָמענדאַנטור געפינט זיך אין אַ גרויסער הילצערנער געביידע. נאָך נעכטן האָט זי זיך געפונען אין אַ רויטן מויער, נאָר צוליב פאַרזיכ־טיקייט, האָט מען זיך אַריבערגעקליבן אַהער. מיר שטעלן זיך אַלע אויס, איבער הונדערט מאַן, און מיר גייען דורך גאַנץ מינסק, צו די קאַזאַרמעס. מינסק איז אַן אָפּגעלאָזענע שטאָט, בלויז די הויפּט־גאַסן זענען ברוקירט. די טראָטואַרן זענען פון ברעטער. עס וואַלגערן זיך אויף די גאַסן טויטע גופים, דער עיקר פרויען און קינדער. זיי זענען נישט פאַרבלוטיקט. זעט אויס, אַז זיי זענען געשטאָרבן פון שטאַרקן לופט־דרוק פון די באָמבעס־אויפרייסן. אין דער קאַזאַרמע באַמערק איך, אַז ס'איז די זעלבע, ווו מען האָט אונדז נעכטן פאַרהאַלטן. אונדזער קאַפּיטאַן גייט זיך נאָכפרעגן וועגן עטלעכע לאַסט־וואָגנס. אין הויף שטייען סאָלדאַטן און לאָדן אָן אויף די וועגן. אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער צוריק און זאָגט, אַז ס'איז געווונטשן מיר זאָלן זיך צוריקציען פון שטאָט אין קליינע גרופּן. ער

פרעגט יעדן איינעם צי ער האָט געגוג פּאַטראָנען און גראַנאַטן. מיר גיט ער אַ ביקס, אַ לאַנגע, פון אַ פאַרעלטערטן מאָדעל, מיט אַ לאַנגער שפּיז, אָן אַ רימען. רימענס האָט קיינער נישט, אין בעסטן פאַל — ברעזענטענע פּאַסקעס, אָדער פּשוט — אַ שטריקל. מיט די גראַנאַטן דאַרף מען, איידער זיי ווערן געוואָרפן, מאַכן אַ געוויסן זשעסט, זייער פּאָרזיכטיק, אַז נישט קאָנען זיי אויפרייסן אין דער האַנט.

מיר האָבן שוין אויך אַ קליינעם רעזערוו פון שפּייז. מיר ציען זיך צוריק פון מינסק, מזרח־צו. פאַר די צוויי שעה, וואָס מיר זענען אַוועק פון דער קאָמענדאַנטור, האָט זיך דאָ אַלץ געביטן: אויס קאָמענדאַנטור, אויס הייזער. הילצערנע הייזער, און נאָך דער שריפה, זענען געבליבן בלויז אַ פּאָר האָלעוועשקעס. זיי ברענען נאָך. ס'איז קיינעם נישט צו זען. זיי האָבן דאָ פריער אַרונטערגעשאָסן אַ דייטשן אַעראָפּלאַן. דער פּילאָט, האָבן זיי געזען, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אין אַ פּאַראַשוט. דער קאָמענדאַנט האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואָגן, צוזאַמען מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן, און איז געלאָפן זוכן דעם דייטשן פּילאָט אין דער אומגעגנט.

אין די ערשטע טעג מלחמה איז מיר אויסגעקומען צו זען עטלעכע לופט־קאַמפן. די דייטשע „מעסערשמידטס" זענען געווען פיל שנעלער, בעסער באַוואָפנט. דאָס איז אויך געווען סטאַלינס „קלוגע" פּאַראַויסזעערישקייט, אין גאַנג פון צוגרייטן זיך צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. אין דעם מאָמענט האָט די וועלט נישט געוווסט פון זיינע פאַרברעכנס. און דעמאָלט זענען צענדליקער טויזנטער מענטשן אַנטקעגנגעלאָפן דעם טויט מיטן אויסרוף: פאַרן פאָטערלאַנד! פאַר סטאַלינען! ער איז דער גרויסער שולדיקער אין אומקום פון אַזויפיל מענטשן. ער האָט איינגעזעצט און אומגעבערענגט די בעסטע קאָנסטרוקטאָרן פון קריגס־אַעראָפּלאַנען, ביקאָליי פּאָליקאַרפּאָוו, דימיטרי גריגאָריעוויטש, באַשולדיקט זיי אין סאַבאָטאַזש. צוזאַמען מיטן מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי, האָט ער אויסגעקוילעט די וויכטיקסטע קאַדרען פון דער רויטער אַרמיי.

## קאַפּיטל 4

# אין געפאַנגענשאַפט ביים דייטש

אַזוי בין איך פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי דעם 24־טן יוני, 1941. מיר האָבן געקעמפט, אָפּגעטראָטן, שלעכט־באַוואָפנטע, האַלב־הונגעריקע, נישט געדעקט פון דער לופטן, נישט געשיצט פון טאַנקן, אָפטמאָל געקעמפט מיט די הוילע הענט. מען האָט אונדז צעשלאָגן. מיר פלעגן אָפּטרעטן אָפטמאָל ביז 80 קילאָמעטער אַ טאָג, און אַלץ צופוס. דעם לעצטן מאָל האָט מען אונדז פאַרמירט אין באַוואָזיבקאָוו און ווידער געוואָרפן געוואָרן, שוואַך־באַוואָפנטע, אין קאַמף

קעגן די נאַציס, מיט זייער אייזערנעם, געפּאַנצערטן פויסט. דעם 7־טן אויגוסט ווערן מיר אַרומגערינגלט, און דעם 9־טן אויגוסט, ביים פּרוּוון דורכרייסן זיך דעם רינג פון שונא, בין איך שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. אין דריי טעג אַרום בין איך אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט אין דער געגנט פון מאַגילעוו. קיין ריכטיקער פראָנט איז נישט געווען. מ׳האָט זיך געשלאָגן אומעטום.

מיר געפינען זיך אין סאַווכאָז „פּיטער". קיין דאָקטער איז נישט געווען. מען פירט אונדז אָפּ אין לאַגער סמעטיסלאַווע, אַ געוועזענע פלאַקס־פאַבריק. די דייטשן זענען געווען ספּעציאַליסטן פון לאַגערס. זיי קלייבן אויס אַ פּלאַץ. שטעכל־דראָט האָבן זיי געפונען אין די טויזנטער טאָנען. די געפאַנגענע צווינגט מען, אַז זיי זאָלן אַרומצוימען דעם פּלאַץ. שטעלן אַוועק עטלעכע בודקעס, טורעמס מיט קוילנוואַרפערס, און דער לאַגער איז פאַרטיק. עס וואַלגערן זיך אונטערן פרייען הימל צענדליקער טויזנטער קריגס־געפאַנגענע, און אָפטמאָל אויך — צוגויפגעטריבענע פון דער ציווילער באַפעלקערונג.

אונדז, די שווער־פאַרוואונדעטע, האָבן זיי אַנגעטראָגן אונטערן אייננ־ציקן דאַך אַביסל פלאַקס, און דאָרט איז געווען דער לאַזאַרעט. קיין הילף האָבן זיי סיי ווי נישט געגעבן. עס זענען געקומען געפאַנגענע, זעט אויס, דאָקטוירים, און געפּרוּווט מיט עפּעס צו העלפן די קראַנקע. זיי האָבן זיך נישט אויסגעגעבן פאַר קיין דאָקטוירים, ווייל אַלס אָפיצערן, האָבן זיי די דייטשן גלייך איזאָלירט פון די איינפאַכע זעלנער. אָבער וואָס האָבן זיי שוין געקאָנט העלפן, אָן מעדיקאַמענטן, אָן מיטלען? ביי מיר זענען געווען דריי ווונדן, איינע אין לינקן ווינקל קאָפּ, אַ שווערע ווונד, אַ צווייטע — אין רעכטן זייט פון רוקן, וווּ ס׳האָט נאָך געשטעקט דער אייזן־שפּליטער, און אַ קליינע ווונד אויפן לינקן קני פון פוס.

טאָקע דאָ, אין לאַגער סמעטיסלאַווע, ווייסרוסלאַנד, איז עטלעכע מאָל געקומען צו מיר דער דאָקטער און מיר געהאָלפן מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט. ער האָט צו מיר אַ זאָג געגעבן:

— זע, דו לעבסט נאָך?

מ׳האָט נישט געדאַרפט זיין אַזוי קלוג, כדי באַלד צו פאַרשטיין, אַז כ׳האָב צו טאָן מיט אַ געניטן כירורג. אַליין איז ער אויך געווען באַ־וואַקסן, שמוציק. ער האָט גענומען מיינע אורין אין אַ קאָנסערוון־שאַכטל, אין אַ צווייט שאַכטל האָט ער געבראַכט אַביסל הייס וואַסער. אַ געפאַנ־גענער, וואָס פלעגט שטענדיק מיט אים מיטגיין, האָט אים געהאָלפן. ער האָט מיך אַוועקגעלייגט אויף דר׳ערד און מיט אַן איינפאַך טאַשן־מעסערל האָט ער ביי מיר אַרויסגעצויגן דעם שטיק שפּליטער. עס איז אַרויס אַ סך מאַטעריע. די ווונד האָט שוין אָנגעהויבן פוילן. דער געהילף זיינער האָט מיך צוגעהאַלטן. איך האָב פאַרביסן די ציינער ביז בלוט. איך האָב נישט געשריגן, נישט געקרעכצט. די ווונד האָט ער דורכגעוואַשן מיט מיינע

אייגענע אורין און פאַרכאַפּט מיט טשעפּקעס, וואָס ער האָט פריער געהאַט צוגעגרייט. דערנאָך האָט ער די ווונד באַשאָטן מיט הייסן אַש אַרומגעוויקלט מיט אַ שמוציקן, פאַרבלוטיקטן באַנדאַזש. אויפן קאָפּ האָט ער געמאַכט דאָס זעלבע.

ס'איז מיר געוואָרן עטוואָס לייכטער. פון אויפרייס פון אַ באָמבע, האָט געפּלאַצט ביי מיר אַן אַלטע ווונד, פון קינדווייז. אַ יונג פערדל, אַ קוזיק, האָט מיר אַמאָל געגעבן אַ בריק. אויך די ווונד האָט ער איבערגעוואַשן מיט מיינע אייגענע אורין. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס פאַרהיט פון מיקראָבן.

מער האָב איך שוין דעם דאָקטאָר נישט געזען. מיר זענען אין דעם לאַגער געווען ביי אַ 16 טויזנט מענטשן.

צומאָרגנס, דעם 16־טן אויגוסט, אַ שבת, זע איך ווי עס דרייט זיך אַרום אַן אָבער־געפרייטער מיט אַ רויטן קרייץ אויפן אַרבל. ביי די דייטשן האָט עס געהייסן — סאַניטעטער. זיי פלעגן דער עיקר קומען נישט מער ווי ציילן די טויטע. ער פלעגט כלומרשט גיין באַקוקן די פאַרוווּנדעטע. איך האָב זיך געווענדעט צו אים אויף דייטש, און קענטיק, אַז מיין דייטש איז געווען נישט קיין שלעכטער. בעת־מעשה בלייבט ער שטיין, מאָדנע פאַרוווּנדערט. און די ערשטע זאַך פרעגט ער מיך:

— ווי קומט עס, וואָס דו רעדסט אַזאַ גוטן דייטש?

ענטפער איך אים, אַז איך בין אַ ייד און אַז איך האָב געאַרבעט מיט דייטשן אין מעמעל־געביט. איך האָב דאָרט געאַרבעט אויף אַן הכשרה אין אַ קיבוץ. פאַרשטייט זיך, אַז וועגן קיבוץ־הכשרה האָב איך אים נישט דערציילט. איך אַליין האָב אין דעם מאָמענט נישט געוווּסט, אַז מיט מיין אויסגעבן זיך, אַז איך בין אַ ייד, האָב איך זיך אַליין פאַרמשפּט צום טויט. ער אַליין האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיינער הערט אונדז נישט אונטער און האָט מיר שטילערהייט אַ זאָג געטאָן:

— דאַרפסט עס קיינעם נישט דערציילן, אַז ביסט אַ ייד, ווייל עס קאָן זיין געפערלעך...

דאָס איז געווען אַ זייגער 10 אין דער פרי. פּונקט 12 אַ זייגער גיט זיך אַ שיט אַריין אין לאַגער אַ דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונג. עס פירט אָן מיט זיי אַ יונגער אָפיציר. אַזעלכע מאָדנע צייכנס אויף זייערע מונדירן האָב איך נאָך ביז דעמאָלט נישט געזען. אַ מאַן 40, אַלע אין שוואַרצע, קורצע וועסטלעך, יעדער אפשר צוויי מעטער די הויך, מיט אויטאָמאַטן אָנגעהאָנגענע אויפן האַלדז, מיט גראָבע גומענע שטעקנס אין די הענט. אַן האַקנקרייץ אויף איין זייט, אַ בליץ־אָפּצייכן אויף דער אַנדערער זייט. אָנקוקנדיק די באַנדע, האָט מען גלייך געקאָנט פאַרשטיין, אַז קיין גוטס איז פון זיי נישט צו דערוואַרטן. אַלע מיט בייזע, פאַרקאַכטע רוצחישע פּנימער. דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג ס.ס. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אַ נעץ שטעכל־דראָט, פיר אָדער פינף מעטער די הויך,

הילצערנע וואַך־טורעמס מיט אַנגעצילטע קוילנוואַרפערס. אויף יעדן מע־טער — וואַכלייט, אוקראַינער. זיי גייען אַרום מיט שטעקנס. אַנגעפּרעסענע מערדערישע צורות. אַנגעפירט מיט זיי האָט אַ וואָלגע־דייטש.

ביי דער וואָלגע האָבן געלעבט איבער אַ מיליאָן דייטשן. זיי האָבן גערעדט אַ גוטן רוסיש, אָבער מיט אַ דייטשן אַקצענט. גלייך אין די ערשטע טעג פון קריג זענען זיי מאַסנווייז ביי דער ערשטער־בעסטער געלעגנהייט אַריבערגעלאָפן צו די דייטשן. איינעם אַזאַ האָב איך גוט געקענט. ער איז געווען דער דאָלמעטשער פון לאַגער. ער האָט זיך גערופן לודוויג פרישמאַן, אַליין פון אַ קאָלכאָז לעבן דער שטאָט ענגעלסק אויף דער וואָל־גע. ער איז אַפילו געווען אַ קאַנדידאַט אין דער פּאַרטיי, און אַצינד — דער שעף פון די באַנדיטן.

אָט דער וואָלגע־דייטש לודוויג פרישמאַן גיט אַ געשריי צו זיינע אוקראַאינישע געהילפן, מען זאָל אויסשטעלן אַלע געפאַנגענע פון לאַגער אין רייען, אויסער די שווער פאַרוווּנדעטע. אַזוי מעלדעט דער דאָלמע־טשער אויף רוסיש. און ער גיט צו:

— אַלע יידן, קאָמיסאַרן און אָפיצירן, וואָס האָבן זיך נישט פאַר־שריבן, זאָלן מאַכן פינף טריט פאָראויס.

אין לאַגער איז געוואָרן שטיל, ווי אין אַ קבר. די גרופּע ס.ס. מיטן אָפיציר שטייען צו אונדז מיטן רוקן. און ביי מיר טראַכט איך: איין גוטער אויטאָמאַט און — געבן אַ שטעפּ אויף די באַנדיטישע קערק. איך זע, אַז פון דער גרויסער מאַסע גייען אַרויס אייניקע. זעקס ס.ס. בלייבן שטיין און מאַכן אַ קאָרידאָר. מען פירט אַרויס די, וואָס האָבן געמאַכט די פינף טריט. אַלץ קלאַפּט ווי אַ זייגער, מיט דייטשער פּינקטלעכקייט. דער אָפי־ציר גיט אַ געשריי צו די ס.ס. און דער דאָלמעטשער חזרט עס איבער אויף רוסיש:

— איז עס מעגלעך אַז צווישן זעכצן טויזנט הונטן־באַנדע זאָלן נאָר זיין צען יידן ?! זוכן !...

די ס.ס.־לייט גיבן זיך אַ וואַרף צו די געפאַנגענע און זיי הייבן אָן אַרויסשלעפּן פון די רייען. די אַרויסגעשלעפּטע שרייען, אַז זיי זענען נישט קיין יידן. איינער שרייט, אַז ער איז אַ אוקראַאינער, אַ צווייטער שרייט, אַז ער איז אַ רוס, אַ דריטער — אַן אַרמענער. אויף יעדן געשריי — אַ זעץ מיטן גומענעם שטעקן. טאָמער פאַלט איינער אַוועק און קאָן זיך נישט אויפהייבן, ווערט ער אויפן אָרט דורכגעזיפּט מיטן אויטאָמאַט. אַזוי קלייבן זיי אָפּ 85 געפאַנגענע, יידן און קאָמיסאַרן. מען פירט זיי אַוועק 40 אָדער 50 מעטער פון לאַגער, ביים ברעג טייכל, און פאַר אונדז אין די אויגן ווערן זיי אַלע דערשאָסן. אויף אַלע וואַך־טורעמס שטייען סאָלדאַטן מיט קוילנוואַרפער. ביים מינדסטן ריר זענען זיי גרייט צו עפענען אַ פייער.

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען די ווערטער פון סאַניטאַר — אַז „ס׳קאָן זיין געפערלעך"... דערווייל באַקוקט ער די אַנדערע שווער־

פאַרוואונדעטע. פאַרבייגייענדיק, גיט ער מיר אַ זאָג, אַז אין אָוונט וועט ער ווידער קומען. אין אָוונט זע איך ווי ס'דערנעענטערט זיך מיין אָבער־געפרייטער. מיט אונדזערע פאַרבונדענע קעפּ, זענען מיר אַלע ענלעך איינער צום אַנדערן. איך באַמערק, אַז ער זוכט עמיצן. איך פרעג אים, צי ער זוכט נישט מיך. „יאָ" — ענטפערט ער, און פרעגט מיך צי איך קאָן גיין, ווייל אויב איך וועל נישט קאָנען גיין, וועט נישט טויגן. די, וואָס קאָנען נישט גיין, וועט מען ליקווידירן. דערביי זאָגט ער מיר שטיל, קיינער זאָל נישט הערן, אַז מען טאָר צופיל נישט רעדן; און דאָס, וואָס ער כאַפּט זיך אַרויס, איז אויך ריזיקאַליש. ער נעמט אַרויס אַן איינפּאַך בלעכערן ציגאַרעטן־שאַכטל, און אַזוי ווי ס'איז גאַנץ טונקל, צינדט ער אָן אַ טאַשן־לעמפּל און הייבט אויף דאָס דאָפּלטע דעקל פון שאַכטל. און וואָס דערזע איך ? — אַ פינף־עקיקן רויטן שטערן מיטן סערפּ און האַמער, אונטערגעשריבן : ראַט־פראָנט...

— איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט — זאָגט ער — אַז ס'וועט מיר אויסקומען צו קעמפן מער ווי צוויי שעה קעגן ראָטנפאַר־באַנד, ווייל ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָב איך געטראַכט, אַרי־בערצוגיין אויף אייער זייט. און אַט איז שוין באַלד 50 טעג, און — ס'לאָזט זיך נישט...

ווייטער דערציילט ער, אַז ער איז אַ ווינער, האָט דאָרט איבער־געלאָזן זיין כלה, אַ האַלב־יידישע.. ער געזעגנט זיך מיט מיר און פרעגט צי איך נויטיק זיך אין עפּעס. ענטפער איך אים :

— ביסט אונדזער דאָקטער און דו אַליין זעסט וואָס אונדז פעלט...

— מ'דאַרף זיין פאַרזיכטיק, עס לויערן ביי אונדז אויגן און אוי־ערן...

איך בעט ביי אים אַ פלעשעלע יאָד, און דעם וויכטיקסטן מעדי־קאַמענט : עסן און רויכערן. ער זאָגט מיר גאַרניט צו און גייט אָוועק.

צומאָרגנס איז מיר דער קאָפּ אַ סך בעסער. לעבן מיר ליגט אַ פאַרוואונדעטער. אַ שטיק הינטן איז ביי אים אָפּגעריסן. אַביסל ווייטער — איינער, וואָס רירט זיך גאָר נישט. ער איז האַלב באַקעט. ער דאַרף שוין קיין שום הילף נישט. געוועזן אַזעלכע, וואָס ווי נאָר זיי האָבן באַ־מערקט, אַז איינער איז טויט, פלעגן זיי אים גלייך אַראָפּציען די זאַכן. געווען אפילו פאַלן, ווען זיי האָבן יענעם אָפּגעשונדן, נאָך איידער ער איז אויסגעגאַנגען.

כ'האָב דורכגעמאַכט 18 לאַגערן, און יעדער לאַגער מיט זיינע ספּע־ציפישע באַדינגונגען. אין אייניקע האָט נאָך געהערשט אַביסל מענטש־לעכקייט, אין אַנדערע — דאָס געזעץ פון דזשונגל. ס'האָט זיך אַ סך מאָל געווענדט אין קאָמענדאַנט און אין זיינע אונטערגעאָרדנטע באַטש־מערסטנס האָבן זיי געהערט צו דער נאַצישער פּאַרטיי. דאָרט, וווּ מ'האָט ווייניקער געשלאָגן, זענען געווען די לאַגערן פון „אָט", — לאַגערן פון

פראָדוקטיווער אַרבעט. דאָרט בין איך פאַרבליבן אַרבעטן 14 חדשים. פריער פלעג איך לויפן פון לאַגער צו לאַגער, ווען איך האָב דערשפּירט, אַז זיי הייבן דאָרט אָן צו פאַרשטיין, אַז כ׳בין אַ באַהאַלטענער ייד. טאַקע אין דעם לאַגער האָט מיך אַ דייטש געראַטעוועט דאָס לעבן.

דערווייל געפינען איך זיך אין צענטראַל־לאַגער פון אַרשע; די גאַנ־צע געגנט איז באַדעקט געווען מיט קלענערע לאַגערן. פאַר די 29 חדשים דייטשע געפאַנגענשאַפט, בין איך געווען אין אַרשע און אין דער אומ־געגנט ביי 19 חדשים. אין דעם לאַגער האָבן זיך שטענדיק געפונען פון 40 ביז 50 טויזנט געפאַנגענע. נישט ווייט פון דאָרט איז פאַראַן אַ ברו־דער־קבר פון איבער 80 טויזנט רויט־אַרמייער, געשאָסענע, געהאַנגע־נע, אָדער אויסגעגאַנגענע פון הונגער, קעלט און קראַנקייטן. צווישן סעפּטעמבער 1941 און פעברואַר 1942 האָט געאַרבעט אַ טויטן־קאָ־מאַנדאָ פון 200 מאַן באַגרעבער. זיי האָבן צונויפגעקליבן די טויטע. יעדן טאָג פלעגן זיי באַגראָבן פון 150 ביז 200 מאַן. אויסער דעם האָבן די דייטשן די פאַרווונדעטע אַליין דערענדיקט.

דער ערשטער ווינטער איז אויסגעפאַלן זייער אַ האַרבער, כאָטש אין דער אַרשער געגנט דערגייט די קעלט זעלטן ביז 40 גראַד. די ערד איז געווען אַזוי פאַרפרוירן, אַז די טויטן־קאָמאַנדאָ האָט נישט געקאָנט אויסהאַקן קיין טיפערע גריבער. עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט הויכע בערג מיט מתים. די דייטשן האָבן אונטערגעיאָגט מיטן באַגראָבן די טויטע און האָבן באַשטראָפט די באַגרעבער. זיי אַליין האָבן זיך נישט צוגע־רירט דערצו. זיי האָבן שרעקלעך מורא געהאַט פאַר די טיפוס־קראַנקע. פיל זענען טאַקע אויסגעגאַנגען פון טיפוס, פון טובערקולאָז. נאָך גוט, וואָס די קעלט האָט די טויטע קאָנסערווירט און אויסגעהיטן פון אַן עפּידעמיע.

אין חודש פעברואַר האָבן די קעלטן אַביסל נאָכגעלאָזן. די דייטשן זענען געוואָרן עטוואָס מילדער, אָבער פאַר אונדז האָט זיך גאָרנישט געביטן. אין לאַגער זענען געווען צענדליקער אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, יע־דע פון זיי האָט געהאַט ספּעציפישע באַדינגונגען. אַ קאָמאַנדע פון 100 מאַן האָבן יעדן טאָג געאַרבעט אין קריגס־לאַזאַרעט פון די דייטשן. דאָרט זענען געלעגן פאַרווונדעטע דייטשן, רומענער, אונגאַרן, איטאַל־יענער. אין מיטן דעצעמבער 1941 האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען טויזנ־טער מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. פאַרפרוירענע אָפיצירן זענען געווען זעלטענער. זיי זענען געווען וואָרעמער אָנגעטאָן.

אין לאַגער האָבן מיר געגוי געוווסט וואָס עס טוט זיך אויפן פראָנט. דער בעסטער גענעראַל־שטאַב איז געווען אונדזער צענטראַל־לאַגער אין אַרשע. יעדן טאָג האָבן זיי געברענגט נייע פּאַרטיעס געפאַנגענע פון אַלע עקן פון רוסלאַנד. מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט קעמפער, וואָס זענען נאָך מיט 2 און מיט 3 טעג צוריק געווען אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. איינעם האָבן זיי גענומען געפאַנגען ביי דאָרגאָביז,

איינעם ביי ראָסטאָוו. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן קריגן גרויסע קלעפּ. מיר האָבן אויך געלייענט זייערע דייטשע צייטונגען. אַ שטיקל צייטונג איז געווען אַ פאַרמעגן. מ'האָט אין צייטונג־פּאַפּיר פאַר־וויקלט מאַכאָרקע און געררויכערט. און אָט האָבן מיר געלייענט, אַז די אָבער־קאָמאַנדאָ פון דער ווערמאַכט גיט באַקאַנט, אַז דייטשע קרעפטן האָבן גענומען וויאַזמאַ און געפינען זיך אין די פאַרשטעט פון מאָסקווע. איינמאָל האָב איך אפילו געהערט, ווי היטלער האָט געמאָלדן דורכן ראַדיאָ, אַז די רויטע אַרמיי עקזיסטירט נישט מער, אַז עס זענען געבוג קעגן זיי פּאָליציייאישע קרעפטן אויף זויבערונגס־אַקציעס. מען קאָן זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי ס'איז אונדז געווען אויפן האַרצן.

אָבער פּלוצים האָבן מיר אָנגעהויבן לייענען אין זייערע צייטונ־גען, אַז דאָ און דאָרט גייען אָן שווערע קאַמפן, דערנאָך — עס גייען שווערע אָפּווער־קאַמפן אַרום מאָזשאַיסק. זיי פּלעגן קיינמאָל נישט אָנ־געבן, אַז זיי האָבן די אָדער יענע שטאָט געמוזט צוריק אָפּגעבן די רוסן.

פאַרוואָס האָבן די דייטשן דווקא אויסגעקליבן אָרשע ווי אַ צענ־טראַל־לאַגער ? אָרשע האָט געהאַט פאַר דער מלחמה אַ באַפעלקערונג פון 90 ביז 100 טויזנט מענטשן. די שטאָט איז איינע פון די וויכטיקסטע באַן־קנופּן אין מערב־רוסלאַנד. דורך אָרשע גייען דורך די וויכטיקסטע וועגן. פון דאַנען קאָנט איר פאָרן דירעקט קיין מאָסקווע, כאַרקאָוו, ווי־טעבסק, ריגע, וואַרשע, לעמבערג. אין די ערשטע טעג האָט מען זיך פאַר אָרשע זייער שטאַרק געשלאָגן. זי איז דריי מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. דורך אָרשע גייט דורך דער דניעפּער. פון דאַנען פירט דער איינציקער אַספאַלטירטער וועג ביז מאָסקווע. דערפאַר האָבן די דייטשן דאָ פאַרלייגט אין דער אומגעגנט איינעם פון די גרעסטע רעזערוו־לאַגערן. אַרום און אַרום — וועלדער. פונדעסטוועגן זענען דאָרט געווען זייער ווייניק פאַרטיזאַנער, ווייל די דייטשן האָבן אומעטום געהאַט זייערע סקלאַדן פון קריגס־מאַטעריאַל און אַ סך גאַרניזאָנען. אַרום אָר־שע איז אויך געווען איינער פון די וויכטיקסטע אַעראָדראָמען. נישט איינמאָל האָבן מיר געזען די גרויסע, שווערע „יונקערס" זיך אַרונטער־לאָזן, אויפהייבן זיך, אָנגעלאָדן מיט באָמבעס און אָפּפליען צום פראָנט. לעבן אַעראָדראָם איז אויך געווען אַ קליינער געפאַנגען־לאַגער, און זיי האָבן דאָרט געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן. איינמאָל האָט זיך אפילו אַ סאָוויעטישן פּילאָט, אַ געפאַנגענעם, איינגעגעבן, צוזאַמען מיט זיינעם אַ חבר, אַריינצוכאַפּן זיך אין אַ „מעסערשמידט" און אַריבערצופליען די פראָנט־ליניע.

אַ קליינער לאַגער איז אויך געווען לעבן אַ וויכטיקן בענזין־רעזער־וואַר. נישט ווייט איז געווען אַ סקלאַד פון באָמבעס. אָבער די אַלע לאַגערן זענען געווען אָפּהענגיק פון גרויסן לאַגער אין אָרשע. אין צענטראַלן לאַגער האָבן זיי צוריקגעברענגט די אויסגעמוטשעטע, אָדער פאַרוווּנדעטע. פאַר זיי איז געווען אַ קאַראַנטין, איזאָלירט אין אַ באַ־

זונדערן באַראַק. די מערסטע זענען אויסגעשטאַרבן פון הונגער און קעלט. דער עיקר זענען אומגעקומען די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין חברים, וואָס זאָלן זיי אַמאָל מיט עפּעס העלפן, אָדער כאָטש דערמו־טיקן מיט אַ וואַרעם וואָרט.

מענטשן האָבן געחלשט נאָך רויכערן. די ראַציע איז באַשטאַנען פון אַ לעבל ברויט אויף זעקס מאַן, אָדער אַ לעבל ברויט פאַר 4, פאַר די וואָס אַרבעטן: די טויטן־קאָמאַנדאַ, ביים האַקן האָלץ, האַקן ביימער אין וואַלד. אַרום און אַרום זענען געווען גאַראַזשן, שפּיטעלער. דאָרט האָט מען נאָך געקאָנט אַמאָל אונטערכאַפּן אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל, אָדער אַן „אָקוראַק" פון אַ סיגאַרעט. אַ שטיקל סיגאַרעט איז געווען אַן אמתער יום־טוב.

איך האָב דאָרט דערקענט איינעם פון מיין ראַטע. ער, ווידער, האָט מיך נישט דערקענט; ווייל איך בין זיכער געווען, אַז אפילו מיין אייגענער פאָטער, ווען ער זעט מיך מיט אַ באָרד פון 6 חדשים, 6 חדשים נישט קיין געוואַשענער, אין אַ צעריסענעם שינעל, מיט הילצער־נע קלאָמפּעס, וואָלט ער מיך נישט דערקענט. פאַרן כאַפּן אַ ייד, אָדער אַ קאָמיסאַר צווישן די געפאַנגענע, האָבן די דייטשן באַשטימט אַ פּרע־מיע — אַ לעבל ברויט און אַ פּעקל מאַכאָרקע. איך האָב נישט מורא געהאַט, אַז דער סאָלדאַט פון מיין ראַטע זאָל מיך אַרויסגעבן. דאָס איז געווען אַ זיכערער מענטש. צווייטנס, האָט ער, פּונקט ווי איך, געהאַט פאַר וואָס מורא צו האָבן, ווייל ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון „קאָמסאָמאָל" אין ראָטע (קאָמסאָרג). ער האָט געהאַט לעבן זיך נאָך אַ חבר. איך האָב זיך מיט אים באַקענט, און קענטיק, אַז ער האָט שוין געהאַט גערעדט וועגן מיר, ווייל ער האָט מיר געזאָגט ווער ער איז. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז איינער פון די סעקרעטאַרן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ליטווישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי; אַ מענטש פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, אָבער אויסגעזען האָט ער שוין ווי אַ יאָר זעכציק, צו דעם — אַ שוואַכער, קיין מאָל, קענטיק, נישט געאַרבעט קיין פיזישע אַרבעט. אַ מאָדנע פאַמיליע האָט ער אונדז אָנגעגעבן. מיר האָבן געצווייפלט צי דאָס איז זיין ריכטיקער נאָמען. ער האָט זיך גע־לאָזן רופן פּיציגאָרסקי. מיר פלעגן אים אָבער העלפן מיט וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט. איך און מיין חבר איוואַן זענען געגאַנגען אויף אַרבעט, און נישט איינמאָל האָבן מיר געהאַט צווישן זיך איבערגע־רעדט, אַז ער האָט געמוזט זיין יענער גרויסער נאַטשאַלניק אין דער אַרמיי. שטענדיק, אַז ער איז געווען אין אונדזער קאָמפּאַניע, האָט אויף אונדז געציטערט די הויט. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן. מיר האָבן אים אָפט מאָל געזאָגט, אַז ער זאָל זיין אַביסל פאָרזיכטיקער, ווייל די דייטשן האָבן אומעטום שפּיאָנען. ס'האָט געטראָפן, אַז די דייטשן פלעגן פלוצים צוגיין אין דער ריי, אַרויסנעמען איינעם, אָדער אַ צווייטן,

און אים הייסן מיטגיין אין דער קאָמאַנדאַנטור. מער פלעגט מען דעם מענטשן שוין קיינמאָל נישט זען.

איך בין אַנגעגאַנגען פאַר אַ רוס. שאַבאַנאָוו האָב איך געהייסן. מיר האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל. דאָס איז געווען איינע פון די בעסטע אַרבעט־גרופּעס אין צענטראַל־לאַגער. מ׳האָט געמוזט אונטערקויפן, מיט אַ סיגאַרעט, אָדער מיט אַביסל טאַבאַק, די אײנעווייניקסטע וועכטער. און דאָס האָבן מיר אַלע מאָל געהאַט, אַרבעטנדיק אין שפּיטאָל. דאָרט זענען געלעגן דייטשן מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס, אָדער פאַר־ווונדעטע פון אַ רוסישער קויל. נישט איינמאָל פלעגן זיי אונדז אָוועק־געבן גאַנצע לעבלעך ברויט, אָדער פּעקלעך טאַבאַק. בעסערע מענטשן זענען געווען די עסטרייכער, אויך די איטאַליענער. סוף דעצעמבער 1941 האָבן מיר אויך אונדזער העלד געפּרוווט מיטנעמען צו דער אַר־בעט, און דאָס איז געווען אונדזער אומגליק.

אַרבעטן פלעגט מען זאַלבעצווייט — האַקן האָלץ, גראָבן גריבער אויף קברים פאַר די דייטשן, הייצן די אויוונס, וואַשן די פּאַרבלוטיקטע וועש, אָדער רייניקן די קלאָזעטן; און נאָך אַזעלכע שמוציקע אַרבעטן. געווויינט צו פיזישער אַרבעט, האָב איך זיך גיך צוגעפּאַסט. אָבער — נישט אַזאַ קליענט מיט הויכער בילדונג. פּאַוועל פּיציגאָרסקי האָט ער זיך גערופן. ער האָט זיך נישט אויסגעטויגט צו דער שווערער, שמוצי־קער אַרבעט, האָט ער געקריגן געשלאָגן. קיינער האָט מיט אים נישט געוואָלט אַרבעטן. דער שעף איבער אונדז איז געווען אַן אונטער־אָפיציר. ער אַליין פלעגט יעדן טאָג קומען אין לאַגער און מיטנעמען די גרופּע אין שפּיטאָל. די רוסישע, אוקראַאינישע וואַך האָט אים געהאָלפן אויסקלייבן אַ געהעריקע גרופּע. מען פלעגט זיך אויסשטעלן צו 8 מאַן. זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַ גוטע בריגאַדע. אַנשטאָט 50 אָדער 60 מאַן, וואָס מען האָט געדאַרפט, האָבן זיך צוגעשטעלט הונדערטער. און דאָ פלעגט אַרויסשפּרינגען די רציחה פון אונטער־אָפיציר. ער איז גע־קומען מיט אַ שטאָלענעם דראָט, וואָס מען רייניקט מיט אים אַ ביקס, און מיטן דראָט האָט ער געהאַקט איבער די קעפּ איבער די, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַריינרייסן אין דער גרופּע. נישט איינמאָל האָבן מיר אויך אַריינגעקריגן קלעפּ.

איינמאָל, ווען מיר האָבן געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט, ביים אַרויסגיין פון טויער, ווען מ׳האָט איבערגעציילט די 60 מאַן, איז אונדזער פּאַוועל פאַרשוווּנדן. מיר קומען צוריק אין לאַגער — אונדזער פּאַוועל איז נישטאָ. האָבן מיר זיך אַנגעהויבן נאָכפרעגן ביי די, וואָס האָבן אים געקענט. קיין נאָמען קען מען נישט. קיין ליסטע, אָדער קאַרטאָטעק, עקזיסטירט נישט אין צענטראַל־לאַגער. און ווען אפילו יאָ, קומען יעדן טאָג אַן פרישע, מען טראַנספּאָרטירט אָפּ גרופּעס, מערסטנטייל קיין דייטשלאַנד.

אַריינצופאַלן מיטן טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד האָב איך גע־

ציטערט. איך האָב געוווסט, אַז צווישן די דייטשן בין איך אַ פּאַרלוירע־נער. מיט אַלע מיטלען פּלעג איך אויסמיידן די טראַנספּאָרטן. די אייב־ציקע רעטונג איז געווען — דאָס אַנטלויפן. אָבער דער ווינטער אין רוסלאַנד ציט זיך לאַנג. מ׳האָט אויך נישט געקאָנט אַזוי לייכט לויפן.

עס זענען אַוועק עטלעכע טעג, ווי אונדזער פּאַוועל איז פאַרפאַלן געוואָרן פון באַראַק נומער 3. אינגאַנצן זענען געווען 6 אַזעלכע באַראַקן אין צענטראַל־לאַגער, אויסער נאָך עטלעכע קליינע געביידעס, די קיך, אַ קליינער לאַזאַרעט, וואָס פאַר אים האָבן מיר מורא געהאַט ווי פאַר פייער, ווייל פון דאָרט איז מען שוין נישט אַרויס קיין לעבעדיקער, נאָר גלייך צו די ברידער־קברים; אַ געביידע פאַר דער רוסישער און אוק־ראַינישער פּאָליציי פון לאַגער, ווייל די גאַנצע אָרדענונג אין לאַגער האָבן אַנגעפירט רוסן און אוקראַינער, פרייוויליק איבערגעלאָפענע צו די דייטשן. פאַר זיי האָט מען געדאַרפט מורא האָבן מער ווי פאַר די דייטשן גופא. זיי האָבן לייכטער דערקענט די יידן, אַ קאָמיסאַר, אָדער אַן אָפיציר. און אַזעלכע זענען געווען אין לאַגער נישט ווייניק.

דער גרויסער באַראַק איז געווען געדעקט מיט ברעטער, איבער־געלאָזן עטלעכע לעכער, דער רויך זאָל אַרויסגיין. אין יעדן באַראַק זענען געווען אַנגעשטאָפּט פון 10 ביז 11 טויזנט מענטשן. צוויי גרויסע טויערן פוןביידע זייטן באַראַק. אויף ביינאַכט זענען זיי אָפּגעשפּאַרט געוואָרן, און קיינער האָט מער נישט געטאָרט אַרויסגיין. אַז עמיצער איז אַרויס צו דערליידיקן זיינע נאַטירלעכע באַדערפעניש, האָט מען באַלד געהערט אַ שאָס און יענער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. זיי האָבן אים דערענדיקט מיט אַ קויל אין קאָפּ. אין באַראַק זענען גע־שטאַנען 4 גרויסע הילצערנע פּאַראַשעס. זיי זענען איבער נאַכט גיך פול געוואָרן. צו באַהייצן דעם באַראַק זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן 4 גרויסע בענזין־פעסער. אינעווייניק האָט מען אַריינגעלייגט האָלץ, און דער באַראַק איז געשווומען אין אַ שוואַרצן רויך. אַן אָרט לעבן אויוון האָט געקאָסט אַן „אַקוראַק״ פון אַ סיגאַרעטל, אָדער כאָטש אַ פאַר צי. געגרויכערט האָט מען אַלץ, וואָס רויכערט. געהאָלפן האָט אויך, אַז מ׳האָט געהאַט אַ פּאָר שטאַרקע הענט און אַ פּאָר גראָבע ווערטער. גראָד אויף דעם פלעגט זיך מיין איוואַן גוט אויסטויגן.

ער איז געווען מאָגער, 1 מעטער 72 די הויך, נאָר אַ שטימע האָט ער געהאַט פון אַ לייב. קיין ליכט איז אין באַראַק נישט געווען. האָט מען אָנגעצונדן אַ האַלוועשקע, אַליין־געמאַכטע לעמפּלעך פון פּאַ־טראָנען, מיט מאַשין־אייל.

צום אויוון האָט זיך יעדער געוואָלט דערשפּאַרן. איינער האָט אונטערגעכאַפּט אַ ביסל שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, אָדער אַ גאַנצע קאַר־טאָפל, אַביסל מעל, אָדער סתם אַביסל וואַסער אָנוואַרעמען. און דאָ, ביים פייער, האָט מען זיך אָנדערציילט די לעצטע נייעס פון לאַגער, צי פון דרויסן. די פריש־געקומענע געפאַנגענע האָט מען גערן צוגע־

לאָזט צום אויוון. זיי זענען געווען געסט. זיי האָבן דערציילט וויכטיקע נייעס. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס קומען אָן טאַנקן, אַעראָ־פּלאַנען, קאַנאָנען פון די געגנטן פון אוראַל; אַז עס קומען אָן טראַנס־פּאָרטן פון אַמעריקע מיט טאַנקן און בענזין, לאַסט־מאַשינען. זיי פלעגן דערציילן וועגן די אַמעריקאַנער „שטודעבאַקערס", און אַז מיט זייער הילף און מיט די קאַנאָנען, אונטערגעשטיצט פון טאַנקן, וועט דער ראַטנ־פאַרבאַנד געווינען די מלחמה. נאָך אַ פּאָר וואָכן געפאַנגענשאַפט, איז פאַרשטייט זיך, זייער שטאַרקער גלויבן אַביסל געבראָכן געוואָרן.

אַלע רויט־אַרמייער, וואָס זענען אַריינגעפאַלן נאָכן 10־טן דע־צעמבער 1941, האָבן נאָך זייער גוט אויסגעזען, גוט אָנגעטאָן, נישט ווי מיר, וואָס זענען די ערשטע אָוועק אין פייער. לויט זייערע רייד, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די רויטע אַרמיי ווערט פון טאָג צו טאָג שטאַרקער. דאָס הייסט, זי קריגט פון אירע נייע פאַרבינדעטע, ענגלאַנד, אַמעריקע, מאַסן מאַטעריאַל. כאָטש נאָכן קריג האָב איך נישט איין מאָל געלייענט אין דער סאָוויעטישער פּרעסע, אַז וואָס הייסט ? — נישט אַמעריקע און נישט ענגלאַנד האָבן אונדז געהאָלפן. זיי פלעגן געבן אַ ביישפּיל : וואָס פאַר אַ ווערט האָבן דען געקאָנט האָבן עטלעכע אַוויאָנען, טאַנקן, אָדער קאַנאָנען — וועגן די גרויסע טראַנספּאָרטן עסנוואַרג האָבן זיי אפילו נישט דערמאָנט; ווייל ווי פּאַסט עס, אַזאַ גרויס לאַנד ווי דער ראַטנפאַר־באַנד, זאָל פעלן עסן ? און די נייע געפאַנגענע האָבן זיך אָנדערציילט, אַז זיי האָבן געקריגן אין באַטאַליאָן אָפטמאָל גאַנצע קאַסטנס מיט קאָנ־סערוון, סיגאַרעטן, טאָנען מיט טאַבאַק. איך האָב געלייענט אין פראָנ־צויזישן זשורנאַל „היסטאָריאַ" נומער 188 פון חודש מאַי 1967 אַן אַר־טיקל פון זשאַן טאַנעל; גיט ער אָן גענויע ציפערן פון דער הילף, וואָס ענגלאַנד און אַמעריקע האָבן איבערגעשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד צווישן 15־טן אויגוסט 1941 און דעם 8־טן מאַי 1945. ריזיקע טראַנספּאָרטן גיט ער אָן.

## קאַפּיטל 5

## די עקזעקוציע

די ערשטע טעג פון מלחמה־אויסברוך, ווען מיר זענען געוואָרפן געוואָרן אין קאַמף, האָט געהערשט אַ גרויסע פּאַניק אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. די אַרמיי־אָנפירונג האָט געפּרוּווט צו פאַר־שטאַרקן די דיסציפּלין, מיטן שיסן פאַר יעדער קלייניקייט, פון אַ סאָל־דאַט ביז אַ גענעראַל. אַ ביישפּיל איז געווען מיטן גענעראַל פּאַוולאָוו. מיר אַליין איז אויסגעקומען צו זען, ווי מען האָט געשאָסן אַן איינפאַכן סאָלדאַט, ווייל ער האָט כלומרשט דעזערטירט. ער האָט גאַנץ איינפאַך

געהאַט פאַרבלאָנדזשעט. אויף מאָרגן איז געווען באַשטימט אַן אָנגריף, און ער איז עס געווען דער קרבן, צו פאַרשטאַרקן די דיסציפּלין. דאָס איז געווען ערב דעם 30־טן יולי 1941. דעם 31־טן יולי האָבן מיר אַטאַ־קירט אַ קליין דערפל לעבן אַ גרויסן וועג. 4 אַזייגער פאַרטאָג איז געווען דער ערשטער אַטאַק. צוועלף הונדערט מאַן זענען מיר געווען. פינף מאָל זענען מיר געגאַנגען אין אַטאַק. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר גייען אויפן טויט, אַן דער שטיצע פון טאַנקן, אַן דעקונג פון דער לופטן, אַן איין קאַנאָן, אַן גראַנאַטן־וואַרפער. 6 אַזייגער אין אָוונט זענען געבליבן פון אונדז נישט מער ווי 170 מאַן. מערסטנס פאַרוווּנדעטע. איך אַליין האָב דעם שעף פון מיין ראָטע אַראָפּגעשלעפּט פון שלאַכטפעלד, אַ שווער־פאַרוווּנדעטן. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיך פאַרנעמען מיט זיי, אונטערן אומאויפהערלעכן פייער פון שונא.

אין לאַגער האָבן מיר זיך יעדן אָוונט געשטופּט לעבן אויוון. דאָרט איז געווען איינער, אַ מיטלוווקסיקער, בלייך, אויסגעמאַטערט. טויזנטער קריגסגעפאַנגענע זענען אומגעקומען צוליבן בלויזן רויכערן, צו קאָנען פאַרציען אַביסל מאַכאָרקע, אָדער אַן אָפּגעברענטן „אָקוראָק" פון אַ סיגאַרעט. זיי האָבן דערפאַר אָוועקגעגעבן זייער שטיקל ברויט, אָדער אַ העלפט פון זייער באַלאַנדע — די שמוציקע זופּ, וואָס די דייטשן האָבן אונדז געגעבן. אַליין האָב איך עס אַדורכגעמאַכט; אַז מ'האָט פאַרצויגן דאָס ביסל רויך, איז עפּעס געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן.

און אָט דער ניקאָלאַי, אָדער ווי מיר פלעגן אים רופן — בראַדיאַגע — לויט זיינס אַ ליבלינג־ליד — פלעגט אַלץ כמעט אויסבייטן אויף טאַבאַק. מיט וואָס מ'האָט געקאָנט, האָט מען אים געהאָלפן. מיר האָבן אַריינגערעדט אין אים, אַז מיטן אויסבייטן אַלץ אויף אַ פּאָר צי, פאַר־קירצט ער זיך די יאָרן. ער האָט אונדז אָבער געענטפערט:

— מיט אַזאַ־אַ לעבן גלויבט איר נאָך לאַנג אָנצוציען? פריער, אָדער שפּעטער... אַ שאָד נאָר וואָס כ'וועל נישט קאָנען דערלעבן דעם פריצס פינצטערן סוף...

און ער פלעגט זיך צעזינגען:

בראָדיאַגאַ באַיקאַל פּערעיעכאַל,
נאַווסטרעציו ראָדימאַיאַ מאַט...

שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי אַזוי פון אַזאַ שוואַכן נפש זאָל אַרויס אַזאַ מעכטיק־שיינע און שטאַרקע שטימע. ווען ער האָט זיך צע־זונגען, איז אין באַראַק געוואָרן שטיל, מ'האָט קיין אָטעם נישט געהערט. איך האָב אַ פּאָר מאָל געהערט דאָס ליד זינגען רוסישע אַרבעטער אויף רושטאַוואַניעס, אין ליטע, אין קאָוונע. ווייזט זיך אַרויס אַז אין „פרייען" רוסלאַנד איז דאָס ליד געווען פאַרבאָטן צו זינגען.

אין אָוונט, אויפן דריטן טאָג, ווי איך האָב פאָולען נישט געזען,

רופט ניקאָלאַי אונדז אָפּ און זאָגט אין דער שטיל, אַז מיר דאַרפן אַריבער אין צווייטן באַראַק. און ער דערציילט אונדז:

— אין לאַגער — דערציילט ער — האָט מען געכאַפּט אַ פּאָלקאָ־וואַי קאָמיסאַר, פון אייער קאָמפּאַניע...

אַרום איז געווען חושך־פינצטער. כ'האָב געפילט, אַז דאָס לעצטע ביסל בלוט אַנטלויפט פון מיין פנים. קענטיק אַז מיין חבר האָט געהאַט דעם זעלבן געפיל, ווייל אין דער פינצטער האָט ער געפונען מיין האַנט און זי אַ דריק געטאָן, ווי איינער זאָגט: „דו פאַרשטייסט וואָס דאָ טוט זיך?". און ווייטער דערציילט ער אונדז ווי אַזוי מ'האָט דעם קאָמיסאַר געכאַפּט: מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען באַשטימט איינעם אַן אַר־מענער דאָקטער אַלס שעף פון געפאַנגענ־לאַזאַרעט. אַליין איז ער געווען אַן אַריבערלויפער. מיט דריי טעג צוריק, גייענדיק צו דער אַרבעט, האָבן די דייטשן פאַוולען צעשלאָגן. אייניקע געפאַנגענע, צעשלאָגענע, האָבן די רוסיש־אוקראַיִנישע פּאָליציי אָפּגעפירט אין לאַזאַרעט. וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, ווייס מען נישט. אַנדערע זאָגן, אַז ער האָט דעם קאָ־מיסאַר געקענט פון פריער; אַנדערע זאָגן אַז ער האָט דעם דאָקטער אויס־געזידלט, פאַר אַלעמען אין די אויגן, און אים אָנגערופן פאַרקויפטע „שקורע". בקיצור, די דייטשן האָבן אים אַרייגענומען אין די הענט. זיי האָבן אים אַזוי צעשלאָגן, אַז גיין האָט ער שוין נישט געקאָנט. אַ פּאָר טעג האָבן זיי אים געפּאַרשט. און היינט האָבן זיי אים אַרומגעפירט איבערן לאַגער, אַז ער זאָל זאָגן, צי עס געפינען זיך נאָך זיינע חברים. אין דעם באַראַק זענען זיי נאָך נישט געווען. עס גייען מיט אים צוויי אוקראַיִנער, דער גלאַוונער דאָלמעטשער און אַ דייטש. זיי זאָגן, אַז ער איז פון געשטאַפּאָ. אויפן אַרבל ביי אים האָב איך געזען צוויי בוכ־שטאַבן: ס. ד.

מיר זענען אַוועק אין אַ זייט און זיך דורכגערעדט, וואָס מיר זאָלן טאָן. דער לאַגער איז טאַקע זייער גרויס, אָבער אויב מען זאָל זיך דער־וויסן, אַז ער פלעגט מיטגיין אַרבעטן מיט דער גרופּע אין דייטשן שפּי־טאָל, קאָנען זיי לייכט פאַלן אין אונדזערע שפּורן און מיר זענען פאַר־לוירן. אַזוי אַז גיין אין דער גרופּע פון שפּיטאָל קאָנען מיר פאַרגעסן. מיר מוזן אויך אַריבער אין אַן אַנדערן באַראַק. אין די באַראַקן זענען גע־ווען 5־עטאַזשיקע נאַרעס. ווו איינער האָט פאַרכאַפּט אַן אָרט, איז ער געשלאָפן. וואָס שטאַרקער מען איז געווען, וואָס מער די כוחות האָבן נאָך געדינט, אַלץ העכער האָט מען זיך פאַרקליבן.

אַז פאַוועל איז געווען מיט אונדז, זענען מיר געשלאָפן אויפן 2־טן עטאַזש. ער איז געשלאָפן אין מיטן, און אַזוי האָט מען זיך דורכגע־מאַטערט די נאַכט; ווייל דער הונגער און די קעלט האָבן נישט געלאָזן אַנטשלאָפן ווערן. אָבער וואָס העכער, איז געווען אַלץ וואַרעמער. און ס'איז אויך נישט געווען די געפאַר אָפּגעגאָסן צו ווערן פון די, וואָס

דער פענכער איז געווען ביי זיי אָפּגעשוואַכט, אָדער זיי האָבן אין דער פינצטער נישט געוואָלט קריכן ביז דער פּאַראַשע, און נאָך דעם גיין צוריק זוכן זייער אָרט אין דער פינצטער.

די נאַכט זענען מיר שוין נישט געשלאָפן. מיר האָבן זיך געלייגט נישט ווייט פון דער טיר. ס'איז געווען זייער קאַלט. אין דרויסן איז געווען איבער 40 גראַד. באַגינען האָט מען אונדז אויפגעוועקט מיטן פייפל און מיטן שטעקן. ווי די אָפּגעריסענע הינט פון דער קייט, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן און געקלאַפּט מיטן שטעקן אויף רעכטס און לינקס. עס איז געווען אַ בהלה, אַ שטופּעניש ביים טויער פון באַראַק. מ'האָט געדאַרפט אויסמיידן די קלעפּ פון די דייטשן, אָדער אוקראַינער. אין לאַגער האָט געהערשט דאָס געזעץ פון דזשונגל. ביסטו געווען שטאַרקער האָבן אפילו די אוקראַינער געהאַט פאַר דיר רעספּעקט, איבערהויפּט, אַז מ'איז געבליבן מיט זיי אויג אויף אויג. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז מען האָט אין צענטראַל-לאַגער געפונען אַ רוסישן, אָדער אוקראַינישן פּאַליציאַנט האַלב-טויט. און כאַפּן דעם שלעגער איז כמעט געווען אוממעגלעך. די דייטשן אַליין האָבן זיך נישט צופיל אָנגעשטרענגט אים צו כאַפּן, אַבי דאָס איז נישט געווען קיין דייטש. בפרט אַז יעדן טאָג האָבן זיך דאָ געביטן די מענטשן אין די טויזנטער. קיין ליסטעס און קאַרטאָטעקעס זענען נישט געווען. דאָס איינציקע וואָס מען האָט געהערט פון די דייטשן, איז געווען:

— הונט-באַנדע, צום דאָנערוועטער, סאַקראַמענט!...

צו דעם האָבן מיר זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו די קלעפּ. מיר האָבן אַלע געטראָגן אויף די קעפּ זומערדיקע סאָוויעטישע פּילאָטקעס. מען האָט זיי דעריבער אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי, אויך אין שינעל אַריינגעשטאָפּט שטרוי, דאָס האָט אונדז געוואַרעמט און די ביקסן-קאָלבעס פון די דייטשן האָבן נישט אַזוי שווער געטראָפן. אויף מיין אייגענעם רוקן האָט נישט איין דייטש און נישט איין רוסישער פּאַליציאַנט צעבראָכן זיין ביקס. אָבער אַז מען הונגערט חדשים-לאַנג, ווערט אַלץ אין דיר אָפּגעטעמפּט. אפילו — דער שכל. וועגן וואָס מען זאָל נישט רעדן, קומט מען אַרויס אויף — עסן. אומעטום זוכט מען צו כאַפּן אַ קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט. נאָר די קאַצעטניקעס קאָנען עס פאַרשטיין קיין שום קריגסגעפאַנגענער האָט נישט געלעבט אין אַזעלכע באַדינגונגען, ווי די סאָוויעטישע קריגס-געפאַנגענע. דער „גרויסער" העלד שטיינער אין זיין בוך, „טרעבלינקע", פרעגט זיך ווי אַזוי איז עס מעגלעך וואָס יידן האָבן זיך נישט אָקעגנגעשטעלט? (איך וואָלט עס אים געוואָלט זען ווי אַזוי ער וואָלט אויסגעזען צווישן אונדז). איך אַליין בין נישט געווען קיין פּחדן. מיט מיינע מעשים האָב איך עס דערוויזן. אָבער פאַר די דייטשן האָב איך מורא געהאַט, פּונקט ווי די געפאַנגענע פון אַלע נאַציעס.

דעם 14־טן דעצעמבער 1941, אין אַ זונטיק, האָב איך, צוזאַמען
מיט איוואַנען אַריבערגעכאַפּט זיך אין באַראַק נומער 5. עס זענען שוין
דערגאַנגען די נייעס, אַז די דייטשן טרעטן אָפּ פון מאָסקווע, ווייל זיי
האָבן געקראָגן אַזאַ קלאַפּ, אַז זיי וועלן שוין צו זיך נישט קומען; עס
זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די רוסן האָבן אַראָפּגעוואָרפן 30
טויזנט פּאַראַשוטיסטן אין באַברויסק. מ׳האָט דערציילט אַז וויטעבסק
און נעוועל זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער. מ׳האָט אָנ־
געהויבן גלויבן, אַז די באַפרייאונג איז נאָענט.

גוטע דייטשן זענען געווען זייער ווייניק. וועגן דער רוסיש־אוק־
ראַיִנישער וואַך איז דאַך אָפּגערעדט, און זיי האָבן געוווּסט, אַז פאַר
זיי האָט געוואַרט די נקמה. ביי די דייטשן האָט מען אָבער נישט גע־
מערקט קיין שום פּאַניק, און דאָס האָט אַביסל אָפּגעקילט אונדזער פרייד.
עס זענען אפילו געווען עטלעכע פאַלן פון זעלבסטמאָרד פון דייטשע
סאָלדאַטן, ווען מ׳האָט זיי געשיקט אויפן פראָנט. איינער פון זיי איז גע־
ווען אַ מאַיאָר. אָבער קענטיק, אַז די דייטשן האָבן געוווּסט וואָס מיר
טראַכטן, און זיי האָבן צוגעגרייט אַ ספּעקטאַקל פאַר אונדז, אַ וואָרנונג.

אין אָט דעם זונטיק איז גראָד געווען עטוואָס וואַרעמער. אַ פרײ־
שער שניי האָט באַדעקט אונדזער לאַגער. מיר האָבן זיך צו אים צוגע־
כאַפּט, געשלונגען דעם שניי, אָדער צעלאָזן אים אויף וואַסער אין אונ־
דזערע קעסעלעך און קאָנסערוון־פּושקעס. ווייל וואַסער האָט מען גע־
מוזט ברענגען אין גרויסע הילצערנע פעסער. די אַרבעטס־גרופּן האָבן
אַריינגעברענגט אַביסל וואַסער אין די פעסער. אין דעם ווינטער־טאָג
האָט אויך אַ שיין געטאָן די זון. מיר האָבן אָבער געהאַט עפּעס אַ שלעכטן
פאָרגעפיל. די גרופּן, וואָס אַרבעטן אויסערן לאַגער, זענען אַוועק שווייגנ־
דיק. כאָטש עס איז געווען זונטיק, האָט פאַר אונדז נישט עקזיסטירט
קיין אָפּרו־טאָג. מען האָט געאַרבעט אָן אויפהער, פון פינצטער ביז
פינצטער. שפּעט ביינאַכט האָבן זיי אונדז נישט געפירט, זיי האָבן מורא
געהאַט, ווייל עס איז גרינגער צו אַנטלויפן.

צוויי מאָל אין טאָג האָבן זיי אויסגעטיילט דאָס ביסל שמוציקע
באַלאַנדע, און אַ שטיקל ברויט. דאָס איז געווען פאַר די, וואָס האָבן גע־
אַרבעט. די, וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַגער, האָבן באַקומען אַ העלפט
דערפון. אַרויסצוגיין אַרבעטן זענען דעריבער אַלעמאָל געווען מער קאַנ־
דידאַטן, וויפל זיי האָבן געפאָדערט. מיך האָבן שוין דערקענט די דייטשן,
וואָס האָבן געהערט צו די פאַרשידענע קאָמאַנדאָס: פון שפּיטאָל, פון
דער קאַזאַרמע, פון וואַקזאַל, פון דער בענזין־סטאַנציע.

ביים אויסטיילן דאָס עסן האָבן זיך אויסגעשטעלט צוויי קאָלאָנעס.
ביי יעדער קאָלאָנע — פינף אָדער זעקס אויפפּאַסער, מיט שטעקנס אין
די הענט. געגעבן די זופּ האָט מען פאַר פיר מאַן אין איין קעסעלע. אין
דער באַלאַנדע זענען אַרומגעשווומען עטלעכע גרויפּן, האַלב רוי, און
נישט איינער האָט דערפון געקראָגן די דיזענטעריע. אַ סך זענען אויס־

געשטאָרבן. אָבער ביים צוטיילן די זופּ פלעגט מען זיך אָפּטמאָל צע־שלאָגן, ווייל שטענדיק האָט מען געפונען, אַז פאַר יענעם איז אויסגע־פאַלן עטוואָס מער. מיר האָבן געהאַט אַזעלכע מעסטלעך פון קאָנסערוון־פּושקעס. אויך דאָס ברויט האָט מען גענוי געמאָסטן, אונטערגעלייגט אַ טיכל, אָדער די גימנאַסטיאָרקע, אַז קיין ברעקל זאָל נישט פאַרלוירן גיין. קיין מעסער האָבן מיר נישט געטאָרט האָבן ביי זיך. די דייטשן האָבן אַלע שאַרפע זאַכן צוגענומען. אָבער די געפאַנגענע האָבן זיך גע־מאַכט מעסערס פון אַלע שטיקלעך מעטאַל, וואָס זיי האָבן געפונען ביי דער אַרבעט.

קוים 7—8 פּראָצענט פון די רוסישע געפאַנגענע זענען געבליבן לעבן. אָבער די מערסטע האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז זיי דער־וואַרט אַ זיכערער טויט. איך האָב אָבער אַלעמאָל, ווי אַ ייִד, געוווּסט וואָס מיך דערוואַרט. איך האָב כסדר געציטערט מען זאָל מיך נישט דער־קענען.

אין צענטראַל־לאַגער פון אָרשע זענען אויך געווען פאַלן פון קאַ־ניבאַליזם. סוף דעצעמבער, אָנהייב יאַנואַר 1941—1942 האָבן די דייטשן אויפגעהאַנגען 3 געפאַנגענע, אַ רוס, אַן אוזבעק און אַ קאַזאַך. מען האָט זיי געכאַפּט ביים פאַרקויפן מענטשלעך פלייש. זיי האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס פאַראַ פלייש דאָס איז, כלומרשט. אַנדערע האָבן עס זיי געגעבן צו פאַרקויפן. אָבער ווער — האָבן זיי נישט גע־קאָנט דערווייזן. אין לאַגער האָט מען גערעדט, אַז עס עקזיסטירט אַ גאַנ־צע באַנדע. זיי האָבן אויסגעפונען אָפּגעשוואַכטע מענטשן, איינזאַמע, אָן חברים. זיי פלעגן פּשוט קוילענען, אויסשניידן די עסבאַרע טיילן און די רעשטלעך אַריינוואַרפן אין די קלאָזעטן.

צו וואָס מען האָט אונדז דערפירט!

אין יענעם זונטיק האָבן מיר דערהערט אַ פייף און מיר האָבן זיך געאיילט צום ביסל באַלאַנדע מיטן שטיקל ברויט. אָבער צו דער קיך האָט מען נישט צוגעלאָזן. אַלע גייען צוריק מיט ליידיקע קעסעלעך. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס דאָ האָט פּאַסירט. איך מיט איוואַנען זעען ווי עטלעכע דייטשן, צוזאַמען מיט אַ צענדליק רוסיש־אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, אַלע מיט ביקסן און פלעקענער אין די הענט, טרייבן צוריק.

— וואָס האָט פּאַסירט? — פרעגן מיר.

— אַלע דאַרפן זיך פאַרזאַמלען אויפן צענטראַל־פּלאַץ אין מיטן לאַגער.

ס'איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ הינטער די באַראַקן, פּאַראַלעל איי־נער קעגן אַנדערן. אין איין אָרט איז געווען דער לאַזאַרעט. מיר פלעגן אים רופן דער „כאָלאָדילניק" (אייז־קאַסטן). דאָרט פלעגט מען צונויפ־קלייבן יעדן טאָג די טויטע. (נאָכן אָפּטרעטן פון די דייטשן האָט מען

געפונען אין די ברידער־קברים פון אַרשער צענטראַל־לאַגער 80 טויזנט טויטע סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע).

מיר דערנענטערן זיך צום פּלאַץ. מיר באַמערקן הינטער די שטעכל־דראָטן אַ דריי־פּאַכיקע וואַך. פון אַלע וואַך־טורמעס — אָנגעשטעלטע קוילנוואַרפערס. זיי זענען דאָרט אויבן געווען זאַלבעדריט. אַ שוידער איז אונדז אַדורך אַלע גלידער. וואָס פאַראַ בייזע קלאָג האָבן זיי דאָ פאַר אונדז צוגעגרייט? מיר שטעלן זיך אָפּ לעבן אַ גרופּע, און מיר דוכט זיך אַז איך הער אַ באַקאַנטע שטימע:

— זיי ווילן אונדז אָפּשרעקן. וואָס פאַראַ אונטערשייד, צי איך וועל אָנציען נאָך אַ וואָך און מען וועט מיך אַוועקשלעפּן אין „כאָלאָדיל־ניק", אָדער זיי וועלן מיר אָנטאָן דאָס שטריקל, די תליה.

ענטפערט אַן אַנדערער:

— קענטיק, אַז דו ביסט נישט געווען קיין גענוג גרויסער נאַ־טשאַלניק פאַר זיי, אַז זיי זאָלן דיר שענקען דאָס שטריקל...

— וואָס ווייסטו וואָס פאַראַ גרויסער, אָדער קלענער נאַטשאַלניק ער איז געווען — רופט זיך אָפּ אַ דריטער — קענטיק, אַז סטאַלין האָט קיין איינפאַכע פּויערים אָדער אַרבעטער אין די לאַגערן פון סיביר נישט געשיקט. און ער, ניקאָלאַי, איז דאָך דאָרטן געזעסן 7 יאָר. צווישן אונדז זענען פאַראַן גרויסע און קליינע נאַטשאַלניקעס. דער דייטשער „פּאַיאַק" האָט אַלעמען אויסגעגלייכט.

מיר זענען מיט איוואַנען געווען אַזוי פאַרכאַפּט אין צוהערן זיך צו זייער געשפּרעך, אַז מיר האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. מיר זענען געשטאַנען צו זיי מיטן רוקן. ווען מיר האָבן זיך אומגעדרייט אַ קוק צו טאָן ווער איז דער ניקאָלאַי, ווי זיי האָבן אים גערופן, האָבן מיר דערקענט אונדזער זינגער. פון איין זייט האָט אונדז געצויגן צו אים. מיר האָבן געפילט צו אים אַ מאָדנע פריינטשאַפט. ער האָט געדאַרפט זיין אַ טויטלעכער שונא דעם ראַטנפאַרבאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלץ האָט ער אונדז דערציילט. פריער, ווען ער איז געווען מיט אונדז צוזאַמען, פלעגן מיר אים העלפן מיט אַ קאַרטאָפל, מיט אַ פּאָר צי פון ריכטיקן טאַבאַק, בפרט מיט אַ וואַרעם וואָרט; און אַ וואַרעם וואָרט אין לאַגער פון אַ חבר איז געווען זייער פיל. און אָט הערן מיר ווי איינער זאָגט צו ניקאָלאַיען:

— ביסט געווען אַ פאַרשיקטער? האָסט געקאָנט ווערן ביי די דייטשן אַ גרויסער שישקע, אָדער אַרומגיין מיט אַ שטעקן, ווי די אַלע פאַרקויפטע „שקורעס". וואָלסט געווען זאַט און וואָלסט וואָס נישט איז אויך אונדז געקאָנט צוואַרפן.

ענטפערט ער אים:

— פאַרוואָס האָסטו דאָס נישט געקאָנט? עס זענען דאָ גענוג

אַזעלכע, וואָס זאָגן, אַז זיי זענען געווען אין טורמע, אין די לאַגערן. דאָס גלויבן זיי אויפן וואָרט. און פּאַרקויפטע „שקורעס" דאַרפן זיי האָבן וואָס מער.

ענטפערט אים דער דריטער:

— וואָס דאַרפסטו זיך בייזערן? דו ווייסט דאָך, אַז איך שפּאַס.

אין דעם מאָמענט איז געוואָרן אַ געראַיש צווישן עולם. איך האָב ביי איוואַנען געבעטן ער זאָל פרעגן דעם זינגער, צי ער איז נאָך אין זעלבן באַראַק. אויב נישט — אין וועלכן? צי מען קאָן אים געפינען, און אַז איך וועל אים דאַרפן האָבן. טאָמער פאַרלירן מיר זיך, האָב איך אים אָנגעזאָגט, ווּעסטו מיך געפינען אין אונדזער באַראַק. אַליין האָב איך זיך נישט געוואָלט ווייזן פאַר די, מיט וועלכע דער זינגער איז געווען. קיין צוטרוי האָב איך צו קיינעם נישט געהאַט. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָב איך געזען ווי צוויי דייטשן מיט צוויי אוקראַינער פירן אַרויס פון אַ באַראַק צוויי געפאַנגענע און יעדער פון זיי ווערט געשלאָגן. דערביי שרייען זיי:

— פאַרפלוכטע יודען!

געגאַנגען זענען זיי שוין אינגאַנצן באַרוועס, צעריסענע, פאַרבלוטיקסטע. זיי זענען געגאַנגען און געפאַלן. די געפאַנגענע האָבן שפּעטער צווישן זיך דערציילט, אַז דאָס זענען צוויי יידישע אָפיצירן. עמיצער האָט זיי דערקענט און אַרויסגעגעבן פאַר אַ לעבל ברויט מיט אַ ביסל טאַבאַק. גייענדיק אַזוי, האָט איינער באַוויזן אַרויסצוכאַפּן אַ ביקס פון איינעם אַ דייטש, ווייל די אוקראַינער האָבן געהאַט נאָר שטעקנס, און מיט דער קאָלבע האָט ער געשפּאָלטן איינעם פון די דייטשן דעם קאָפּ. ווען ער האָט אויפגעהויבן די ביקס אויפן אַנדערן, האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס און אַ שטיק קערפּער איז אים אָפּגעריסן געוואָרן, ווייל ס'איז געווען אַ דום-דום-קויל. דעם אַנדערן יידישן אָפיציר האָבן די דייטשן צעשטאָכן מיט די באַיאָנעטן. מען האָט זיי אפילו נישט געבראַכט אין לאַגער-קאָמאַנדאַטור.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין לאַגער זענען יעדן טאָג געשטאָרבן הונדערטער מענטשן, האָט עס געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק אויף אַלע געפאַנגענע. אויף טריט און שריט האָט מען געהערט:

— דאָ הערשט דאָס געזעץ פון דזשונגל.

אַלע האָבן פאַראורטיילט די מוסרים. זיי האָבן זיך געפרעגט: וואָס ווילן זיי האָבן פון די יידן? פאַוועל האָט נישט איינמאָל איינגעטענהט מיט די געפאַנגענע און זיי דערקלערט, אַז ערשטנס דערמאָרדעט דער דייטש נישט גראָד יידן, נאָר אויך ציגיינער, ווייל זיי זענען אַ קליינע צאָל. ווען די רוסן — האָט ער געזאָגט — וואָלטן געווען אין דער זעלבער צאָל, ווי יידן — וואָלטן זיי אויך אויף אַזאַ אופן געמאָרדעט רוסן.

ער האָט דערציילט, אַז פאַר דער רעוואָלוציע, אַז דער צאַר פלעגט האָבן אינעווייניקסטע שווערקייטן אין לאַנד, מיט די פויערים, מיט די אַר־בעטער, פלעגט ער אָרגאַניזירן פּאָגראָמען און מיט דעם אָפּווענדן דעם צאָרן פון פאָלק.

— זיי מאָרדן יידן — האָט ער אויסגעפירט — אָבער אַז מ׳וועט ענדיקן מיט זיי, וועט מען זיך נעמען צו די אַנדערע נאַציעס אויך. לאָמיר האָפן, אַז היטלער וועט עס נישט דערלעבן...

דאָס איז דער יום־טוב, וואָס די דייטשן האָבן אין יענעם זונטיק אָרגאַניזירט: זיי האָבן געבראַכט פּאָולען. גיין האָט ער נישט געקאָנט. מען האָט איינגעשפּאַנט אַכט קריגס־געפאַנגענע אין אַ וואָגן, אַריינגעצויגן אים, און געבראַכט אים אויפן פּלאַץ. עס איז געווען אַ העלער, זוניקער טאָג. מיר שטייען אַלע אויסגעשטעלט אין אַ גרויסע ראָד, אפשר 30 אָדער 35 טויזנט מאַן. בלויז פון די מורמלערייען ווערט אַ געררויש. דער קאָמאַנדאַנט שרייט שוין צום וויפלטן מאָל מען זאָל שטילשווייגן. דאָס שרייט אויס דער דאָלמעטשער דורך אַ הויך־שפּרעכער. מיר זעען ווי מען נעמט פּאָולען אַראָפּ פון וואָגן. אַ מיטלוויקסיקער, צווישן די צוויי הויכע דייטשן, זעט ער אויס ווי אַ קינד. די דייטשן, אַזוי ווי זיי זענען געווען נישט זיכער, זענען זיי אַלעמאָל געווען פאָרזיכטיק. די תליה איז שוין געווען גרייט: צוויי איינגעגראָבענע קלעצער, אַ דריטער אין דער הויך איבערגעלייגט, פאַרפעסטיקט. דער וואָגן איז באַוואַכט פון 10 דייטשע סאָלדאַטן. זיי גייען מיט די ביקסן אין די הענט, די קאָס־קעס אויף זייערע קעפּ האָבן אַזש געבלישטשעט. 4 דייטשן גייען און מאַכן אַ וועג צווישן ריזיקן עולם געפאַנגענע. די געפאַנגענע אַליין מאַכן אַ ווארע פאַרן האַלב־טויטן פּאָולען. ער ליגט אויפן וואָגן, אין אַ בלוטי־קער גימנאַסטיאָרקע. אים איז שוין נישט קאַלט, כאָטש עס איז אַרום 35 גראַד פראָסט. דאָס פּנים — בלוי־פאַרשוואָלן. איין אויג זעט מען אינגאַנצן נישט. דאָס צווייטע — אַן אָפן שפּעלטעלע. מען ווייסט נישט, צי די מערדער האָבן אים אויך דאָס אויג נישט אויסגעשטאָכן. די תליה איז אַרומגערינגלט מיט אַ קאַרדאָן באַוואָפנטע דייטשן, איבער 50 אוודאי. די הענקער שטייען גרייט, צוויי גרויסע, הויכע, אפשר צוויי־מעטערדיקע דייטשן פון דער „ווערמאַכט”. זיי נעמען אים אַרונטער פון וואָגן, ווי אַ שטיק האָלץ.

אין דעם מאָמענט אָבער, גיט פּאָוועל זיי אַ שטופּ אָפּ פון זיך. די צוויי דייטשן בלייבן ווי פאַרגליווערט. זיי פאַרשטייען נישט וואָס דאָ קומט פאָר. צווישן עולם לויפט דורך ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. עס ווערט אַזוי שטיל אויפן פּלאַץ, אַז מען וואָלט געקאָנט הערן דאָס קלאַפּן פון האַרץ. פּאָוועל גיט אַ געשריי מיט אַ מעכטיקער שטימע:

— נעמט נקמה! נעמט נקמה פאַר אייערע ברידער און שוועסטער! די פאַשיסטישע באַנדע וועט קיינמאָל נישט בלייבן אויף אונדזער הייליקער רוסישער ערד!

די דייטשן האָבן זיך פאַרלאָרן נאָר אויף איין רגע. זיי האָבן אים נישט געהאַט געבונדן, ווייל געוויינלעך פלעגן זיי בינדן די הענט אויף הינטן. זיי האָבן געהאַט אין דעם אַ גרויסע פּראַקטיק. קענטיק, אַז זיי האָבן אים נישט געבונדן, ווייל ער איז שוין סיי־ווי געווען האַלב־טויט. פּאַוועל האָט אַלץ געמאַכט מיט די הענט. נישט אַלץ, וואָס ער שרייט האָט מען געקאָנט פאַרשטיין. מען האָט נאָר געזען אַ פאַרבלוטיקט מויל מיט אויסגעהאַקטע ציינער.

די צוויי הויכע דייטשן האָבן אים פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן, אים אויפ־געהויבן אין דער לופטן און אים צוגעטראָגן צו דער תליה. אונטער דער פּעטליע איז געשטאַנען אַ בענקל. דאָס בענקל איז אומגעפאַלן, ווען זיי האָבן זיין קאָפּ געוואָלט אַריינטאָן אין דער פּעטליע. צו דער תליה איז צוגעגאַנגען אַ פעלדפעבל; מיר פלעגן אים רופן: דער „בוכהאַלטער", ווייל ער איז געקומען יעדן טאָג אין לאַזאַרעט ציילן די טויטע קריגס־געפאַנגענע. ער איז רואיק צוגעגאַנגען צו דער תליה און געוואָלט העלפן אַריינשטופן פּאַוועלס קאָפּ אין דער פּעטליע. אַליין איז ער געווען אַ מיטל־וווקסיקער, און וויפל ער האָט זיך נישט געמיט, האָט ער נישט געקאָנט גרייכן, ווייל דיביידע הויכע דייטשן האָבן דעם פאַרמשפּטן געהאַלטן אויפגעהויבן אין דער לופטן. און פּאַוועל האָט מיט זיינע לעצטע כוחות נאָך אַלץ געשריגן:

— איך שטאַרב פאַרן פאַטערלאַנד... פאַר סטאַל...

דאָס וואָרט „סטאַלין" איז אים שטעקן געבליבן אין האַלדז, ווייל אין דעם מאָמענט האָט דער פעלדפעבל געהאַט אַוועקגעשטעלט דאָס בענקל, אַרויפגעקראָכן און פאַוולען פאַר די האָר אַריינגעשטופּט אין דער פּעטליע. די צוויי הויכע דייטשן האָבן אים אַרונטערגעלאָזט מיט אַזאַ קראַפט, אַז מיר האָבן געמיינט — אָט־אָט רייסט זיך איבער די שטריק. אָבער ביידע הענט זיינע זענען פּלוצים אַרונטערגעפאַלן. זיין קערפּער האָט נאָך אַ ציטער געטאָן און איז הענגען געבליבן פּונקט ווי די ווייַ־זערס פון אַ וואַנט־זייגער, וואָס אָט־אָט דאַרף ער זיך אָפּשטעלן. אַזוי האָט פּאַוועל דעם לעצטן צאַפּל געטאָן אויף דער תליה, זיך נאָך עטוואָס געוויגט אַהין און אַהער, ביז ער איז געבליבן פאַרשטייפט הענגען...

די דייטשן האָבן מיט דער עקזעקוציע געוואָלט נאָך מער אָפּשרעקן די לעבעדיקע מתים, וואָס זענען דאָ געשטאַנען פאַר זיי אויסגעשטעלט. דאָס אַלץ האָט געדויערט נישט מער ווי אַ מינוט צען. טויזנטער געפאַנ־גענע זענען אַוועק פון פּלאַץ נאָר מיט איין געדאַנק: מען מוז מיט אַלע מעגלעכקייטן אַנטלויפן, ראַטעווען זיך, צו קעמפן, נקמה נעמען. גע־טראַכט אַזוי האָבן אפילו די, וואָס האָבן שוין געהאַט רעזיגנירט, אַז דאָס איז זייער ענדע, אַז פון זייערע לאַפּעס וועט מען שוין מער נישט קאָנען אַרויס; אַז דאָ וועלן זיי במילא אויסגיין פון הונגער, פון קראַנקייטן און

קעלט, פון אַ דייטשע קויל, אָדער פון דער תליה־פעטליע. מען איז קיינמאָל נישט זיכער געווען, צי מען וועט נאָך מאָרגן אויפשטיין.

(שוין זייענדיק אין מיין היים, נאָך פאַרן קריג, פלעגט מיך מיין פרוי אָפטמאָל זאָגן, אַז איך רעד ביינאַכט פון שלאָף, אַמאָל אויף ליטוויש, נאָר מערסטנטייל אויף יידיש. זייענדיק אין די לאַגערן און שפּעטער — אין טאַטאַרן־לעגיאָן, פלעג איך זיך מיט אַלע קרעפטן באַמיען צו טראַכטן אויף רוסיש. אויף טאַטאַריש האָב איך נישט געטראַכט. זידלען פלעג איך זיך אויף טאַטאַריש. אַנאַן שיגען איז אויף טאַטאַריש זייער אַ שלעכטער און מיאוסער זידלוואָרט. דאָס איז דאָס ערשטע, וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט. אָבער טראַכטן אויף טאַטאַריש, דאָס פלעג איך איבערלאָזן פאַר מייגע טאַטאַרן, און פאַר מיר איז גענוג געווען, אַז איך טראַכט אויף רוסיש, מיט דער אויסרעכענונג, אַז טאָמער רעד איך פון שלאָף, זאָל איך רעדן אויף דער שפּראַך אויף וועלכער איך טראַכט...)

ווי איך האָב דערציילט, פלעגן אַלע ווײַלע אָפּגיין פון צענטראַל־לאַגער טראַנספּאָרטן. ווו און ווען האָט מען כמעט קיינמאָל נישט געוווּסט, סיידן ווען דער טראַנספּאָרט איז געגאַנגען קיין דייטשלאַנד. ווייל אַהין פלעגן זיי מיטאַמאָל נעמען צוויי ביז דריי טויזנט געפאַנגענע. און אויף אַזעלכע טראַנספּאָרטן האָבן זיי געמוזט קאָנצענטרירן מערערע לאַסט־וואַגאָנען. און דאָס האָבן מיר זיך גלייך דערוווּסט, אַז עס שטייען אָנגעגרייט 20 אָדער 25 גרויסע לאַסט־וואַגאָנען, די פענצטערלעך פאַרהאַקט מיט שטעכל־דראָט. דאָס איז געווען באַשטימט פאַרן טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד.

איך מיט איוואַנען, אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן געאַרבעט אין דער קאָמאַנדאָ פון דייטשן שפּיטאָל, האָבן מיר נישט געטראַכט וועגן אַן אַנדערן לאַגער. איבערהויפּט, אַז סיי איך און סיי איוואַן האָבן מיר געוווּסט, וואָס עס קאָן אונדז דערוואַרטן אין אַן אַנדערן לאַגער. נו, און קיין דייטשלאַנד, איז אויף ווי ווייט איך האָב געקאָנט אויסמיידן און צופעליק נישט אַריינפאַלן אין אַ טראַנספּאָרט, איז געוויס געווען גוט.

שוין 3 וואָכן ווי מיר זענען אין גרויסן צענטראַל־לאַגער. מיר האַלטן זיך נאָך עטוואָס בעסער ווי אַנדערע, אַ דאַנק דער ענגער גרופּע, וואָס מיר האָבן געהאַט. פאַר דער צייט וואָס מיר האָבן געאַרבעט אין דייטשישן שפּיטאָל, האָבן מיר זיך איינגעשאַפן בעסערע שיכעלן, שטיוול. אפילו אַ קליינעם רעזערוו פון מאַכאָרקע. אָבער פאַר די דריי וואָכן איז שוין אונדזער רעזערוו לאַנג אויסגעגאַנגען. און דער הונגער מאַטערט, און רויכערן איז נישטאָ וואָס. עס זענען געווען סוחרים צווישן די געפאַנגענע, און זיי פלעגן דיר גלייך אָנבאָטן אַן ערגערן שיכעל, און אַלס צוגאָב אַ שטיקל ברויט, אַביסל טאַבאַק, וואָס דו פלעגסט נאָך דאַרפן גוט קאָנטראָלירן צי דאָס איז טאַקע ריכטיקע טאַבאַק, אָדער אַ פּאָר קאַרטאָפל אַלס צוגאָב. האָסט זיי געקאָנט צען מאָל אָוועקטרייבן פון דיר, פלעגן זיי ווידער קומען. דאָס זענען געווען די ריכטיקע בלוט־זויגער.

זיי פלעגן אָפּטמאָל אויסטאָן נאַקעט אַ געפאַנגענעם פאַר אַ שטיקל ברויט מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל. דער געפאַנגענער האָט עס אויפגעגעסן און דער־נאָך אַרומגיין אין אַ הוילער גימנאַסטיאַרקע, און אין דרויסן איז געווען פון 30 ביז 40 גראַד קעלט. פלעגט ער וויינען און בעטן זיך מען זאָל אים כאָטש צוריקגעבן עפּעס אַ שמאַטע, האָבן זיי אים געענטפערט:

— איצטער, אַז דו האָסט זיך אָנגעפרעסן, איז דיר געוואָרן קאַלט?

דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן אים נאָך גוט צעהרגעט; און אַז קיינער האָט זיך נישט אַריינגעמישט, האָט זיך שוין יענער נישט אויפ־געהויבן. געווען זענען עס מערסטנטייל — טשוואַשן, אוזבעקן, אָדער קירגיזן. די ערגסטע זענען געווען די טשוואַשן. ווי אַ מסור, איז געווען אַ טשוואַש; פאַלשע, בלוט־דורשטיקע.

מירביידע, איוואַן און איך, האָבן שוין כמעט ווי אַלץ געביטן. איוואַן האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק געביטן זיין שינעל אויף אַ צווייטן. דער גאַנצער שינעל זיינער איז געווען איין גרויסע, שוואַרצע לאַטע. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט אים נאָך געטראָגן אַ טשוואַש, וואָס זיין חבר האָט דערציילט, אַז ער איז אויסגעגאַנגען פאַר הונגער. דער חבר האָט אים אויסגעטאָן. דערצו האָט ער אונדז נאָך געגעבן אַ האַלב לעבל ברויט מיט אַ גוטן הויפן רוסישע מאַכאָרקע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ברויט האָבן מיר באַלד ליקווידירט. און אַ „באַנקרוטקע" האָבן מיר געמאַכט פון ריכטיקע מאַכאָרקע, ווייל שוין עטלעכע טעג, אַז מיר האָבן געררוי־כערט איינפאַכע פּאַפּיר.

און אָט זענען מיר דעם 18־טן דעצעמבער 1941, אין אַ דאַנערשטיק. מיר דרייען זיך אַרום לעבן הויפּט־טויער, ווייל מיר ווילן פּטור ווערן פון דעם לאַגער. אפשר וועט אונדז געלינגען אַריינצוכאַפּן זיך אין אַ קלענערן לאַגער, אַבי פּטור צו ווערן פון דעם. נישט לאַנג ווי מיר האָבן געקריגן אונדזער ביסל וואַרעמע באַלאַנדע, און מיר האַלטן דאָס אין זופּן פון אונדזערע בלעכערנע פּושקעס. מיר זעען, ווי עס גיט זיך אָן עפן דער טויער און עס פאָרן אַריין צוויי פאַרמאַכטע לאַסט־וואָגנס, מיט וועכטער פון הינטן, אָבער אָן געפאַנגענע. איך פּרוביר אויפכאַפּן אַ וואָרט, ווייל נענטער האָבן מיר מורא געהאַט צוצוגיין... מיר טאָרן צום טויער אַליין זיך נישט דערנענטערן. מען שיסט אָן אַ וואָרענונג. קיין פאַרווונדעטע לאָזט מען נישט. מען דערענדיקט זיי באַלד אויפן אָרט. איך הער אָבער דייטלעך, אַז 50 מאַן איז ער געקומען נעמען. ווו, וואָס? — ווייסן מיר נישט. מען רופט אַרויס דעם דאָלמעטשער, און ער נעמט מיט עטלעכע רוסישע און אוקראַיִנישע פון דער וואַך. איך שיק צו מיין איוואַן פרעגן, ווו עס גייט דער טראַנספּאָרט. ענטפערט ער, אַז ער אַליין ווייסט אויך נישט, נאָר לויט זיין מיינונג, מוז עס זיין אַ קלענער לאַגער. ס'וואָלט גוט געווען ווען מיר זאָלן קאָנען אַריינגיין אין דער צאָל.

אין 15 סעקונדעס אַרום זענען געווען נישט קיין 50 נאָר 500 מאַן.

און אַז אַנדערע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, הייסט עס, אַז עס איז אַ גוטער לאַגער. טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר נישט מיטגיין ?

געערדט און געטאָן. מיט גרויסע צרות איז אָפּגעטיילט געוואָרן די 50 מענטשן. מיר זאָלן עס זיין די גליקלעכע. אַריינגעזעצט אין די לאַסט־מאַשינעס, און מען פאָרט. פון הינטן, ווי געווינלעך, צוויי דייטשן, גוט באַוואָפנטע, אָפּגעפרעסענע. איך זיץ נישט ווייט פון זיי און פּרוביר כאַפּן פון זיי אַ וואָרט, וווּ פאָרן מיר ? זיי רעדן אָבער צווישן זיך קיין איין וואָרט נישט... דאָ איינער, דאָ אַ צווייטער פון די געפאַנגענע, האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף דייטש, פּרוווט מען ביי זיי דערגיין וווהין זיין פירן אונדז. זיי ענטפערן נישט. מיר פּרובירן זיך אַליין צו אָריענטירן, לויטן וועג, וווהין מען פירט אונדז. און איינער פון אונדזערע 25 מאַן גיט אַ זאָג :

— חברה, איך ווייס וווהין מען פירט אונדז. אַז אַך און ווי וועט דאַרטן פאַר אונדז זיין. מען פירט אונדז אין וואָינע־גאַראַדאָק, אויף יידיש : מיליטעריש שטעטל.

## קאַפּיטל 6

## אויפן אַעראָדראָם

פאַרן קריג האָבן די רוסן אויסגעבויט אין מיטן וואַלד, 12 קילאָ־מעטער פון אָרשע און 4 קילאָמעטער פון אַעראָדראָם, אַ סקלאַד צו האַלטן אַלערליי באָמבעס און גראַנאַטן, פון אַלע קאַליבערס. אַז די סאָ־וויעטן האָבן אָפּגעטראָטן, האָט מען דעם סקלאַד אפילו נישט אויפגע־ריסן. אַ באַן־ליניע איז צוגעגאַנגען דירעקט ביז די סקלאַדן. קיין בע־סערן אָרט צו מאַכן זייער הויפּט־אַרסענאַל אויפן צענטראַלן פראָנט האָבן די דייטשן אפילו נישט געחלומט.

און אָט קומען מיר אָן. די לאַסט־מאַשינעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— לוס שנעלער ! — הערן מיר פון אַלע זייטן.

די גאַנצע צייט זיינען זיי געזעסן, אונדזערע צוויי דייטשן, און קיין איין וואָרט האָט מען פון זיי נישט געהערט. און איצטער — בייזע :
— לוס ! לוס !

אַלעמען אויסגעשטעלט צו 5 מאַן אין אַ ריי און געטריבן : „צו דער קיכע, צו דער קיכע !".

איז אונדז געוואָרן אַביסל פרייַלעכער אויפן האַרצן. פאַרביי די קיך, און באַקומען אַ לעבל ברויט אויף 4 מאַן, אַ קאָנסערוון־פּושקע מיט שמוציקע וואַסער. דאָס איז געווען די ערשטע זופּ, וואָס די דייטשן האָבן

אונדז געגעבן. מען רופט אַרויס דעם דאָלמעטשער, און דער אונטער־אָפיציר, וואָס האָט אונדז געבראַכט, הייסט אים, אַז ער זאָל אונדז באַזאָרגן מיט ערטער אין באַראַק. איך הער ווי ער רעדט מיט זיי, און עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן: נישט קיין דייטש איז עס, נאָר אַ ריכטיקער יידיש, אַ פויליש־רוסישער יידיש, מיט אַ קריסטלעכן אַקצענט. איך קוק זיך צו צו אים — ניין, זאָג איך זיך, דאָס איז נישט קיין ייד, קענטיק אַ רוס, אָדער אַן אוקראַינער, וואָס האָט געלעבט נאָענט מיט יידן, האָט זיך אויסגעלערנט רעדן יידיש. אין ליטע האָב איך געקענט אַ סך אַזעלכע.

(דאָ מוז איך דערציילן אַן איטערעסאַנטן עפּיזאָד: אין קאָוונע, אויף דער געוועזענער פּרעזידענטאַ־גאַס, איצטער הייסט זי שעגאַמעשציאַ, איז דאָ אַ גרויסע פריזיערניע, ווו איך פלעג זיך קומען ראַזירן און שערן, ווען איך האָב געלעבט אין קאָוונע, דאָס הייסט ביז מאַי 1957. איינמאָל א פרייטיק־טאָג, אין 1956, זיץ איך און וואַרט אויף מיין ריי. געאַרבעט אין יענער צייט אין פריזיערניע האָט מען זאַלבע־פינפט. גייט אַריין אַ ייד, וואָס האָט געלעבט אין מעמעל, אָדער קלייפּעדאַ, און גיט אַ זאָג:

— גוט מאָרגן!

ענטפערן אים עטלעכע מיטאַמאָל:

— אַ גוט יאָר!

און איינער, וואָס איז געווען פריי, גיט צו אים אַ זאָג:

— זעצט זיך ר׳ ייד. וואָס ווילט איר, זיך שערן, אָדער ראַזירן?

און ער לאָדט אים איין אויף זיין שטול. דער ייד ענטפערט:

— ביידע זאַכן. איך בין טאַקע זייער צופרידן, וואָס נאָך אַזויפיל יאָרן קאָן איך זיך אָפּשערן ביי אַ יידן, ווייל ביי אונדז אין קלייפּעדע זענען די פאַבריקמאַכער אָדער רוסן, אָדער ליטווינער, און מען קאָן מיט זיי זיך נישט דורכרעדן.

דער פאַבריקמאַכער האָט ספּעציעל מיט אים גערעדט הויך, אַז די אַלע איבעריקע קליענטן, וואָס האָבן אים געקענט, דעם ליטווינער, האָבן געשמאַק געלאַכט. ווען דער ייד האָט זיך אָפּגעשוירן, אָפּגעראַזירט, האָט ער אים נאָך איבערגעלאָזן אַ גוטן טרינק־געלט און איז אַרויס מיטן געדאַנק, אַז דער פאַבריקמאַכער איז אַ ייד. און דאָך איז ער געווען אַ ליטווינער, וואָס האָט זייער גוט גערעדט יידיש.)

צוריק צום לאַגער. שטעלט זיך פאַר מיין לאַגע: די דייטשן זוכן מיט אַלע מיטלען צו געפינען יידן צווישן די געפאַנגענע. איך ווייס וואָס עס דערוואַרט אַ יידן. און דאָ רעדט איינער — אַ גוטן יידיש. פון איין זייט האָב איך מורא פאַר אים, ווייל אויב ער איז נישט קיין ייד און האָט געלעבט צווישן יידן, איז אים אַ סך לייכטער צו דערקענען ווער

עס איז באמת אַ ייד. פון דער צווייטער זייט וויל איך וויסן — אפשר איז דאָס טאַקע אַ ייד וואָס זוכט זיך צו ראַטעווען אויף אַזאַ אופן. און ווען ס׳איז אַ ייד, וואָלט מיר אויך געוועוען אַביסל לייכטער אויפן האַרצן. ווייל ווער, אויסער אַ ייד, קאָן שפּירן מיין פּיין?

מען גיט אונדז פּלעצער אין זעלבן באַראַק פון די איבעריקע געפאַנגענע, און איך מערק, אַז צום שלאָפן מוז דאָ זיין עטוואָס בעסער ווי אין צענטראַלן לאַגער פון אַרשע. דער לאַגער איז נישט קיין גרויסער. 300 געפאַנגענע, פאַרטיילט אין 12 גרופּן צו 25 מאַן. דאָס הייסט 24 וואָס גייען אַרויס אַרבעטן און איינער אַן אויפזעער, באַוואָפנט מיט אַ שטעקן. אַ מיטעלער ציגלנער באַראַק מיט צוויי עטאַזשן נאַרעס, עטוואָס וויטער — די קיך, און אַביסל אין אַ זייט — דער קלאָזעט, פאַרדעקט מיט עטלעכע ברעטער. אין צענטראַלן לאַגער און אין די 5 פריערדיקע לאַגערן זענען זיי אַלע געוועוען אָפן. דער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט שטעכל־דראָטן. איך האָב אָבער באַלד באַמערקט, אַז די שטעכל־דראָטן ענדיקן זיך ביים באַראַק, און די דראָטן זענען פאַרפעסטיקט אין דער געביידע. דאָס הייסט, אַז די אויסערלעכע זייט פון אונדזער באַראַק איז נישט פאַרשטעלט מיט קיין דראָטן. דעריבער האָב איך געטראַכט, אַז אויב מען זאָל געפינען אַ מיטל, אַז מען זאָל זיך געפינען אין דער אַנדערער זייט באַראַק, קאָן מען האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. עס שטעלט זיך נאָר די פראַגע: ווו געפינט מען זיך, אַז מען איז שוין אַרויס פון באַראַק?

איך דערצייל שטילערהייט מיין חבר דאָס, וואָס איך האָב באַמערקט, און ער זאָגט מיר, אַז ער האָט שוין אויך אַ טראַכט געטאָן דערפון. אָבער לאַנג טראַכטן לאָזט מען אונדז נישט. עס גייען אַריין עטלעכע דייטשן מיט אַן אוקראַינישן געהילף און דער דאָלמעטשער גיט אונדז אַ זאָג, אַז מיר זאָלן נאָר נישט מיינען, אַז מיר זענען געקומען אַהער אויף דאַטשע אָפּצורוען זיך. מיר זאָלן אונדזערע בעבעכעס מיט די קוישלעך איבערלאָזן אויף די פּלעצער, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעקליבן, און וואָס גיכער אַרויסגיין שטעלן זיך אין דער רייע. דערביי הערט מען שוין דעם באַקאַנטן: „לוס! לוס! שנעלער! צום דאָנערוועטער!" כאָטש דערוייל נישט קיין קלעפּ, נאָר מען שטופּט אונטער. מיר גייען אַרויס פון באַראַק, אויסגעשטעלט צו צוויי אין אַ ריי, און מיר באַמערקן פון וויטן עפּעס אַ שעף מיט אַ באַגלייטער, אַ הויפּט־פעלדפעבל. אויפן געזיכט פון פעלדפעבל — אַ שראַם איבערן גאַנצן פּנים, ביז אונטער דער מאָרדע. אין דעם מאָמענט הערן מיר אַ קאָמאַנדע אויף דייטש פון זעלבן אונטער־אָפיציר, וואָס האָט אונדז געבראַכט:

— שטילשטאַנד! — און אויף רוסיש פון דאָלמעטשער: — סמירנאָ!

ביי זיך גיב איך אַ טראַכט: וואָס איז דאָ? אַן אָפּטיילונג פון דייטש־רוסיש מיליטער, צי קריגס־געפאַנגענע? אָבער לאַנג טראַכטן לאָזט מען נישט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער יונגער אָפיציר איז דאָס

דער קאַמענדאַנט פון לאַגער. ער רעדט, און דער דאָלמעטשער גיט עס איבער אויף רוסיש. קודם ווערן מיר פאַרטיילט אין צוויי גרופּן, צו 24, 2 גרופּן־שעפן זענען שוין אַנגעגרייט פון פריער, איינער אַ רוס, דער צווייטער אַן אוקראַינער. איך פאַל אַריין מיט מיין איוואַנען צום אוק־ראַינער. איצט רעדט דער קאַמענדאַנט. פון אַלע זיינע רייד איז אונדז פינצטער געוואָרן אויפן האַרצן. די ערשטע זאַך האָט ער אונדז געזאָגט, אַז וועגן אַנטלויפן זאָלן מיר פאַרגעסן, ווייל נישט נאָר דער לאַגער איז גוט באַוואַכט, נאָר יעדער פון אונדז איז געהיט פון די איבעריקע 24 מאַן, ווייל פאַר יעדן אַנטלאָפענעם געפאַנגענעם, פון וועלכער גרופּע ער זאָל נישט זיין, ווערט דערשאָסן אַ צווייטער געפאַנגענער, פאַר צווייען — צוויי; און אַז ער וועט דאַרפן אפילו אויסשיסן דעם גאַנצן לאַגער, אַרט עס אים נישט, ווייל „דאָס דרעק — זאָגט ער — איז דאַ גענוג"...

איך האָב געגוי פאַרשטאַנען, וואָרט אין וואָרט, וואָס ער האָט גע־זאָגט, ווייל דער דאָלמעטשער — צי האָט ער נישט אַלץ פאַרשטאַנען, וואָס דער קאַמענדאַנט רעדט, צי ער האָט עס בכיוון געמאַכט, אַז זיין רעדע זאָל אויסמאַכן אַזוי, ווי ער וויל. נאָר דאָס וויכטיקסטע האָבן אַלע גוט פאַרשטאַנען. אָפּגערעדט דאָס זייניקע, איז ער צו צו אונדז נענטער, און דאַ האָבן מיר ביי אים באַמערקט דעם מעשענעם, רונדן, לענגלעכן אָפּצייכן פון דער נאַצישער פּאַרטיי, אַ שווערד און אַ שלאַנג, אין מיטן אַ האַקנקרייץ. אַלעמען באַקוקט. נישט ווייט פון מיר פאַרהאַלט ער זיך אַביסל מער ווי געוויינלעך. איך הער ווי ער רעדט צום דאָלמעטשער: קאָם היער! דער דאָלמעטשער לויפט צו, און איך הער: יאַוואָהל, הער לויטענאַנט. איך הער ווי דער קאַמענדאַנט הייסט פרעגן ביי איינעם פון די געפאַנגענע, צי ער איז נישט קיין ייד?... איך הער ווי יענער ענטפערט, אַז ער איז אַן אייזערבעדזשאַנער. דער קאַמענדאַנט ענטפערט: איך ווייס נישט וואָס דאָס באַדייט. פּילייכט רופט מען אַזוי אין רוסלאַנד — יידן. ער זאָגט אַן דעם געפאַנגענעם דורכן דאָלמעטשער, אַז יענער זאָל גוט אַרבעטן, ווייל ביי אים אין די אויגן איז ער אַ „יודע", און נאָר מיט אַרבעט וועט ער זיין לעבן קאָנען פאַרלענגערן. אָבער נישט, אַז מיר וועלן בלייבן לעבן. דאָס פלעגט מען אונדז געבן אַנצוהערן אויף טריט און שריט. אַלעמען באַקוקט פון קאָפּ ביז פיס, הייסט ער דעם דאָל־מעטשער מעלדן, אַז יידן, ציגיינער און קאָמיסאַרן זאָלן אַרויסגיין 5 טריט פאָראויס. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. מיר זעען ווי ער גייט צו צום קאָמענדאַנט, דעם הויפּט פעלדפעבל. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז דאָס דער פאַראַנטוואָרטלע־כער פון דער זיכערקייט פון לאַגער, אַ פּראָפעסיאָנעלער מערדער, וואָס אפילו די דייטשן אַליין האָבן געציטערט פאַר אים. מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז פראַנץ געטעלער — אַזוי האָט ער געהייסן — איז אַוועק פרייוויליק אין דער אַרמיי, נאָכן אָנגריף פון דייטשלאַנד אויפן סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער איז געווען אַ מאַן פון איבער 60 יאָר, אַ מאָגערער און גע־

זונטער קערל. און אַוועק איז ער פרייוויליק אין דער אַרמיי, צוליב נקמה. אַזוי האָט ער אַליין דערציילט.

דער קאָמענדאַנט דערווייטערט זיך, און עס קומט די קאָמאַנדע פון הויפּט־פעלדפעבל:

— שטילשטאַנד! — און דער דאָלמעטשער — סמירנאַ!

איינער פון אונדזער גרופּע האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויפן אויסגעשריי; אין דעם מאָמענט האָט ער עפּעס אַ זאָג געטאָן צו זיין שכן. פראַנץ האָט עס באַמערקט, איז ער צו צו אונדזער גרופּן־פירער, האָט גענומען ביי אים דעם גראָבן שטעקן, גאַנץ קאַלטבלוטיק צו צום געפאַנגענעם, האָט אים געהייסן אַרויסגיין פון דער ריי. אַז יענער האָט געמאַכט אַ פּאָר שריט, האָט ער אים אַ זעץ געטאָן מיטן שטעקן איבערן פּנים. איין איינציקן זעץ. דער געפאַנגענער איז באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט און האָט אויסגעשפּיגן צוויי ציינער. פון זעץ איז ער געפאַלן, האָט אים פראַנץ געגעבן עטלעכע בריקעס, און ער האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט נישט פאָלגן, וועט עס פאַסירן מיט יעדן איינעם. די געפאַנגענע האָבן געהאָלפן דעם צעשלאָגענעם זיך ווידער שטעלן אין דער ריי, ווייל דער דייטש האָט געזאָגט, אַז אויב ער שטעלט זיך נישט צוריק אין דער ריי, קריגט ער באַלד אַ קויל אין קאָפּ. צום דאָלמעטשער האָט ער זיך געווענדט, אים עפּעס געזאָגט, וואָס איך האָב נישט גוט דערהערט. דער דאָלמעטשער גיט אַ זאָג:

— ווער פון די געפאַנגענע עס זענען קאָזאַקן, זאָלן אַרויסגיין פון דער ריי. — אָבער גלייכצייטיק גיט ער צו — זייט פאָרזיכטיק...

מיר גיבן אַ קוק, עס גייען אַרויס צוויי קאָזאַכן פון דער צווייטער גרופּע. דער הויפּט־פעלדפעבל גייט צו און מיר הערן פון דער ווייטן אַ שלעכטן רוסיש פון די קאָזאַכן. די פראַגן פון הויפּט־פעלדפעבל און זייערע ענטפערס. איך הער ווי דער דייטש גיט אַ זאָג:

— אָבער דאָס איז אונמעגליך: די ריכטיקע קאָזאַקן קען איך. זיי זענען קיינע מאָנגאָלן.

כמעט אַלע אַנדערע מזרח־פעלקער האָבן די דייטשן גערופן: מאָנגאָלן. אַ קאָזאַך איז ביי זיי געווען אַ מאָנגאָל, אַן אוזבעק — אַ מאָנגאָל, אַ קירגיז — אַ מאָנגאָל, אַ טאָטאַר — אַ מאָנגאָל, אַ טאַדזשיק, אַ טורקמען, אַן אייזערביידזשאַנער, אַן אַרמענער, און נאָך אַ שאָק ענלעכע פעלקער. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, פאַרוואָס ער זוכט אַזוי אַרום די קאָזאַקן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער שראַם, וואָס ער האָט אויפן פּנים, דאָס איז געווען אַ געשאַנק פון אַ קאָזאַק אין קריג פון די יאָרן 1914—1918. מיר האָבן געהאַט אַ טענה צום אומבאַקאַנטן קאָזאַק, פאַר־וואָס ער האָט אים דעמאָלט פּשוט נישט אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ אינגאַנצן.

לויטן שטח, וואָס ער האָט פאַרנומען, איז דער לאַגער געווען אַ

סך גרעסער ווי דער צענטראַל־לאַגער. דייטשן זענען געווען זייער פיל.
דאָס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע אַמוניציע־לאַגערס פון צענ־
טראַלן פראָנט.

דעם זעלבן טאָג, ווען מיר זענען אָנגעקומען, האָט מען אונדז
פאַרטיילט צו 7 פאַרשיידענע טיילן פון לאַגער, ביי פאַרשיידענע קופּעס
אַמוניציע, פאַרשיידענע סנאַריאַדן פון רוסישער אָפּשטאַמונג. די דייטשן
רירן זיך צו זיי נישט צו. דער סקלאַד איז געווען אַזוי איינגעריכט, אַז
פון אויבן, נישט פון אונטן, האָט מען גאַרנישט געקאָנט זען. אויף יעדע
10 אָדער 15 מעטער זענען געווען סאָסנע־ביימער. די אַמוניציע איז
געלעגן אויף גראָבע ברעטער, אָדער אונטער ספּעציעל אויסגעבויטע דע־
כער. אַרום לאַגער זענען געווען עטלעכע שיכטן פון דראָטן. דער ערש־
טער, וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן לאַגער, איז געווען נישט זיי־
ער הויך. מיר האָבן זיך אָבער דערוווּסט, אַז אין אַ סך ערטער איז ער
מינירט. ווי אַזוי מיר האָבן זיך עס דערוווּסט, לוינט צו דערציילן:

אין לאַגער זענען געווען צוויי סאָרטן דייטשן — די קאַדרן, וואָס
פלעגן זיך כמעט קיינמאָל נישט בייטן; זיי זענען עס געווען די ספּע־
ציאַליסטן. און די אַנדערע, וואָס פלעגן פאַרביטן ווערן אויפן פראָנט. אין
לאַגער זענען זיי געקומען אויף אַ קורצן אָפּרו. זיי האָבן געהיטן דעם
לאַגער, סיי פון אויסן, סיי פון אינעווייניק.

מאַכט זיך אַ געשיכטע און צוויי יונגע דייטשן טרינקען זיך אָן מיט
שנאַפּס און זיי באַשליסן צו גיין אויפזוכן ערגעץ מיידלעך. זיי זענען אין
לאַגער געווען ערשט אַ פּאָר טעג, קומענדיק פון פראָנט ביי וויאַזמע.
זיי האָבן נאָך, קענטיק, נישט געוווּסט אַלע געהיימענישן פון לאַגער.
די חברים זייערע האָבן געזען ווי זיי זענען אָוועקגעגאַנגען. עס איז
פאַרנאַכט, און מיר האַלטן אין אויסלאָדן דעם לעצטן וואַגאָן פון די 40
וואַגאָנען, וואָס זענען אָנגעקומען. פלוצלינג הערן מיר אַן אויפרייס, אַז
די גאַנצע ערד גיט זיך אַ טרייסל. קיינער האָט זיך נישט גערירט פון
אָרט. מיט אונדז איז אַ היטער און דער צווייטער, וואָס האָט אונדז גע־
וויזן וואָס מיר דאַרפן מאַכן. ביידע האָבן זיך דערלאַנגט אַ וואַרף אויף
דר'ערד. אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי אויפגעשטאַנען און גענומען, ווי
געוויינלעך, שרייען „לוס! לוס!", דאָס הייסט, מען טרייבט אונדז אַלע־
מען צוריק אין באַראַק. צווישן אונדז גייט שוין אַרום אַ קלאַנג, אַז פּאַר־
טיזאַנער אַטאַקירן דעם לאַגער. אַנדערע זאָגן, אַז דאָס מוז זיין פאַראַשו־
טיסטן. עס געפינען זיך שוין אַזעלכע, וואָס זאָגן, אַז זיי האָבן טאַקע
געהערט דעם גערויש פון אַעראָפּלאַנען, און לויטן גערויש פון מאָטאָר,
מוזן עס זיין סאָוויעטישע. אַלע זענען מיר געווען גוט געשטימט, אַנ־
דערע האָבן געשמייכלט. אַן אומגעריכטע האָפענונג האָט זיך אויפגע־
וועקט אין אונדז. אָבער לאַנג פרייען זיך האָט מען אונדז נישט געלאָזן.

די גרופּע, וואָס האָט זיך געפונען ביים סקלאַד, ווו ס'איז געווען
דער אויפרייס, האָבן זיך אינסטינקטיוו געלייגט אויף דר'ערד, אין אַ ווײַ־

לע אַרום אויפגעשטאַנען. און ווען די צוויי דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צום אָרט פון אויפרייס, זענען זיי אויך צוגעגאַנגען. אויף אַ שטח פון 30 מעטער איז דער שניי געווען באַשפריצט מיט בלוט. איין דייטש איז געווען צעריסן אויף שטיקער. אַ צווייטער איז געלעגן מיט אַן אויפ־געריסענעם בויך. דער פאַרקאַן מיט די שטעכל־דראָט איז געווען אויפ־געריסן אויף 15, 20 מעטער.

אונטן איז געווען אַ ריכטיקער קראַטער. מיר האָבן גלייך פאַר־שטאַנען, אַז דאָרטביים פאַרקן, איז רונד און אַרום געווען מינירט. דער־פאַר, זעט אויס, איז דער פאַרקן נישט געווען אַזוי געדיכט און שטאַרק באַוואַכט.

און דאָ ענדיקט זיך די געשיכטע פון די צוויי יונגע דייטשן. זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרשפּעטיקן, האָבן זיי באַטראַכט אַז דירעקט אי־בערן פאַרקן, וועלן זיי פאַרשפּאָרן צו מאַכן אַן איבעריקן קילאָמעטער גאַנג. פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ נייעס, וואָס מיר האָבן דאָס נישט געוווסט; און ווי מיר וועלן שפּעטער זען, האָט עס קיינעם נישט אָפּגע־שראָקן צו אַנטלויפן.

אַ פּאָר טעג נאָך זייער וויינאַכטן, דעם 28־טן דעצעמבער 1941, איז געווען אַ שיינער, פּראָסטיקער, זוניקער טאָג. אַ קאָלאָנע מיט לאַסט־וועגענער וואַרט אויף אונדז, מיר זאָלן זיי אָנלאָדן, קענטיק, אַז זיי זע־נען געקומען פון ווייט, ווייל די שאָפערן פון די לאַסט־אויטאָס האָבן גע־קריגן זייער פאַרפלעגונג ביי אונדז אין לאַגער פון דער דייטשער קיך, אויף דער אַנדערער זייט צוים. צו דעם האָבן זיי געהאַט רעכט איינצו־קויפן אין זייער קאַנטינע אַ געוויסן קוואַנטום סיגאַרעטן, טאַבאַק, אָדער באָנבאָנקעס, אויסער זייער טעגלעכער ראַציע.

מיר גייען פאַרביי. 4 לאַסט־וועגענער שטייען אָנגעגרייט אויף אונדזער פּלאַץ, מיר זאָלן זיי אָנלאָדן. פאַרבייגייענדיק, באַמערק איך אַז דאָס טירל פון וואָגן איז אַביסל אָפן, און אויפן זיץ פון שאָפער ליגן עטלעכע סיגאַרעטן, צוויי סיגאַרן. אויטאָמאַטיש גיט זיך מיר אַ הייב די האַנט, כדי אַ כאַפּ צו טאָן עטלעכע סיגאַרעטן; ווייל איך זע, אַז דער שאָפער פאַרעט זיך אויף דער אַנדערער זייט פון וואָגן. אָבער פּונקט ווי אַן אינערלעכע קראַפט וואָלט מיר אַ שטופּ געטאָן און די האַנט מיי־נע איז געבליבן אין דער לופטן. אין האַרצן גיב איך זיך אַ טראַכט: אַ שאָד, שוין אַזוי לאַנג נישט געפילט אין מויל דעם טעם פון ריכטיקן טאַבאַק. שוין שיינע עטלעכע טעג ווי איך און איוואַן רויכערן מיר שטיקלעך פּאַפּיר. מיר האָבן געפּרווט אַ פּאָר מאָל אויסבייטן אונדזער שטיקל ברויט און דאָס ביסל שמוציקע זופּ אויף אַ ריכטיק שטיקל סי־גאַרעטקע, האָבן מיר געזען אַז עס איז נאָך ערגער. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מער בייטן מיר נישט.

און אָט גייען מיר פאַרביי די לעצטע צוויי אויטאָס, און פּלוצלינג הערן מיר אַ געשריי הינטער אונדז:

— פאַרפלוכטע רוסן! גנבים־באַנדע. האָבן מיר געשטאָלן מיינע סיגאַרעטן...

אין דעם דאָזיקן לאַגער האָבן זיך געפונען אויף אַ סטאַזש אַ גרו־פּע פון היטלער־יוגנט. אונדזער דייטש פירט אונדז אָפּ אַביסל ווייטער. מיט איין מאָל — פראַנץ איז דאָ. ער רופט צו דעם שאָפער, און דער יעקע רעדט מיט אים, מיר הערן נישט — וועגן וואָס. ער גייט צו צו אונדזער גרופּן־פירער, הייסט זיך אויסשטעלן אַלעמען אין אַ ריי. ער פרעגט: ווער האָט גענומען אין יענעם אויטאָ 6 סיגאַרעטן און 2 סי־גאַרן? דער עלטסטער פון דער גרופּע רעדט אַביסל דייטש, און ער זאָגט אונדז, אַז מען זאָל אָפּגעבן די סיגאַרעטן מיט די סיגאַרן. דער־ביי גיט ער אַ זאָג, אַז עס וועט נישט טויגן, אויב מען וועט עס ביי אייך געפינען. דערווייל האָבן זיך צונויפגעקליבן די איבעריקע דריי שאָפערן. זיי שטייען, די הענט אין די קעשענעס. פאַר זיי איז דאָס אַ ספּעקטאַקל.

ביי אונדז אין דער גרופּע איז געווען אייגער אַן אוקראַינער. מערסטן טייל איז געווען צווישן די געפאַנגענע אָנגענומען, אַז יעדער האָט געהאַט עמיצן פאַר אַ חבר, צי דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער פון פריער, פון דער אַרמיי, אָדער פון פראָנט, אָדער סתם אַ לאַנדסמאַן. ווער נישט איז, נאָר נישט אייגער אַליין. דער אוקראַינער האָט מיט קיינעם זיך נישט געחברט. זעלטן מיט ווען גערעדט. ער איז געווען ביי אונדז אין דער גרופּע דער שטאַרקסטער רויכערער. דאָס לעצטע שטיקל ברויט, אָדער זופּ, האָט ער אויסגעביטן אויף אַ שטיקל סיגאַרעט, אָדער אַביסל טאַבאַק. די לעצטע טעג האָט ער שוין אָנגעהויבן געשוואָלן צו ווערן פון הונגער, כאָטש אין לאַגער פון וואַיענע גאַראַדאָק האָט מען עטוואָס בעסער געגעבן צו עסן, ווי אין צענטראַל־לאַגער. דאָ האָט מען געאַר־בעט, מען האָט ווייניקער געשלאָגן. אָבער אַז מען פלעגט דאָס לעצטע אַוועקגעבן פאַר רויכערן, האָט מען לאַנג נישט געקאָנט אַנציען.

לויט די פאַמיליע־נעמען האָט מען צווישן זיך כמעט קיינעם נישט געקענט, סיידן, אַז יענער פלעגט זיך אַליין אָנרופן ביים נאָמען. דעם אוקראַינער האָט מען גערופן ניקאָלאַי, אָבער מיר צווישן זיך האָבן אים גערופן „כודאָי״, דאָס הייסט — מאָגערער. אפילו ווען ער איז שוין געווען אַביסל געשוואָלן פון הונגער, האָט מען אים אַזוי גערופן...

דער עיקר, מען האָט געהייסן אַלעמען אויפהייבן די הענט, נישט רירן זיך פון אָרט, און פראַנץ מיט די איבעריקע דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו זוכן. „כודאָי״ איז געשטאַנען מיט דריי מענטשן ווייטער פון מיר. פלוצים הערן מיר:

— פאַרפלוכטער הונט!

און אַ טראַסק. אָן אַ קאָמאַנדע, האָבן אַלע צוריק אַרונטערגעלאָזן די הענט. דער געלער דייטש, דער שאָפער פון לאַסט־אויטאָ, שרייט

אויפֿן ליגנדיקן אוקראַינער און בריקעט אים מיט די פּיס. פֿראַנץ גייט צו, גאַנץ קאַלטבלוטיק, און גיט אַ געשריי:

— „אויפֿשטיין!".

„כּודאַי" רירט זיך נישט פֿון אָרט. פֿון נאָז רינט אים בלוט. אַנ־שטאָט אַן אויג — אַ בלויער אָנגעשוואָלענער פֿלעק. פֿראַנץ ציט אַרויס דעם רעוואָלווער, אַ פּאַראַבעלום. צוויי געפֿאַנגענע לויפֿן צו צום ליגנ־דיקן אוקראַינער און שטעלן אים אויף. פֿראַנץ ווייזט זיי דעם רעוואָלווער און שרייט זיי זאָלן צוריקגיין אין דער ריי, נישט רירן זיך פֿון אָרט. דערביי גיט ער איינעם אַ זעץ, דעם אַנדערן אַ בריק. פּלוצים הערט מען אַ שאָס, אַ צווייטן, און דער אוקראַינער ליגט שוין אויסגעצויגן. פֿון פּאַראַבעלום גייט נאָך אַ רויכל. פֿראַנץ גייט צו און שיסט נאָך אַריין אַ דריטע קויל אין קאָפּ פֿון אוקראַינער.

די אַרבעט דאַרף זיך אָבער נישט אָפּשטעלן. די פֿיר לאַסט־וועגע־נער וואַרטן אויף אונדז. קיינער, אויסער אונדז, וועט זיי נישט אַנלאָדן. עס הערט זיך דער באַקאַנטער: „לוס! שנעלער!", און מען לאָדט אָן די וועגן.

ביי די דייטשן איז לעבעדיק, פֿריילעך. קענטיק, אַז דער פֿראָנט איז געוואָרן סטאַבילער. אין מיטן דעצעמבער האָבן מיר געשפּירט אַ גע־וויסע אומרואיקייט ביי די דייטשן, גלייכצייטיק פֿלעגן זיי ווערן אַביסל מענטשלעכער צו אונדז. אין אַלגעמיין האָבן מיר געפֿילט די לאַגע אויפֿן פֿראָנט, לויט דעם, ווי זיי פֿלעגן זיך באַציִען צו אונדז. אויב זיי האָבן געליטן מפּלות, זענען זיי געוואָרן ווייכער, בעסער. אויב פֿאַרקערט — זענען זיי געוואָרן ערגער. מען האָט די זעלבע דייטשן נאָך דער סטאַ־לינגראַדער מפּלה נישט דערקענט. אַ סך פֿון די נעכטיקע מערדער זענען געוואָרן ווי אומשולדיקע שעפּעלעך.

## קאפּיטל 7

## די „לאָטעריע"

און אָט זענען מיר שוין אין אָנהייב 1942, אַ דאַטע, וואָס אויב איך וועל אפילו לעבן 150 יאָר, וועל איך זי נישט פֿאַרגעסן. די דייטשן האָבן צו ניי־יאָר געקריגן דריי־פּאַכיקע ראַציִעס שנאַפּס. אונדז האָבן זיי אויך געגעבן אַ דאָפּלטע ראַציִע ברויט מיט זייער זופּ. נאָר דאָס וויכטיקסטע, מ'האָט געגעבן פֿאַר יעדע 5 מאַן אַ פּעקל מאַכאָרקע.

פֿאַרטאָג פֿון 31־טן דעצעמבער אויפֿן 1־טן יאַנואַר איז פּלוצים געוואָרן אַ קעלט אין באַראַק, נאָכמער ווי געוויינלעך. מען דרייט זיך אַהער, מען דרייט זיך אַהין, אוממעגלעך איינצושלאָפֿן. מיר שטייען אויף

און הייבן אָן זוכן פון וואַנען עס דערנעמט זיך אַזאַ קעלט. אין אַ ווינקל האָט אונדזער גרופן־עלטסטער געהאַט אַ חבר, פלעגט ער שלאָפן מיט אים צוזאַמען. מיר גיבן אַ קוק, און — גלויבן נישט אונדזערע אייגענע אויגן!...

דער באַראַק איז אַ געוועזענע פערד־שטאַל פון די רוסן. איבער יעדן פערד איז געווען אַ פענצטערל. נישט איינמאָל האָבן מיר גערעדט מיט איוואַנען, אַז ווען מען עפנט דאָס פענצטערל, איז שוין נישט אַזוי שווער דורכצוררייסן די שטעכל־דראָטן. רונד אַרום דרייט זיך אַ דייטשער פּאָסטן בייטאָג און ביינאַכט. זיין יעדעס מאָל דורכגיין האָט געדויערט פון 12 ביז 15 מינוט. קיין זייגער האָבן מיר נישט געהאַט, אָבער מיר האָבן אויסגעציילט פון 6 ביז 7 הונדערט. און מיר האָבן געמאַכט אונדזער חשבון מיט נאָך אַנפּאַרטרויטע, אַזעלכע, וואָס ווילן ריזיקירן ווייל אויב ס'וואָלט געווען אַ דורכפאַל, האָבן מיר געוווסט וואָס עס דערוואַרט אונדז.

נאָך עטלעכע טעג זיין דאָ, האָבן מיר שוין געקענט דעם גאַנצן לאַגער. אין איין טאָג איז אונדז אויסגעקומען צו אַרבעטן אין פּאַר־שיידענע ערטער. אָפטמאָל האָבן מיר געזען פאַרמאַסקירטע דייטשע פּאָסטנס. פון 20 מעטער פלעגן מיר זיי נישט זען, אַזוי גוט זענען זיי געווען פאַרמאַסקירט. אין איינעם פון די סקלאַדן האָבן מיר געזען אין די טויזנטער גרויסע צוואַנגען, וואָס מען באַנוצט אויף דורכצורייסן שטעכל־דראָטן ביים פראָנט. אַ פּאָר מאָל האָבן מיר טאַקע געוואָלט אַ נעם טאָן אַ צוואַנג, פאַרשטעקן ביי זיך. פאַרוואָס מיר האָבן דאָס נישט געטאָן, ווייס איך אַליין נישט. אָבער ווען די יעקעס זאָלן האָבן אונטער־געכאַפּט אַזאַ מין געצייג, האָט מען געוווסט וואָס עס דערוואַרט אונדז. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר וועלן עס מאַכן אין לעצטן מאָמענט, דאָס הייסט, אַז ווען מיר וועלן שוין האָבן אויסגעקליבן אונדזער פענצטער, אונדזער טאָג, אונדזער גרופּע און אונדזער דייטש; ווייל מיר האָבן גע־מערקט, אַז נישט יעדער פּאָסטן איז דער זעלבער. ביי אַנדערע ציילן מיר ביז 7—800, ביי אַנדערע — צווישן 5 און 600. פאַר אונדז איז גע־ווען וויכטיק נישט נאָר יעדע מינוט, נאָר יעדע סעקונדע.

אַז מיר וועלן זיין אויסערן באַראַק, הייסט נאָך נישט, אַז מיר זענען אויסערן לאַגער. עס איז פאַראַן אַ שטענדיקע געפאַר אַרויפצוטאַנצן אויף איינעם פון די פיל פּאָסטנס, צעשפּרייט איבערן לאַגער, און איינע פון די לעצטע — דער דראָטענער, מינירטער פּאַרקאַן. האָבן מיר געטראַכט, אַז אַמבעסטן וועט עס זיין גראָד דאָרטן, ווו די דייטשן זענען אויפגע־ריסן געוואָרן. פון אויפרייס, זענען עטלעכע גראָבע ביימער צעשמעטערט געוואָרן. צווייטנס, האָבן מיר געוווסט, אַז דאָרט זענען נישטאָ קיין פּאָסטנס. דריטנס, וועט דאָרט זיין לייכטער צו געפינען די מינע. זיי פלעגן מערסטנטייל באַגראָבן די מינע, און דעם קאַפּסול צוטשעפּן צו אַ דרעטל, אָדער אַ שנירל, צי די שטעכל־דראָטן, דאָס זעלבע ווי אויפן פראָנט.

פאַרשטייט זיך, אויב מען האָט מורא דערטרונקען צו ווערן, דאַרף מען זיך נישט גיין באָדן אין וואַסער. דאָס אַלץ האָבן מיר געטראַכט, גערעדט צווישן זיך, איך און מיין חבר איוואַן. מיר זענען אָבער אין לאַגער נישט לאַנג, אומגעפער אַ 10 טעג. די איבעריקע זענען דאָ אַ סך לענגער, און זיי טראַכטן אויך, און גרייטן זיך שוין אַ סך לענגער פאַר אונדז.

אין דער נאַכט פון 31־טן דעצעמבער 1941, אויפן 1־טן יאַנואַר 1942 — אַ דאָנערשטיק איז דאָס געווען, געדענק איך — איז אונדזער עלטסטער פון דער גרופּע, אַן אוקראַינער, זיין חבר און נאָך 5 מאַן, זאָלבע זיבן, האָבן זיי אויפגעעפנט אַ פענצטער, איבערגעשניטן די שטעכל־דראָטן. פון אויסן איז ווידער געווען שטעכל־דראָט. האָבן זיי אַריבערגעלייגט פון פענצטער ביז איבער די דראָטן צוויי ברעטער, אַרויסגענומען פון דער נאַרע, און צוגעבונדן זיי צום פענצטער, אַז זיי זאָלן זיך נישט גליטשן, ווייל דאָס פענצטער איז געווען העכער פון פאַרקאָן, און — האָבן אָפּגעצויגן.

שפּעטער, אין עטלעכע טעג אַרום, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַנט־לאָפן זענען זיי טאַקע דורכן זעלבן אָרט, ווו די דייטשן זענען אויפגעריסן געוואָרן. נישט איין מאָל האָבן מיר נאָכדעם גערעדט מיט איוואַנען, אַז זיי זענען געווען קליגער פון אונדז, ווייל מיר האָבן נישט געטראַכט וועגן ברעטער, נאָר וועגן שניידן די דראָטן. קענטיק, אַז די גרופּע האָט זיך שוין לאַנג געגרייט דערצו, און זיי האָבן אויסגעקליבן גראָד די נאַכט, ווען די דייטשן וועלן הוליען, דער שנאַפּס וועט אָביסל איינשלעפערן זייער אויפמערקזאַמקייט; און זיי איז עס געלונגען. אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען טונקל האָבן, קענטיק, די פּאָסטנס, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען און נישט די, וואָס האָבן זיך געטווישט, נישט באַמערקט די ברעטער. אָביסל האָט זיי געהאָלפן דער שניי, וואָס איז געפאַלן ביינאַכט.

פּלוצלינג, מיר הערן אַ שאָס, אַ צווייטן. עס ווערט אַ טומל. מיר צווישן זיך ווייסן שוין, אַז מען איז אַנטלאָפן. וויפל — ווייסן מיר נאָך נישט דערוויל.

אין דער גרופּע פלעגן מיר רופן אונדזער עלטסטן שעניאַ. שטענ־דיק פלעגט ער אַרומגיין מיט אַ שטעקן ווי אַלע גרופּן־עלטסטע און געבן אַ טראַסק אין אַ בוים, אין אַ קאַסטן מיט אַמוניציע, אָדער גראַ־נאַטן. אַנדערע געפאַנגענע פלעגן אים געבן אַ זאָג:

— מאַך פאַרזיכטיק, אַ ברעט פון קעסטל זאָל זיך נישט צע־ברעכן, און טרעפן דעם קאַפּסול, דעמאָלט וועלן מיר אַלע פליען אין דער לופטן...

— פאַרוואָס ? — פלעגט ער ענטפערן — דו רעכנסט נאָך צו בלייבן לעבן, אין אַזעלכע באַדינגונגען ? איידער אַזאַ לעבן, איז שוין בעסער אַלץ זאָל פליען אין דער לופטן...

און דערביי פלעגט ווידער פאַלן אַ טראַסק פון זיין שטעקן אויף אַ קאַסטן, און ער האָט גענומען שרייען:

— שנעלער! שנעלער! לוס! לוס!

עס האָט אָבער נישט פּאַסירט, אַז ער זאָל אַ געפאַנגענעם אָנרירן, און מיר האָבן אים טאַקע האַלד געהאַט. ער האָט עס געוווּסט. ער אַליין האָט נישט גערויכערט. די גרופּן־אָנפירער פלעגן קריגן אַ דאָפּלטע ראַציע, און אָפט געקריגן פון די שאָפערן אַ סיגאַרעטל, אָדער אַביסל טאַבאַק. ער האָט יעדעס מאָל אַ העלפט אַוועקגעגעבן איינעם פון אונדז, און אַ זאָג געטאָן, אַז נישט אַליין זאָל מען רויכערן, נאָר טיילן זיך. די צווייטע העלפט, האָט ער געזאָגט, איז פאַר זיין חבר. צו מיר האָט ער אָפט אַ זאָג געגעבן:

— נו, וואָס הערט זיך, „באַראַדאַ"?

אַזוי האָט מען מיך גערופן. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסער באָרד פון 5 מאָנאַט. ווינטער איז טאַקע געווען אַביסל וואַרעמער. צו די אַנדערע האָט ער אַ זאָג געגעבן:

— אַרבעט, אַזוי ווי דער „באַראַדאַ", וועט זיין אין אָרדענונג.

און איך האָב געהאַט אַ טאַקטיק. פאַרשטייט זיך, אַביסל האָט מיר געהאָלפן, וואָס איך האָב פאַרשטאַנען דייטש, און זיך געמאַכט, אַז איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט. און אַז איך פלעג זען, אַז די דייטשן ווילן וואָס גיכער אַוועקפאָרן און זאָגן צו דערביי, אַז זיי וועלן געבן אַביסל טאַבאַק, אָדער אַ פּאָר סיגאַרעטן, פלעגן מיר אָפּטאָן די אַרבעט ווי אַ פינטל מיטן אויג. אָבער אַז עס איז געווען אַ שלעכטער דייטש, האָט זיך די אַרבעט געצויגן ווי פון פעך. קיין שום געשרייען און קלעפּ האָבן נישט געהאָלפן.

דערווייל איז אַ טומל, אַ גערודער. פראַנץ מיט זיין גאַנצע באַנדע איז דאָ. אַלע אַרויס פון די באַראַקן! די גרופּן שטעלן זיך אויס. אַ קאָנטראָל. עס פעלן 7 מאַן, 2 פון אונדזער גרופּע. דער עלטסטער פון אונדזער גרופּע און אַ טאַטאַר, וואָס האָט מיך אויסגעלערנט עטלעכע ווערטער אויף טאַטאַריש. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט און נישט געטראַכט, אַז די עטלעכע ווערטער וואָס איך קען, וועלן שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין מיין לעבן, אפילו ווי אַ מיטל זיך צו ראַטעווען. קענטיק, אַז דאָס גאַנצע אַנטלויפן איז אויך ביי אים געווען אומגעריכט. ווייל זיין נאָענטסטער חבר, אַ קאַזאַק, פון אונדזער גרופּע, האָט דערציילט, אַז יענער, דער טאַטאַר, איז אַרונטער דערליידיקן זיינע מענטשלעכע באַדערפענישן, און מער איז ער נישט צוריקגעקומען. ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט אין דער קעלט, האָט ער געמיינט, אַז זיין חבר גייט אויך אַרום און וועט באַלד קומען.

פון נאָך צוויי גרופּן האָבן ווידער געפעלט צו צוויי מאַן, און פון נאָך איינער — איין מאַן. מען טרייבט אונדז אַריין צוריק אין באַראַק. מיר

האָבן געדאַרפט באַקומען אונדזער שטיקל ברויט מיט קאַווע און גיין צו דער אַרבעט.

אין אונדזער לאַגער איז געווען אַ גרופּע פון 30 מאַן. די דייטשן האָבן זיי גערופן: די אוקראַאינער. מיר אָבער האָבן געוווּסט, אַז נישט אַלע זענען אוקראַאינער. קענטיק, אַז די דייטשן האָבן אויך געוווּסט, נאָר זיי האָט עס נישט אינטערעסירט. זיי האָבן געלעבט אויסערן לאַ־גער. מען האָט זיי אויסגענוצט ביי פאַרשיידענע אַרבעטן. זיי האָבן עס דורכגעפירט אָן היטער. בייטאָג האָבן זיי געהיטן דעם באַראַק, געמאַכט אָרדענונג ביי דער קיך, געפאָרן מיט איינעם אַ דייטש ברענגען שפּייז. מען האָט געהאַט צו זיי מער צוטרוי ווי צו אַנדערע געפאַנגענע.

אַז מיר זענען צוריק אַריין אין באַראַק, האָבן זיי געהאַלטן אין מיטן פאַרריכטן דאָס פענצטער, פאַרהאַקט עס מיט ברעטער, פאַרפלאָכטן מיט שטעכל־דראָט.

פון באַראַק אין טואַלעט זענען מיר געגאַנגען פריי, וויפל מען וויל. מען וויל אַרויסגיין, עס שטייט אַ פאַרשטאַרקטע דייטש־אוקראַאינישע וואַך און מען לאָזט נישט גיין. מיר שיקן אַרויס איינעם פון די עלטסטע גרופּן־פירער, ער רעדט אַביסל דייטש. די דייטשן, האַלב־שיכור, ווילן נישט הערן און נישט וויסן. צווישן זיך רעדן מיר: וואָס פאַרא שטראָף וועט דער קאָמענדאַנט אונדז געבן? אַז ער וועט באַשטראָפן דעם גאַנצן לאַגער, אין דעם האָבן מיר נישט געצווייפלט. יעדער איז דערוויל פאַר־נומען מיט זיינע געדאַנקען. און ביי זיך אין האַרצן בין איך צופרידן, וואָס זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן. עס פאַרדריסט מיך מער נישט, פאַר־וואָס איך האָב דאָס נישט געמערקט, ווייל אַזאַ געלעגנהייט מאַכט זיך נישט יעדן טאָג.

אַזוי, אין רעדעניש, אין קלערעניש, גייט אַוועק דער טאָג. עסן גיט מען נישט. אַלע, וואָס אַרבעטן אין קיך, אויסער דער שעף, אַן אוקראַאי־נער, וואָס האָט געהערט צו די פּריווילעגירטע, שיקט מען אַריין, און מען פּילט אויס די גרופּן מיט די ערטער פון די אַנטלאָפענע.

דעם 1־טן יאַנואַר איז נישטאָ קיין לאַסט־וועגענער צו לאָדעווען, נישטאָ קיין צוגן אויסצולאָדן. עס קאָן אָבער זיין, אַז דאָס אַלץ איז אָר־גאַניזירט פון לאַגער־שעף, פון קאָמענדאַנט, פון אָבער־לייטענאַנט הייניץ. ביז אַהער איז ער געווען לייטענאַנט. מען האָט אים אויפגעהייבן איין גראַד.

4 אַזייגער קומט אַריין פראַנץ. עס ווערט שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. אינסטינקטיוו רוקט מען זיך אָפּ פון אים, ווי פון אַ מלאך־המוות. ער רופט אַרויס די, וואָס אַרבעטן אין קיך און דורכן דאָלמעטשער זאָגט ער אָן, אַז מען זאָל אונדז געבן די ראַציע פון גאַנצן טאָג, די זופּ מיט די ברויט, אַלע זאָלן דערליידיקן, וואָס זיי דאַרפן. עס ווערט אונדז גרינגער אויפן האַרצן. ער גייט אַרויס. עס ווערט אַ לויפעניש אַהין און אַהער.

קודם כל הייבט מען אָן פירן די גרופּן נאָכן עסן. יעדע גרופּע האָט אַ נומער. אַזוי ווי מיר זענען איינע פון די לעצט־אָנגעקומענע, זייַנען מיר די 11־טע גרופּע. דאָס עסן גייט צו זייער שנעל. עס גייען פאַרביי צוויי גרופּן מיטאַמאָל. יעדער באַזונדער קריגט זיין שטיקל ברויט. קיין מעסטעניש איז דאָ נישטאָ. ביי דער זופּ — דאָסגלייכן. אין איין שעה איז אַלץ פאַרטיק. אַלע פרייען זיך און עס לאָזט זיך נישט גלויבן, אַז מען איז אַזוי לייכט אָפּגעקומען מיט שרעק.

עס גייט אַוועק אַ שעה, צוויי, דריי. עס איז שטיל. ביסלעכווייז הייבן אָן אַלע צוריק אַריינצוקריכן אין זייערע פאַרלייזיקטע געלעגערס. לייז זענען דאָ געווען אַזויפיל און אַזעלכע גרויסע, אַז מען קאָן זיך גאָר־נישט פאָרשטעלן. זיי זענען פול געווען אין שטרוי. זיי זענען געקראָכן אויפן מאַנטל, אויף די הויזן, און מ׳האָט קיין אַכט נישט געלייגט. אָפּטמאָל איז עס געווען אויך אַ מיטל זיך צו ראַטעווען. איך אַליין, אַז צו מיר פלעגט זיך צוטשעפּן איינער פון די היטלער־יונגען, האָב איך אים געזאָגט איין וואָרט:

— זע מאָל!...

דערביי בין איך דורכגעגאַנגען מיט מיינע פינף פינגער מיין געדיכטע באָרד, אַז עס זענען געבליבן עטלעכע לייז אויף דער האַנטפלאַך, און איך האָב עס אים געוויזן; און דערביי געמאַכט אַ זשעסט, ווי איך וואַרף זיי אויף אים. ער האָט בעת מעשה געטאָן אַ לויף פון מיר, ווי פון אַ פּעסט, און דערביי געוויזן אויף זיין קאַראַבין. איך האָב די לייז אַוועקגעוואָרפן אין שניי. ער האָט צוגערופן זיינע חברים און זיי געוויזן די לייז אין שניי. קענטיק, אַז דעם ריכטיקן פּראַנט האָבן זיי נאָך נישט געהאַט פאַרזוכט.

דערווייל זענען מיר אין יאַנואַר 1942, נאָך פאַר סטאַלינגראַד. אַ גוטן קלאַפּ האָבן זיי באַקומען פאַר מאָסקווע, אַ פּאָר ריפּן זיי צעבראָכן, אָבער נישט מער.

ס׳איז שוין 10 דער זייגער. אַ סך שלאָפן שוין. מיין חבר איוואַן איז אַרויס און ער פאַרזאַמט זיך. ער קומט צוריק. איך האַלט אין דרימלען. ער גיט מיר אַ צי פאַר אַ פוס און זאָגט מיר:

— גרישאַ, עס טויג נישט...

מיין פאַמיליע־נאָמען האָב איך געביטן עטלעכע מאָל, אָבער נישט דעם נאָמען. איך האָב אָפט געהערט ווי אַרמענער, גרוזינער, אַזערביידזשאַנער, אוזבעקן, קאַזאַכן, טאַטאַרן און אַ סך פון אַנדערע פעלקער, רופן זיך צווישן זיך — גרישאַ, גריגאָריאַ, האָב איך באַהאַלטן מיין ריכטיקן נאָמען — גרשון, אָדער ווי מ׳האָט מיך גערופן אין שטוב — גערקע. און איוואַן גיט מיר נאָך אַמאָל אַ זאָג:

— גרישאַ, עס טויג נישט...

— פאַרוואָס ? וואָס איז ?

ער דערציילט מיר, אַז אונדזער באַראַק איז אַרומגעריגלט פון אַ צווייִקן קאָרדאָן דייטשן. אַ סך האָבן פּאַנאַרעס אין די הענט. אַזעלכע פּאַנאַרעס באַנוצט מען נאָך הייַנט צו טאָג אין אַלע אָפּגעשטאַנענע סלאַווישע, ליטווישע ערטער, צו באַזוכן די פערד און די קי, כדי צו זען זיי צו געבן עסן אויף דער נאַכט. ביי אונדז אין לאַגער האָבן מיר די פּאַנאַרעס גענוצט, ביים אויסלאָדן, אָדער אָנלאָדן קאַמיאָנען אין מיטן נאַכט. קענטיק, אַז אַנדערע האָבן עס אויך געמערקט. דאָ און דאָרט צינדן זיך אָן לעמפּלעך, געמאַכט פון אויסגעשאָסענע גילזן פון סנאַריאַדן. אַלע גרייטן זיך. צו וואָס — ווייס איך אַליין נישט, נאָר מען שפּירט אַז עפּעס גרייט זיך נישט קיין גוטס.

פלוצלינג גיט זיך אָן עפן די טיר פון באַראַק. דער קאָמענדאַנט אין דער שפּיץ, פראַנץ מיט דער גרופּע דייטשן, אייניקע האַלטן פּאַנאַרן אין די הענט. אַ גאַנצע כאָפּטע אוקראַינער, אַלע מיט שטעקענער. עס טראָגט זיך פון זיי מיט שנאַפּס און רציחה. דער דאָלמעטשער שטייט לעבן קאָמענדאַנט. ער גיט אַרויס באַפעלן און דער דאָלמעטשער גיט עס אונדז איבער אויף רוסיש. איך דאַרף נישט קיין דאָלמעטשער, איך פאַרשטיי וואָרט אין וואָרט. מען רופט אַרויס די עלטסטע פון עטלעכע גרופּן, און מיר מערקן, אַז דאָס זענען אַלץ אַזעלכע, פון וואַנען עס זענען אַנטלאָפן די געפאַנגענע. מען זעט, אַז אַלץ איז אָרגאַניזירט, מיט דער דייטשער פּינקטלעכקייט. די אוקראַינישע געהילפס־פּאָליציי הייבט אָן אויסרופן, לויט די נעמען, אונדזער גרופּע. אַנדערע רופט ער לויט די פאַרנעמען.

איך האָב זיך אין דער צייט אָנגעגעבן פאַר אַ גרוזינער, אײַנפאַך דערפאַר, ווייל איך האָב גערעדט אַ שוואַכן רוסיש; און אַזוי ווי איך האָב געזען, אַז קיין גרוזינער זענען דאָ נישטאָ, אַז איך וועל דאָ נישט האָבן קיין עדות, קיין „זעמליאַק", און איך וועל נישט מוזן רעדן אויף אַ שפּראַך, וואָס איך קען נישט. גערופן האָב איך זיך שאַבאַשווילי, גריי־גאָרי איוואַנאָוויטש. נאָר פּשוטער האָבן זיי מיך גערופן — „באָראָדאַ", ס'הייסט „באָרד".

אויסגעשטעלט זיך אין אַ ריי גרופּנווייז, די גרופּן, די זיבעטע, די אַכטע, די צענטע און אונדזערע, די עלפטע. די ערשטע דריי גרופּן, מיט די גרופּן־עלטסטע אין דער שפּיץ, ביי אונדז, דער אוקראַינער, דער בייער. אַלעמענס אויגן זענען געווענדט אויפן קאָמענדאַנט. מען זעט די פאַרביסענע פּנימער פון די דייטשן אונטער די קאַסקעס. דער קאָמענדאַנט גיט עפּעס אַ זאָג אין דער שטיל צום דאָלמעטשער, און דער דאָלמעטשער רופט זיך אָן צו אונדזער נייעם גרופּן־פירער, אַז ער זאָל בלייבן שטיין אַנטקעגן אונדזער גרופּע, אָבער נישט מיט אונדז אינאיינעם. פראַנץ קאָנטראָלירט אַלע פיר גרופּן. אין איינער פון די גרופּן פעלט אַ געפאַנגענער. דער גרופּן־עלטסטער רעדט אויף רוסיש און זאָגט, אַז ביים עסן זענען אַלע געווען, דאָס הייסט, אויסער די צוויי,

וואָס זענען אַנטלאָפן. מען הייבט ווידער אָן אויסרופן, און קיינער רופט זיך נישט אָפּ. איך זע ווי דער קאָמענדאַנט רופט צו פראַנצן און גיט אים עפּעס אַ זאָג. פראַנץ רופט אַרויס אַלע גרופּן־עלטסטע און הייסט זיי צונויפרופן זייערע מענטשן. ער הייסט זיי אַרויסגיין פון באַראַק. ביי דער פערטער גרופּע — אַ טומל. אַן איבעריקער געפאַנגענער. וואָס גייסטו מיט ? — פרעגט מען אים. ער מאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט נישט. דאָס איז אַן אוזבעק פון דער זיבעטער גרופּע. ער קריגט עטלעכע זעץ פון פראַנצן און ער שיקט אים אָפּ אין זיין גרופּע.

ווי נאָר מען האָט אָפּגעקליבן אונדזערע פיר גרופּן, האָט מען אונדז גלייך אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. פראַנץ איז צוגעגאַנגען צום קאָמענדאַנט און האָט געמאָלדן, אַז אַלץ איז גרייט. מיר האָבן נאָך אַלץ נישט געוווּסט וואָס דאָ וועט פּאַסירן. אויף קיין גוטס האָבן מיר זיך נישט געריכט. נאָר דאָס, וואָס איז שפּעטער פאָרגעקומען, האָבן מיר זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן. דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגענומען פון קעשענע פיר צונויפגעקנייטשטע בויגנס פּאַפּיר, האָט אָוועקגעשטעלט די 7־טע גרופּע אין איין ריי, צוגערופן דעם דאָלמעטשער, איבערגעקערט דעם בויגן אויף דער לינקער זייט, אַז מען זאָל נישט זען, וואָס דאָרט איז געשריבן, האָט געהייסן מאַכן צוויי דורכגעשטאָכענע לעכלעך אין צוויי פאַרשיידענע ערטער פון בויגן פּאַפּיר. אַז דער דאָלמעטשער האָט עס אַלץ אויסגעפירט, האָט ער צוגערופן צו זיך צוויי דייטשן און געוויזן זיי אויפן פּאַפּיר. דער בויגן איז געווען פאַרטיילט אין 23 קעסטעלעך, אַזויפיל וויפל מענטשן עס זענען געבליבן אין דער גרופּע. די 23 נומערן זענען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן בויגן פּאַפּיר, אַזוי אַרום, אַז פון דער לינקער זייט האָט מען נישט געקאָנט וויסן אויף וועלכן נומער מען וועט אָנטרעפן, מאַכנדיק די לעכלעך פון דער צווייטער זייט. דער דאָלמעטשער האָט, נישט וויסנדיק פון פריער, דעם נומער פאַרמשפּט צום טויט.

דערווייל ווייסן מיר נאָך אַלץ נישט וואָס דאָ קומט פאָר. די צוויי דייטשן גיבן אַ קוק אויף די נומערן. מען נעמט אַרויס דעם גרופּן־פירער, מען נעמט אַרויס דעם אוזבעק. די לעכלעך זענען געווען אַ לאָטעריע. עס איז געפאַלן אויפן ערשטן און אויפן 23־טן. אויב ער וואָלט זיך נישט געהאַט באַהאַלטן, מעגלעך, אַז ער וואָלט זיך נישט געשטעלט דער לעצטער !... די צוויי ווערן גלייך אָוועקגעשטעלט צווישן די דייטשן. אין מאָמענט האָבן מיר נאָך אַלץ נישט געוווּסט פאַרוואָס זיי שטייען צווישן צוויי רייען דייטשן. צווישן זיי זענען גראָד געווען די בעסערע דייטשן פון לאַגער. ווייל מיר האָבן געהאַט אַזעלכע דייטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין שרייען, אָבער קיינמאָל נישט געשלאָגן; געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אַ קלאַפּ געטאָן, אָבער נאָר לפנים וועגן, ווייל די רוצחים זענען געשטאַנען אַרום; און ווי נאָר די דייטשן זענען אַרום נישט געווען, האָט ער אונטערגעטראָגן אַ סיגאַרעטל, אָדער אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל טאַבאַק. געווען אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן אויף יעדן

טריט און שריט געזוכט אַ געלעגנהייט צו שלאָגן, אומעטום, גייענדיק צו דער אַרבעט, ביי דער אַרבעט, ביי דער קיך. צום באַדויערן, זענען אַט די געווען די מערסטע. אַזוי אַרום האָבן מיר שוין געוווּסט ווער עס זענען די גוטע און ווער — די שלעכטע.

און אַז מיר האָבן באַמערקט אין דער גרופּע פון די 14 דייטשן זענען די מערסטע גוטע, האָט עס אונדז אַביסל באַרואיקט, אָבער נישט אויף לאַנג. שפּעטער, אין עטלעכע טעג אַרום, האָבן מיר זיך דערוווּסט, פאַרוואָס גראָד זיי זענען געווען אין דער גרופּע פון די 14.

עס חזרט זיך איבער די זעלבע געשיכטע מיט די איבעריקע צוויי גרופּן. עס שטייען שוין די אָפּגעקליבענע 5 מאַן קריגס־געפאַנגענע צווישן די 14 דייטשן. עס קומט די ריי צו אונדזער גרופּע.

אַז איך בין אַוועק דינען אין דער ליטווישער אַרמיי, האָט מיין פאָטער מיר געזאָגט עטלעכע ווערטער. און מיין פאָטער, עליו השלום, האָט מען געהאַלטן נישט פאַר קיין נאַרישן מענטש. ער האָט מיר אָנ־געזאָגט: „זאָלסט נישט זיין פון די ערשטע און נישט פון די לעצטע"... דאָס איז מיר געבליבן אויפן גאַנצן לעבן. זייענדיק אין געפאַנגענשאַפט, האָב איך זיך נישט איינמאָל איבערצייגט ווי ריכטיק די ווערטער זענען געווען.

אָבער מיטן קונץ, וואָס דער באַנדיט, דער אויבערלייטענאַנט הייניץ, האָט אונדז צוגעגרייט, האָסטו נישט געקאָנט זיין קיין חכם. דאָס לעבן איז געווען אַ לאָטעריע. איך שטיי אין דער ריי מיט איוואַנען. איוואַן איז דער זעקסטער און איך דער זיבעטער, לעבן מיר שטייט אַ רוסישער פּאָפּ, און גראָד פון אוקראַינע. מיר זענען טאַקע זייער ענלעך איינער אויפן צווייטן. איך בין אַ שאַטינער מיט אַ לאַנגער באָרד, און ער אַביסל העלער פון מיר. אַז מען האָט גערעדט וועגן אים, האָט מען געזאָגט: דער פּאָפּ, די געפאַנגענע האָבן שוין געוווּסט וועמען מען מיינט. אָדער אַז מען האָט געזאָגט: „ריזשי, ז'באַראָדאי", ס'הייסט, דער געלער מיט דער באָרד. לויט די יאָרן, קענטיק, איז ער אויך געווען פון די עלטסטע. אַליין האָט ער געשטאַמט פון אוקראַינע. דער פאָטער — אַן אוקראַי־נער, אויך אַ פּאָפּ, און די מוטער — אַ רוסישע. אין 1934 איז ער נאָך קיין פּאָפּ נישט געווען. אָבער אין דעם זעלבן יאָר האָט מען פאַרשיקט זיין פאָטער, 3 ברידער און צוויי ייִנגערע שוועסטער, קיין סיביר. ער אַליין האָט געהאַט געאַרבעט אין אַ וויטער שטאָט אויפן אוראַל, אויף אַ פאַבריק. אין פּאָליטיק האָט ער זיך קיינמאָל נישט געמישט. דאָס אַלץ האָט ער אַליין דערציילט. אין דער שטאָט, ווו ער האָט געאַרבעט, אין טשקאַלאָוו, האָט געלעבט זיינער אַ פעטער, אויך אַ פּאָפּ. אַז ער איז דערגאַנגען וועגן שיקזאַל פון זיין פאָטער, פון זיינע ברידער און שוועסטער, איז ער אַוועק צום פעטער אויסוויינען זיך דאָס האַרץ פאַר אים. דער פעטער האָט אים געזאָגט, אַז נאָר מיט וויינען איבער אַזעלכע

עוולות, וועט גאָט קיינמאָל נישט מוחל זיין. ער קאָן נאָר מוחל זיין אויב מען טוט אָפּ מיט גוטס.

— דאָס איינציקע פאַר דיר — האָט דער פעטער געזאָגט — איז צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דיין פאָטער. איך ווייס, אַז קיין אַנדערע עצה וואָלט מיין ברודער, דאָס הייסט, דיין פאָטער, נישט געגעבן.

צו יענער צייט — האָט דער פּאָפּ דערציילט — האָב איך געוווינט מיט מיין פרוי, אויך אַ גלויביקע פּראַוואָסלאַוונע, געהאַט מיט איר צוויי קינדער. זי האָט געאַרבעט אין דער זעלבער פאַבריק ווי אַ בוכהאַלטער. די קינדער זענען שוין געווען דערוואַקסענע. אין 1934, ווען איך בין אַוועק פון שטוב, איז מיין עלטסטע טאָכטער אַלט געווען 10 יאָר, דער זון — 8 יאָר. איך בין אַוועק פון דער אַרבעט, געזעגנט זיך מיט מיינע שטוביקע, און געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, אויפגעקלערט די מענטשן, אַז אָן גאָט איז אוממעגלעך צו לעבן. קיינער האָט קיין רעכט נישט צו טאָן אַ צווייטן שלעכטס. אַ פּאָר מאָל האָט מען מיך געהאַט פאַרהאַלטן פון נ. ק. וו. ד. קיין ריכטיקע פּאַפּירן האָב איך נישט געהאַט. פלעגט מען מיך אָפּהאַלטן אַ פּאָר וואָכן, און דאַן זאָגן, אַז מער זאָל איך זיך פאַר די אויגן נישט ווייזן. אַז מערב־אוקראַינע איז ווידער אַנגעשלאָסן געוואָרן צום סאָוויעטנפאַרבאַנד, בין איך דאָרט אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער און שטעטלעך און גערעדט צו די פּשוטע, גלויביקע מענטשן. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך זיך געפונען נישט ווייט פון באַריסאָוו. איך האָב געזען דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק. איך האָב געזען ווי די דייטשן זענען אַריין קיין באַרי־סאָוו. איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען, ווי די דייטשן אין די שוואַרצע אוניפאָרמען האָבן געכאַפּט קינדער פאַר די פיסלעך און גע־האַקט מיט די קעפּלעך אין די ווענט.

אַנדערע געפאַנגענע האָבן אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז מסתמא זענען דאָס געווען יידישע קינדער, האָט ער זיי געענטפערט באַלד אויפן אָרט:

— און אַז יידישע קינדער, זענען זיי קיין מענטשן נישט? דער זעלבער גאָט איז פאַר אַלעמען. ער בעט גאָט, אויף זיין יידישן אופן, צום זעלבן גאָט. צווישן אַלע פעלקער איז דאָ גוטע און שלעכטע מענטשן. אפילו אין איין משפחה קאָן זיין פאַרשיידענע. אָט איז מיין פאָטער געווען אַ פּאָפּ, מיין פעטער — אַ פּאָפּ, אַ דריטער ברודער פון מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין סיביר, פאַרשיקט דורך דער צאַרישער מאַכט, ווייל ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער. אַלדאָס שלעכטס קומט דערפון — פלעגט ער אונדז פרייזדיקן — וואָס מען גלויבט נישט אין גאָט.

צוהערנדיק זיך צו זיינע רייד, איז מיר געקומען אויפן געדאַנק — ראַספּוטין. אפשר צוליב דער אויסטערלישער ענלעכקייט. פלעגט מען זיך אין לאַגער צעהרגענען, איז ער דאָס געווען דער, וואָס האָט פונאַנדערגענומען. איז איינער קראַנק געוואָרן, קומט ער ביים פּאָפּ

פרעגן אַן עצה. אַליין האָט ער נישט געהויכערט. די, וואָס האָבן אויסגע־טוישט זייער שטיקל ברויט אויף אַ ביסל רויך, האָט ער זיי געמוסרט. מיר האָבן אָבער נישט געוווּסט פון וואַנען עס דערנעמט זיך צו אים אַליין אַביסל טאַבאַק. ער האָט עס צעטיילט אומזיסט. אַ קלוגער מענטש, מיט איין וואָרט, עס איז אַ פאַרגעניגן געווען יעדן אָוונט אים צו הערן רעדן.

דאָס איז געווען דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר, און דער שיקזאַל האָט געדאַרפט טרעפן, אַז ער איז געשטאַנען ביים ברעג. ציילנדיק, איז ער געווען דער אַכטער... די צוויי לעכעלעך, וואָס דער דאַלמעטשער האָט געמאַכט אין פּאַפּיר, וואָס דער קאָמענדאַנט האָט געהאַלטן, זיינען געווען דער אַכטער און זיבעצנטער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די צוויי לעכלעך זיינען געווען איינס לעבן אַנ־דערן. וואָס עס דערוואַרט די אָפּגעקליבענע מענטשן האָט מען ביסלעכ־ווייז אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. מ'האָט עס, אינסטינקטיוו, באַלד פאַר־שטאַנען, ביים אַריינקומען פון די דייטשן אין די קאָסקעס אין באַראַק; אַז זיי זענען געקומען אָנגעטאָן אין קאַסקעס, האָט מען גלייך דערפילט, אַז קיין גוטס איז נישט צו דערוואַרטן.

אַ שטיקל האָפענונג האָט געלעבט אין יעדן פון אונדז, ווייל מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט און נישט געוואָלט גלויבן, אַז דער קאָמענ־דאַנט וועט אויספירן זיין דראָאונג; כאָטש מיר איז שוין אויסגעקומען צו זען זייערע קאַלטע, אויסגערעכנטע מערדערייען. איך האָב זיך אָבער נישט פאָרגעשטעלט, אַז זייער באַנדיטיזם וועט גיין אַזוי ווייט. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין די געטאָס און אין די טויטן־לאַגערן. אונדזער לאַגער איז דאָך געווען אַ אַרבעטס־לאַגער, באַוואַכט און אָנגעפירט דורך דער ווערמאַכט. היינט שטעלט זיך פאַר די לאַגערן, אָנגעפירט דורך די ס. ס. !

אין דעם אַמוניציע־לאַגער האָבן מיר געאַרבעט איבער די כוחות, צו 14 און 16 שעה אַ טאָג. מען פלעגט אונדז אָפט אויפוועקן אין מיטן דער נאַכט, ווייל אַ קאַלאַנע לאַסט־וועגענער איז אָנגעקומען און מ'האָט זיי באַדאַרפט אָנלאָדן. דער פראָנט האָט פאַרלאַנגט נייע אַמוניציע.

פיל קריגס־געפאַנגענע זענען אויסגעשטאַרבן. זיי האָבן נישט גע־קאָנט אויסהאַלטן די שווערע אַרבעט. דער גראָבער שטעקן פון די דייטשע אויפזעער האָט זיי אַרויסגעעקדיקט אויפן אָרט. אפילו אויף אַ טויטן קערפּער פון אַ געפאַנגענעם איז אָפט געפאַלן דער שטעקן, מיטן אויס־געשריי : „לוס ! לוס !".

אומעטום לעבן די געפאַנגענע מיטן גליקלעכן געדאַנק — צו אַנט־לויפן. מיט דער דראָאונג, אַז אויב מען וועט זיך דערוועגן צו אַנט־לויפן, וועלן די אַנדערע דערשאָסן ווערן, האָט דער קאָמענדאַנט פון לאַגער געוואָלט, אַז איינער זאָל היטן דעם צווייטן. און דאָך האָט עס

נישט געהאָלפן; ווייל די, וואָס זענען אַנטלאָפן, האָבן נישט געטראַכט וועגן די אַנדערע.

די זיבן מאַן האָבן די דייטשן אַריינגענומען אין מיטן, מיט ביקסן אין די הענט. מען פירט זיי אַרויס פון באַראַק, דירעקט צום אַרויסגאַנג. ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז אונדזער באַראַק, די קיך, דער וואַטער געווען אַרומגערינגלט מיט שטעכל־דראָט. דער וואַטער איז געווען אַ ביסל אין אַ זייט. צווישן וואַטער און פּאַרקאַן איז געווען אַן ערך אַ 20 מעטער. פּונקט אַנטקעגן, אָבער אויף דער צווייטער זייט פון שטעכל־דראָט, האָט דער קאָמענדאַנט איינגעאָרדנט דעם בית־עולם. די געפאַנ־גענע, וואָס זיינען שוין דאָ געווען אַ פּאָר חדשים פריער, האָבן דערציילט, אַז ווען ס'איז געשטאָרבן אַ געפאַנגענער, האָט מען אים באַגראָבן הינ־טערן פּאַרקאַן, און די געפאַנגענע האָבן אָנגעשריבן אויפן הילצערנעם צלם זיין נאָמען, פון וועלכן יאָר ער איז און די דאַטע פון זיין טויט. איינמאָל, ווען מען איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי — אויס צלמים, אויס קברים. דער קאָמענדאַנט האָט פאַרבאָטן עפּעס אויפצושרייבן אויף די צלמים; באַגראָבן, באַגאָסן מיט קלאָר און די זאַך איז דערלידיקט.

אונדז, די איבעריקע, האָט מען צוגעטריבן פון דער אַנדערער זייט פּאַרקאַן. הינטער אונדז, אויף יעדע דריי מעטער, איז געשטאַנען אַ דייטש מיט אַן אויטאָמאַט אין דער האַנט. ביי יעדן פּרווו, זענען מיר זיכער געווען, אַז קיין סך פון אונדז וועלן נישט בלייבן לעבן. און וואָס קאָ־נען מיר דען אויפטאָן, נישט אָרגאַניזירט, מיט ליידיקע הענט, קעגן, אויי־טאָמאַטן ? מיר מערקן, אַז צוויי פאָנאָרן זיינען אָנגעטשעפּעט אויף צוויי ביימער, און אונטן, אויף דער ערד, שטייען נאָך צוויי פאָנארן. דער קאָ־מענדאַנט פראַנץ, אַלע דייטשן אין זייערע קאַסקעס, שטייען און וואַרטן אויף די 7 געפאַנגענע מיט די 14 דייטשן, וואָס רינגלען זיי אַרום. זיי קומען אָן.

אַ פינצטערע נאַכט. דער שניי מאַכט אַביסל ליכטיקער. דער שניי שלאָגט אָפּ מיט העלקייט אין די נעכט, אפילו ווען די לבנה איז פאַר־שטעלט פון וואָלקנס. אָבער אונדזער לאַגער געפינט זיך אין אַ געדיכטן וואַלד פון אַלטע, ריזיק־הויכע סאָסנעס, אַז אפילו בייטאָג איז טונקל. אַ סך דייטשן גייען אַרום מיט לאַמטערנעס אין די הענט, אויפן וועג, ווו די 7 מאַן דאַרפן דורכגיין. אויף יעדע 5 מעטער — אַ לאָמפּ. ווו האָבן זיי גענומען אַזויפיל לאָמפּן ? שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט — די אוקראַינער האָבן עס דערציילט — אַז דער קאָמענדאַנט האָט אַוועקגע־שיקט אַ קאַמיאָן צו די פּליער, וואָס האָבן געוווינט אין זעלבן וואַלד, 2 קילאָמעטער פון אונדז, הינטער דעם אַעראָדראָם, און ביי זיי האָט ער געליען 50 לאַמטערנעס.

דערווייל שטעלט מען אויס די 7 מאַן צווישן די לאַמטערנעס, וואָס הענגען אויף די ביימער. מיר זעען ווי ביי אייניקע פון די פאַרמשפּטע גיסן זיך טרערן פון די אויגן. נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס לעבן

האָט אונדז אַזוי פֿאַרהאַרטעוועט פֿון די ליידן, וויינען מיר מיט מיט זיי. איינער פֿאַלט צו צו די פֿיס פֿון קאָמענדאַנט, און ער בעט ביי אים:

— איך האָב 4 קינדער.

און ער ווייזט דערביי מיט 4 פֿינגער, דער קאָמענדאַנט זאָל עס פֿאַרשטיין.

דער אָנפֿירער פֿון דער גאַנצער צערעמאָניע איז פֿראַנץ. פֿאַר־פֿלאַנירט, קענטיק, האָט עס אַלץ דער אָבערלייטענאַנט היינץ. און די דייטשע טעמפּע מיליטער־מאַשין איז אַוועק אין גאַנג. פֿראַנץ גיט אַ קוק אויף דער רעאַקציע פֿון קאָמענדאַנט, און אַז ער באַמערקט, אַז קיין ענדערונגען זענען נישטאָ, גיט ער אַ קאָמאַנדע און צוויי דייטשן שטעלן דעם געפֿאַנגענעם צוריק אַוועק אין דער ריי פֿון די זיבן. דער פּאָפּ האָט אַרויסגענומען אַ מעשענעם צלם, וואָס ער האָט זיך דאָ אַליין גע־מאַכט. ער האָט געהאַט צוויי, איינעם אַ קלייניקן און אַ צווייטן, אַ גרעסערן; האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני, אָנגעפֿאַנגען צו פּרע־פֿלען אַ תּפֿילה און צלמען זיך. איינער, אַ יונגער, האָט אָנגעהויבן שריי־ען צום קאָמענדאַנט:

— פֿאַשיסטישע באַנדע איר וועט פֿאַר אַלעם נאָך באַצאָלן! — אומגעדרייט זיך צו אונדז און געשריגן — נעמט נקמה פֿון דער מער־דער־באַנדע. זאָל לעבן סטאַלין, זאָל לעבן די רויטע אַרמיי!

אָבער ביי דער דייטשער מיליטערישער מאַשין האָט אַלץ געאַרבעט ווי אַ זייגער. צוויי דייטשן האָבן געפּרווט אויפֿהייבן דעם פּאָפּ. זיי האָבן אים מיט קראַפֿט אַוועקגעשטעלט, אָבער ער האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזן אויף די קני, ווידער געצלמט זיך. די איבעריקע זענען גע־שטאַנען ווי געליימט, נישט גערירט זיך פֿון אָרט.

מיר האָבן שפּעטער איבערגערעדט מיט איוואַנען, אַז זיי האָבן געקאָנט אין לעצטן מאָמענט פּרוּוון צו אַנטלויפֿן. צי עס וואָלט וועמען פֿון זיי געלונגען, צי נישט, פֿאַרלירן האָבן זיי סיי ווי נישט געהאַט וואָס. דערווייל הערט זיך אַ קאָמאַנדע. 7 דייטשן שטייען, די אַנדערע שטייען אויף די קני. זיי צילעווען, פּונקט ווי דאָס וואָלטן נישט געווען קיין לע־בעדיקע מענטשן, נאָר ציל־ברעטער.

— פֿייער! — און עס הערט זיך דער זאַלפּ. אַלע זיבן זענען אַני־דערגעפֿאַלן; אָבער דער, וואָס האָט אַקאָרשט געבעטן רחמנות ביים קאָ־מענדאַנט, הייבט זיך אויף און הייבט זיך ווידער אָן בעטן ביים קאָ־מענדאַנט. איינער פֿון די 14 שיסער גיט עפּעס אַ זאָג, קענטיק, אַז ער האָט געוואָלט בעטן מען זאָל דעם געפֿאַנגענעם לאָזן לעבן, ווייל די גאַנצע צייט האָט דער קאָמענדאַנט קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט. אין דעם מאָמענט האָט ער אַ געשריי געגעבן:

— אַכטונג!

און די 14 דייטשן האָבן ווידער אָנגעלאָדן די ביקסן. דאָס מאָל

האָט שיון דער קאָמענדאַנט אַליין אַ געשריי געטאָן: פּייער! עס האָבן ווידער אָפּגעהילכט 14 שאָסן. דאָס מאָל איז דער לעצטער געפאַלן, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים. פּראַנץ האָט אַרויסגענומען זיין רעוואָל־ווער, צו צו די דערשאָסענע, איינגעבויגן זיך, אָנגענומען ביי אַ האַנט, קענטיק, אַז ער האָט געטאַפּט דעם פּולס, אויפגעהויבן זיך און אויס־געשאָסן אין קאָפּ. אַזוי האָט דער מלאך המוות קאָנטראָלירט, צי אַלע זענען טויט. אויב ער האָט געצווייפלט, האָט ער אים געשאָנקען נאָך אַ קויל.

דאָס אַלץ האָט געדויערט נישט מער ווי 15 מינוט. יעדער פון אונדז האָט אָבער געשפּירט, ווי מיר וואָלטן ווידער איבערגעלעבט אַ שלאַכט. אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן לעבן, וועלן מיר עס נישט שענקען. ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט וועט מען ווידער לויפן, נישט נאָר צו ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, נאָר העלפן צו פאַרניכטן דעם נאַצישן מערדער, דעם באַרבאַר. אַלע זענען געווען נידערגעשלאָגן פון דער איי־גענער שוואַכקייט, פון אַלץ, וואָס מען האָט אין די עטלעכע מינוט אי־בערגעלעבט.

לאַנג טראַכטן האָט מען אונדז אָבער נישט געלאָזן. עס איז גע־פאַלן אַ באַפעל:

— אַלע צוריק אין באַראַק!

מיר האָבן געוווּסט, אַז עס איז דאָ אַ קאָלאָנע לאַסט־וועגענער, וואָס וואַרטן, אַז מען זאָל זיי אָנלאָדן. אָבער די נאַכט האָבן זיי אונדז נישט געפירט אויף אַרבעט. נישט געקוקט אויף זייער זיכערקייט קעגנ־איבער אונדז, אומבאַוואָפנטע זעלנער, האָבן זיי אָבער געוווּסט, אַז טייל־מאָל איז גענוג אַ פונק, אַז אַ פּולווער־פאַס זאָל אויפרייסן; און אַז אַט דער פונק קאָן גראַד היינטיקע נאַכט אויפרייסן. דעריבער האָבן זיי פאַרשטאַרקט די וואַך אַרום אונדזער באַראַק. אפילו די אוקראַאינער האָבן די נאַכט געגעכטיקט מיט אונדז. אויף מאָרגן אין דער פרי האָבן זיי אונדז אויפגעוועקט מיטן זעלבן „לוס! לוס!". די לאַסט־וועגענער שטייען און קיינער, אויסער אונדז, האָט זיי נישט אָנגעלאָדן. די שאָ־פערן אַליין זענען, קענטיק, געווען אויפגעבראַכט פון דערמאָרדן אומ־שולדיקע 7 סאָלדאַטן. אָבער צופיל רעדן האָבן זיי אַליין מורא געהאַט. אַ סך פון זיי האָבן אונדז אַוועקגעגעבן זייערע גאַנצע לעבלעך ברויט. איניקע האָבן אויסגעשאָטן ביי אונדז אין די הענט דעם גאַנצן טאַבאַק פון זייערע פושקעס, אפילו ציגאַרן האָבן זיי אַנדערע געגעבן. די היטער אונדזערע, אפילו די שלעגער, האָבן אין דעם פרימאָרגן נישט געשלאָגן. מעגלעך, זיי האָבן עס געטאָן נישט אויס רחמנות, נאָר אויס מורא. ווייל אין אַ מינוט פון פאַרצווייפלונג, קאָן מען אפילו מיט די ליידיקע הענט אויך דערווערגן.

איך און איוואַן האָבן גראָד קיין זאַך נישט געקריגן. אונדזער גרו־

פע איז שוין געווען פאַרנומען מיטן באַגראָבן די 7 קרבנות. ביים אויס־לײדיקן די קעשענעס פון פאָפּ, האָט מען געפונען אין דער גימנאַסט־יאַרקע, אויף דער לינקער זייט, צונויפגעדרייט אין פּירן, דורכגעלעכערט פון אַ קויל, די הייליקע מאַריע באַשפּריצט מיט בלוט. כאָטש די מערס־טע פון אונדז זענען נישט געווען קיין גלויביקע, האָט דאָס בילדל פון דער הייליקער מאַריע, באַשפּריצט מיט בלוט, געמאַכט אויף אונדז אַ קאָ־לאָסאַלן רושם. עס איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. די דייטשע פאָסטנס, וואָס האָבן אונדז געהיט, האָבן עס באַמערקט. זיי האָבן זיך אָבער געמאַכט נישט זעענדיק.

אין אָוונט איז דאָס בילדל, פאַרבלוטיקט, געפונען ביי אַ מענטשן, וואָס האָט געפּרייגדיקט, אַז עס זאָל זיין פרידן אויף דער וועלט, אַנגע־קלעפּט געוואָרן אויף דער טיר פון באַראַק אינעווייניק. מיר פלעגן אָפּט־מאָל בלייבן שטיין מינוטן לאַנג. ביז אייגמאָל, קומענדיק פון דער אַר־בעט, האָבן מיר מער שוין נישט געזען הענגען דאָס בלוט־באַשפּריצטע בילדל פון דער „הייליקער מוטער". מיר האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט ווער עס האָט עס אַרונטערגענומען. דאָס איז געווען דער באַשולדיקונג־אַקט קעגן קאָמענדאַנט פון אַמוניציע־לאַגער, הויפּטמאַן פאָן היינץ. ער לעבט נאָך ערגעץ אין דייטשלאַנד. איך אַליין וואָלט אים דערקענט. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז די אַלע מאָרדן זענען געווען גע־נוי אָרגאַניזירט.

מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט אַ גוטן דייטש, ערב דער מפּלה פון סטאַלינגראַד. איך האָב אים דערוויזן, אַז עס איז אוממעגלעך, אַז דייטשלאַנד זאָל געווינען די מלחמה, איבערהויפּט ווען אַמעריקע איז אַריין אין קריג. ער האָט אַ פּיר געטאָן די האַנט איבערן האַלדז און גע־זאָגט, אַז אויב זיי וועלן פאַרלירן דעם קריג, וועט מען זיי אַלע דאַרפן אויפהענגען פאַר זייערע פאַרברעכנס.

אין לאַגער האָבן אָפּט פּאַסירט פאַלן פון צעברעכן אַ האַנט, אַ פוס, דיזענטעריע־קראַנקייטן. אַזעלכע האָט מען גלייך אָפּגעשיקט אין לאַזאַרעט פון צענטראַל־לאַגער אין אַרשע. די דיזענטעריע־קראַנקע האָט מען איזאַלירט. אויף זיי האָט געוואַרט אַ זיכערער טויט. סיידן זיי פלעגן סימולירן דיזענטעריע, אָדער מען האָט געקריגן אַ לויפעניש, אָדער אַ פאַרשטאָפּונג, פון עסן נישט דערקאָכטע שפּייז. איך מיט איוואַנען האָבן שטענדיק דערקאָכט דאָס עסן אינעם קעסעלע ביז ס'איז פאַרטיק גע־וואָרן. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, ביים שטיין און היטן דאָס קעסעלע, איז געקומען צו שלייכן אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין. האָב איך אים אַ זאָג געטאָן:

— טשעפּע נישט! וועסט קריגן אַ טראַסק אין די ציינער!

האָט ער זיך אָפּגעטראָגן. אָבער אַז ער האָט געשפּירט, אַז ער איז נישט שוואַכער פון דיר, אָדער אַז ער איז נישט אַליין, איז ער נישט אָפּ־

געטראָטן. זיי האָבן אָבער געוווּסט, אַז אויב דער "באַראַדאַ" זאָגט: טשעפּע נישט, דאַרף מען בעסער נישט טשעפּען. נאָר נישט איין מאָל, אַז איוואַן פלעגט בלייבן אַליין, פלעג איך פלוצים הערן:

— גרישאַ, סקאַרעי.

און דאַן האָט מען שוין נישט געדאַרפט היטן דאָס קעסעלע, נאָר ראַטעווען עס פון אַנדערע הונגעריקע, אַפּרייסן פון מויל, אַ לײדיקס. דער שולדיקער האָט שוין פאַרשפּאַרט אַ צווייטן מאָל עס צו טאָן. אָבער דאָס האָט פּאַסירט זייער זעלטן. מערסטנס זענען עס געווען פון די בײַ־געקומענע. דער לאַגער איז געווען נישט קיין גרויסער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיך שוין געקענט.

איצטער, אַז ס'האָט ווער געוואָלט סימולירן דיזענטעריע, איז גע־נוג געווען אַ לויפּעניש. צום קאָנטראָלירן איז געווען אַן אָבער־געפרײ־טער. מיר האָבן אים גערופן דאָקטער. די דײַטשן — סאַניטער. ער האָט עס געדאַרפט באַשטימען די קרענק. ער איז געקומען קוקן. איז געווען אַזאַ סיסטעם — דער געפאַנגענער האָט געדאַרפט אַרויסגיין לעבן וואַטער, אויפן שניי, און דאַן רופן דעם דאָקטער. אונדזערע געפאַנגענע פלעגן זיך פּשוט איינשניידן, ס'זאָל בלייבן שפּורן פון בלוט אויפן שניי. און דאָס האָט געקלעקט. ביי אונדז אין לאַגער האָט מען אָבער שרעקלעך מורא געהאַט פאַר קאַראַנטין אין צענטראַל־לאַגער, סיידן ביסט געווען זיכער, אַז וועסט קאָנען אַרויסגיין פון דאָרט. געקאָנט האָט מען עס מאַכן, אויב מען איז טאַקע נישט געווען קראַנק, אויב די קראַנקייט איז געווען אַ סימולירטע, ווייל דאָרטן איז שוין געווען אַ ריכטיקער דאָק־טער, אַ סאָוויעטישער, אָפּטמאָל נישט קיין בעסערער ווי די דײַטשן, טיילמאָל אפילו ערגער. איך וועל דערנאָך דערציילן פון אַ פאַל, ווען אין אַ לאַזאַרעט האָט אַ דאָקטער דערקענט מיינעם אַ חבר, אַ ייד, און דער דאָקטער האָט אים איבערגעגעבן צו די דײַטשן.

צו זיין געזונט איז נישט גענוג געווען אַרויסצוגיין פון קאַראַנ־טין. אָדער דו האָסט געמוזט האָבן אַ באַקאַנטן, אָדער מיט וואָס נישט איז אונטערקויפן די אויפזעער, אָדער דעם דאָקטער. אַלץ איז געווען גוט. קיין גאָלד און וואַלוטע האָט קיינער נישט געהאַט. זעלטן ווער עס האָט געהאַט אפילו אַ זייגער. זייגערלעך האָט מען געפונען צווישן די געפאַנגענע, איבערהויפּט צווישן די פרישע, די, וואָס האָבן זיך נאָך געשלאָגן קעגן די דײַטשן אין חודש דעצעמבער, ביי מאָסקווע. קיין סך געפאַנגענע זענען נישט געווען פון די נייע, אָבער זייגערס האָבן זיי געהאַט ביי זיך, כמעט ווי אַלע. אַנדערע האָבן געהאַט צו 3, 4 זייגערס. ביי איינעם האָט מען אפילו געפונען 9 זייגערס: דײַטשע, טשעכישע, פראַנצויזישע, שווייצאַרישע, אַראָפּגענומען פון די טויטע דײַטשן לעבן מאָסקווע. און טויטע זענען דאָרט געווען אין די טויזנטער. מיר האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז אונדזערע בעסטע פריינט זענען... די טויטע דײַטשן.

אין עטלעכע טעג אַרום, נאָכן דערשיסן די 7 געפאַנגענע, איז אַוועק איין דייטשער אונטער־אָפיציר, וואָס האָט זיך ביי אונדז גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע; מיר פלעגן אים רופן: דער גוטער האַנס. ער האָט עס געבראַכט פון צענטראַל־לאַגער די גרופּע געפאַנגענע, אַוועקגעפירט פאַר איינס די קראַנקע, אָדער פאַרווונדעטע. ער איז דאָס געווען איינער פון די 14, וואָס האָבן דערשאָסן די 7 געפאַנגענע; ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט זיך געוואָלט איינשטעלן, מען זאָל לאָזן לעבן דעם פאָטער פון די פיר קינדער. ער האָט זיך געבעטן רחמים ביים קאָמענדאַנט. דערפאַר, וואָס ער האָט געבראָכן די דיסציפּלין מיט איין איינציקן וואָרט, האָבן דער קאָמענדאַנט און פראַנץ אים נישט ליב געהאַט; ווייל ער איז זיך באַגאַנגען אַביסל מענטשלעכער מיט די געפאַנגענע. דערפאַר טאַקע האָט מען אים אינגיכן אָפּגעשיקט אויפן פראָנט.

פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער אַלץ דערציילט די אוקראַאינער און שפּע־טער האָבן מיר זיך פון זיי דערוווּסט אַלע פּרטים וועגן דער דערשיסונג, און ווי אַזוי ער, האַנס, האָט זיך געפונען צווישן די, וואָס האָבן געשאָסן די 7 געפאַנגענע: ווען פראַנץ האָט דורכגעפירט די קאָנטראָל פון לאַגער נאָכן אַנטלויפן פון די רוסן דעם 1־טן יאַנואַר 1942, און ער האָט פעסט־געשטעלט, אַז עס פעלן 7 מאַן, האָט ער קודם אַרויסגעשיקט אַ גאַנצע אָפּטיילונג פון 30 דייטשן אויף די שפּורן פון די אַנטלאָפענע. זיי האָבן פעסטגעשטעלט, אַז פון מאָמענט פון זייער אַנטלויפן ביזן מאָמענט פון אָנהייבן די זוכעניש, איז אַריבער אומגעפער 10 שעה. די זעלבע נאַכט האָט געשנייט, די שפּורן האָט מען געפונען ביז 8—900 מעטער פון לאַגער. פון דאָרט גייט אַ וועג. מיט גרויסע שוועריקייטן, האָבן זיי פעסטגעשטעלט, אַז די גרופּע האָט זיך פונאַנדערגעטיילט, איינע אויף לינקס און איינע אויף רעכטס. דער וועג גייט אין דער ריכטונג פון אַעראָדראָם, און שפּעטער טיילט ער זיך פונאַנדער אין עטלעכע ריכ־טונגען. דער וועג, וואָס פירט לינקס, גייט צו אַ דאָרף, 4 קילאָמעטער פון לאַגער. אָבער פאַרן דורכשניידן דאָס דאָרף, גייען די וועגן אַוועק אין דריי פאַרשיידענע ריכטונגען. דאָס זענען דאָרפישע וועגן. קיין אויטאָס גייען דאָרטן נישט. דער שניי אויפן וועג גרייכט ביז צו די קני. אָפּט זעט מען אינגאַנצן נישט קיין וועג. מען אָריענטירט זיך קוים לויט די טעלעפאָן־סלופּעס, כאָטש קיין דראָטן זענען מער נישטאָ. און אויב עס זענען פאַראַן דראָטן, האָט מען נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער קע־נער, כדי צו וויסן, אַז די ריכטונג איז פאַר אַן אַנטלאָפענעם געפאַנ־גענעם געפערלעך, ווייל ער פירט צו אַ געוויסן גרויסן דאָרף, צו אַ גרויסן קאָלכאָז. דאָרט זענען, געוויינלעך, איינגעשטאַנען דייטשע גאַר־ביזאָנען.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זענען די 30 דייטשן צוריקגעקומען מיט... ליידיקע הענט. דער קאָמענדאַנט, דער עלטסטער לויטן גראַד, האָט אַריינ־גערופן פראַנצן. ווייליש איז געווען אַ פעלדפעבל, אין די מיטעלע יאָרן.

מען האָט אים גערעכנט פון די נישט שלעכטע. ער איז געווען — ווי אַמאָל. און האַנסן? פאַרוואָס גראָד האַנסן, ווייס ער אַליין נישט.

מיר, צווישן זיך, האָבן גערעדט און באַטראַכט, אַז דער קאָמענדאַנט האָט עס, קענטיק, ספּעציעל געמאַכט, כדי ער זאָל שפּעטער האָבן אַ פּרעטעקסט פּטור צו ווערן פון האַנסן. וואָס מער מיר האָבן זיך באַקענט מיט די פּרטים פון יענער באַראַטונג, אַלץ מער זיכערער זענען מיר גע־ווען אין אונדזער היפּאָטעזע. און אָט וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט: דער קאָמענדאַנט האָט פאַרגעלייגט זיין פּלאַן, גאַנץ פּשוט — ער וויל דערשיסן אַנדערע 7 געפאַנגענע, כדי אָפּצושרעקן דעם לאַגער, אַז אַזעל־כע פאַלן זאָלן מער נישט פּאַסירן. איצטער — האָט ער געפרעגט — וויל איך וויסן אייער מיינונג. צוערשט האָט ער געפרעגט פראַנצן. פראַנץ איז געווען פאַר דעם, אַז מען זאָל דערשיסן 14 מאַן, דאָס הייסט 2 פאַר יעדן איינעם. דערנאָך האָט מען געפרעגט ווילישן. וויליש האָט גע־ענטפערט, אַז ער איז אַ סאָלדאַט, אַז ער וואָלט געקאָנט זיין אויפן פראָנט, וואָלט ער נישט געדאַרפט ענטפערן. אָבער אַלס מיליטערמאַן, וועט ער אויספירן יעדן באַפעל. באַפעל איז באַפעל! דערמיט האָט ווי־ליש געענדיקט. און צולעצט האָט מען געפרעגט ביי האַנסן. האַנס איז געווען קעגן דערשיסן די געפאַנגענע. „די געפאַנגענע — האָט ער גע־זאָגט — אַרבעטן ערלעך, און נישטאָ צווישן זיי קיין יידן און קיין קאָ־מיסאַרן. אַז מען וואָלט געכאַפּט די, וואָס זיינען אַנטלאָפן, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש"... דערביי האָט ער נאָך צוגעלייגט אַ וואָרט, וואָס ביז דאַן האָבן מיר עס נישט געוווּסט: אַז עס איז דאָ אַ באַפעל פון דער אויבערקאָמאַנדאָ פון דער ווערמאַכט, און פון פירער, אַז יעדער אַנטלאָ־פענער און געכאַפּטער סאָוויעטישער קריגס־געפאַנגענער דאַרף זאָפאָרט ליקווידירט ווערן.

צום ערשטן מאָל האָב איך עס געהערט — ליקווידירן! ער האָט דערציילט, אַז די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט געדויערט 18 מינוט, פּונקט אויפן זייגער. דער קאָמענדאַנט מיט פראַנצן זענען איבערגעבליבן, און וויליש מיט האַנסן זענען אַוועק; אַז אַלץ איז געווען צוגעגרייט, מיט אַלע איינצלהייטן. 9 אַזייגער אין אָוונט האָט מען אויסגעשטעלט דעם גאַנצן גאַרניזאָן, אפילו די ביוראָ־שרייבער, אפילו דעם קוכער. דער קאָמענ־דאַנט האָט זיי געמאָלדן דאָס, וואָס ער גייט דורכפירן. דערביי האָט ער געפרעגט, ווער עס וויל זיין פריייוויליק צו דערשיסן די 7 מאַן. נאָר 5 מאַן זענען אַרויסגעטראָטן. קענטיק, אַז דער קאָמענדאַנט האָט עס פאַרויסגעזען. האָט ער אַרויסגענומען אַ צעטל פון טאַש און לויט אים אויסגערופן נאָך 9 מאַן, און צווישן זיי אויך — האַנסן.

קאפיטל 8

# דער סוף פון מערדער פראנץ

די אַרבעט אין וואַיען־גאַראַדאָק האָט זיך געצויגן דערנאָך אַן גרויסע ענדערונגען. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, דעם 16־טן יאַנואַר, זענען אָבער ווידער אַנטלאָפן 2 געפאַנגענע, און מיר האָבן איבערגעלעבט אַ טאָג פון טויט־שרעק. קענטיק טאָקע, אַז דאָס איז געווען ריכטיק, וואָס האַנס האָט אונדז דערציילט פאַרן אַוועקפאָרן אויפן פראָנט, אַז דער קאָמענדאַנט פון אונדזער לאַגער האָט געקראָגן אַן אויסרייד פאַרן דער־שיסן די 7 ערוביניקעס; אָדער סתם — ווייל ער האָט געדאַרפט אַרבעטס־קראַפט און געפאַנגענע פלעגט ער שווער קריגן אין די לעצטע צייטן. אָבער באַשטראָפט האָט ער דאָסמאָל ווידער דעם גאַנצן לאַגער. מ׳האָט גערעדט צווישן זיך, אַז בעסער וואָלט שוין געווען זיי זאָלן אָפּקלייבן צום דער־שיסן, איידער פאַרהונגערט ווערן צום טויט. אַז מען האָט יענעם געפרעגט:

— אפשר וואָלט דער גורל געפאַלן אויף דיר?

האָט יענער, נישט איבערטראַכטנדיק אפילו, געענטפערט:

— איידער אַזאַ לעבן, איז שוין בעסער דער טויט.

איך מיט איוואַנען האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַ מיטל ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון לאַגער. די געשיכטע מיט דער דיזענטעריע האָבן מיר געוווּסט, און מיר האָבן געטראַכט, אַז אַזוי לאַנג וועט עס נישט אָנגיין; אַז די געשיכטע וועט דערגיין צום קאָמענדאַנט, וועט ער געפינען אַ מיטל צו קאָנטראָלירן; און פּאָר סימולאַציע, האָבן מיר געוווּסט, אויף וואָס אונדזער קאָמענדאַנט איז פעאיק.

איך בין אַ בלעכער פון פאַך. אָפטמאָל האָב איך געמאַכט פון קאָנ־סערוון־שאַכטלעך קעסעלעך, און האָב זיי פאַרקויפט. איך האָב פאַר זיך אַליין געמאַכט אַ קעסעלע, איז עס געווען אַ שיינקייט צו קוקן. דאָס איז געווען געמאַכט פון אַ פאַטראָנען־קעסטל, דאָס הייסט, שטאַרקערע בלעך, מיט אַ דעקל, געווען גרויס, צוזאַמען אויף דריי פערזאָן. אין דעם קעסעלע טאָקע האָב איך מיט איוואַנען געקאָכט אונדזער עסן. דריי מאָל האָט מען עס געהאָט צוגעגנבעט, איין מאָל מיטן עסן צוזאַמען, און צוויי מאָל — אַ ליידיקס. צוויי מאָל האָבן מיר עס געפונען אונטער די נאַרעס פאַרשטעקט, און דאָס דריטע מאָל האָבן מיר עס געפונען אין דער פרי אין קלאָזעט. יענער האָט עס אַ כאַפּ געגעבן אין דער איין איינציקער סעקונדע, ווען איוואַן שטייענדיק ביים פייער, האָט זיך אומ־געדרייט, אַ געשריי געגעבן: „גרישאַ, קום אַהער!". ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט, איז שוין געווען צו שפּעט. איידער איך בין צוגעגאַנגען, האָב איך נאָך געהערט דעם בעסטן רוסישן זידל־וואָרט, די לייבן־שטימע פון איוואַנען. ער איז געווען אַ מאַגערער, איוואַן, אָבער אַ שטימע האָט

ער געהאַט פון אַ לייב. דער עיקר, מען האָט געזוכט אויף רעכטס און אויף לינקס און — קיין זכר נישט.

אין אָוונט האָבן מיר זיך געלייגט שלאָפן אָן עסן. אָבער אַ פּאָר פון אונדזער גרופּע האָבן אונדז געליען אַביסל פון דער שמוציקער זופּ, מיט קליינע שטיקלעך ברויט. צוערשט האָט מען דאָס ברויט אָפּגעווויגן. אַנטקעגן האָט מען אַוועקגעלייגט אונדזערע צוויי לעפּעלעך, און אויף דער אַנדערער זייט — איין שטיקל ברויט פאַר איוואַנען, און דאָס צווייטע — פאַר מיר.

די לעצטע צייט זענען צו אונדז אין לאַגער אָנגעקומען צוויי טראַנספּאָרטן נייע געפאַנגענע. דאָס הייסט, זיי זענען אַריינגעפאַלן סוף דעצעמבער, אָנהייב יאַנואַר 1942. זיי האָבן נאָך גוט אויסגעזען, אַ סך בעסער ווי מיר אָנגעטאָן, און, פאַרשטייט זיך, געזונטער פאַר אונדז. מיר זענען שוין געווען אַלטע עקספּערימענטירטע „פלעגניקעס", און זיי האָבן נאָך דערווייל נישט דערשפּירט דעם ריכטיקן טעם וואָס דאָס הייסט — דייטשע געפאַנגענשאַפט. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן לעבן אין סאָוויעטנפאַרבאַנד פאַר דער לעצטער צייט, וואָס מיר געפינען זיך אין געפאַנגענשאַפט. זיי האָבן אויך אונדז דערציילט, אַז גרויסע קוואַנטומס פון עסנוואַרג און געווער קומט פון אַמעריקע, פון ענגלאַנד, איבערהויפּט — אַעראָפּלאַנען, טאַנקען. מיר האָבן געטראָפן אַזעלכע, וואָס דעם 10־טן דעצעמבער זענען זיי נאָך געווען אין מאָסקווע, און געקומען זיינען זיי אַזש פון די כינעזישע און יאַפּאַנישע גרענעצן.

איינע אַזאַ גרופּע איז געווען אַ דריילינג, דריי חברים, וואָס זענען אַלע געקומען פון דער מאָנדזשורישער גרענעץ. אַלע דריי אין דער זעלבער ראָטע, אַלע דריי אַריינגעפאַלן צו די דייטשן, גייענדיק אין אויסשפּיר. איצט זענען זיי אַלע דריי ביי אונדז אין לאַגער. מיר האָבן באַמערקט, אַז זיי זענען רואיק, האָבן וואָס צו רויכערן. און זיי האָבן עס געוואָרפן אָן אויג אויף אונדזער קעסעלע. נאָך עטלעכע טעג אונטערהאַנדלען, זענען מיר געקומען אויף אַ פּרייז. זיי גיבן אונדז אַ זייגער מיט אַ ציגאַר און מיר גיבן זיי דאָס קעסעלע מיט אַ לעבל ברויט. אַזוי אַרום אַז מיר זענען געבליבן עטלעכע טעג איינגאַנצן אָן ברויט. אָבער אָט האָבן מיר אַ גרויס פאַרמעגן — אַ ציגאַר, אַ זייגער. גייען גייט ער סיי ווי נישט, עפּעס אָן אַמעריקאַנער. חוץ דעם — צוויי פּאָר לאַפּטשעס, פון שטריק. פון די בעסטע ספּעציאַליסטן צו מאַכן לאַפּטשעס זענען געווען די רוסן; און קונים אויף לאַפּטשעס איז שטענדיק געווען. די דייטשן גופא האָבן עס אויסגעכאַפּט; ווייל אַז דער פראָסט פלעגט אַ קלאַפּ טאָן ביז איבער 40 גראַד, זענען זיי געקומען זוכן לאַפּטשעס. מיר האָבן זיי געמאַכט לאַפּטשעס פון שטרוי, וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן אויף די שטיוול.

מיר האָבן אָבער באַשלאָסן וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם־אַ

פאַרשאַלטענעם לאַגער. אונדזער פּלאַן איז געווען אַ פּשוטער: קודם ווי־דער אַריינפאַלן אין צענטראַל־לאַגער פון אַרשע, זאָל אפילו זיין אין קאַראַנטין. און דאַן וועלן מיר ווידער זען וואָס ווייטער צו טאָן, ווייל לאַנג, האָבן מיר געפילט, וועלן מיר דאָ נישט אויסהאַלטן. ס'איז שוין סוף יאַנואַר. מיר לייגן עס אָפּ פון טאָג אויף טאָג, ווייל מיר ווייסן די גרויסע ריזיקע, וואָס מיר גייען מאַכן. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער קאָפּ ווערט אָפּגעטעמפּט פון הונגער, ווייסן מיר גאַנץ גוט אונדזער לאַגע. מיר זענען ביידע אָפּגעשוואַכט. פון אַ געוויינלעכער לויפעניש איז זייער לייכט צו כאַפּן אַ ריכטיקע דיזענטעריע.

צווישן די אויפפּאַסער איז געווען אַ דייטש אין די מיטעלע יאָרן, פון 55 ביז 58 יאָר. ער האָט קיין סך נישט געשריגן, נישט צופיל גע־רעדט. אַז ער איז געבליבן מיט אונדז אַליין, ביי דער אַרבעט, אַן אַ העכערן ראַנג פון זיך, האָט ער געזאָגט:

— לאַנגזאַם! לאַנגזאַם!

אַ טבע געווען ביי די געפאַנגענע צו בעטן ביי יעדן ברויט, אָדער רויכערן. דער דייטש האָט נישט ליב געהאַט, אַז מען בעט ביי אים. ער האָט זיי געטריבן פון זיך. אָבער אַליין האָט ער דערנאָך צוגערופן אַ געפאַנגענעם און אים געגעבן אַביסל טאַבאַק, אַמאָל אַ שטיקל ברויט. ער האָט עס אַלץ צעטיילט אויף צוויי, אויף דריי חלקים.

פאַר די צוויי חדשים, וואָס איך בין געווען אין לאַגער, האָב איך קיין איין איינציק מאָל נישט גערעדט מיט קיין דייטש. איך האָב מורא גע־האַט, איבערהויפּט, אַז איך האָב געהערט, ווי דער אוקראַינער רעדט דייטש, דאָס הייסט, מער יידיש ווי דייטש. פריער בין איך געווען זי־כער, אַז איך רעד אַ גוטן דייטש, אָבער אַז איך האָב זיך צוגעהערט ווי ער רעדט, האָב איך פאַרלוירן די זיכערקייט, און בין געווען פאַר־זיכטיק. אָבער דאַסמאָל, ווען מיר האָבן געמאַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַרויסצורייסן זיך פון דעם לאַגער, וועל איך פּרווון מיין מזל. צו דעם האָט אונדז געגעבן אַ שטויס דער לעצטער פאַרפאַל אין לאַגער.

מיר אַרבעטן געוויינלעך ביים אויסלאָדן וואַגאָנען, און מיר רעדן צווישן זיך, אַז שוין לאַנג זענען נישט געקומען קיין נייע געפאַנגענע. דאָס איז געווען דעם 2־טן פעברואַר, 1942, אַ זונטיק. אַ קאַלטער, פינצטערער טאָג, און אויפן האַרצן איז נאָך פינצטערער. קיין גוטע פאַרגעפילן האָבן מיר שוין לאַנג נישט געהאַט. מען האָט פאַרגעסן ווי עס זעט אויס אַ שמייכל. סיי אויף מיטאָג, סיי פון דער אַרבעט פלעגט דער וועכטער ביים אַרויסגאַנג אין אַמוניציע־לאַגער, דורכלאָזן. דער טויער האָט זיך פאַרמאַכט פּונקט ווי ביי די אייזנבאַנער, דאָס הייסט, מיט אַ שטאַנג... אַ געפאַנגענעם, אפילו אַן אוקראַינער, איז געווען פאַר־באָטן אַליין אַדורכצוגיין, נאָר מיט אַ פּאָסטן. אַז ס'איז געקומען מי־טאָג־צייט האָט דער ערשטער פּאָסטן געגעבן דריי קלעפּ מיט אַ שטיק

אייזן אין אַ רעלס, האָט מען שוין געוווּסט, אַז ס'איז צייט צו גיין אויף מיטאָג. איז מען געגאַנגען צום באַראַק נאָכן ביסל באַלאַנדע מיטן שטיקל ברויט. אין אָוונט — דאָס זעלבע. דאָס זעלבע אויך — אין דער פרי. צום באַראַק איז מען געגאַנגען מיט מער חשק ווי פון באַראַק. פון באַ־ראַק איז מען אַרויס מיט אַ הילצערנער באַמבאַרדיראָווקע פון די דייטשן מיט זייערע געהילפן. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר די אוקראַינער ביי אונדז דאָ אין לאַגער זענען געווען נישט קיין שלעכטע. זיי האָבן טאַקע געשריגן, געהאַקט מיט די שטעקענער אין די ברעטער, און זעלטן ווען אַ קלאַפּ געטאָן. עס זענען געווען פאַלן, ווען זיי האָבן גע־פרעגט:

— האָסט אַנגעשטאָפּט שטרוי אין דער פּילאַטקע, אָדער אין רוקן?

דאָס הייסט, דער קלאַפּ זאָל נישט אַזוי ווי טאָן. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע האָבן געהאַט אָנגעשטאָפּטע רוקנס מיט שטרוי. ס'איז טאַקע געווען וואַרעמער אויך.

מיר אַרבעטן אַזוי ביז עס ווערט מיטאָג. דער ערשטער פּאָסטן האָט געגעבן אַ קלאַפּ מיטן שטיק אייזן אין רעלס, און די אַנדערע 5 פּאָסטנס טיף אין וואַלד האָבן געענטפערט מיטן זעלבן צייכן. מ'האָט דערציילט, אַז פריער זענען געווען נאָר דריי אַזעלכע פּאָסטנס. נאָך פאַר אונדזער קומען האָט פּאַסירט, אַז אין אָוונט, פאַרן ענדיקן דעם טאָג, איז פּלוצים געוואָרן אַ זאַווערוכע, אַ ווינט מיט אַ שניי, און צוויי גרופּן האָבן נישט געהערט דעם סיגנאַל. ביים אַריינגאַנג אין לאַגער האָט פּראַנץ קאָנטראָ־לירט די צאָל פון יעדער גרופּע און די צאָל גרופּן. דער עיקר, עס האָבן געפעלט 2 גרופּן. ער וואַרט אַ האַלבע שעה, אַ שעה. קיינער קומט נישט. דער ווינט קערט מעשים, דער שניי הערט נישט אויף צו פאַלן. מען זעט נישט פאַר־זיך פון צוויי מעטער. וואָס טוט זיך דאָ? דער קאָמענ־דאַנט מיט דער גאַנצער סוויטע זענען ביי אונדזער טויער. האָט ער דערלאַנגט אַ באַפעל מען זאָל קלאַפּן אין אייזן פינף מאָל. אַנדערע ענטפערן, און קיין מענטשן זעט מען נישט.

עס איז אַריבער שוין דריי און אַ האַלבע שעה. דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. דער קאָמענדאַנט שיקט אַרויס 5 גרופּן דייטשן, יעדע גרופּע מיט 2 פּאַנאַרן, ווייל ס'איז פינצטער. אין אַ שעה אַרום האָט מען געבערענגט די 2 גרופּן. וואָס האָט פּאַסירט? זיי האָבן נישט געהערט דעם סיגנאַל פון אייזן אין רעלס. דערנאָך איז געוואָרן דער שטורעם מיטן ווינט, האָבן זיי מורא געהאַט צו פאַרבלאָנדזשען. און דאָס וויכ־טיקסטע האָט מען זיך דערוווּסט — זיי האָבן מורא געהאַט אין דער פינצטער אַרויפצוקריכן אויפן צוים, ווייל דער צוים איז געווען מינירט. צומאָרגנס האָט דער קאָמענדאַנט באַזאָרגט נאָך צוויי פּאָסטנס, און עס זענען שוין געווען 5 קלונג־פּאָסטנס.

עס קלינגט. מיר כאַפּן אונדזערע קעסעלעך. דער פּאָסטן גיט אַ קוק אויפן זייגער. ער זעט אַז אַנדערע גרופּן שטעלן זיך אויס צו גיין

אין לאַגער. ער הייסט אונדזער גרופּע אויך אויסשטעלן זיך און מיר גייען. עס איז געווען צו גיין אַן ערך 6, אָדער 700 מעטער ביזן לאַגער. גייענדיק זאָגן אַנדערע, און אויך איוואַן, און איך אַליין פּיל עס אויך, אַז דער האַלבער טאָג היינט איז אַ סך קירצער ווי געוויינלעך. מען דער־בענטערט זיך צום לאַגער, און עס ווערט אונדז פינצטער אין די אויגן. פון אַלע זייטן איז דער לאַגער אַרומגערינגלט פון דייטשן אין זייערע קאַסקעס. און אַז זיי זענען אין קאַסקעס, איז שוין גאַרנישט קיין גוטער סימן.

מיר גייען דורך דורכן טויער. קיין שום קאָנטראָל, אָבער צו דער קיך גיין לאָזט מען נישט. מען פילט, אַז עפּעס געשעט, עמיץ פעלט אוודאי, אָבער ווער — כאַפּן מיר זיך נישט. מען טרייבט אַלעמען אַריין אין באַראַק. און מיר דערזעען אַ גרופּע נייע געפאַנגענע. מען לאָזט אונדז נישט צו צו זיי. עס קומט אַריין דער קאָמענדאַנט, און מיר ווייסן נאָך אַלץ נישט וואָס עס האָט פּאַסירט. מען הייסט זאָפאָרט אַלעמען זיך אויסשטעלן, און דער קאָמענדאַנט האַלט פאַר אונדז אַ רעדע. פון זיין דרשה פאַרשטייען מיר, אַז איינער פון די געקומענע — מיר ווייסן נאָך דערווייל נישט ווער דאָס איז — האָט דערהרגעט אַ דייטשן מיליטער־מאַן, און דערפאַר וואָלט ער געדאַרפט אויסשיסן מינדעסטנס 50 מאַן פון אונדז. אָבער אַזוי ווי די איבעריקע גרופּן זענען געווען ביי דער אַרבעט, זאָגט ער, אַז זיי טראָגן נישט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער קלייבט דעריבער אויס פון דער נייער גרופּע 5 מאַן, און זיי וועלן דער־שאָסן ווערן.

די גרופּע פון די ניי־געקומענע שטייען אין אַ ליניע. ער גייט צו צו דעם ערשטן. עס שטייט אַן אוקראַאינער, נישט פון די פרישע. ער זאָגט צו אים, אַז ער זאָל אַרויס פון דער גרופּע. מיינט ער, אַז ער הייסט אים אָפּטרעטן, כדי ער זאָל נישט זיין צווישן די, וואָס ער וועט אָפּ־קלייבן. זאָגט אים אָבער דער קאָמענדאַנט :

— דו ביסט שולדיק אין דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט. דו קענסט דיינע מענטשן און דו האָסט עס דערלאָזן !

דער אוקראַאינער וויל זיך פאַרטיידיקן, אַז ער קען זיי איינגאַנצן נישט.

— שווייגן ! — שרייט דער קאָמענדאַנט — פאַרפלוכטער הונט !

און די נעכטיקע חברים זיינע, די דייטשן, גיבן אים גלייך אַ נעם. און עס שטייען שוין ווידער 10 דייטשן. ביי זיך טראַכטן מיר, אַז ער וועט ווידער דערשיסן 5 אומשולדיקע מענטשן. דער אוקראַאינער איז געווען דער ערשטער, ציילט ער ווידער ביז 5, און יעדן פינפטן נעמט מען אַרויס פון דער ריי. זיי זענען שוין אַרומגערינגלט, אָפּגעטיילט פון אונדז, מען פירט זיי אַרויס. ביי אַלעמען ציטערט די הויט אויפן לייב. מיר קענען די מערדער. אַז זיי האָבן נאָר אַ געלעגנהייט, וועלן זיי אַלץ דורכפירן, און מיט געניויער פּינקטלעכקייט.

אונדז האָט מען דאָס מאָל נישט אַרויסגעטריבן, נאָר פּאַרקערט, נישט געלאָזן קיינעם אַרויסגיין. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר געהערט אַ זאַלפּ, און שפּעטער, איינצלנע, באַזונדערע שאָסן. מיר זענען געבליבן ווי פּאַראַליזירט. מיר האָבן קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, נאָר געפילט, ווי מען וואָלט דערמאָרדעט אונדזערס אַ ברודער. און פּאַרוואָס? ווײַל איינער פון אונדז האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, האָט זיך נישט גע־לאָזן שלאָגן און געוואָגט צו דערהרגענען אַ "ריינעם" אַריער, אַן אױ־בער־מענטש... פון אונדזער אייגענער שוואַכקייט, האָבן מיר דערפילט אַזאַ אומעט אויפן האַרצן, עס האָט געגעסן די נשמה.

אזוי איז אַריבער אפשר דריי שעה. פּלוצלונג, מען גייט. ווייליש מיטן דאַלמעטשער. די ערשטע זאַך, זאָגט ער, זאָל אַרויסגיין די נייע גרופּע. די צווייטע גרופּע זאָל אַרויסגיין די פון קיך. ווייליש זאָגט, אַז די נייע גרופּע זאָל זיך גרייטן צו דער אַרבעט, פאַרבייגייענדיק וועלן זיי קריגן דאָס עסן. ער רופט אויס צוויי גרופּן, די 9־טע און די 12־טע, און זיי גייען אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום הייסט דער דאַלמעטשער די איבעריקע גרופּן נעמען עסן. דער לאַגער מוז אַרבעטן פאַרן פראָנט:

— דאַרטן פאַלן — זאָגט ער — יעדן טאָג אַ סך פראַנצן און פריצן, און נאָך מער איוואַנעס, מאַשקעס, בערקעס...

מיר קריגן אונדזער עסן, און אַנשטאָט צו גיין אין באַראַק, גייען מיר הינטער די קלאָזעטן, ווו די דראָטן טיילן אָפּ דעם בית־עולם. מיר זעען ווי עס ליגן דאָרט 5 הרוגים, אַלע נאַקעטע. זייערע זאַכן ליגן דער־נעבן. עס שטייט אַ גרופּע געפאַנגענע, 20 מאַן, ווער מיט לאָפּעטעס, ווער מיט קירקעס, מען גראָבט, מען האַקט די האַרטע ערד פאַר אַ נייעם קבר. פון יענער זייט גרוב שטייען 5 דייטשן אויף דער וואַך. עס וווּנדערט אונדז, פאַרוואָס אַזאַ שטאַרקע וואַך. אָבער עס איז געווען אַזוי נאָך יעדער אַדורכגעפירטער אַקציע, נאָך אַ מאָרד איבער אונדזערע געפאַנ־גענע.

אין אַ פּאָר שעה אַרום קומט אַריין די נייע גרופּע, און פון זיי דערוויסן מיר זיך די גאַנצע געשיכטע. מען האָט היינט געבראַכט 25 מאַן. די פּראָצעדור איז געווען די זעלבע: ווען דער קאָמענדאַנט איז אַוועק, האָט פראַנץ געפרעגט, ווער פון דער גרופּע איז אַ קאָזאַק? צי יענער האָט שלעכט פאַרשטאַנען, צי יענער האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפלטן שריט, כדי צו שטאַרבן, ווייל ווי נאָר פראַנץ האָט אַ זאָג געטאָן: ווער ס'איז אַ קאָזאַק, זאָל אַרויסגיין, איז ער אַרויסגעגאַנגען. קענטיק, אַז פראַנץ אַליין האָט זיך שוין נישט פאַרגעשטעלט צו טרעפן אַ לעבע־דיקן קאָזאַק. בעת מעשה איז ער געבליבן שטיין פון דער ווייטן, דער־נאָך איז ער פּאַמעלעך צו מיטן דאַלמעטשער. די געפאַנגענע האָבן געזען, ווי פראַנץ ווייזט אויף זיין שראַם איבערן פּנים און רעדט צום געפאַנגענעם. דער געפאַנגענער ענטפערט אים, פונקט ווי מיר פלעגן רעדן צווישן זיך. ער רעדט און דער דאַלמעטשער זעצט איבער גענוי

ווי דער קאַזאַק ענטפערט, אַז — „דער קאַזאַק, וואָס האָט אים צע־שלאָגן, איז געווען אַ שלעכטער קאַזאַק, ווייל גוטע קאַזאַקן אין קאַמף פלעגן איבערהאַקן דעם קאָפּ, אָדער אים אינגאַנצן אונטערהאַקן"... פראַנץ האָט פּלוצים מיט דער נאַגייקע מיט דער גאַנצער קראַפט אַ שמיץ גע־טאָן איבערן געזיכט פון קאַזאַק, איין מאָל און זיך פאַרמאָסטן נאָך אַמאָל, אָבער ער האָט נישט באַוויזן, ווייל דער קאַזאַק האָט פון אים אַרויס־געריסן די נאַגייקע און אַ וואַרף געטאָן זי ווייט פון זיך. פראַנץ האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום רעוואָלווער, וואָס איז ביי אים געהאַנגען פון דער לינקער זייט. דער קאַזאַק האָט דערלאַנגט אַ שפרונג, מיטן געשריי:

— אויב שטאַרבן, וויל איך שטאַרבן ווי אַ קאַזאַק!

האָט ער פראַנצן אָנגעכאַפּט ביים האַלדז. זיי זענען ביידע געפאַלן. די איבעריקע געפאַנגענע האָבן זיך געוואָלט אַריינמישן, אָפּצורייסן זיי. די 5 דייטשן, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, האָבן אָבער אַנדערש פאַרשטאַנען. צוויי פון זיי האָבן דערלאַנגט אַ געשריי:

— צוריק!

און אָנגעשטעלט די אויטאָמאַטן. די גאַנצע סצענע איז פאָרגע־קומען מיט אַזאַ בליץ־שנעלקייט, אַזוי אומדערוואַרט פאַר די דייטשן, אַז זיי האָבן זיך פאַרלוירן. אין אַ רגע אַרום האָבן צוויי קאַלבעס פון ביקסן זיך אַראָפּגעלאָזן מיט אַ שרעקלעכער קראַפט אויפן קאָפּ פון קאַזאַק. ער האָט אָפּגעלאָזן דעם האַלדז פון פראַנצן. די קלעפּ זיינען כסדר געפאַלן, ביז דער מאַרך פון קאַזאַק האָט באַשפּריצט דעם טויטן גוף פון פראַנצן.

באַלד איז געקומען צולויפן דער קאָמענדאַנט. קודם האָט ער באַ־פוילן מען זאָל דעם טויטן קאַזאַק גיין באַגראָבן הינטער די דראָטן. פראַנצן האָבן זיי אָוועקגעטראָגן. די דייטשן האָבן אים אַריינגעלייגט אין אַ פּאַלאַטקע, דערנאָך אָוועקגעפירט אין דער קאַזאַרמע. זיי האָבן אים נישט באַלד באַגראָבן. זיי פלעגן עס געוויינלעך מאַכן מיט אַ פּאָמפּע, מיט אַ זאַלפּ פון זייערע ביקסן — ביים אַראָפּלאָזן אין גרוב. דאָ, הינ־טערן פראַנט, האָבן זיי זיך געקאָנט שפּילן אין צערעמאָניעס, אָבער אויף די פייער־ליניעס האָבן זיי איינפאַך אויסגעגראָבן אַ גרוב און פאַר־שאָטן, ווייל דאָרטן זיינען געווען אַ סך טויטע דייטשן, און מען וואָלט געדאַרפט מאַכן אַ סך זאַלפּן. און זאַלפּן האָבן זיי סיי ווי סיי דאָרטן באַ־קומען, אָבער נישט קיין צערעמאָניעלע, נאָר זאַלפּן פון די באַרימטע „קאַטיושעס".

## קאַפּיטל 9

# דער רויט-אַרמייאישער משפּט

מיר גייען צוריק אין די קאַזעמאַטן. פיל פון אונדז האַלטן מיטן קאַזאַק, און זאָגן, אַז אויב שטאַרבן, דאַרף מען כאָטש שטאַרבן ווי מענטשן, זיך נישט לאָזן שלאָגן. אַנדערע דערמאָנען, אַז דאָס איז די שולד פון דער סאָוויעטישער רעגירונג, וואָס מיר ווערן אַזוי שלעכט באַהאַנדלט, ווייל סטאַלין האָט געזאָגט, אַז ביי אים עקזיסטירט נישט קיין רויט-אַרמייער, אַ געפאַנגענער. יעדער רויט-אַרמייער אין געפאַנגענשאַפט, איז אַ פאַרעטער... מיר אַליין האָבן דאָס נישט איינמאָל געהערט.

איידער איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, בין איך איינמאָל בייגעווען אויף אַ פאַרמאַכטער פאַרזאַמלונג פון פאַרטיי-אַקטיוו פון אונדזער דיוויזיע; ווייל איך בין געווען אין יענער צייט אַ מיטגליד, אָדער בעסער געזאָגט — אַ קאַנדידאַט אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אַ פאַרמאַכטע פאַרזאַמלונג, הייסט, נאָר פאַר פאַרטיי-מיטגלידער, מיט שטים-רעכט, און פאַר קאַנדידאַטן — מיט דיסקוסיע-רעכט, אָבער אָן שטים-רעכט. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מען באַהאַנדלט צוויי פאַלן: איינער פון „קאָמסאָמאָל" און דער צווייטער — פון דער פאַרטיי. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אונטערן פרייען הימל, אין אַ וואַלד, ווו מיר האָבן זיך געפונען, אין דער געגנט פון קריטשעוו, אין יולי חודש 1941.

דער „קאָמסאָמאָלעץ", אַ יונגער רויט-אַרמייער, אַ נידעריקער, אַ פעסט-געבויטער, אָן אַ ביקס, אָן אַ פּילאָטקע, דער צווייטער — אַ מיטל-יאָריקער, עטוואָס איבער די דרייסיק, מיט אַ היטל אָן אַ רויטן שטערן. דעם אָנפירער פון דער פאַרזאַמלונג קענען מיר. אין יענער צייט האָבן נאָך נישט עקזיסטירט די „זוואָניעס", דאָס הייסט די נאָרמאַלע גראַדן, אין דער רויטער אַרמיי. הייִנט הייסט דאָס די סאָוויעטישע אַרמיי. צווייטנס זענען די זוואָניעס געווען אַנדערש אָנגערופן. און קיין עפּאָלעטן האָבן נישט עקזיסטירט. איבערהויפּט ביי די פּאָליטישע מיליטערישע פירער, סיי זייער אָפּצייכענונג, זענען געווען אַנדערע, און אויך די זוואָניעס. צום ביישפּיל, אין אַ ראָטע, אָדער קאָמפּאַניע, פלעגט מען זאָגן אויפן פירער פון דער ראָטע: קאָמראָטע, אָדער סטאַרשי. קאָמראָטע, דאָס האָט געהייסן, אַז ער האָט צוויי, דריי קליינע קוביקלעך אויפן קראַגעלע פון זיין רובאַשקע. אויב ער האָט געהאַט נאָר איינס, האָט ער געהייסן: קאָם זוואָד. נו, און דער פּאָליטישער פאַרטרעטער פון קאָם ראָטע האָט געהייסן פּאָליטרוק, אָדער סטאַרשי פּאָליטרוק. די אָפּצייכנס אויפן קראַגעלע זענען געווען די זעלבע, דאָס הייסט, צוויי, אָדער דריי קוביקלעך. אָבער אויפן לינקן אַרבל האָבן זיי געהאַט אַ פינף-קאַנטיקן שטערן,

מיטן סערפּ און האַמער. דערפון פלעגט מען דערקענען, אַז די אַדער אַנדערע קאָמאַנדירן געהערן צו דער פּאָליטישער אָפּטיילונג.

זיי האָבן געהאַט דאָס וויכטיקסטע וואָרט צו זאָגן. צי ס'איז געווען גוט, אָדער נישט גוט, דאָס איז אַן אַנדערע זאַך. אָבער מישן האָבן זיי זיך געמישט אומעטום. די העכערע קאָמאַנדירן האָבן געהאַט אַנדערע נעמען, ווי אויך די פּאָליטישע שעפן. צום ביישפּיל, אַ שעף פון אַ באַטאַ־ליאָן האָט געהייסן קאָם.־באַט, און פון אַ פּאָלק — קאָמאַנדיר פּאָלקאַ, און פון אַ דיוויזיע — קאָם.־דיוו. די פּאָליטישע פירער פון אַ באַטאַליאָן — קאָמיסאַר באַטאַליאָנאַ. דערמיט האָט זיך עס געענדיקט. ווייל ווייטער האָט מען שוין נישט דערמאָנט פון וואָס פאַראַ גרויס די איינהייט ער פאַרנעמט דעם פּאָסטן. ס'איז אָבער גענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויף זיינע אָפּצייכנס, כדי צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון זיין גראַד. גערופן האָט מען זיי — קאָמיסאַר פּערוואַגאַ ראַנגאַ, ווטאָראָוואָ ראַנגאָ, אָדער טרעטיאָוואָ ראַנגאַ.

אָלנפּאָלס, איז דער פאַרזיצער פון דער פאַרמאַכטער פאַרזאַמלונג געווען אַ קאָמיסאַר ווטאָראָוואָ ראַנגאַ. אונדזער דיוויזיע איז געווען צונויפגעקליבן פון רעשטלעך צעקלאַפּטע רויט־אַרמייאישע אָפּטיילונגען. געקענט האָבן מיר אים נישט לאַנג, אַן אוקראַאינער, באַשקאַ סימאָן סי־מאָנאָוויטש האָט ער זיך גערופן. אַלע האָבן געוווסט, אַז דאָס איז אַ שלעכטער מענטש. זאָל גאָט אָפּהיטן אַריינצופאַלן אין זיינע הענט. און טאַקע אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך עס באַשטעטיקט.

מען רופט אויס דעם יונגן סאָלדאַט, עטוואָס איבער צוואַנציק יאָר, און מען הייסט אים אַלץ דערציילן. איך האָב אינגאַנצן נישט געוווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ער האָט געענטפערט דרייסט, אָן מורא. אַנשטאָט צו דערציילן, זאָגט ער, אַז ער ווייס איבערהויפּט נישט וואָס ער זאָל רעדן. ער איז דורך דעם „אָסאָבי אָדיעל", דאָס הייסט דעם קאָנטער־שפּיאָנאַזש — זאָגט ער — און אויב מען געפינט, אַז ער האָט פאַראָטן דאָס פאָטערלאַנד מיט דעם, וואָס ער איז אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט און איז צוריק אַנטלאָפן, כדי ווידער צו קעמפן קעגן די פאַשיסטן, זאָל מען אים שיסן ווי אַ פאַרעטער. און מער וועט ער קיין זאַך נישט זאָגן, זאָל מען אים אפילו די צונג אויסרייסן.

די עטלעכע ווערטער האָבן אויף אַלעמען געווירקט ווי אַן עלעק־טרישער שטראָם. איך אַליין האָב אָנגעהויבן צו באַטראַכטן גאָר אַנ־דערש די גאַנצע לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך, און קענטיק די מערסטע האָבן אויך אַזוי געטראַכט. אין דעם מאָמענט האָב איך נישט געוווּסט, אַז די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז מער נישט ווי אַ פאַרשטעלונג, און אפילו נישט אַלע אַרטיסטן ווייסן, אַז זיי פירן נאָר אויס אַ געוויסע ראָל. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ איז געווען אָרגאַניזירט פון פּאָליט.־קאָמיסאַר, כדי ער זאָל וויסן אויף וועמען ער קאָן זיך פאַרלאָזן און אויף וועמען — נישט.

אויף דער פֿאַרזאַמלונג זיינען מיר געווען אומגעפֿער 250 ביז 280 מאַן, פּאַרטיינע, קאַנדידאַטן און „קאַמסאַמאָלצעס", דאָס הייסט, איבער 17 פּראָצענט פֿון אונדזער גאַנצער דיוויזיע. ווייל עס איז געבליבן נאָר דער נאָמען: דיוויזיע. אין נאָרמאַלע צייטן איז דאָס נאָר אַ קנאַפּער פּאָלק, אָדער אַ שטאַרקער באַטאַליאָן. דער קאָמיסאַר איז געווען אַ קאָמיסאַר וווטאַראָוואַ ראַנגאַ, דאָס הייסט מיט צוויי שפּאַלן. אַ הויכער, אַ פּינקטלעך־פֿאַרקעמטער, גוט אָנגעטאָן, אין נייע זאַכן, מיט אַ פּאָר בלישטשענדיקע, כראָמאָווע שטיוול, אַ זיכערער אין זיך, אין יעדן קער און ריר, האָט מען גלייך געזען, אַז דאָס איז אַ קאַדראָווער קאָמיסאַר, דאָס הייסט, נישט פֿון די נייע מאָביליזירטע. אַלץ איז געווען ווי אויף אים געגאָסן, אַלץ צוגעפּאַסט. אַ ברייטער רימען מיט אַ שטערן אויף דער פּראָזשקע, אויפֿן לינקן אָרבל דער צייכן, אַז ער איז פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג. דער נאַגאַן אָנגעהאָנגען אויף דער רעכטער זייט.

די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג, ווי דערמאָנט, איז פֿאָרגעקומען אונטערן פֿרייען הימל, אין אַ וואַלד, אויף אַ פּאָליאַנע. עס זענען דאָרט געווען אויסגעהאַקט אַ היפּש ביסלביימער. אין איינציק קליין טישל, ביי וועלכן עס זענען געזעסן דער קאָמיסאַר וווטאַראָוונא ראַנגאַ, באַשקאַ, זיין געהילף, דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר און דער קאָמאַנדיר פֿון אונדזער ביי־צונויפֿגעלאָפּטע דיוויזיע, אויך מיט צוויי שפּאַלעס. הייִנט וואָלט ער גע־הייסן מאַיאָר, אָדער קאָמאַנדאַנט. אַלע דריי זיינען זיי געזעסן אויף צו־נויפֿגעקלאַפּטע בענקלעך פֿון פֿרישע שטעקנס פֿון וואַלד. דאָס טישל איז אויך געווען פֿון שטעקנס, געדעקט מיט אַ רויטן לייוונט, אַ פּאָר פּאַפּירלעך אויפֿן טיש, קענטיק, די אַקטן.

די ביידע, כלומרשט באַשולדיקטע, זענען דורכגעגאַנגען די אויס־פֿאָרשונג; און אַז זיי זענען דורכגעגאַנגען די אויספֿאָרשונג, האָבן מיר פֿאַרשטאַנען פֿון די רייד פֿון יונגן סאָלדאַט. דער קאָמיסאַר האָט אָפּ־געוואָרט עטלעכע מינוט, האָט לאַנגזאַם אַלעמען פֿון וויטן באַטראַכט. אַלע פֿאַרזאַמלטע זיינען געווען אויסגעזעצט, ווו נאָר איינער האָט זיך צוגעפּאַסט, ווער אויף אָפּגעהאַקטע ביימער, ווער אויף אונטערגעלייגטע שינעלן, אָדער פּשוט, אויפֿן גראָז, אויף דר'ערד.

דער קאָמיסאַר האָט זיך פּאַמעלעך אויפֿגעשטעלט, גענומען איי־נעם פֿון די צוויי צעטלען אויפֿן טיש און האָט אָנגעהויבן צו רעדן. פֿאַר אַנדערע איז דאָס נישט געווען קיין נייעס, נאָר פֿאַר מיר, וואָס איך בין אין דער רויטער אַרמיי געווען נאָך נישט קיין גאַנצן חודש, איז אַלץ געווען אומבאַקאַנט. ביז דאַן זיינען מיר שוין געווען 12, אָדער 13 מאָל אין קאַמף מיט די דייטשן. אָנגעפֿירט מיט אונדז האָט אַן אָפֿיציר, נאָר אויב מען האָט אונדז געפֿרעגט, האָבן מיר געענטפֿערט, אַז מיר ווייסן נישט גענוי ווער די אָפֿיצירן זיינען. מען פֿלעגט אונדז ווייזן: אָט־דער נייער קאָם.־ראָטע, דער וועט מיט אייך אָנפֿירן. עס פֿלעגט פּאַסירן אָפּט־מאָל, אַז אין ראָטע איז ער טאַקע געווען דער קאָמאַנדיר, נאָר ווי

עס איז געקומען צום קאַמף — אויס קאָמאַנדיר־ראטע. ביז וואָס־ווען, האָט קיינער נישט געוווּסט ווו זיי פלעגן פאַרפאַלן ווערן. דעם אייגנציקן קאָם־ראטע, וואָס איך געדענק גוט, איז געווען אַן אוקראַינער, ביקאָ־לאַיטשענקאָ. ער איז געווען מיט אונדז ביזן לעצטן מאָמענט. דאָס הייסט ביזן 1־טן אויגוסט, ווען איך האָב אים אויף זיך אַראָפּגעטראָגן פון שלאַכטפעלד, אַ שווער־פאַרוווּנדעטן, צווישן קריטשעוו און קלימאָוויטשי, אין דער געגנט פון מאָגילעוו, ווו מיר זיינען געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן.

דער קאָמיסאַר ביים טישל דערציילט, ווי אַזוי דער יונגער סאָל־דאַט איז אַריינגעפאַלן אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט, ווי אַזוי ער האָט פריער צעריסן זיין „קאָמסאָמאָלסקי בילעט", אַז ער האָט געבראָכן די שבועה פון דער רויטער אַרמיי; און ער זאָגט, אַז איצטער זאָל ער דערציילן זיין געשיכטע. דער געוועזענער סטאַרשי קאָמאַנדיר ראטי, דאָס הייסט, אַז דעם גראַד האָט מען שוין ביי אים צוגענומען און איצט האַנדלט זיך וועגן זיין בלייבן אין דער פאַרטיי. ער רופט אים אַרויס. פריער האָט מען אים כמעט ווי נישט געקענט. נאָר די, וואָס זיינען גע־זעסן נענטער צום טישל, האָבן געקאָנט באַמערקן די צוויי באַשולדיקטע, ביידע אָן רימענס. פריער האָב איך דאָס נישט געוווּסט, בעסער געזאָגט, איך האָב דאָס פאַרגעסן, ווייל אין דער ליטווישער אַרמיי, און איך גלויב, אַז אין אַלע אַרמייען, עקזיסטירט דאָס זעלביקע געזעץ — אַן אַרעס־טירטן מיליטער־מאַן טוט מען דאָס ערשטע אויס דעם רימען. פאַרשטייט זיך, אַז אין יענעם מאָמענט איז קיינעם נישט געלעגן אין קאָפּ אַ קוק צו געבן, צי ער האָט אַ רימען, אָדער נישט.

דער צווייטער, ווי געזאָגט, אַ מענטש ביי די דרייסיקער, אַ בלאָסער, אַ מיטלוווּקסיקער, אָן אָפּן געזיכט, אַ סימפּאַטישער, האָט אָנגעהויבן צו דערציילן זיין גאַנצע אויטאָביאָגראַפיע. אַ געבוירענער אין סאַראַטאָוו. ביי זיך גיב איך דערביי אַ טראַכט: זע, אין דער זעלבער שטאָט בין איך געבוירן אין 1909. זיין מוטער לעבט נאָך אויף היינט דאָרטן — זאָגט ער — אָבער זיין פאָטער האָט ער נישט געקענט, ווייל ווען ער איז געבוירן געוואָרן, איז שוין זיין פאָטער געווען פאַרשיקט פאַר רע־וואָלוציאָנערער טעטיקייט אין סיביר. דאָס איז געווען 3 חדשים איידער ער איז געקומען אויף דער וועלט. דער מאַמען — זאָגט ער — האָט מען נישט געטשעפּעט, ווייל זי איז געווען שוואַנגער.

צו 18 יאָר איז ער אַוועק פריוויליק אין דער רויטער אַרמיי. אין 1936 האָט ער געענדיקט אַ מיליטערישע שול. קיין מאָל נישט געווען באַשטראָפט פריער, געווען אין „קאָמסאָמאָל", און אין 1934 טרעט ער אַריין אין דער פאַרטיי. אַז די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער געווען לעבן דווינסק מיט זיין פאָלק. ער האָט קאָמאַנדירט אַ ראטע. דעם 22־טן יוני אין דער פרי האָט מען זיי אויפגעוועקט מיט אַן אַלאַרם און געשיקט מיטן גאַנצן פאָלק אויף דער טאַווארנער סטאַנציע פון דווינסק. פון לאַ־

גער ביז דער סטאַציע איז געווען 18 קילאָמעטער. ביז מען איז אַהין געקומען, איז שוין געווען פֿאַרנאַכט, ווייל מיר זיינען געגאַנגען צופוס.

מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר וועלן נעמען די ריכטונג פון ווילנע, צוהילף די קעמפנדיקע דיוויזיעס אין ליטע. מיר האָבן גע־נעכטיקט אין די וואַגאָנען. ביינאַכט, רונד אַרום — פּאַסטנס. און אַלע ווײַלע שיסערייען פון אַלע זייטן, אויפגעלויכטענע ראַקעטעס. מען הערט דעם גערויש פון עראָפּלאַנען. און מען ווייסט נישט ווער דאָס זיינען — אונדזערע, אָדער פאַשיסטישע. שפּעטער האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו דערקענען לויטן גערויש און אונטערשיידן זייערע פון אונדזערע. אויף מאָרגן — מען וואַרט אויף לאָקאָמאָטיוון, און קיין לאָקאָמאָטיוון זעט מען נישט פאַר די אויגן.

שפּעטער האָט אונדזער באַטאַליאָן־פירער דערציילט, אַז לאָקאָ־מאָטיוון זענען פאַראַן, נאָר נישט קיין אונטערגעהייצטע, אָן וואַסער, אָבער די מערסטע מעכאַניקער, לעטן, זיינען פאַרשוווּנדן, אויסער עטלעכע רוסישע און אַ פּאָר לעטישע, וואָס עוואַקוירן געוויסע מאַשינען מיט מענטשן אין דער טיף פון רוסלאַנד. אַזוי זיינען מיר אָפּגעווען דעם גאַנצן טאָג אויף דער סטאַנציע, אָן עסן, מיר האָבן בלויז געהאַט ביי זיך דעם „רעזערווונע פּאַיאָק", וואָס נאָר אין לעצטן נויט־פאַל דאַרף מען אים רירן. דעם 24־טן יוני, פאַרטאָג, האָט מען קוים געגעבן אַ לאָקאָ־מאָטיוו, און אויך — זאָגט ער — אונטער דער דראָאונג פון אַ נאַגאַן, וואָס דער קאָמאַנדיר פּאַלקאָ האָט אויסגעשטעלט צום געהילפס־שעף פון דער סטאַנציע, אַ לעט. ער האָט געהאַט אַ סך קינדער ביי זיך אין הויז, און קענטיק, צוליב דעם האָט ער זיך נישט געקאָנט, ווי די אי־בעריקע, פאַרשטעקן.

ביי ווילנע האָט מען אונדז צעקלאַפּט, נאָך איידער אפילו מיר זיינען אַרויס פון די וואַגאָנען. איינער פון די ערשטע איז דערהרגעט געוואָרן דער קאָמאַנדיר פּאַלקאָ. צוויי אָרדנס האָט ער געהאַט, איינעם פון דער רעוואָלוציע־צייט, און דעם צווייטן פון כאַלכין־גאָל. אין קאַמף מיט די יאַפּאַנער אין ווייטן מזרח. זיין פאַרטרעטער האָט מען אינגאַנצן נישט געפונען. די אָנפירונג פון פּאַלק האָט איבערגענומען דער קאָמ־באַטאַליאָנא. דריי דייטשע פּיקירנדיקע עראָפּלאַנען האָבן אונדז אַטאַ־קירט, און וואָס זיי האָבן געוואָלט האָבן זיי געמאַכט מיט אונדז. צו־ערשט זיינען זיי פאַרבייגעפלויגן און ס'איז גאָרנישט געשען. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי זיך איינער נאָכן אַנדערן אַרונטערגעלאָזן דירעקט אויף די וואַגאָנען, אויף אַ פרייען פעלד. איידער די באַן האָט זיך אָפּ־געשטעלט, האָבן שוין אַ סך וואַגאָנעס געברענט. די עראָפּלאַנען האָבן איבערגעחזרט זייער מאַנעוור אַזוי אַרום 5 אָדער 6 מאָל. שפּעטער האָבן מיר ביי זיך געפרעגט, וויפל באָמבעס האָבן זיי ביי זיך, אַז יעדעס מאָל האָבן זיי אַרונטערגעוואָרפן איינע, אָדער צוויי באָמבעס, באַגלייט מיט קוילנוואַרפער־סעריעס. יעדער האָט זיך באַהאַלטן, ווו ער האָט געקאָנט.

קיין איינציקן שאָס צום שונא האָט מען נישט אָפּגעגעבן אויף די אַעראָ־פּלאַנען, און אונדז האָט עס געקאָסט אַ סך, אַ סך טויטע און פאַרוואונדעטע.

דעם ערשטן קאַמף מיטן דייטש האָבן מיר געהאַט נישט ווייט פון ווילנע, דעם 26־טן יוני. שפּעטער האָבן מיר זיך געשלאָגן ביי מאָלאָ־דעטשנע און ביי מינסק. איך בין גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט ביי פאָלגנדיקע באַדינגונגען: אונדזער 1־טער באַטאַליאָן האָט געקראָגן אַן אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן דעם וועג, וואָס גייט פון מינסק אויף באָ־ראַנאָוויטש. נישט ווייט פון אונדז איז געווען אַ בריקל פון האָלץ, מי־נירט, און עטלעכע זעלנער האָבן דאָס בריקל געדאַרפט אויפרייסן, ווען די דייטשע טאַנקען וועלן זיך געפינען אויף דעם בריקל. דעם 28־טן אין דער פרי, האָבן זיך באַוויזן צוויי מאָטאָציקלען, אויף ביידע צו צוויי דייטשן, די אַרבל פאַרקאַטשעט, פּונקט ווי אויף אַ געוויינלעכער אַרבעט וואָלטן זיי געגאַנגען, קענטיק פּראָפעסיאָנעלע.

די גאַנצע צייט, וואָס דער געוועזענער אָפיציר האָט געהאַלטן אין רעדן, האָט דער קאָמיסאַר אַריינגעקוקט אין פּאַפּיר, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַלטן, קענטיק, אַז ער האָט קאָנטראָלירט וואָס יענער רעדט, צי עס שטימט מיט דעם, וואָס ער האָט פריער דערציילט אין „אָסאָבעני אָטדיעל".

גלייך נאָך זיי האָבן זיך באַוויזן צוויי טאַנקעטקעס, מיט אויפגע־הויבענע לוקן. פּאַמעלעך האָבן זיי זיך דערנענטערט צו אונדזערע פאַר־נומענע פּאָזיציעס. עס איז געווען אַ שטרענגער באַפעל, אַז קיינער זאָל נישט שיסן דערווייל. דער באַפעל וועט זיין אַ רויטע ראַקעטע, אפילו אַז זיי וועלן זיין אויפן בריקל. אַ הילצערנע בריק פון אַ 35 ביז 40 מעטער. אונטן איז נישט געווען קיין טיפער וואַסער, נאָר גיכער אַ זומפּיקער באָדן. אונדזערע פּאָזיציעס זענען געווען 100 ביז 200 מעטער פון טייכל. דער לינקער ברעג, אונדזערער, זייער גוט צו פאַרטיידיקן, ווייל אָנטקעגן איז דער באָדן געווען אַ סך נידעריקער. אַן אָפענער פעלד. די דייטשן האָבן זיך באַוויזן און ווידער פאַרשוווּנדן. דער זייגער איז געווען 7, האַלב־אַכט אין דער פרי. עס איז שוין 9, עס איז שוין 10, און באַלד 12 אַזייגער, און קיין סימן פון די דייטשן זעט מען נישט.

„מיר ליגן אין אויסגעגראָבענע אינדיווידועלע אָקאָפּעס, נישט שלעכט פאַרמאַסקירט, און מיר וואַרטן. פּלוצלונג הערן מיר אַ גערויש. אַ שיסעריי פון הינטן. דאָס הייסט פון מזרח־זייט און צפון־זייט פון אונדז. די שיסעריי דערנענטערט זיך אַלץ מער צו אונדז. עס הערט זיך דער גערויש פון מאָטאָרן. פון באַטאַליאָן קלינגט מען מיר, אַז איך זאָל וואָס שנעלער קומען דירעקט צום קאָמאַנדיר. קיינער ווייסט נישט וואָס דאָ טוט זיך. עס הייבן גלייך אָן פאַלן גראַנאַטן פון אַלע זייטן.

„איידער איך בין אַוועק פון מיין ראָטע, האָב איך איבערגעגעבן מיין קאָמאַנדשאַפט אַ קאָמאַנדיר זוואָדאָ פון 1־טן זוואָד אויפן ק. פּ. קיינער איז נישטאָ. די סבאַריאַדן פאַלן פון אַלע זייטן, מען ווייס נישט

פון וועלכער זייט זיי קומען. עס ווערט אַ פּאַניק. אַלע הייבן אָן צו שיסן. ווו מען שיסט, ווייסט מען אַליין נישט. עס באַווייזט זיך דער קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ, דער באַנדאַזש דורכגעווייקט פון בלוט, די לינקע האַנט הענגט ביי אים אויף אַ באַנדאַזש, אין דער רעכטער האַנט — אַ נאַגאַן. מיר זענען פיר קאָמאַנדירן און ער איז דער פינפטער. ער באַפעלט אונדז, מיר זאָלן אַראָפּנעמען אונדזערע ראָטעס פון די פּאָזיציעס און זען זיך דורכצורייסן אויף מזרח, ווייל מיר זיינען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן.

„איך לויף צוריק צו מיין ראָטע. פון מיין ראָטע איז כמעט קיינער נישטאָ. פון 110 מאַן, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן, זענען געבליבן 33 מאַן. זיי דרייען זיך אַרום אונטער אַ בוים און ווייסן נישט וואָס צו טאָן. 13 הרוגים ליגן איינער לעבן אַנדערן. מען האָט זיי צונויפגעקליבן. 22 פאַרוווּנדעטע, אַלץ געטראָפענע פון קוילן, וואָס די דייטשע טאַנקן האָבן אויף זיי געשאָסן פון יענער זייט טייכל, אָבער אויפן בריקל זענען זיי נישט אַרויף די דייטשן. מען זעט זיי פון ווייטן, אפשר 700—800 מעטער. צייטנווייז שיסן זיי אַרויס פון זייער האַרמאַט עטלעכע שאָסן, אָבער זיי דערנענטערן זיך נישט. די פאַרוווּנדעטע בעטן הילף. פיר פון זיי דאַרפן שוין קיין הילף נישט. מען לייגט זיי אַוועק לעבן די איבעריקע טויטע. נישט ווייט פון בוים גראָבט מען אויס אַ גרוב און מען באַערדיקט זיי. מיר מאַכן עטלעכע טראָג־בעטלעך פון די פלאַשטש־פּאַלאַטקעס און לייגן אַריין די שווער־פאַרוווּנדעטע. וועלכע ריכטונג צו נעמען, ווייסן מיר אַליין נישט.

אין דעם מאָמענט הייבט זיך אויף דער קאָמיסאַר און רייסט אים איבער:

— וואָס הייסט: „מיר ווייסן אַליין נישט״?... איר זענט געווען דער קאָמאַנדיר פון דער אייך אָנפאַרטרויטער ראָטע. אויף דעם האָט איר געענדיקט אַ מיליטערישע שול, כדי איר זאָלט זיך אָריענטירן אין אַלע פאַלן. לויט אייער באַשלוס, הענגט אָפּ דאָס לעבן פון די קעמפער פון אייער ראָטע. צו דעם זייט איר אַ קאָמוניסט? איר האָט געדאַרפט דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר די איבעריקע קעמפער. אָט אין דעם ליגט אייער הויפּט־שולד.

דער קאָם־ראָטע האָט אויף אים אַ קוק געגעבן, און אין זיין קוק האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, ווי איינער זאָגט, די פון הינטן, מיינען, אַז אויפן שלאַכטפעלד איז פונקט ווי אויפן פּאַפּיר, לויטן „אוסטאַוו״, און אין דער הויך האָט ער טאַקע געזאָגט צו אַלעמען, אָבער מען האָט גע־שפּירט, אַז מיינען מיינט ער טאַקע אים דירעקט. און געזאָגט האָט ער:

— דער שלאַכטפעלד האָט באַוויזן, אַז קיין געזעצן פון פאַראויס קאָן מען נישט באַשטימען.

און דאָ דערציילט ער ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנ־גענשאַפט. די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען אים געוויזן, אַז איז

אַ דערפל, 1 קילאָמעטער פון דאַנען, וועט זיין דער זאַמל־פּונקט פון די פאַרווונדעטע. 6 מאַן זענען געווען פאַרווונדעט.

— זיי האָבן געשטערט אונדזער באַוועגונג. האָבן מיר באַשלאָסן קודם כל אַוועקצוטראָגן די שווער־פאַרווונדעטע. גייענדיק צום דערפל, אַזערקאַווע, האָט עס געהייסן, האָב איך געהאַט אַוועקגעשיקט 2 סאָלדאַטן צו דערוויסן זיך צי דאָרט זענען פאַראַן דייטשן. מער האָב איך זיי נישט אָנגעזען. איך האָב אַוועקגעשיקט נאָך 2 מאַן, און זיי זענען אויך נישט געקומען צוריק. מיר האָבן זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אין אַ קליינעם קוס־טאַרניק. עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקעלער. פּלוצלונג האָבן מיר דער־הערט אַ גערויש פון פאַרשיידענע ריכטונגען. דער גערויש האָט זיך דערנענטערט צו אונדז. נישט ווייט פון אונדז האָבן זיך אָפּגעשטעלט 6 טאַנקען. אויף איינעם פון די טאַנקען איז געשטאַנען אַ סאָלדאַט פון מיין ראָטע, וואָס איך האָב געהאַט אַוועקגעשיקט אויף „ראַזוועדקע", און האָט גערעדט צו אונדז, אַז מיר זאָלן זיך אונטערגעבן, אַז נישט וועלן מיר ווערן פאַרניכטעט. מען גיט אונדז 5 מינוט צייט. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? אין מיין גרופּע זענען געווען 29 מאַן, וואָס האָבן געקאָנט האַלטן אַ ביקס אין האַנט, די איבעריקע — פאַרווונדעטע, קוים לעבע־דיקע. איך האָב געקאָנט אומקומען און זיך נישט אונטערגעבן. צי האָב איך אָבער געהאַט דאָס רעכט אומצוברענגען די איבעריקע 50 מאַן, צוזאַמען מיט די פאַרווונדעטע? און דאַך, ווען איך ווייס וואָס עס דערוואַרט אונדז, וואָלט איך עס געמאַכט.

„ מיר האָבן געהאַט ביי זיך געווער און מיר וואָלטן בעסער אומ־געקומען, איידער דאָס אַלץ איבערצולעבן. איינער פון אונדזערע סאָל־דאַטן — מיר האָבן דאָס אַליין נישט באַמערקט — האָט אָנגעצויגן אויף זיין ביקס אַ ווייס טיכל און איז אַרויס פון קוסטאַרניק. גלייך האָבן די איבעריקע אים נאָכגעטאָן. איך האָב באַוויזן צו באַגראָבן מיין פּאַרטיי־בילעט, און בין אַרויס מיט די איבעריקע. דאָס געווער האָט מען געהאַט איבערגעלאָזן איו קוסטאַרניק. מיר זיינען גלייך געוואָרן אַרומגערינגלט פון די דייטשע אַוטאָמאַטשיקעס; און ווען זיי האָבן דערזען די שווער־פאַרווונדעטע האָבן זיי געהייסן אַלעמען אַוועקלייגן אויף דר'ערד. זיי האָבן מיט די פּיס אָנגעהויבן בריקען זיי זאָלן אויפשטיין, און גע־פרעגט צי זיי קאָנען גיין? צוויי האָבן זיך אויפגעהויבן און געפּרוווט גיין. זיי זיינען אָבער ווידער געפאַלן. אַ געלער דייטש, אפשר צוויי מעטער די הויך, איז צו צו דער גרופּע און האָט זיי קאַלטערהייט, נישט איילנדיק זיך, דורכגעזיפּט מיטן אויטאָמאַט. אויף די איבעריקע האָט ער דערלאַנגט אַ געשריי:

— שנעלער! שנעלער!

„און מען האָט אונדז געבראַכט אין דערפל אַזערקאַווע. דאָרטן האָבן מיר שוין געטראָפן אונדזער פאָלק. זיי האָבן אונדז דערציילט דאָס

זעלבע. גלייך האָבן די דייטשן אָפּגעקליבן אַלע פּאָליטרוקעס, אַלע קאָ־מאַנדירן פון באַטאַליאָן, און אַלע יידן, אַלע פּאַרוווּנדעטע, וואָס קאָנען אַליין נישט גיין, און פאַר אַלעמען אין די אויגן האָט מען זיי אויסגעשאָסן.

„קיין ריכטיקער לאַגער איז דאָרטן נישט געווען. אַלע געפאַנגענע האָט מען אַריינגעטריבן אויפן הויף, ווו די קאָלכאָזניקעס פלעגן צונויפ־טרייבן די קי. די זעלבע נאַכט בין איך מיטן חבר, דעם יינגערן סער־זשאַנט זאַכאַראָוו, אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון מזרח. אין צוויי טעג אַרום האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין אַ גרופּע, וואָס האָט זיך דורכגע־ריסן פון דער דייטשער אַרומרינגלונג, און אָט געפין איך זיך צווישן אייך".

אויף אַלעמען האָט דאָס געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. ביי יעדן פון אונדז האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ער האָט דערציילט, אַז דאָרטן האָט ער זיך געשלאָגן, און דאָס איז דאָך אַ קאַדראָווער אָפיציר, און ער האָט נישט דערמאָנט וועגן דער אַרטילעריע. מען ווייסט, אַז די רוסישע אַרטילעריע איז אַלעמאָל געווען איינע פון די בעסטע אין דער וועלט. ווו זיינען די טאַנקען, די באַרימטע ק. ב. „יאָסיף סטאַלין"? וועגן די טע. 34 האָבן מיר נאָך נישט געוווּסט. ווו זענען די עראָ־פּלאַנען? ווי קאָן מען קעמפן קעגן אַזאַ מאָדערנער אַרמיי, אויב מען זאָל נישט זיין אונטערגעשטיצט דורך דער אַרטילעריע, פון דער אַוויאַ־ציע, פון טאַנקען? ווו זיינען די אָפיצירן?

שוין באַלד אַ וואָך צייט ווי מ'האָט מיר אָנגעטרויט אַ זוואָד, דאָס הייסט 44 מאָן, מען האָט מיר געזאָגט, אַז פון היינט אָן בין איך „מלאַדשי לייטענאַנט", דאָס הייסט אָפיציר. וואָס פאַראַ אָפיציר בין איך? איך ווייס, אַז מיליטעריש בין איך גוט אויסגעשולט געוואָרן. צופעליק ווייס איך אפילו ווי מען באַגייט זיך מיט אַ טאָפּאָגראַפישער קאַרטע. אָבער אַז איך קוק העכער און ווייס, אַז דער קאָמאַנדיר פון אַ דיוויזיע דאַרף געוויינלעך זיין אַ גענעראַל, דאָס הייסט, אין יענער צייט האָט ער גע־דאַרפט האָבן אַ ראָמבע, אָדער ווי שפּעטער האָט עס געהייסן — אַ גע־נעראַל־מאַיאָר. און די צאָל קעמפער אין אַ נאָרמאַלער דיוויזיע איז פון 12 ביז 13 טויזנט קעמפער. און מיר דאָ — דער שעף פון דער דיוויזיע טראָגט צוויי שפּאַלעס, דאָס הייסט אַ מאַיאָר. דער שעף פון שטאָב — מיט איין שפּאַלע, דאָס הייסט אַ קאַפּיטאַן.

אויף שריט און טריט האָט מען געפילט, אַז עס פעלן אויס קאָ־מאַנדירן, אָפיצירן. אָפטמאָל פלעגט פּאַסירן, אַז אין מיטן „באָי", דאָס הייסט אין רעכטן ברען פון דער שלאַכט, האָט די קאָמאַנדשאַפט איבער־גענומען, לויט דער אייגענער איניציאַטיוו, וועלכער נישט איז סער־זשאַנט. און ער האָט אָנגעפירט מיט אַ ראָטע, אָפטמאָל מיט אַ באַטאַ־ליאָן, בעסער ווי אַנדערע, פריש־אויסגעבאַקענע, אָקאָרשט געקומענע אויפן פראָנט פון אַ מיליטערישער שול, קאָמאַנדירן. איינע פון די בעס־טע אין די ערשטע טעג פון קריג, פלעגן זיין די עלטערע געוועזענע

קאָמאַנדירן אין דער רעוואָלוציע־צייט. אָבער זייערע מעטאָדן זיינען שטענדיק געווען אַלטמאָדישע, אויף דער פּראַקטיק פון ערשטן וועלט־קריג, אָדער פּאַרטיזאַנער, אָבער נישט אויף אַ שלאַכטפעלד, ווו מען איז אַטאַקירט געוואָרן פון דער לופטן, אָדער פון די געפּאַנצערטע פויסטן פון דער ערד, דאָס הייסט, פון די טאַנקן, אָדער די באַוועגלעכע אַרטילעריע, וואָס ביז די דייטשן האָב איך אפילו נישט געוווסט, אַז עס עקזיסטירט אַזעלכע. דער צווייטער וועלט־קריג האָט באַוויזן אַז דאָס איז איינע פון די שטאַרקסטע געווערן אין אַ קלאַסישן מאָדערנעם קריג. ווייל דאָ, ווו ער וויל טרעפן, דאַרף ער צו קיינעם נישט אָנקומען. ער איז שטענדיק פאַר זיין ציל. ער איז פּונקט אַזוי גוט קעגן טאַנקן, ווי קעגן דער אינפאַנטעריע. אויב ער איז עמפּינדלעך פון דער לופטן, זיינען אַלע אָביעקטן עמפּינדלעך פון דער לופטן.

קענטיק, אַז איך בין געווען נישט דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי געטראַכט. אָבער לאַנג טראַכטן האָט מען אונדז נישט געלאָזן. דער קאָמיסאַר האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— מיר האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן צו באַשליסן — וואָס פאַרא שטראָף זאָל מען געבן אָט די צוויי חברים...

דער עצם אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „חברים" האָט אונדז אָביסל באַ־רואיקט. אַז מען רופט זיי נאָך דערווייל נישט „איזמיענִיקי ראָדינִי", דאָס הייסט פאַרעטער פון פאָטערלאַנד, הייסט עס, אַז זיי ריזיקירן דער־ווייל נישט מיט זייער קאָפּ. דער קאָמיסאַר בעט אונדז זאָגן אונדזער מיינונג. דער ערשטער בעט אַ וואָרט אַ יונגער לייטענאַנט, פיין, ריין אָנגעטאָן, קאַמשאַשטאָבסקע בלויע הויזן, מיט שטיוול. אין אַלגעמיין האָט מען גלייך לויטן אויסערלעכן אויסזען, איידער יענער האָט נאָך אָנגעהויבן רעדן, געקאָנט וויסן, צי דאָס איז אַזאַ, וואָס האָט שוין פאַר־זוכט אָביסל פּולווער, צי ער האָט שוין געזען אַ לעבעדיקן דייטש, אָדער אפילו אַ טויטן. און דער איז גראָד געווען פון די, וואָס האָט נאָך קיין פּולווער נישט געשמעקט. מיר, וואָס האָבן זיך שוין געשלאָגן מיטן שונא, מיר האָבן שוין געוווסט מיט וועמען מען האָט דאָ צו טאָן. אונדז האָט נאָר פאַרדראָסן, וואָס אַזאַ שנעק נעמט גאָר דער ערשטער אַ וואָרט. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אַלץ איז געווען פון פריער אָר־גאַניזירט און אויסגערעכנט. אָבער אין דעם מאָמענט האָבן מיר אפילו נישט געוואָלט הערן וואָס ער רעדט.

פון אַלע זיינע רייד האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז לויט זיין מיינונג, זיינען ביידע באַשולדיקטע באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן פאָטערלאַנד, מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך איבערגעגעבן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון שונא. לויט זיין מיינונג האָט מען זיי געדאַרפט משפטן, לויט אַ קריגס־געריכט, אָדער ווי מען האָט עס דאַן גערופן — רעוואָלוציאָ־נערער קריגס־טריבונאַל. דערמיט האָט ער געענדיקט.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער קאָמיסאַר האָט עטלעכע מאָל

איבערגעחזרט, אַז אויב עמיץ וויל עפּעס זאָגן, זאָל ער זיך מעלדן, האָט זיך קיינער נישט גערירט פון אָרט. איך ווייס נישט פאַרוואָס. איך האָב אַלע דריי נישט געקענט, דאָס הייסט דעם סערזשאַנט, דעם אָפיציר און דעם לייטענאַנט, וואָס האָט אָקאָרשט געענדיקט רעדן, און דאָך איז מיין סימפּאַטיע געווען אויף דער זייט פון די באַשולדיקטע. איך האָב זיך געוואָלט אויפהייבן און פרעגן דעם אויסגעפּוצטן לייטענאַנט, צי ער ווייסט וואָס דאָס הייסט אַ פּיקירנדיקער אַוויאָן? שפּעטער האָבן מיר געוווּסט, אַז די דייטשן רופן אַזאַ אַוויאָן „שטוקאַ". צי האָט ער ווען געזען אַ לעבעדיקן דייטש? אַ צווייטע שטימע אין מיר האָט אונטער־געזאָגט: „דו ביסט אַ קאַנדידאַט צו דער פּאַרטיי, האָסט אפילו קיין שטים־רעכט נישט. דו קאָנסט אַרויסטרעטן רעדן, די העכערע אָפיצירן וועלן דיך פיינט קריגן".

איך בין געזעסן אויפן גראָז, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע. איך האָב געשפּירט, אַז איך מוז זיך אַרויסרעדן. אַזאַ איז מיין נאַטור. זאָלן זיי טראַכטן וואָס זיי ווילן. איך וויל אים נאָר פרעגן, צי ער האָט שוין גע־קעמפט, אויב נישט דאָ, איז אפשר אין פינלאַנד? דאָס איז דאָך געווען נישט לאַנג צוריק, פאַראַיאָרן. אָדער אפשר — מיט די יאַפּאַנער, ווייל דאָרטן זיינען געווען גאַנץ גרויסע שלאַכן; אָדער אפשר ביים פאַרנע־מען פוילן? איך שפּאַר זיך אָן מיט איין האַנט אין דער ערד, צי צו אַ פּוס, ווייל זיך אויפהויבן, כדי צו בעטן אַ וואָרט. איך הער אָבער אין דעם מאָמענט אַ הייזעריקע שטימע, וואָס ווענדט זיך צום קאָמיסאַר מיט אַ דערלויבעניש, אַז ער וויל פרעגן אַ פראַגע ביים לייטענאַנט, וואָס איז אָקאָרשט אַרויסגעטראָטן. דער קאָמיסאַר דערלויבט אים, און עס ווערט אַ גרויסע באַוועגונג צווישן די פאַרזאַמלטע, פּונקט ווי אַלע וואָלטן אויפגעשטאַנען פון שלאָף. דער, וואָס האָט געבעטן דאָס וואָרט, האַלב ציוויל, האַלב מיליטעריש, אַ פּאָר איינפּאַכע זעלנער־שטיוול, מיט סאָלדאַטסקע הויזן. דאָס רעקל אַ ציווילער, מיט אויסגעריבענע אַרבל, פונאַנדערגעשפּיליעט דאָס העמד, אַ מענטש ביי די 50־ער יאָרן, מיט אַ פליך, פריש אָפּראַזירט, אַ שאַטינער. ער פרעגט ביים לייטענאַנט צוויי פראַגן, און איך הער אין זיין רוסיש דעם יידישן אַקצענט. אַ סך יידן אין רוסלאַנד קאָנען נישט אַרויסרעדן דעם שאַרפן רייש. עס פּאַסירט, אַז אפילו אַ ריכטיקער רוס רעדט אויף דעם סאָרט אופן, מיינען די אי־בעריקע, אַז דאָס איז אַ ייד. לעניך פלעגט אויך נישט קאָנען אַרויסרעדן דעם האַרטן רייש. זאָגט מען טאַקע, אַז דער בעסטער רעדנער איז געווען טראָצקי. דער עיקר, איך דערקען, אַז דאָס איז אַ ייד. ער פרעגט אים די זעלבע פראַגעס, וואָס איך האָב אים געוואָלט פרעגן. און קענטיק, אַז די מערסטע טייל פון די פאַרזאַמלטע וואָלטן דאָס זעלבע געפרעגט.

**ער פרעגט אים:**

— צי האָט איר שוין אַמאָל אָנטיילגענומען אין קאַמף? צי האָט איר שוין געזען אַ לעבעדיקן דייטש פאַר די אויגן?

עס איז געוואָרן שטיל, ווי אין אַ קבר. מען האָט געקאָנט הערן דעם אָטעם פון די שכנים פון אַלע זייטן. עס איז אַריבער אפשר אַ האַלבע מינוט, אָבער די האַלבע מינוט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. אַלע האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויפן ענטפער, וואָס דאָס אויסגעפּוצטע „הענדל" — און אַזוי האָבן מיר אין האַרצן גערופן דעם ביי־געבאַקענעם לייטענאַנט — אָבער קיין ענטפער פון אים האָבן מיר נישט געקריגן. אָנשטאָט אים, האָט זיך אויפגעשטעלט דער קאָמיסאַר. לויט זיין ווענדונג, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ער קען זייער גוט דעם האַלב־ציווילן מענטשן.

— דוד מאָיסיעיעוויטש — זאָגט ער צו אים — עס איז נישט אומבאַדינגט נויטיק, אַז לייטענאַנט אַנדרייעוו זאָל ענטפערן אויף דיין פראַגע.

צו דעם האָבן מיר באַמערקט, אַז ער 'דוצט' אים. ענטפערט דוד:

— אויב דער לייטענאַנט האָט נישט וואָס צו ענטפערן, האָט ער נישט וואָס צו רעדן.

און האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויפן אָפּגעהאַקטן בוים. איך האָב אויף דעם מענטשן געקוקט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט. ער האָט, דוכט זיך, קיין זאַך נישט געזאָגט, אָבער אין זיין פראַגע איז געלעגן דאָס, צוליב וואָס די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז פאַרגעקומען. דער קאָמיסאַר האָט עפּעס וואָס געזעדט אין דער שטיל מיטן צווייטן קאָמיסאַר און מיטן שעף פון דער דיוויזיע. דאַן האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַרטיק אָנגעשריבענעם פּאַפּיר און געלייענט:

אַזוי ווי דער „קאָמסאָמאָלעץ", דער סערזשאַנט זאַכאַראָוו אַנטאָן מי־כאַילאָוויטש און דער מיטגליד פון פּאַרטיי מיקולין אַלעקסאַנדער יאָסי־פּאָוויטש, געוועזענער סטאַרשי קאָם. ראָטע, האָבן נישט אויסגעפירט די אויפגאַבן לויט דער שבועה, וואָס זיי האָבן געגעבן, האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשלאָסן: דעם חבר זאַכאַראָוו אַנטאָן מיכאַילאָוויטש אויס־צושליסן פון „קאָמסאָמאָל" און דעם חבר מיקולין אַלעקסאַנדער יאָסי־פּאָוויטש אויסצושליסן פון דער פּאַרטיי. ווער עס איז קעגן באַשלוס, זאָל אויפהייבן די האַנט.

צו דעם האָט ער נאָך צוגעגעבן:

— וועגן דער פראַגע פון זייער 'זוואַניע', דאָס הייסט גראַד, האָט די אָנפירערשאַפט פון דער רויטער אַרמיי באַשלאָסן אַרונטערצונעמען פון ביידע באַשולדיקטע, און ביידע זאָלן זיין אונטער אַ שטרענגער אויפ־זיכט פון דער פּאַרטיי, „קאָמסאָמאָל" פון די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וווּ זיי וועלן זיך נאָר געפינען.

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך געפרייט. וואָס איך בין נאָך אַ קאַנדידאַט און איך דאַרף נישט שטימען. איך האָב געפילט, אַז איך וואָלט דווקא געשטימט, און טאַקע פאַר די צוויי באַשולדיקטע. וואָס הייסט? — איז ביי מיר דורך אַ געדאַנק — זיי זענען פאַרעטער? מיר

האָבן טאָקע צו טאָן מיט אַ שרעקלעכן פײַנט. אָבער וואָס האָט אײנס צום אַנדערן ? ווי קאָן מען דאָס אויסמײַדן געפֿאַנגענשאַפֿט ? מען דאַרף דאָך נישט זײַן קײן גרויסער קענער אין מיליטערישע ענינים, כדי צו פֿאַרשטײן, אַז אָט געפֿינען מיר זיך פֿון דער דײַטשער גרענעץ 7 אָדער 800 קילאָמעטער. דער פֿראָנט איז לאַנג, אפֿשר מער ווי צוויי טויזנט קילאָמעטער. אומעטום, לענגאויס דעם גאַנצן פֿראָנט — מיליטער. מיר אַלײן ביים אָפּטרעטן, האָבן געזען טויזנטער מיליטערלײַט, וואָס האָבן געצויגן אויף מזרח. קאָן מען דען זיך פֿאַרשטעלן וויפֿל עס זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט ? צי דען זענען עס די אַלע פֿאַרעטער ? שוין דאַן האָט זיך מיר געשטעלט די פֿראַגע. איך האָב נישט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט מיך.

דער קאָמיסאַר מעלדעט :

— אַזוי ווי קײנער שטימט נישט קעגן, ווערן בײדע אויסגעשלאָסן, דער פֿון „קאָמסאָמאָל”, און דער צווייטער פֿון דער פּאַרטיי.

אין אָנהײב קריג האָבן נישט עקזיסטירט קײן „שטראָפֿניע”, דאָס הייסט דיסציפּלינאַרע ראָטעס. שוין זײַענדיק אין געפֿאַנגענשאַפֿט, איז דערגאַנגען, אַז אין 1942 זענען געשאַפֿן געוואָרן ספּעציעלע דיסציפּלינאַרע ראָטעס, שפּעטער — באַטאַליאָנען. עס איז דערגאַנגען אפֿילו ביז צו אַ דיסציפּלינאַרער דיוויזיע. „שטראָפֿניקי” האָבן זײ זיך גערופֿן. ווער זענען זײ געווען ? אַנטלאָפֿענע געפֿאַנגענע, אָדער סתם — פֿאַרן קלענסטן פֿאַרברעכן האָט מען געשיקט אין די שטראָף־אָפּטײלונגען. יעדע דיוויזיע האָט געהאַט איר אָפּטײלונג פֿון די „שטראָפֿניקי”. זײ האָט מען געשיקט אויף די ערגסטע און געפֿערלעכסטע ערטער. צווישן זײ זענען געווען אַ סך דעזערטירן, אָדער סתם פּחדנים. זײ אַלײן האָבן זיך געפֿונען אונטער אַ שטרענגער וואַך פֿון אָפּטײלונגען פֿון דער נ. ק. וו. ד. און זאָל גאָט אויסהיטן, אַז ווער פֿון די באַשטראָפֿטע זאָל פֿאַרלאָזן, אָן אַ באַפֿעל, זײַן פּאָזיציע. ער איז דערשאָסן געוואָרן אָן אַ געריכט, אָן אַן אויספֿאָרשונג. אין די רייען פֿון די „שטראָפֿניקי” זענען אויך געווען אַ סך אָפֿיצירן. מ'האָט אפֿילו נישט געוווּסט וואָס פֿאַראַ גראַדן זײ האָבן פֿריער געהאַט. דאָ זענען זײ געוואָרן אויס אָפֿיצירן, נאָר אײנפֿאַכע קעמפֿער. אָנפֿירער פֿון זײ האָט מען כמעט נישט באַשטימט, אויסער די העכערע, דאָס הייסט פֿון די פּאָלקן, אָדער דיוויזיעס. מערסטנטײל האָבן די „שטראָפֿניקי” אַלײן אויסגעקליבן צווישן זיך זײערע אָנפֿירער, און דאָס זענען מערסטנס געווען פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַרברעכער, פֿיזיש געזונטע, אָבער מאָראַליש נידעריקע טיפּן.

די דײַטשן האָבן געוווּסט, אַז אין דעם אָדער אין יענעם סעקטאָר געפֿינען זיך אומגעפֿער אַזויפֿיל און אַזויפֿיל „שטראָפֿניקי”, און פֿאַר זײ האָבן זײ געציטערט אימת מוות. אפֿילו אָפּטײלונגען פֿון ס. ס. האָבן פֿאַר זײ געציטערט. דאָרט, ווו זײ האָבן אַטאַקירט, האָט מען קײן געפֿאַנגענע נישט גענומען פֿון בײדע זײַטן. דער געזעץ איז געווען, אַז אויב

ביסטו אַריינגעפֿאַלן אין אַ „שטראַפֿניע” אָפּטיילונג, קאָנסטו פֿון דאָרט אַרויסגיין נאָר אַ שווער־פֿאַרווּנדעטער; ווייל קיין לייכטע ווונד רעכנט זיך נישט, מיט דער אויסרעכענונג, אַז אַ לייכטע ווונד קאָנסטו זיך אַליין מאַכן. אַז זיי האָבן ווו נישט איז אַטאַקירט, איז די ערד אונטער זיי געווען פֿאַרברענט. זיי פֿלעגן איבערלאָזן פֿון 60 ביז 70 פּראָצענט געהרגעטע פֿון זייער זייט, אָבער קיין איין איינציקן דייטש, אַ לעבעדיקן, נישט גענומען. מ׳האָט אָפּט געפֿונען צוויי טויטע קערפּערס, וואָס מ׳האָט נאָכן טויט נישט געקאָנט פֿונאַנדערנעמען. אַזוי האָט זיך פֿאַרפֿלאָנטערט דער קערפּער פֿון אַ „שטראַפֿניק” מיט אַ דייטש. אָדער איינער האָט דעם אַנדערן מיט די לעצטע כּוחות דערשטיקט, אָדער ער איז דורכגעזיפּט געוואָרן פֿון אייגענע.

אפילו די רוסן אין הינטערלאַנד האָבן פֿאַר זיי מורא געהאַט, ווייל דאָרט, ווו זיי זענען פֿאַרביי, איז קיין פּרוי נישט געווען זיכער. פֿון 14 ביז 70 — אַלץ איז געווען גוט. פֿאַר קיין שטראָף האָבן זיי סיי ווי נישט קיין מורא געהאַט, סיידן אַז זיי האָבן אויסגעפֿירט אַ מאָרד. אין אַזאַ פֿאַל איז נישט געווען קיין טריבונאַל, קיין פֿעלד־געריכט. די אייגענע פֿון דער אָפּטיילונג האָבן אים דערשאָסן אויפֿן אָרט. אַ געוויסע גרענעץ איז יאָ געווען, און דער מיליטערישער פּערסאָנאַל האָט דערפֿאַר מורא געהאַט ווי פֿאַר פֿייער.

# קאַפּיטל 10

## איך סימוליר דיזענטערי־ע

איך האָב זיך צום דייטשן פּאָסטן געווענדט, גאַנץ פֿאַרזיכטיק, אויף דייטש, מער מיט זשעסטן, ווי מיט ווערטער, געגעבן אים צו פֿאַרשטיין, אַז איך בין קראַנק, איך האָב אַ מאָגן־לויפֿעניש, און אפשר קאָן ער מיר געבן עטלעכע טאַבלעטן סולפֿעדין. איך האָב געמערקט ביי די איבעריקע געפֿאַנגענע אַ מין פֿאַרדאַכט, געמישט מיט אייפֿערזוכט. קענטיק, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז איך בעט ביי אים טאַבאַק, אָדער וואָס צום עסן. דער גרופּן־פֿירער אונדזערער, אַן אוקראַאינער, אַ געוועזענער לערער, און קענטיק אַן אָפּיציר, האָט זיך צוגעהערט וואָס איך האָב אים געבעטן. ער האָט מיר געזאָגט:

— זע, דו רעדסט נישט שלעכט דייטש. דו קאָנסט ווערן אַ דאָל־מעטשער.

— יאָ — ענטפֿערט אים איוואַן — אָבער איצטער ליגט אים נישט אין זינען צו ווערן אַ דאָלמעטשער. ער איז קראַנק, ער האָט, אַ פּאָנאָס, דאָס הייסט, אַ לויפֿעניש...

איך לויף אַלע ווײַלע אַוועק אויף עטלעכע מעטער, ווייל צו ווייט

נישט מער ווי 30 מעטער פון דיין פלאַץ, טאָרסטו זיך נישט אָפּרוקן. דער שניי איז אומעטום טיף, און אַז דו גייסט אַוועק עטלעכע מעטער ווייטער און לאָזסט אַרונטער די הויזן, איז לאַנג בלייבן דאָרט לאָזט מען דיך נישט. אין אַ ווײַלע אַרום הייבט מען אָן שרײַען, אָדער דער דײַ־טשער פּאָסטן, אָדער דער אוקראַינער.

דעם זעלבן טאָג נאָכמיטאָג, איך אַרבעט פלייסיק, און צייטנווייז שפּיל איך מײַן קאָמעדיע, אַז כ'בין קראַנק, איך לויף אַ ווײַלע אַוועק אַביסל אין אַ זײַט. דער חודש פעברואַר איז אַ קורצער און די טעג זײַנען אויך נישט קיין לאַנגע. כאָטש אין לאַגער האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַרבעט־צײַט, נאָר די אַרבעט איז באַשטאַנען צו יעדער מינוט גרייט צו זײַן אויסצולאָדן די וואַגאָנען מיט אַמוניציע, אָדער אָנלאָדן די לאַסט־וועגענער. און אויב עס איז דעם טאָג נישט געווען קיין טראַנספּאָרט, האָט מען די אַמוניציע צונויפגעלייגט אויף שטאַפּלען, סאָרטירן יעדן באַזונ־דער, אָפּרייניקן דעם שניי לעבן די סקלאַדן, אַז דער לאַסט־וואָגן זאָל קאָנען צוקומען וואָס נענטער; אָדער מען האָט געמוזט סתם איבערטראַנס־פּאָרטירן די אָנגעקומענע אַמוניציע פון דער באַן־ליניע. ווײַל עס זײַנען אָנגעקומען די וואַגאָנען, האָט מען געמוזט וואָס גיכער אויסליידיקן די וואַגאָנען און די אַמוניציע דערווײַל אָפּלאָדן אין אַ זײַט.

דעם טאָג, ווען עס איז נישט געווען קיין טראַנספּאָרט, האָט מען געווײַנלעך אויפגעהערט צו אַרבעטן, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן טונקלען. און טונקל ווערן האָט שוין אין חודש פעברואַר אָנגעהויבן נאָך 4 אַ זייגער. 5 אַ זייגער איז שוין געווען כמעט נאַכט, און די פּאָסטנס האָבן זייערע גרופּן געפירט צוריק צום באַראַק, אין לאַגער. אָבער אַז עס איז געווען אַ טראַנספּאָרט, האָט מען אים געמוזט ענדיקן. גאַנץ אָפט האָט זיך עס פאַרצויגן ביז 11 און 12 בײַנאַכט. קיין עלעקטריש ליכט איז פאַרשטייט זיך, אין די סקלאַדן נישט געווען. זיי פלעגן ברענגען פאַנאַרן אויף פעטראָל.

אין דעם טאָג איז קיין טראַנספּאָרט נישט געווען. איך אַרבעט מיט איוואַנען בײַ דעם שניי, און מיר פרעגן זיך, צי וועט דער דײַטש מיר געבן דאָס, וואָס איך האָב בײַ אים געבעטן. איך גיב אַלע ווײַלע אַ וואָרף אַ בליק אויף אונדזער פּאָסטן. מיר זעען, ווי ער גייט אַרום אַהין און אַהער, אין אַ גרויסן פּעלץ, ווײַל ס'איז אַ קעלט, אויף די שטיוול שטרויענע לאַפּטשעס, וואָס אַ געפאַנגענער פון אונדזער גרופּע האָט אים געמאַכט. ער וואַרפט אים טאָקע צו אַלע טאָג וואָס נישט־איז, אַ שטיקל סיגאַרעט, אַביסל טאַבאַק, אָדער אַ ברעקל ברויט. יעדעס מאָל קוקן מיר אויפן געפאַנגענעם מיט אײַפערזוכט, און אַז ער רויכערט, בעט מען בײַ אים אַ פּאָר ציי.

דער אוקראַינער הייסט צונויפלייגן דאָס געצייג, אויסשטעלן זיך אין אַ גרופּע. איך האָב שוין פאַרלוירן די האָפענונג, אַז דער דײַטש זאָל מײַן ביטע דערפילן. איך טראָג צו מײַן בעזעם מיט דער לאָפּעטע

און גיי מיט איוואַנען זיך שטעלן אין דער ריי. איך הער ווי דער פּאָסטן רופט מיך:

— היי, אַלטער, קאָם היר.

איך בין דאַן אַלט געווען, אין יאָר 1942, נאָך נישט קיין גאַנצע 26 יאָר, און אַ מאַן פון אַ יאָר 55—58 רופט מיך „אַלטער". די געפאַנגענע פלעגן מיך אויך רופן „באַראָדאַ". איך גיי צו צו אים און ער פרעגט מיך:

— האסטו שמערצן?

איך מאַך זיך, אַז איך פאַרשטיי נישט, וואָס ער פרעגט. דערביי שטייט מיין אוקראַינער, און ער פרעגט מיך, צי איך האָב נאָך דעם פּאַ־נאָס. ענטפער איך אים, אַז ער האָט דאָך אַליין געזען, אַז איך האָלט אין איין ליידן. ענטפערט ער דעם דייטש, אַז איך האָב נאָך ווייטיקן; און איך אַליין, האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף דייטש, גיב אים צו פאַר־שטיין, אַז איך לויף אַלע ווײַלע. ער נעמט אַרויס אַ קליין פּעקעלע און זאָגט צו מיר, אַז אייגנטלעך דאַרף ער עס מיר נישט געבן, ווייל עס איז שטרענג פאַרבאָטן. אין דעם מאָמענט איז דער אוקראַינער אַוועק צו דער גרופּע, און דער דייטש האָט דערלאַנגט אַ זאָג:

— נאַציס שייסע... ניקס גוט...

איך האָב אים באַדאַנקט און אַוועק צו מיין גרופּע, וואָס האָט זיך שוין גערירט פון אָרט. אַלע האָבן מיך געפרעגט, וואָס דער דייטש האָט מיר געגעבן. ער האָט מיר געגעבן אַ שטיקל ציגאַר, וואָס ער האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקוואַרפן. און כאָטש איך האָב מורא געהאַט, אַז ער קאָן זיך נאָר באַטראַכטן און צונעמען צוריק דאָס פּעקעלע, וואָס ער האָט מיר געגעבן, האָב איך נאָך געפונען די דרייסטקייט און העזה צו בעטן ביי אים דעם „אָקוראָק" פון ציגאַר, אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט מיר פריער געזאָגט די פּאָר ווערטער. צו רויכערן זיינען געווען אַ סך קאַנ־דידאָטן, און אפילו קויפערס. איינער באָט אָן אַ העלפט פון דער באַ־לאַנדע, אַ צווייטער — זיין האַלבע פּאַרציע ברויט. צי קאָן דען ווער פאַרשטיין אין נאָרמאַלע צייטן וואָס דאָס הייסט וועלן רויכערן און נישט האָבן וואָס? אַלץ האָט מען גערויכערט, אפילו וואָטע.

מיר קומען אין באַראַק, און איך מיט איוואַנען גיבן מיר אַ קוק וואָס דער דייטש האָט מיר געגעבן. מיר זעען: 8 גרויסע טאַבלעטן, אַביסל געלבלעכע; און צווישן זיך הייבן מיר אָן צו רעדן: וואָס ווייסן מיר צי דאָס איז טאַקע דאָס, וואָס מיר דאַרפן האָבן? מיר כאַפּן זיך, אַז דאָ איז פאַראַן איינער, וואָס אַלע רופן אים „דער דאָקטער", ווייל באַלד עפּעס, גייען די געפאַנגענע אים פרעגן אַן עצה. איינער האָט אָפּ־געפרוירן אַ האַנט, דער צווייטער האָט אַ ווונד פון פראָנט, וואָס פאַר־מאַכט זיך נישט, דעם דריטן טוען וויי די ציינער; און אַלעמען העלפט ער, ער גיט אַן עצה. ביי איינעם בין איך געווען דערביי, ווי ער האָט

ביי אים אַרויסגעשלעפּט פון פּלייצע אַ שטיק אָסקאָלעק. איך האָב אים אפילו געהאָלפן צוהאַלטן דעם געפּאַנגענעם, טאַקע אַן מעדיקאַמענטן, מיט אַ ביסל הייס וואַסער און מיט אַן אייגן געמאַכט מעסערל, האָט דער דאָק־טער אַרויסגעשלעפּט אַ שטיק אייזן פון דעם יונגן טאַטאַר. מיר גייען צו צום דאָקטער, און באַשלאָסן האָבן מיר, אַז איוואַן וועט פרעגן וואָס פאַרא טאַבלעטן דאָס זיינען. געוויזן האָט מען אים נאָר איין טאַבלעט. דער דאָקטער האָט אַ קוק געגעבן און האָט אים גלייך געזאָגט:

— מען זעט גלייך, אַז ביסט נאָך נישט קראַנק געווען אויף קיין ווענערישער קרענק, אַז נישט וואָלסטו געוווסט וואָס דאָס איז. דאָס איז זייער אַ גוטע זאַך. דאָס איז סולפאַדין. זעסט, עס איז אפילו אָנגעשריבן.

— נו — פרעגט איוואַן — און פאַר פּאָנאָס, אָדער דיזענטעריע, איז דאָס גוט?

ענטפערט ער, אַז דאָס איז דאָס איינציקע מיטל אין אונדזערע באַ־דינגונגען, און ווי הונגעריק מען זאָל נישט זיין, זאָגט ער, דאַרף מען זען דאָס זעלבע שטיקל ברויט צוברענען אַביסל אויפן פייער.

דאָס, וואָס מיר האָבן געוואָלט וויסן, האָבן מיר געוווסט. און דעם זעלבן אָוונט זיינען מיר צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן אונדזער פּלאַן. אונדזער זופּ איז באַשטאַנען פון קאָרן מיט צעברעקלטע, נישט קיין אָפּגעשאָבענע קאַרטאָפל. אין אָוונט, אַז מען איז געקומען פון דער אַר־בעט האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָכעניש אויף די אייזערנע פּעסער. איך מיט איוואַנען האָבן אונדזערע שטיקלעך ברויט צעברעקלט אין אונ־דזער זופּ. און אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט אַ גרויס קעסעלע, האָבן מיר דערגאָסן וואַסער און דאָס אַלץ גוט איבערגעקאָכט. עס האָט זיך גע־דאַכט, אַז אויף אַזאַ אופן וועט ביי אונדז דאָס עסן מערער.

אין דעם אָוונט האָבן מיר באַשלאָסן צוצוגיסן וואַסער, אָבער דאָס ברויט צוברענען, און דאָס וואַסער — נישט דערקאָכן. אויפן רעזולטאַט האָט מען נישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן. אין מיטן נאַכט — איך לויף מיט בויך־ווייטיק, און מיין איוואַן אויך. מיר זענען נישט די איינציקע. מען דערלעבט קוים דעם פרימאָרגן. מיר טרינקען אויס אונדזער ביסל קאַפּע, און מען טרייבט אונדז שוין ווידער צו דער אַרבעט. איך באַוויין קוים צוצוקומען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ. איך לויף ווידער. עס רינט פון מיר אַ שיטער וואַסערל. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך בין זייער אָפּגע־שוואַכט, זעץ איך פאַר מיין פּלאַן אַן מורא. איך גיב זיך אַ שניט אין ווייכן אָרט און באַגיס זיך מיטן אייגענעם בלוט דעם שמוץ. איך ציִ אַרויף די הויזן און רוף צו דעם אוקראַינער. ער גייט צו און טוט אַ קוק, און הייסט מיר זיך גיין אָוועקזעצן אין אַ זייט. איך זע מיט איין אויג, ווי ער גייט צו צום פּאָסטן און רעדט עפּעס מיט אים.ביידע גייען זיי צו צו דעם אָרט, ווו איך האָב אָקאַרשט געהאַט דעם מאָגן. דער אוקראַינער דערבענ־טערט זיך צו מיר. איך מאַך זיך, אַזוי ווי איך זע אים נישט. און אַליין דריי

איך זיך אין דרייען, האַלט זיך פאַרן בויך. איך הער ווי דער דייטש זאָגט צום אוקראַינער:

— אַרעמער קערל... קאַפּוט... קריג שייסע...

מיר האָבן אין יענער צייט געהערט, אַז זיי האָבן געקראַגן אַ גוטן קלאַפּ ביי מאָסקווע. און דער סאָוויעטישער אַנגריף איז נאָך נישט געווען געענדיקט, אַזוי, אַז זייער זעלבסט־זיכערקייט איז אַביסל געפאַלן. זייער באַציאונג צו אונדז איז שטענדיק געווען אָפּהענגיק פון דער לאַגע אויפן פראָנט. סיידן אַז מען איז געפאַלן אויף ס.ס. אָדער היטלער־יוגנט. די זענען געווען פון אָנהייב ביזן סוף שלעכט, מערדער.

עטלעכע פון די געפאַנגענע זענען אויך צוגעגאַנגען און געפרעגט וואָס איך מאַך. אין אַ געוויסן מאָמענט, ווען איוואַן האָט באַמערקט, אַז קיינער איז לעבן מיר נישטאָ, איז ער כלומרשט צוגעגאַנגען פרעגן וואָס הערט זיך, און דערווייל גיט ער מיר אַ זאָג, אַז ביי אים איז קיין זאַך נישט, אַזוי ווי מיט דער האַנט צוגענומען. צי דאָס שמוציקע ביסל וואַסער, וואָס די דייטשן האָבן געטרונקען קאַווע, האָט אים געהאָלפן, צי אין מאָגן איז שוין קיין זאַך נישטאָ, ווייל ער איז אַ גאַנצע נאַכט געלאָפן.

— כאַטש גיב עס — זאָגט ער — אַ קרענק... איך האָב שוין אומישנע אפילו שניי געגעסן. פאַרקערט — אַ פאַרשטאָפּונג. וואָס טוט מען?

דאָס הייסט, אַז ער האָט צייט ביז מאָרגן פרי, ווייל נאָר אין דער פרי פלעגט דער לאַסט־וואָגן פאָרן דערליידיקן אַלע ענינים, און פאַראייינס מיטנעמען די קראַנקע. ביז מיטאָג בין איך נאָך דריי מאָל געלאָפן. און יעדעס מאָל האָב איך נישט פאַרגעסן צו מאַכן מיין פּראָצעדור. עס קומט צו מיטאָג. איך עס, פאַרשטייט זיך, מיין באַלאַנדע. איוואַן דערגיסט אַביסל רויע וואַסער אין זיין באַלאַנדע און עס העלפט אים נישט. אין אַ שעה אַרום, מען גייט ווידער צו דער אַרבעט. איך בלייב נישט אין באַראַק. איך גיי אַרויס מיט דער גרופּע, הויקער זיך איין, גיי קוים. דער דייטש רופט צו דעם אוקראַינער און ווייזנדיק אויף מיר, זאָגט ער, איך זאָל בלייבן אין באַראַק.

— מאָרגן — זאָגט ער — לאַזאַרעט... האָספּיטאַל.

דער אוקראַינער גייט צו און זאָגט מיר, אַז מאָרגן וועט מען מיר אָוועקפירן אין שפּיטאָל פון צענטראַל־לאַגער.

— און דאָרטן — זאָגט ער — האָב איך פאַר דיר מורא...

און אין זיינע לעצטע ווערטער ליגט אַזאַ אומעט און רחמנות, אַז עס ווערט טאַקע מיר ביטער אויפן האַרצן. דער דייטש נעמט אַרויס אַ ביסל טאַבאַק און זאָגט:

— נאַ, אָט האָסטו עטוואָס צום ראַוכערן.

איך נעם צו דאָס ביסל טאַבאַק און ביי זיך טראַכט איך זיך: ווען דו ווייסט ווער איך בין?...

אין באַראַק גיי איך צו אין ווינקל, ווו די קראַנקע האָבן זיך גע־דאַרפט צונויפקלייבן. עס ליגט דאָרט נאָך איינער, מיט אַ געשוואָלענעם פוס. ער איז גרייט אַפּטראַנספּאָרטירט צו ווערן אין שפּיטאָל. אין דעם זעלבן אין דער פרי איז אים געפאַלן אַ קאַסטן מיט סנאַריאַדן אויפן פוס. מען מיינט אַז ער האָט אַ ביין־בראָך. די פוס איז געשוואָלן און בלוי. ער האַלט אין איין וויינען. ער איז אַ באַוואַקסענער, עס איז דעריבער שווער צו זאָגן ווי אַלט ער איז. ער האָט געבעטן מען זאָל אים איבערלאָזן. אין אַ פּאָר טעג אַרום, זאָגט ער, וועט אים איבערגיין. אָבער דער קאָמענ־דאַנט האָט דורכן דאָלמעטשער איבערגעגעבן, אַז ער קען דאָ קיין קראַנקע נישט האַלטן, אויסער די, וואָס קאָנען אַרבעטן. מען האָט געוווּסט, אַז עס דראָט דאָ דער טויט אויף טריט און שריט, מען האָט אָבער געוווּסט, אַז אַנדערשוווּ איז נישט בעסער, כאָטש דאָ גיט מען עטוואָס בעסער צו עסן, צו שלאָפן איז דאָ אַ סך וואַרעמער, און שלאָגן שלאָגט מען דאָ אויך ווייניקער.

דער בויך דרייט מיר אין דרייען. אַלע ווילן נעם איך אַרויס די טאַב־לעטן. איך שפּיר, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן, איך וועל איינס פון זיי אַראָפּשלינגען. און וואָס איז מיט איוואַנען ? דער טאָג שלעפּט זיך ווי אַ יאָר. אויף מיין מזל, איז קיין סך אַרבעט נישטאָ. שוין עטלעכע טעג, ווי עס איז נישט געווען קיין טראַנספּאָרט מיט וואַגאָנען, און די רעזערוון זענען אויסגעגאַנגען. מען פירט סתם אַרויס די געפאַנגענע, זיי זאָלן נישט בלייבן אין באַראַק.

קוים דערוואַרט זיך דעם אָוונט. די גרופּן הייבן אָן אָנקומען פון דער אַרבעט. איוואַן לויפט צו צו מיר.

— נו — זאָגט ער — דער בויך דרייט מיר און איך קאָן נישט אַרויס, כאָטש גיב עס אַ קרענק. וואָס טוט מען ? אויב אַפילו עס זאָל מיר היינטיק נאָכט כאַפּן דער בויך, וועלן מיר שוין ביידע צוזאַמען סיי ווי נישט קאָנען אַפּפאָרן אין צענטראַל־לאַגער.

— הער אויס — זאָג איך אים — ווי עס זאָל נישט זיין, גיב איך דיר איבער פיר טאַבלעטלעך, און דו באַהאַלט זיי. און איך, ווי נאָר איך וועל זיין אין לאַסט־וואָגן, וועל נעמען דעם ערשטן טאַבלעט. און אויב צוויי, אָדער דריי טאַבלעטן וועט מיר נישט העלפן, וועט מיר שוין דער טייוול אויך נישט העלפן. און אויב יאָ — וועל איך זיך מיט דיר טרעפן. ווי עס זאָל נישט זיין, גיב מיר דיין קליין קעסעלע און דו לאָז פאַר זיך די גרויסע. אָבער וואָס טוט מען מיטן זייגער ? גייען גייט ער סיי ווי נישט, אָבער אַ פּאָר לעבלעך ברויט קאָן מען פאַר אים קריגן.

— ווייסט וואָס — זאָג איך אים — דעם פּאַיאָק ברויט פון אָוונט גיסטו מיר אָוועק. איך וועל דאָס צוברענען אויפן פייער. און איך גיב דיר אָוועק דעם זייגער. אויב מיר וועלן זיך ווידער טרעפן, וועל איך דיר אָוועקגעבן אַ פּאַיקע ברויט און דו מיר — דעם זייגער.

אַזוי רעדנדיק, האָבן מיר נישט באַמערקט ווי דער אוקראַינער איז

צוגעקומען; קענטיק, אַז ער האָט געהערט די לעצטע ווערטער, וואָס מיר רעדן. ער נעמט אַרויס אַ האַלב לעבל ברויט — דאָס איז געווען דער פּאַיאַק פון די דייטשע זעלנער — און געבנדיק עס מיר, זאָגט ער, אַז דאָס האָט מיר געגעבן דער דייטשער פּאָסטן. מיט מיר געזעגנט ער זיך און גייט אַוועק. איך בלייב ווי געפּלעפּט. איך קוק אויפן האַלבן לעבל ברויט פון אַלע זייטן און מיינע אויגן גלויבן נישט, אַז דאָס ברויט געהערט טאַקע צו מיר. איך טאַפּ אָן דאָס ווייכע און עס לאָזט זיך מיר גאָרנישט גלויבן, אַז אַ דייטש קאָן זיין אַ מענטש. איך לייג אונטער אַ טיכל, און פּאַרזיכטיק, אַז קיין ברעקל זאָל נישט פּאַרפאַלן ווערן, צעשנייד איך דאָס ברויט אויף דינה המוציא׳קעלעך. קיין ריכטיקע ברויט האָבן מיר שוין אין די אויגן נישט געזען חדשים־לאַנג. דאָס ברויט, וואָס זיי האָבן אונדז געגעבן, איז געווען דער אָפּפאַל פון קאָרן, געמישט מיט קאַרטאָפל. אָפּט־מאָל האָט מען נאָך געפונען די שאָלעכץ, אָדער אַפילו געמישט מיט האָלץ־זעגעכץ. און דאָ גאָר — אַ שטיקל ריינע ברויט!

לעבן מיר איז געזעסן איוואַן ביים הייסן פּאָס־אויוון. איך גיב אים אַוועק זיין פּאַיאַק, וואָס ער האָט מיר געהאָט געגעבן, און איך זשאַלעווע צוצוברענגען מיין האַלבן גוטן ברויט. פון אַלע זייטן קוקן אויף מיר הונגע־ריקע אויגן. און ביי זיך בין איך זיכער — ווען זיי קענען מיר נישט, וואָלט שוין נישט איינער געהאָט די חוצפה און אָן מורא זיך צוגעכאַפּט אַ שטיק ברויט. איך מיט איוואַנען האָבן דאָס גוט געוווסט. אַ פּאָר שטיק־לעך אויסגעטרוקנט, אַריינגעלייגט אין טוכענעם זעקעלע. די איבעריקע אַריינגעלייגט אַלץ אין אונדזער גרויס קעסעלע, דערגאָסן וואַסער.

דעם אָוונט האָבן מיר גוט אָפּגעגעסן, און אַפילו פּאַרויכערט אַ ריכ־טיקן טאַבאַק. איך האָב נאָך נישט געוווסט, אַז דאָס איז אונדזער לעצ־טער אָוונט־ברויט, וואָס מיר זענען צוזאַמען. איך בין געווען זיכער, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועלן מיר זיך ווידער זען. איוואַן נעמט אַרויס דעם זייגער, וואָס איך האָב אים געהאָט געגעבן, און זאָגט צו מיר, אַז איך זאָל אים מיטנעמען.

— ערשטנס — זאָגט ער — איז דאָס טאַקע דיינער. און צווייטנס — מיינט ער אַז מיר וועט ער מער צונוץ קומען, ווייל איך טראַכט, אַז אויב די אָרדענונג זאָל זיין די זעלבע, וואָס מיר האָבן געהאַט איבערגעלאָזן, און, לויט דאָס ווי די נייע דערציילן, האָט זיך קיין זאַך נישט געביטן.

איך האָב טאַקע זייער געוואָלט צונעמען צוריק דעם זייגער. איך האָב אָבער געטראַכט, אַז סיי ווי סיי וועלן מיר זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום זען, און עס קאָן זיין אַז ער וועט צונוץ קומען פאַר אונדז ביידן. און געבנדיק אַ קוק אויף מיין איוואַנען, וויסנדיק אויף ווי ווייט ער איז אָפּגעשוואַכט, צו דעם — אַ שרעקלעכער רויכערער. אַ פּאָר מאָל האָב איך אים אונטערגעכאַפּט, אין געהיים פון מיר, ווי ער פלעגט אָפּשניידן אַ שטיקל ברויט פון זיין פּאַרציע און בייטן אויף אָן "אָקוראַק". איין מאָל האָב איך זיך געמוזט אַריינמישן, מיט אַ זעץ אין די ציינער אַ געפּאַנ־

געגעם, וואָס האָט אָפּגעגאַרט איוואַנען. ער האָט צוגענומען דאָס שטיקל ברויט, וואָס איוואַן האָט אים געגעבן, אויף אַ בייט צום רויכערן, און אַנשטאָט ריינעם טאַבאַק, האָט ער אים געגעבן צעבערעקלטע בלעטער. פאַר־שטייט זיך, אַז איידער איוואַן האָט געפונען אַנצוצינדן זיין געמאַכטע ציגאַרקע, אַזוי פלעגן מיר עס רופן, האָט שוין יענער דאָס שטיקל ברויט לאַנג געהאַט אויפגעגעסן.

דאָס איז געווען איינער פון די פריש־געקומענע. דאָס אַלץ וויסנדיק, האָב איך באַשלאָסן, אַז בעסער זאָל דער זייגער ביי אים בלייבן. ווייל טאָמער טרעפן מיר זיך נישט, וועט עס אים צונוץ קומען. מיר זענען שוין ביידע געווען אַזוי איינגעוווינט, אַז אַ זייטיקער האָט געקאָנט מיינען, אַז מיר זענען צוויי ברידער, אַ יונגערער מיט אַן עלטערן. דער אונטערשיד איז ביי אונדז געווען מיט קנאַפּע פיר יאָר, וואָס איך בין עלטער געווען פאַר אים. אָבער אויסערלעך האָב איך אויסגעזען ווי אַ זיידע פאַר אים. ווייל אים איז קוים געוואַקסן אַ באָרד, און איך — צו פופצן יאָר האָב איך זיך אָנגעהויבן ראַזירן. בפרט, אַז מיין פאָטער איז געווען אַ פאַריקמאַכער, אַ ברודער האָט צוגעהאָלפן, האָט מיר נישט געקאָסט קיין געלט דאָס ראַזירן זיך; איבערהויפּט, אַז אויף פרעמדע בערד איז נישט אַזוי איינפאַך צו פּרווון די ראַזיר־מעסערס.

דער עיקר, דאָס זייגערל איז געבליבן ביי איוואַנען. אויף מאָרגן אין דער פרי, מען טרייבט, ווי געוויינלעך, אויף דער אַרבעט. ביינאַכט איז געקומען אַ גאַנצער עשאַלאָן מיט סנאַריאַדן, און גאַנץ פרי, מיט פאַנאַרן, האָט מען אויפגעוועקט די געפאַנגענע צו גיין אויסלאָדן. מען שלאָגט, מען שרייט, מען טומלט, אַז וואָס גיכער זאָל מען גיין צו דער אַרבעט.

אויסטאָן פלעגט זיך כמעט ווי קיינער נישט, סיידן צום לויזן זיך. און לייז האָבן געהאַט אַלע, אין די טויזנטער, און אַזעלכע גרויסע, וואָס איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס קאָנען גאָר אויפוואַקסן אַזעלכע גרויסע לייז. מיר זענען געשלאָפן אויפן שטרוי, און זיי פלעגן מאַכן מיליטערישע מאַנעוורעס, אַריינקריכן אין די לעכעלעך פון שטרוי און אַרויסקריכן. אויף זיך אַליין האָסטו זיי אַזויפיל נישט געזען, אָבער אויף די שכנים האָט מען זיי באַמערקט קריכן אַהין און אַהער; און די שכנים האָבן אויף דיר געזען דאָס זעלבע. עס איז נישט קיין וווּנדער, חדשים לאַנג האָט מען זיך נישט געוואַשן. אַז מען איז געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָבן זיך די לייז באַהאַלטן פון דער קעלט; אין אַ טאָג, ווען עס איז געוואָרן אַביסל וואַרעמער, האָט מען אָנגעהויבן אַרומרייניקן די לייז פון זיך. עס האָבן זיך געשאַפן גרופּקעלעך מיט ברענענדיקע לעמפּעלעך, אויפן פייער אויפגעהאַנגענע בלעכלעך פון קאָנסערוון־פושקעס, און דאָרטן האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן.

מיר האָבן אָבער באַמערקט, אַז פון די שטאַרבנדיקע געפאַנגענע האָבן די לייז אָנגעהויבן אַנטלויפן. דער מענטש לעבט נאָך, ער זשיפּעט

נאָך און די לייז הייבן שוין אָן צו אַנטלויפן פון אים; און דאָס איז שוין געווען דער גוטער סימן...

מיין איוואַן איז לעבן מיר, און אַזוי ווי אינסטינקטיוו וואָלטן מיר געפילט, אַז מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען. ער האָט געוווסט מיין ריכטיקע פאַמיליע־נאָמען, און מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, וועל איך שיקן אַ בריוו, זעקס חדשים נאָכן ענדיקן זיך פון קריג, אויף זיין נאָמען, אין דער שטאָט, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, דאָס הייסט קיין קראַסנאָגוואַרדייסק, אין זאַפּאָדני קאַווקאַז. און זיין נאָמען אַפילו היינט, אַכט און צוואַנציק יאָר נאָך דעם אַלעמען, געדענק איך: זאַרי־טאָווסקי איוואַן פעטראָוויטש. דאָס זעלבע האָט ער מיר צוגעזאָגט, דאָ וואָסטרעבאָוואַניע, אין קאָוונער פּאָסט־אַמט. נאָכן קריג האָב איך צו איוואַנען געשיקט עטלעכע בריוו, נאָר נישט זעקס חדשים נאָכן קריג, נאָר אַ יאָר נאָכן קריג. גאַנץ איינפאַך, עס איז נישט געלעגן אין קאָפּ דאָס זוכן פרעמדע, און איך האָב געדאַרפט זוכן מיין אייגענע פאַמיליע, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב שוין געוווסט וואָס די נאַצישע חיות, צו־זאַמען מיט די ליטווישע מערדער, האָבן געמאַכט מיט מיין משפחה, פּונקט ווי זיי האָבן געמאַכט מיט אַלע יידן פון אייראָפּע.

איך האָב נאָך דאַן נישט געוווסט, אַז מען האָט געשיקט ספּעציעלע ליטווישע קאָמאַנדאָס אין גאַנץ אייראָפּע, צו טאָן זייער בלוטיקע אַרבעט. היינט צו טאָג פרעג איך זיך: און ווען איך וואָלט געוווסט, וואָס וואָלט איך געמאַכט? איך ענטפער, אַז בעסער איז, וואָס איך האָב נישט גע־וווסט, ווייל איך בין שטענדיק, פון מיין יוגנט אָן, געווען פאַר דעם — אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ; און אַז יענער זאָל מער נישט אויפהייבן די האַנט, גיב איך יענעם דריי קלעפּ פאַר איינעם. און אויב נקמה הייסט מאָרד, בין איך זיכער, אַז איך וואָלט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר דעם. נאָר ביסלעכוויז האָט זיך ביי מיר אָנגעהויבן באַרואיקן דער דורשט נאָך נקמה. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס צוויי און דרייסיק מאָן פון מיין משפחה זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, מיין קינד מיט מיין פרוי צווישן זיי, בין איך דאָך גליקלעכער ווי אַ סך אַנדערע, וואָס מען האָט זייערע משפחות פאַרניכטעט ביז איינעם, אָדער די, וואָס זיינען פאַרבליבן איין און איינציקע פון פופציק אָדער זעכציק פערזאָן. יאָ, איך האָב געפונען אַ פאָטער, וואָס איז געקומען פון דאַכאַו, אַ שוועסטער, וואָס איז געקומען פון שטוטהאָף, צוויי ברידער, דורכגעלעכערטע, אָבער לעבעדיקע, פון דער רויטער אַרמיי.

איוואַן נעמט מיך אַרום און מיר געזעגענען זיך. ער וויינט און איך וויש מיינע אויגן. דער אוקראַאינער קומט אַריין מיט אַ שטעקן אין האַנט, האַקט אין די נאַרעס און שרייט, אַז מען זאָל וואָס גיכער אַרויסגיין פון באַראַק. ער דראָט, אָבער דערווייל שלאָגט ער קיינעם נישט. ער גייט צו צו אונדז און פרעגט:

— נו, קאַק דיעלאַ?

— פלאַכאַ! — ענטפער איך.

ער גיט מיר די האַנט און זאָגט צו מיר:

— נו, בוט זדראַוו.

און נעמט מיט מיין איוואַנען. ביסלעכווייז ווערט לײדיק דער באַראַק, און איך בלייב מיט אַ צווייטן געפאַנגענעם. ער ליגט און קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. ער האַלט אין איין וויינען. איך האָב איין אַרבעט — איך ל ו י ף אַלע ווײלע. עס הייבט אָן ווערן ליכטיק. אין אַ צען מינוט אַרום, עס גייט אַריין דער שאָפער פון לאַסט־וואַגן, אַ רוס, און הייסט מיר זאָלן אַרויסגיין. איך גיי אַרויס, אָבער דער צווייטער, ער רירט זיך נישט פון אָרט. דער שאָפער ברענגט נאָך איינעם פון דער קיך, אוןביידע העלפן זיי דעם קראַנקן אַרײנקריכן אין לאַסט־וואַגן.

אין דרויסן שטייט גראַד אַ זוניקער, ליכטיקער טאָג, דער פראָסט אָבער ברענט. עס מוז זיין איבער דרייסיק גראַד קעלט. מיר טוליען זיך איין איינער צום אַנדערן. קיין וואַך איז נישטאָ. אַן אָבערגעפרייטער מיט אַ פיסטאָלעט איז אַריין אין דער קאַבינע, און מיר פאָרן.

## קאַפּיטל 11

# דער לאַזאַרעט פון טויט

פון אונדזער לאַגער ביז אָרשאַ איז צוועלף קילאָמעטער. אונדזער לאַגער געפינט זיך אין אַ געדיכטן וואַלד. אָבער אַז מען פאָרט פון אים אַרויס, איז מער קיין וואַלד נישטאָ ביז אָרשאַ. כאָטש די שטאָט אַליין, אָרשאַ, איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט פון וואַלד, און אונדזערער איז דער ווייטסטער. איך טראַכט ביי זיך, אַז פאַקטיש איז איצט דער בעסטער מאָמענט צו אַנטלופן, אָבער ווי אַזוי לויפן, אַז רונד און אַרום איז שניי? אַפילו אַז דער צווייטער געפאַנגענער זאָל קיין זאַך נישט זאָגן, וועל איך ווייט נישט אַוועקגיין. און צו דעם — מיינע הילצערנע קאָלאָדקעס. גוט, מען קאָן זיי אויסטאָן און אָנטאָן די לאַפּטשעס.

טראַכטנדיק אַזוי, הייב איך אויף דעם קאָפּ און איך באָמערק דורך דעם פענצטערל פון דער קאַבינקעביים שאָפער, ווי עס ווייזט זיך אַלע ווײלע דער פּרצוף פון געפרייטער. עס פאַרציט זיך דאָס גלאָז מיט אַ שיכט אייז, וואָס ער בלאָזט אַלע ווײלע פונאַנדער, כדי ער זאָל קאָנען זען וואָס עס טוט זיך אין לאַסט־וואַגן פון הינטן. אַזוי אַרום, אַז עס איז איבעריק גאָר צו טראַכטן. אין דעם מאָמענט האָב איך קיין גרויסע מעג־לעכקייט נישט צו אַנטלויפן. און דאָך, ווען איך האָב באָמערקט, אַז מיר געפינען זיך שוין אויף די גאַסן פון אָרשאַ, די הייזער צעטראַסקעט, אָבער די גאַסן באַלעבט, האָט זיך אין מיר ווידער עפּעס אויפגעוועקט. דאָ און דאָרט

זעט מען רויכערדיקע קוימענס, אַפילו פון באַמבאַרדירטע הייזער, ווו מענטשן האָבן, קענטיק, איינגעאָרדנט זייערע נאַרעס. אַ סך מיליטערלייט אויף די גאַסן. אויף די קעפּ פון די ציווילע אַרויפגעשלעפּט וואָס איינער קאָן — ווער טיכער, ווער שטיקלעך פעלץ. זעלטן ווער עס האָט אַ גאַנצע פעלצענע היטל. די אָפיצירן, מערסטנטייל אין פעלצן און וואַלינקעס. אַ סך דייטשן מיט אַרומגעבונדענע שטיוול. און אַלע, ווי זיי וואַלטן זיך ווו נישט איז איילן. צו דעם גיבן זיי אַלע ווײַלע אַ קלאַפּ מיטביידע געקרייצטע הענט אין די שולטערן כדי זיי נישט אָפּצופרירן.

דער לאַסט־וואָגן פאָרט צו צו אַ געביידע. ער שטעלט זיך אָפּ און דער געפרייטער גייט אַריין אינעווייניק. דאָס געפינט זיך לעבן דייטשישן שפּיטאָל, וואָס איך האָב אים גוט געקענט. איך ווייס אָבער, אַז אין קיין שום געביידעס, נישט פון רעכטס און נישט פון לינקס, איז נישט געווען קיין לאַזאַרעט פאַר געפאַנגענע. אין אַ ווײַלע אַרום, עס גייט אַרויס אַ דייטש מיט אַ ווייסן כאַלאַט. ער רעדט מיטן אָבערגעפרייטער און פרעגט אויף דייטש :

— וועלכער איז דער, וואָס האָט דיזענטעריע ?

ער ווייזט אָן אויף מיר. ער רופט אַרויס פון דער געביידע צוויי סאַניטאַרן און הייסט אַראָפּנעמען דעם אַנדערן קראַנקן. מען פאַרמאַכט ווידער דעם לאַסט־אויטאָ. איך זע ווי דער כלומרשטער דאָקטער שרייבט אונטער אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס דער געפרייטער לייגט אַריין אין קעשענע, פאַרמאַכט צוריק און מען פאָרט ווידער.

דער צענטראַל־לאַגער איז צוויי טריט פון דאַנען. מען פאָרט לעבן טויער, מען בלייבט שטיין. דער געפרייטער גייט צו צום פּאָסטן, וואָס זיצט אין אַ וואַרעמע בודקע. ער איז אַ דייטש. ער רעדט מיט אים, און איך הער נישט וואָס זיי רעדן צווישן זיך. דער דייטש עפנט דעם טויער און הייסט מיר אַריינגיין. דער לאַסט־וואָגן פאָרט אַוועק. מיך הייסט ער בלייבן שטיין נישט ווייט פון טויער, און אַליין גייט ער צוריק אַריין אין דער בודקע. דער בויך דרייט מיר. די ערשטע זאַך נעם איך אַרויס פון קעשענע אַ שטיקל צוגעברענטע ברויט, און פאַרזיכטיק, אַז קיינער זאָל נישט מערקן, שלינג איך עס אַראָפּ. לעבן טויער איז סיי ווי קיינער נישטאָ. פון ווייטן זע איך, אַז דאָ און דאָרטן גייען אַרויס קריגסגעפאַנגענע, אין שמאַטעס, ענלעך אויף מייַנע. איך נעם אַ ביסל שניי אין מויל אַריין און שלינג אַראָפּ מיין ערשטן טאַבלעט.

דערווייל וואַרט איך. אין אַ ווײַלע אַרום, איך זע ווי עס דערנענטערט זיך אַ קריגסגעפאַנגענער מיט אַ ווייס בענדל אויפן אָרעם, און איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז איינער פון דער אינעווייניקסטער וואַך. דאָס הייסט, אַז דאָ, אין דער דייטשער וואַך־בודקע, האָבן זיי אַ טעלעפאָן, און זיי האָבן אים אַרויסגערופן מען זאָל מיך איבערנעמען. ער גייט אַפילו נישט אַריין צום דייטש. ער גייט צו צו מיר און פרעגט מיר, צי דאָס בין איך דער,

וואָס מען האָט מיר געבראַכט פון אַ צווייטן לאַגער? איך ענטפער, אַז יאָ, זאָגט ער:

— קום מיט מיר.

— ווו וועסטו מיך פירן? — פרעג איך.

האָב געדולד, וועסטו זען.

אַליין איז ער אַנגעטאָן אין גוטע שטיוול, דער שינעל אַ בייער, פונקט ווי פון אַ שניידער, האַלב־ציוויל, אַ האַלב־מיליטערישע אושאַנקע, דאָס איז אַזאַ ווינטערדיקע וואַרעמע היטל. אַליין זע איך, אַז ער האָט מורא צו נאָענט צוצוגיין צו מיר. ער פרעגט מיך נישט, ווער איך בין, וואָס איך בין. ער פרעגט נאָר פון וועלכן לאַגער מען האָט מיר געבראַכט און ווי לאַנג איך בין אין געפאַנגענשאַפט? ווען ער הערט די ענטפערס, גיט ער אַ מאָדנעם קוק אויף מיר, ווי איינער זאָגט: שוין אַזוי לאַנג אין געפאַנגענשאַפט, און — דו לעבסט נאָך?...

דער קאַראַנטין, אָדער ווי אַנדערע האָבן אים גערופן, דער איזאָלאַטאָר, האָט זיך געפונען אין אַ זייט פון די איבעריקע באַראַקן, אויך אָפּגעצוימט מיט שטעכל־דראָט; דאָס הייסט — אַ לאַגער אין אַ לאַגער, איזאָלירט אַפילו פון די געפאַנגענע גופא. ביים אַריינגאַנג — אַ קליינע קאַליטקע מיט אַ גלעקל, וואָס מען גיט אַ צי און אַ שטיקל אייזן קלאַפּט זיך אָן אין אַ צווייט שטיקל אייזן. דער אוקראַאינער — אַזוי פלעגט מען רופן אַלע אינערלעכע פאַסטנס, פלעגט דאָס אַפילו זיין אַ טערק, — האָט געטראָגן אַ ווייס בענדל אויפן אָרבל — איז ער געווען אַן „אוקראַאינער" ביי די דייטשן, און מיר, געפאַנגענע, האָבן זיי אויך אַזוי גערופן.

ער גיט אַ צי דאָס דרעטל פון גלעקל און אויפן שוועל פון באַראַק באַווייזט זיך אַ צווייטער פאַרשוין. ער גייט צו, און איך מערק, אַז די קאַליטקע איז פון אינעווייניק שוין פאַרמאַכט. דער אוקראַאינער גיט אים אַ זאָג, אַז ער האָט געבראַכט אַ קאַנדידאַט „אויף יענער וועלט". ער וואַרט אַפילו נישט אויף קיין ענטפער. קענטיק, אַז איך בין נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער. דער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען, הייסט מיר אַריינגיין אין באַראַק. מען פרעגט מיר נישט קיין נאָמען, קיין פאַמיליע, פונקט ווי אין אַלע פריערדיקע לאַגערן. איבערהויפּט האָט מען זעלטן עמיצן גערופן ביים נאָמען אין לאַגער. איינעם האָט מען גערופן: מאַסקוויטש, אָדער אַ צווייטן — אָדעסיט, אַ דריטן — לענינגראַדסקי, אַ פערטן — „באַראַדאַ", אַ פינפטן — ריזשי. יעדער האָט געהאַט אַ צוגעקלעפּטן נאָמען. דער זעלבער נאָמען איז מיטגעגאַנגען פון איין לאַגער אין אַנדערן. מערסטנס האָט זיך עס געווענדעט אין דיר גופא, ווייל אין איין לאַגער האָסטו געקאָנט זאָגן אַז ביסט אַ מאַסקוויטש, אין אַ צווייטן — ביסט פון אָדעס. איך, למשל, פלעג זאָגן דעם אמת, דאָס הייסט, איך בין געבוירן אין... סאַראַטאָוו. אַ פּאָר מאָל טאָקע בין איך געווען אין פאַרלעגנהייט, ווען איך בין טאָקע אַרויפגעפאַלן אויף אַ ריכטיקן סאַראַטאָווער און

יענער האָט זיך דערפֿרייט מיט מיר, וואָס ער האָט געפֿונען אַ לאַנדסמאַן. היינט גיי דערצייל זיי אַ מעשה, אַז דער „לאַנדסמאַן" איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון סאַראַטאָוו, אַז ער איז געווען פֿינף יאָר אַלט. יענער האָט דערוויילֿ אָנגעהויבן אויספֿרעגן זיך פּרטים ווו איך האָב געאַרבעט, אויף וועלכער גאַס איך האָב געוווינט און נאָך אַזעלכע קלייניקייטן. איך האָב זיך קוים אַרויסגעדרייט. איך האָב אָבער אָנגעהויבן פֿאַראינטערעסירן זיך מיט אַלע קלייניקייטן פֿון סאַראַטאָוו. איך האָב זיך דערוווּסט אַלע גאַסן, אַפֿילו די פֿאַרשטעט. ווייל סאַראַטאָוו איז אַ גרויסע שטאָט, און אין יענער צייט האָט זי שוין פֿאַרמאָגט איבער אַ האַלבן מיליאָן מענטשן. אין ראַטנפֿאַרבאַנד גייט אַרום אַ ווערטל. מען זאָגט : „ראַסטאָוו נאַ דאָנו, אַ סאַראַטאָוו נאַ וואָלגע". ראַסטאָוו איז אויפֿן דאָן און סאַראַטאָוו איז אויף דער וואָלגע.

אַנטקעגן סאַראַטאָוו, אויף דער צווייטער זייט וואָלגע, געפֿינט זיך אַ גרויסע פֿאַרשטאָט, וואָס הייסט ענגעלסק. די מערסטע איינוווינער דאָרט זיינען געווען דייטשן, דאָס זיינען געווען מערסטנטייל קריגסגעפֿאַנגענע פֿון די יאָרן 18־1914. זיי האָבן זיך פֿרייוויליק באַזעצט נאָך 1917 אין יענע געביטן, ווייל אַרום איז דאָרט אַ גוטע ערד, איינע פֿון די בעסטע אין סאָוויעטנפֿאַרבאַנד, און צו דעם — פּלאַכלאַנד, אויף ווי ווייט דאָס אויג זעט נאָר. זיי זיינען דאָרט טאַקע געווען איינגעאָרדנט מיט די בעסטע קאָלכאָזן. די ערד, גוט באַאַרבעט, מיט דייטשער דיסציפּלין און פּינקטלעכקייט, זיינען די קאָלכאָזן געווען אַ ביישפּיל פֿאַר אַנדערע. אַז עס זיינען געקומען פֿון אויסלאַנד דעלעגאַציעס, האָט מען זיי געפֿירט ווייזן ווי עס זעט אויס אַ קאָלכאָז אין סאָוויעטנפֿאַרבאַנד. קיין בעסערע פּראָפּאַגאַנדע האָט מען נישט געדאַרפֿט האָבן. די ערד איז דאָרט באַאַרבעט געוואָרן אויפֿן מאָדערנסטן אופֿן, אַלע הייזער מיט וואַסער־לייטונג און קאַלעקטיווע באַהייצונג. די גאַסן — אַספֿאַלטירט, גוטע געביידעס פֿאַר די בהמות און חזירים. אומעטום — עלעקטריע. אַפֿילו היינט צו טאָג, נאָך דער מלחמה, ווען דער פּראָגרעס איז פֿיל גרעסער ווי פֿריער, איז זייער זעלטן ווען אַ קאָלכאָז זאָל האָבן וואַסערלייטונג, אָדער קאַלעקטיווע באַהייצונג. עס זענען געווען ביי זיי דייטשע שולן. די געגנט האָט מען אַ נאָמען געגעבן „דייטשע אויטאָנאָמע רעפּובליק". דאָרט האָבן געלעבט ביי אַנדערטהאַלבן מיליאָן דייטשן.

אָבער זייער נאַציאָנאַליזם איז אַלעמאָל געווען שטאַרקער, ווי דער דראַנג צו בויען אַ סאָציאַליסטיש היימלאַנד און נישט איין מאָל האָבן זיי אַרויסגעוויזן, אַז זייער פֿאָטערלאַנד איז נישט ראַטנפֿאַרבאַנד, נאָר דייטשלאַנד. ס'איז גענוג געווען, אַז אויף אַ דייטשער חתונה, אָדער סתם ביי אַ געלעגנהייט, אַז זיי האָבן גוט אויסגעטרונקען, האָבן זיי גענומען זינגען :

„דייטשלאַנד איבער אַלעס"...

אַזוי האָט היטלערס סם דערגרייכט ביז צו די ברעגן פֿון דער וואָלגאַ, נאָך איידער דער קריג האָט זיך אָנגעהויבן. ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־דעזערציע פֿון דייטשן, וואָס האָבן

געדינט אין דער רויטער אַרמיי. פאַרשטייט זיך אַז די צאָל פון די־אַ דייטשן אין דער רויטער אַרמיי, איז געווען לויטן פּראָצענט, ווי די אַנדערע פעלקערשאַפטן. די אָנפירונג פון דער רויטער אַרמיי, האָט גלייך אָנגעפאַנגען צו איזאָלירן די דאָזיקע פאָלקס־דייטשן. די געפאַר איז געווען צו גרויס פאַר אַזאַ „אינערלעכן פיינט" איבערהויפּט אין די ערשטע חדשים פון קריג, ווען עס איז געווען אַזאַ גרויסע פּאַניק.

מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט געפאַנגענע, וואָס זיינען נאָך געווען אין סאַראַטאָוו אין צווייטן העלפט פון יאָר 1942, דאָס הייסט, ווען די דייטשע אַרמיי האָט זיך געגרייט צו דער אָפענסיווע אויף סטאַלינגראַד. סאַראַטאָוו און קויבישעוו זיינען געווען די נאָענטסטע און וויכטיקסטע באַזאַרגער פון סאָוויעטישן פראָנט ביי סטאַלינגראַד. עס איז געווען אַ צייט, ווען אויף די גאַסן פון סאַראַטאָוו איז געווען אַ געפאַר צו באַווייזן זיך. מען פלעגט פשוט אויסטאָן און באַרויבן אין מיטן העלן טאָג. און אַז מ'האָט זיך קעגנגעשטעלט, האָט מען אויפן אָרט, פאַר אַלעמען אין די אויגן, דערשטאָכן.

אַזוי אַרום האָבן די דייטשן אַלץ געטאָן צו שאַפן אַ נישט זיכערע לאַגע אין די גרויסע שטעט פון ראַטנפאַרבאַנד. איבערהויפּט נישט ווייט פון דעם פראָנט.

איינער אַ טאַטאַר, וואָס איך האָב זיך גוט באַפריינדעט מיט אים אין געפאַנגענשאַפט, האָט מיר דערציילט, אַז עס איז געווען אַזאַ פאַל: מען איז צו צו איינעם אַ מאַן, גוט אָנגעטאָן, און איינער פון די באַנדיטן האָט אים געזאָגט: טו אויס דעם מאַנטל, ווייל איך האָב אים פאַרקויפט. אָט איז דער — האָט ער אָנגעוויזן, וואָס האָט אים אָפּגעקויפט. און ער וויזט אים דערביי אַ לאַנגן מעסער, דער צווייטער — אַ רעוואָלווער. יענער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, און די באַנדיטן זיינען גלייך נעלם געוואָרן.

אָבער דער פאַל, וואָס האָט געטראָפן אין סאַראַטאָוו, איז געווען דער וואָס האָט איבערגעפּילט דעם בעכער. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער פאַרשוין, וואָס מען האָט אים אויסגעטאָן, איז געווען אַ פאַרשטייער פון דער ענגלישער אַמבאַסאַדע. און דאָס איז דערגאַנגען צו סטאַלינען. סטאַלין האָט זיך גלייך גענומען דורכצופירן אַ רייניקונג אין סאַראַטאָוו און אין קויבישעוו, אויף זיין ספּעציעלן אופן. וועגן אָט דער רייניקונג־אַקציע האָבן מיר דערציילט אייניקע, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין די געגנטן. מען האָט אָפּגעקליבן פון דער נ.ק.וו.ד. און נ.ק.ג.ב. 400 מאַן. צוויי הונדערט האָט מען אַוועקגעשיקט אין סאַראַטאָוו, 200 אין קויבישעוו, מיט אַ מאַנדאַט אונטערגעשריבן דורך סטאַלינען אַליין. אין שטאָט האָבן זיי זיך פאַרטיילט צו צוויי מאַן, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ דריטן, אויך אין ציוויל, פון דער מיליץ. זיי פלעגן אַרומגיין, בייטנדיק זיך, 24 שעה אין מעת־לעת, און קאָנטראָלירן ביי פאַרדעכטיקע די פּאַפּירן. זאָל גאָט אויסהיטן, אַז זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ דעזערטיר, אָדער אַז זיי האָבן ביים פאַרדעכטיקן געפונען געווער. אַזאַ איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן,

אַן אַן אויספֿאָרשונג, אָן אַ געריכט. אין משך פֿון צוויי וואָכן זיינען סאַראַטאָוו און קויבישעוו ריין געוואָרן פֿון די באַנדיטן.

אַ טייל האָט מען פֿאַרניכטעט, אַ טייל האָט זיך אָפּגעטראָגן.

די וואָלגע־דייטשן זיינען געווען אַ סך געפֿערלעכער פֿאַרן לאַנד, ווי די דייטשן, וואָס זיינען געקומען פֿון „רייך“, ווייל זיי האָבן געקענט אונדזער שפּראַך. די אַקטיווסטע מיטגלידער פֿון „ז.ד.“ און געסטאַפּאָ זיינען געווען אָט די פֿאָלקס־דייטשן. לויטן „פּלאַן באַרבאַראָסאַ“, איז געווען אַ דירעקטיוו, אַז אַלע יידישע געפֿאַנגענע און קאָמיסאַרן פֿון דער רויטער אַרמיי דאַרפֿן איזאָלירט ווערן און תיכּף ליקווידירט. ביסלעכווייז האָט מען זיך עס דערוווסט; און פּונקט ווי איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אונטער פֿרעמדע נעמען, זיינען געווען נאָך אַזעלכע אין די הונדערטער, איבערהויפּט פּאָליטישע אינסטרוקטאָרן, „פּאָליטרוקעס“ און קאָמיסאַרן. די דייטשן האָבן געוווסט, אַז אָט די פּאָליטיש־אויסגעשולטע לייט זיינען פֿאַר זיי געפֿערלעך, ווייל זיי זיינען גוטע אָרגאַניזאַטאָרן. און אויב אָרגאַניזירן, קאָן מען אַלץ — אַנטלויפֿן, קעגנשטעלן זיך, נישט לאָזן זיך שלאָגן.

די ערשטע זאַך האָבן די דייטשן איינגעפֿירט פּרעמיעס פֿאַר אָנ־ווייזן אויף יידן, אָדער קאָמיסאַרן. צוליב דעם, האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינ־שמוגלען צווישן אונדז אָט די פֿאָלקס־דייטשן און נישט איין ייד, אָדער קאָמיסאַר, איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון אָט די פֿאָלקס־דייטשן. דאָס אַלץ איז געווען אין די ערשטע וואָכן פֿון קריג. אָך און ווי איז געווען צו אַזאַ פֿאָלקס־דייטש, אַז די געפֿאַנגענע האָבן אים דערטאַפּט. ער האָט שוין די נאַכט נישט איבערגעלעבט. צומאָרגנס, צווישן אַנדערע טויטע, האָט מען אים געפֿונען אַ דערשטיקטן, אַ נאַקעטן.

אַזעלכע געהיימע אַגענטן האָבן די דייטשן געהאַט צווישן אונדז, נישט גראָד פֿון די פֿאָלקס־דייטשן. ווייל איבערלויפֿער זיינען אויך געווען צווישן די רוסן, אוקראַינער, און טאַטאַרן; איבערהויפּט די קרימער טאַ־טאַרן. די ערגסטע און געפֿערלעכסטע זיינען געווען די אַריבערגעלאָפֿענע טשוואַשן און אוקראַינער. איבערהויפּט אוקראַינער, פֿון דעם טייל אוק־ראַינע, וואָס האָט פֿריער געהערט צו פּוילן. מיר האָבן געהערט אין געפֿאַנגענשאַפֿט, אַז גאַנצע דיוויזיעס פֿון אַזעלכע אוקראַינער זיינען אַרי־בער צו די דייטשן, נאָכן אויסהרגענען די סאָוויעטישע אָפֿיצירן און קאָמיסאַרן.

## קאַפּיטל 12

# לעבעדיקע מתים

איך גיי אַריין אין באַראַק. דאָס וויכטיקסטע — איך פֿיל זיך בעסער. עס דרייט מיר נאָך אין בויך, נאָר די קראַמפּן זיינען אַ סך זעלטענער. אַראָפּגייענדיק פֿון לאַסט־וואַגן און נעמענדיק דעם ערשטן טאַבלעט, האָב

איך זיך דערשפּירט אַ סך בעסער, כאַטש די ערשטע פאַרברענטע שטיקלעך ברויט האָבן מיר נישט געלאָזט רוען. איך האָב זיי טאַקע באַלד ליקווידירט. איך פרעג ביים ערשטן־בעסטן: ווו געפינט זיך דאָ דער באַראַקן־עלטסטער? ווייזט מען מיר אָן אויף אַ גרופּע, וואָס שפּילט אין קאָרטן לעבן אָן אויסגעשניטענער לאָך, און מען זאָגט מיר: דאָס איז דער קאַזאָך. איך גיי צו און פרעג אים, צי וועט מען מיר געבן עפּעס צו עסן; ווייל — זאָג איך אים — דאָרט, פון וואַנען איך קום, גיט מען צו עסן ערשט מיטאָג־צייט, די באַלאַנדע מיט אַ שטיקל ברויט. ענטפערט ער מיר, אַז קיין ברויט וועל איך שוין היינט נישט קריגן, ווייל איך בין נישט געווען אין דער פרי, ביים ציילן. און באַלאַנדע וועל איך קריגן, ווען מען וועט ברענגען, דאָס הייסט אַרום איינס אַ זייגער. פרעג איך:

— נו און מעדיקאַמענטן גיט מען דאָ וועלכע נישט אין?

אָנשטאָט אים, ענטפערט מיר איינער פון די מיטשפּילער:

— זע באַראַדאַ, מען קאָן מיינען, אַז ביסט פון הימל אַראָפּגעפאַלן. אויף דיר זעט מען, אַז ביסט שוין לאַנג אין געפאַנגענשאַפט, און פרעגסט אַזעלכע נאַרישע קשיות. וואָס מיינסטו, מען האָט דיר געבראַכט דאָ אויף צום היילן? דו זעסט יענע טיר — דאָס איז די זעלבע טיר, וואָס פירט אין קלאָזעט. אויף לינקס, — זאָגט ער — האָסטו געזען אַ קליינעם באַראַק? אַהין טראָגט מען פון דאַנען אַריין מיטן קאָפּ פאָראויס, און אַרויסטראָגן טראָגט מען מיט די פיס פאָראויס. זאָג בעסער, אפשר האָסטו וואָס נישט איז צו רויכערן...

איך נעם אַרויס אַ ביסל טאַבאַק, וואָס איך האָב צעמישט מיט צעריבענע בלעטער, אַז עס זאָל וווערן מערער, און דריי איין אַ „באַנק־רוטקע", און מיר פאַררויכערן. די „באַנקרוטקע" הייבט אָן אַרומגיין פון מויל צו מויל. בעת מעשה זיינען מיר געוווען זאַלבעפינפט, ד. ה. די פיר, וואָס האָבן געשפּילט אין קאָרטן, און איך, דער פינפטער. עס איז גענוג געוווען צו פאַררויכערן וואָס נישט איז האָסטו גלייך געהערט: גיב מיר אַ צי! פון אַלע זייטן. די „באַנקרוטקע" האָט אָבער נישט געקענט פאַר אַלעמען קלעקן. און אַז דו האָסט וועמען געגעבן אַ צי, האָסטו די „באַנק־רוטקע" נישט געטאָרט אָפּלאָזן, ווייל דער, וואָס האָט זי געקריגן, האָט זיך פון איר נישט געקאָנט אָפּרייסן. דעם צי האָסטו געדאַרפט געבן, האַלטנ־דיק אין האַנט די „באַנקרוטקע".

די ערשטע זאַך, פאַרשטייט זיך, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרעגעניש, ווי זעט אויס דאָס עסן אין דעם לאַגער, ווו איך בין געוווען. קיינעם האָט נישט אינטערעסירט, וואָס מען טוט דאָרט, ווי די געפאַנגענע לעבן דאָרט, צי די דייטשן זיינען דאָרט גוטע, אָדער שלעכטע. און ווען זיי האָבן גע־הערט מיין ענטפער, האָבן זיי מיר באַדויערט, וואָס איך בין געקומען, ווייל —

— דאָ — זאָגן זיי — וועל איך לאַנג נישט ציען. גיב אַ קוק — זאָגט מען מיר — דו זעסט אויף די נאַרעס? דאָס זיינען שוין לעבעדיקע

מתים. אויב אין דער פרי קאָנען זיי נישט שטעלן זיך אין דער ריי, ווערן זיי אַרויסגעטראָגן אין אַ צווייטן באַראַק. און דער צווייטער באַראַק ווערט אַלע צוויי טעג אויסגערייניקט פון די טויטע קערפּערס. און דער ברודער־קבר איז נישט ווייט...

איך זע, אַז דאָ האָט זיך כמעט ווי גאָרנישט געביטן. איך דערצייל קיינעם נישט, אַז איך בין שוין דאָ געווען אין צענטראַל־לאַגער; און דאָס, וואָס זיי דערציילן מיר, איז פאַר מיר נישט קיין נייעס. איך פרעג נאָר:

— נו, אַט זע איך, אַז אייניקע זעען אויס צו זיין גאַנץ נישקשה.

ענטפערן זיי מיך, אַז דאָס זיינען די, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די דיזענטעריע און איצט העלפן זיי צו די איבעריקע קראַנקע. פרעג איך:

— וואָס הייסט, זיי העלפן צו? מיט וואָס?

לאַכט זיך איינער פונאַנדער מיט אַ היסטעריע, גיכער ווי מיט אַ געלעכטער:

— זיי העלפן אויסטאָן די טויטע, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען, און נאָכדעם גייען זיי די זאַכן פאַרקויפן אין צענטראַל־לאַגער.

גערעדט האָבן מיר עטוואָס אין אַ זייט פון די, וואָס האָבן געשפּילט אין קאָרטן.

— און ווער זיינען די, וואָס שפּילן אין קאָרטן? — פרעג איך.

דעם „סטאַרשינאַ" פון באַראַק קען איך שוין.

— דאָס זיינען זיינע געהילפן, וואָס פאַרטיילן דאָס ברויט, די זופּ.

— וויפל ברויט גיט מען דאָ?

— אַ לעבל ברויט פאַר אַכט, צוויי מאָל אין טאָג

— דאָס הייסט — זאָג איך — 150 גראַם אַ טאָג.

— זע — זאָגט איינער אין שפּאַס — ער איז אַ גראַמאַטנער, דער „באַראַדאַ"...

— גוט — פרעג איך — איר האָט מיר געזאָגט, אַז אַנדערע גייען אַרויס פון דאַנען צו פאַרקויפן אין צענטראַל־לאַגער די זאַכן. הייסט עס, אַז מען קאָן לייכט אַרויסגיין.

— אַזוי פשוט איז דאָס נישט. נאָך אויב דער קאַזאַך וויל, קאָן ער עס מאַכן, ווייל ער קען זיך גוט מיט אַלע וועכטער. נאָר עס פּאַסירט, אַז אַנדערע כאַפּן זיך אַרויס.

— ווי אַזוי?

זאָגט איינער פון זיי:

— אַז וועסט דאָ זיין עטלעכע טעג און מען וועט דיר נישט אַרויס־טראָגן אין צווייטן באַראַק, וועסטו שוין אַליין זען.

— נו, און צום טרינקען וואַסער?

איך האָב עס סתם געפרעגט. איך האָב פון פריער געוווּסט דעם ענט־פער, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז מען טראָגט אַריין קעסלעך מיט שניי און מען וואַרעמט עס אויפן אייוועלע, דאָס הייסט אויפן „פּעסל", און נאָכדעם טרינקען זיי עס. אין פריערדיקן לאַגער האָט מען דיר געגעבן

וואַסער וויפל דו ווילסט, דאָס הייסט צוויי מאָל אַ טאָג, אויף מיטאָג און אין אָוונט, האָסט געקאָנט אָנפילן דיין קעסעלע פון אַ גרויסער פאַס, וואָס די געפאַנגענע האָבן געבראַכט לעבן קיך. איין „באַטשקע" פאַר דער קיך און די צווייטע — פאַר די געפאַנגענע. זיי האָבן עס געבראַכט פון אַ ברונעם לעבן דער דייטשער קאַזאַרמע, אָדער לעבן דער וואַך, ווי די דייטשן האָבן עס גערופן.

דער סיסטעם פון די געפאַנגענע איז דאָ געווען דער זעלבער ווי אין צענטראַל־לאַגער, דאָס הייסט — די שוואַכערע אויף דער ערשטער נאַרע, די עטוואָס שטאַרקערע אויף דער צווייטער, און די דריטע איז געווען פאַר די געזונטערע.

איך גיי אַרויס פון באַראַק. דער פראָסט האָט אַביסל נאָכגעלאָזן. עס פאַלט אַ געדיכטער שניי. איך כאַפּ אַריין אין מויל אַ שטיק שניי, שטיל מיין דורשט און נעם אַ צווייטן טאַבלעט. איך קוק זיך אַרום ווי אַ גנב, צי קיינער זעט מיר נישט. אין שניי, זעסטו נישט פאַר זיך פון צוויי מעטער ווייט. איך פיל אָן מיין קעסעלע מיט שניי, זע וואָס מער אָנצושטאָפּן, און גיי צוריק אַריין אין באַראַק. איך דערנענטער זיך צו דער הייסער „באַטש־קע". דער גאַנצער דעק איז פאַרשטעלט מיט קאָנסערוון־פּושקעס. עס גייט אַ פּאַרע. דערנענטערן זיך צום אויוון איז אָבער אוממעגלעך. איך הער ווי איינער זאָגט צו אַ צווייטן:

— דאָס איז דאָך דער נייער, וואָס מיר האָבן געקראָגן אַ צי; זע דיין וואַסער קאָכט שוין באַלד. נעם אַראָפּ, און לאָז אים אוועקשטעלן זיין קעסעלע.

ער נעמט אַראָפּ מיט זיין פּילאָטקע דאָס קעסעלע און איך שטעל אוועק מיינס. צו זעצן זיך לעבן אויוון איז נישטאָ ווו. אַוועקגיין קאָן איך אויך נישט. איך באַמערק, אַז מיין קעסעלע איז איינס פון די בעסטע, נישט גרויס, אָבער צונויפגעקלאַפּט פון צוויי קאָנסערוון־שאַכטלעך, און צו דעם נאָך אַ דעקל, וואָס איך האָב אין האַנט. איך ווייס, אַז ווי נאָר איך נעם אַראָפּ אָן אויג פון קעסעלע, געפין איך עס מער נישט. איך וואַרט אַפּ אַ ווײַלע, און ווען איך זע, אַז דער שניי איז צעגאַנגען, נעם איך עס אַראָפּ און גיי זוכן אַ פּלאַץ.

פּלאַץ איז דאָ איבער גענוג אויף אַלע דריי נאַרעס. איך זע, אַז אויסער ביים אויוון, ליגן מערסטן טייל געפאַנגענע אויף די ערשטע, דאָס הייסט, די נידעריקסטע נאַרע. אומגעפער אַ האַלבער מעטער פון דער פּאַדלאָגע. די צווייטע — אומגעפער — אַנדערהאַלבן מעטער. און די דריטע — נישט ווייט אונטערן דאַך, דאָס הייסט ביי דריי מעטער הויך. איך קריך אַרויף גאַר אין דער הויך. די נאַרעס זיינען פון ביידע זייטן, אין מיטן דער דורכגאַנג. איך באַקוק אַלע נאַרעס. אין דער הויך איז קיין לעבעדיקער נפש נישטאָ.

איך האָב שוין פאַרגעסן, אַז דער בויך האָט מיר ווי געטאָן. איך האָב נאָך ביי זיך צוויי טאַבלעטקעס, אַביסל צעמישטע טאַבאַק אין קעשענע,

און דער עיקר דעם ציגאַר, וואָס דער דריילינג האָט מיר געהאַט געגעבן, און איך מיט איוואַנען האָבן געהאַט באַשלאָסן דאָס צו האַלטן אויפן לעצטן פאַל. וואָס פאַראַ לעצטן פאַל? — האָבן מיר נאָך דערווייל אַליין נישט געוווּסט.

מיטאָמאָל הער איך אַ קלונג. איבעווייניק אין באַראַק איז צוגע־טשעפּעט אַ שטיק אייזן, דערביי הענגט אַ קלענער שטיקל אייזן, וואָס דער דראָט גייט דורך דורכן וואַנט, און דער ברעג ציט זיך צו דער בודקע, ווו עס איז די רוסישע וואַך. די וואַך איז אויף אַזאַ אופן, אַז אַ וואַנט גייט אַריין אין סעקטאָר, ווו עס געפינען זיך אונדזערע צוויי באַראַקן. עס גיבן זיך אַ הייב די שפּילער פון די קאָרטן און גייען אַרויס מיטן קאָזאָך אויפן גאַס. אין באַראַק הייבט זיך אויף אַ קליינער טומל — מ'האָט געבראַכט דאָס ביסל זופּ מיט שטיקלעך ברויט. אין אַ ווײַלע אַרום שטייען שוין אַלע אין דער ריי לעבן די צוויי גרויסע הילצערנע עמערס. איך זע אין אַ קעסטל לעבלעך ברויט, און עס הייבט זיך אָן אַ צעטיילעניש. מען ציילט אָפּ אַכט מאַן און מען גיט זיי אַ לעבל ברויט. גיבן גיט מען דעם אַכטן. אין דער זעלבער צייט גייט מען אַדורך און מען קריגט דאָס ביסל זופּ.

ווען איך זע, אַז די ריי האַלט ביים ענדיקן זיך, שטעל איך זיך אויך און איך באַמערק, אַז עס איז נאָך געבליבן אַ היפּש ביסל זופּ, און אין קאַסטן ליגט נאָך אַ גאַנץ לעבל ברויט. מען גיט מיר אַ ביסל שמוציקע זופּ און מען הייסט מיר גיין. איך ווייס, אַז אַלע האָבן געקראָגן אַ לעבל פאַר אַכט און איך זע אַז הינטער מיר איז שוין קיינער נישטאָ, דאָס הייסט, אַז דאָס לעבל איז געבליבן פאַר די פיר. ווען איך האָב דאָ מיין איוואַנען, קאָן זיין אַז מיר וואָלטן שוין געקריגן אַ שטיקל ברויט, ווייל דער ריידער איז אַלעמאָל געווען ער, און איך פלעג זיך שוין אַריינמישן, אַז קיין וואָרט־אַרגומענטן האָבן נישט געהאָלפן. אָבער דאָ קען איך קיינעם נישט און קיינער קען מיך נישט. וואָס קאָן איך מאַכן? עס האָט מיך גוט פאַר־קלעמט ביים האַרצן און איך בין אַוועק צום אייוועלע, ווייל די איבעריקע זיינען געווען פאַרנומען מיטן איינטיילן זיך דאָס ברויט.

די זופּ איז דאָ געווען נאָך ערגער, ווי אין אַמוניציע־לאַגער, אַביסל שמוציקע וואַסער, אַ האַלבע קאַרטאָפל מיט אַ שטיקל בוריק, און אַלץ נישט דערקאָכטע. אין אַ ווײַלע אַרום, נאָכן איינשלינגען עס, האָט מען גאָרנישט געשפּירט, אַז מען זאָל האָבן וואָס נישט איז געגעסן.

איך מאַך זיך אַ קליין „באַנקרוטקעלע" און פאַררויכער. עס גייט צו צו מיר אַן אויסגעדאַרטער, קוים לעבעדיקער געפאַנגענער און באַט מיר אָן פאַר אַ ציגאַרקע, אָדער „באַנקרוטקע", זיין ברויט.

און אַליין טרייסלט ער זיך אויף די פיס. זאָגן ווי אַלט ער איז, קאָן איך בשום אופן נישט. קיין באָרד האָט ער נישט, די אויגן אַריינגעקראָכן אין קאָפּ. וואָס זאָל איך טאָן? אין איין האַנט האַלט ער נאָך זיין קאָנסערוון־פושקע מיטן ביסל זופּ, אין דער צווייטער — דאָס שטיקעלע ברויט. נעכטן אין אָוונט האָב איך נישט שלעכט אָפּגעגעסן, צו דעם האָב איך נאָך היינט

געהאַט עטלעכע שטיקלעך ברויט. פאַרשטייט זיך, אַז איך וויל עסן, איך בין אַלעמאָל הונגעריק. נאָר מענטשן, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג נישט־דערעסן, קאָנען פאַרשטיין, וואָס הייסט הונגער; נאָר אַ מענטש, וואָס האָט יאָרן לאַנג געראַנגלט, קאָן אויך פאַרשטיין וואָס דאָס איז רויכערן, איבערהויפּט אַז מען איז הונגעריק. איך זאָג צו אים:

— הער זיך איין, גוטער ברודער, קודם לייג אַריין דיין שטיקל ברויט אין דיין זופּ. דו זעסט, אַט פאַרלעש איך מיין „באַנקרוטקע", און אַז דו וועסט פאַר מיר אין די אויגן אויפעסן דיין זופּ, דאַן גיב איך דיר אַוועק דעם „אָקוראָק".

בשעת מעשה גיט ער אויף מיר אַ קוק מיט אַ פּאָר ווילדע, נישט גלויבנדיקע אויגן. אָבער ווען ער באַמערקט, אַז איך מיין דאָס ערנסט, לאָזט ער זיך נישט לאַנג בעטן, עס געדויערט נישט אַ פינטל מיטן אויג, און ער שלינגט אַראָפּ דאָס שטיקל ברויט מיט זיין זופּ.

די סצענע האָבן אויפגעכאַפּט עטלעכע געפאַנגענע. איינער פון זיי גייט צו נאָענט צו אונדז ביידן און זאָגט צום געפאַנגענעם:

— ווען דו כאַפּסט אַריין יעדן טאָג אַזאַ פּאָרציע, מיין ליבער פּעטראָ, וואָלסטו אָפּגעלעבט.

און גייט אַוועק. איך גיב פון דער זייט אַ קוק און זע אַז דער וואָס האָט אַקאָרשט גערעדט קריכט אַרויף אויף דער דריטער נאַרע, און איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז איינער פון די מער ווייניקער געזונטערע. די נאַרעס זיינען פון הוילע ברעטער, נישט קיין שטרוי, קיין זאַך נישט. דער קאַזאַך, דאָס הייסט דער עלטסטער, רופט אויס:

— ווער וויל מיטגיין צו ברענגען האָלץ?

איך זע, ווי דער פון אויבן, וואָס האָט אַקאָרשט גערעדט מיט פּעטראָ, גייט אַרונטער דער ערשטער. נישט וויסנדיק פאַרוואָס, הייב איך זיך אויף און גיי צו צו אים. פרעגט ער ביי מיר:

— וואָס, באַראַדאַ, דו גייסט אויך?

— דאָס זיינען אַלץ פרייוויליקע, וואָס גייען? — פרעג איך.

— ווי אַמאָל —— ענטפערט ער — אויב עס זיינען נישטאָ גענוג קיין פרייוויליקע, קלייבט דער עלטסטער אויס. און זאָל גאָט אויסהיטן, אויב יענער וויל נישט פאָלגן. אַז מען גייט פרייוויליק — זאָגט ער — קריגט מען אין אָוונט אַ גרעסערע און געדיכטערע פּאָרציע באַלאַנדע.

אַט זיינען מיר דריי מאַן פרייוויליקע, און דער פערטער גייט צו פּעטראָ. מיר זאָגן אים גאַרנישט, אָבער דער קאַזאַך שטופּט אים אָפּ. ער קען אים שוין.

— גיי — זאָגט ער — פּעטראָ, לייג זיך בעסער שלאָפן, אויב דו האָסט שוין דיין עסן אַוועקגעגעבן פאַר אַ פּאָר צי.

מיר קוקן זיך ביידע איבער מיטן מאָסקוויטש. אַזוי פלעגן זיי אים רופן, און מיר מישן זיך נישט.

— נו — פרעגט ווידער דער קאַזאַך — איר ווילט, אַז איך זאָל אייך אויפהייבן ?

עס טיילט זיך אָפּ פון דער גרופּעביים אויוועלע אַ קליין געוויקסיקער מאַן און גייט צו.

— נו — זאָגט איינער פון די געהילפן — פּאַשלי !

און זאָלבע פינפט גייען מיר אַרויס. און דאָ באַמערק איך אַן אייגן־געמאַכטער שליטן פון צווי גראָבע ברעטער, פאַרנט אַביסל פאַררונדיקט די ברעגעס, ער זאָל נישט פאַרטשעפּען דעם שניי. און געמאַכט פון שטרוי — אַ דאָפּלטע גראָבע שטריק צום שלעפּן. מיר שפּאַנען זיך איין און דער רוסישער וועכטער עפנט אונדז די טיר צום לאַגער. אין אַ ווײַלע אַרום זיינען מיר ביי אַ גרויסער קופּע צוויי־מעטערדיקע שטיקער האָלץ, און מיר הייבן אָן אָנצולאָדן. די שטיקער זיינען שווער, באַדעקט מיט אייז און שניי. די פינגער פאַרגייען פאַר קעלט. איך טו אָן מיינע אַליין געמאַכטע הענטשקעס פון שמאַטעס, אויף איינציקע פינגער. איך באַמערק, אַז דער מאַסקוויטש האָט אויך אַזעלכע אַליין געמאַכטע הענטשקעס, און נאָך בעסערע ווי מיינע, מיט צוויי פינגער, און דאָפּלטע. פון די איבעריקע האָט קיינער נישט קיין הענטשקעס. מיר שלעפּן צו די קלעצער און לייגן זיי אַרויף אויפן שליטן. מיר זיינען צו צווייי — איך מיטן קליינינקן און דער מאַסקוויטש מיטן אַנדערן. לויט די באַוועגונגען, לויטן אויפהייבן די שטיקער שווערע האָלץ־קלעצער, באַמערק איך, אַז דער מאַסקוויטש איז אַזוי קראַנק, ווי איך; און דער קליינער, וואָס אַרבעט מיט מיר — אויך דאָס זעלבע. נאָר דער פערטער, שפּירט מען, אַז ער שטייט קוים אויף די פיס. דער מאַסקוויטש שרייט אויף אים:

— דו ביסט שוין ווידער דאָ ?! סיי ווי סיי בייסטו דיין באַלאַנדע אויף אַן „אַקוראַק"...

דער פינפטער, דאָס הייסט פּאַקטיש אונדזער וועכטער, האָט אונדז איבערגעלאָזן, און דערלאַנגט אַ זאָג, אַז ער קומט שוין באַלד צוריק. און אַלע האָבן מיר געזען, ווי ער איז אַריין אין איינעם פון די באַראַקן.

— נו — זאָגט דער מאַסקוויטש צו זיין בייהעלפער — באַלד וועסטו שוין קריגן אַ פּאָר צי.

— ווי לאַנג שוין ווי ער איז אין לאַזאַרעט ? — פרעג איך ביים מאַסקוויטש.

— שוין זיבעצן טעג — ענטפערט ער.

— נו — פרעג איך — און מען גיט דאָ גאָר קיינע מעדיקאַמענטן נישט ?

ענטפערט ער, אַז די גאַנצע צייט האָט מען טאָקע כמעט ווי קיין זאַך נישט געגעבן. אָבער — זאָגט ער — מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז געקומען אונדזערער אַ דאָקטער, צוזאַמען מיט אַ דייטשן געפרייטער, און נאָך אַ קאָנטראָל, האָט ער פאַרטיילט עטלעכע טאַבלעטן, וואָס מען האָט געדאַרפט נעמען אין זיין אָנוועזנהייט. צו דעם זאָגט ער:

— מיך ווונדערט וואָס די דייטשן האַלטן נאָך דעם דאָקטער ביים לעבן... ווייל לויט אים, איז דער דאָקטער אַ ייד — און דו ווייסט דאָך וואָס די דייטשן מאַכן מיט די יידן ?... אין אַלגעמיין — זאָגט ער — פאַרשטיי איך נישט זייער פּאָליטיק. פאַרוואָס פאַרניכטן זיי דער עיקר די יידן ? אפשר דערפאַר, וואָס זיי פאַרשטייען, אַז פון די יידן וועלן זיי נישט קאָנען מאַכן אַזעלכע שקלאַפן, ווי זיי טראַכטן צו מאַכן פון אונדז, פראַוואָסלאַווגע. נו, זיי פאַרניכטן די ציגיינער אויך, זאָגנדיק, אַז זיי זיינען פאַראַזיטן און ווילן נישט אַרבעטן.

— דאָס איז אויך נישט ריכטיק. פּרוביר זיי צו געבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן, וועלן זיי אַרבעטן פּונקט ווי אַנדערע.

— ביי מיר איז דער לייטענאַנט פון ראָטע, געווען אַ ציגיינער. איז ער געווען איינער פון די פּעאיקסטע קאָמאַנדירן פון פּאָלק. אַלץ האָט ער געקענט : אָנפירן מיט אַ טראַקטאָר, מיט אַ טאַנק, מיט אַן אויטאָ. אַ קלוגער חברהמאַן. מיט יידן איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אין דער זעלבער בריגאַדע, צוזאַמען מיט נאָך 25 מאַן. מיין בריגאַדיר איז געווען אַ ייד. איך האָב זיך גערעכנט מייסטער. און צו דעם מיין געהילף — אויך אַ ייד. און נאָך אַ דריטער אין דער בריגאַדע, זאָגט ער, איז אויך געווען אַ ייד. ער האָט געהאַט אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. ער ווייסט, זאָגט ער, נישט אַפילו פאַרוואָס ער האָט געאַרבעט ווי אַ פּשוטער טאָקער, אַז אַלץ האָט ער געקענט. ער האָט געקענט אַפילו פאַריכטן אַ זייגער, פאַר איינעם אַ ראַדיאָ, פאַר אַ צווייטן אַ ביציקלעט.

פרעג איך אים :

— אין וואָס פאַראַ פאַבריק איז דאָס געווען ?

— אין דער אויטאָ־פאַבריק אויפן פאַטערס נאָמען, ד. ה. „זאַוואָד אימעניאַ סטאַלינאַ”. איינמאָל — זאָגט ער — בין איך ביי אים געווען, וואָלסטו זען — אַ פּיצינקע הייזקעלע הינטער מאָסקווע, מיט אַ ברעקל גערטנדל, זויבער, אַז איך האָב געוואָלט אויסטאָן מיינע שטיוול. איך האָב מורא געהאַט זיך אָ קער צו טאָן מיט מיינע שמוציקע אַרבעטס־זאַכן. איך בין געפאָרן דירעקט צו אים נאָך דער אַרבעט, ווייל ער איז דעם טאָג נישט געקומען אין „זאַוואָד”. און דער בריגאַדיר האָט מיר געבעטן איך זאָל פאָרן זען, פאַרוואָס יאַשאַ איז נישט געקומען. וואָלסטו זען, ווי ער האָט מיר אויפגענומען. עך, גוטער ברודער, אַז איך דערמאָן זיך, רינט מיר די סלינע פון מויל. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. ווי באַר איך בין אַריין, האָט מיר געזאָגט זיין פרוי : „מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז ווער נישט איז ווער קומען פון דער אַרבעט. אָבער אַז דו ווערסט קומען, האָבן מיר זיך נישט פאַרגעשטעלט”... מ'האָט מיר אויפגענומען ווי אַן אייגענעם ברודער. אָך — זאָגט ער — בעסער נישט רעדן דערפון, ווייל ווען איך דערמאָן זיך, ווי די קאָגאַנס, יאַשאַ און סאַראַ, האָבן מיך אויפגענומען ! באַלד האָט זיך געפונען אויפן טיש אַ גרויסע פלאַש מיט באַליווקע, אַ צוגעפּראַוועטער גוטער הערינג מיט הייסע קאַרטאָפל. ווען

דו זעסט דעם טיש! זיין פרוי איז גראָד געווען קראַנק, און צוליב דעם טאָקע איז ער נישט געקומען צו דער אַרבעט. יאָ, גוטער ברודער, בעסער ווייניקער רעדן דערפון, אַז נישט קאָן דאָס האַרץ פּלאַצן.

— איך ווייס, אַז ביי אונדז, פּראַוואָסלאַווונע, לאָזט מען אויך נישט אַרויס פון שטוב אַ הונגעריקן. אָבער אַזוי צוגעגרייט האָב איך זיך נישט פאַרגעשטעלט. היינט וואָלסטו געזען, אַז מען פלעגט דאַרפן מאַכן אַ כאַלטורקע, אַ לינקע שטיקל אַרבעט, האָסטו געמאַכט מיט אַ יידל, האָסטו רואיק געקאָנט שלאָפן, ווייל אַפילו ביי אַ דורכפאַל, האָט ער דיר נישט אויסגעגעבן. דו ווייסט דאָך אַליין, אַז פון געהאַלט, האָסטו קיין שנאַפּס נישט געקאָנט מאַכן. און ווו האָסטו געזען, אַז אַ רוס זאָל קאָנען אויסקומען אָן אַ טרונק וואָדקאַ? אמת, אַז מען קומט אַריין אין אַ רוסיש הויז און מען האַלט אין עסן, לאָזט מען נישט אַרויס אַ הונגעריקן. מען פרעגט דיך גאַרנישט, צי ביסט הונגעריק, נאָר מען לאַדט דיר איין צום טיש, מען גיט דיר עסן און טרינקען. אָבער — צוגרייטן ספּעציעל אַ טיש, אין דער צייט, ווען די באַלעבאָסטע ליגט אַ קראַנקע!

דערציילנדיק אַזוי, האָט מען זיך גאַרנישט געכאַפּט, ווי אַלע האָבן אויפגעהערט אַרבעטן. מען האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. דאָס וויכטיקסטע וואָס האָט אונדז אינטערעסירט — וואָס אַזוינס מען האָט אים ביים ייד אַרויפגעשטעלט אויפן טיש, און די סלינע פון מויל איז גערונען, דערמאָ־נענדיק נאָר, אַז זיי האָבן געגעסן. אונדזער שמועס האָט אָבער פּלוצים איבערגעריסן דער געהילף:

— נו, חברה, איר האָט נאָך אַלץ נישט אָנגעלאָדן?

איך האָב אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר דער מאָסקוויטש האָט באַמערקט, אַז קיין גוטס וועל איך אים נישט זאָגן, האָט ער מיר דער־לאַנגט אַ ווונק און געזאָגט גלייכצייטיק:

— לאַדנאָ, לאַדנאָ! גיב בעסער אַ פּאָר צי.

— ניין — זאָגט ער — פריער ענדיקט דאָס אויפלאָדן, און דאַן האָב איך פאַר אייך אַ „באַנקרוטקע״...

פאַרשטייט זיך, אַז צוויי מאָל האָט ער דאָס נישט געדאַרפט איבער־חזרן. זאָל גאָט אויסהיטן, ווען אַ דייטש באַמערקט, ווי די קראַנקע אַרבעטן אין דעם מאָמענט, נישט ווי קראַנקע, נאָר ווי פיר העלדן. אין אַ פינטל מיטן אויג, איז דער שליטן פול אויפגעלאָדן געוואָרן.

— נו — זאָגט דער געהילף — איצטער קאָן מען פאַררייכערן.

דערביי גיט ער אונדז אַביסל אוקראַיִנישע מאַכאָרקע. דער, וואָס האָט דאָס קיינמאָל נישט געזען, קאָן זיך נישט פאַרשטעלן, אַז דאָס איז טאַבאַק. ביז 1940 האָב איך דאָס אויך קיינמאָל נישט געזען. מיר געפינען זיך אָבער אין פעברואַר 1942, און שוין איבער זעקס חדשים ווי איך בין אין געפאַנגענשאַפט, און איך הייב אָן צו דערקענען דעם סאָוויעטנפאַר־באַנד מיט זיינע פעלקער, וואָס איז אַזוי נישט ענלעך צו דעם, וואָס איך האָב ביז איצט געקענט פון לייענען.

— נו — זאָגט דער עלטסטער — איך גלויב אַז דו ביסט דער לענגס־טער צווישן אונדז אין געפאַנגענשאַפט, נאַ און וויקל צונויף און רויכערט עס אַלע.

אין יענער צייט האָב איך נאָך נישט געקאָנט גוט וויקלען אַ „באַנקרוטקע". איוואַן האָט מיר טאַקע אַ פּאָר מאָל געזאָגט, אַז בעסער דאַרף מען דאָס מאַכן, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן, ווייל ביי אַנדערע קומט דאָס אויס מאָדנע, אַז אַ רייכערער און קען נישט פאַרדרייען אַ „באַנקרוטקע". איוואַנען האָב איך דאַן געהאַט געזאָגט: „פון וואַנען זאָל איך קענען דרייען אייער טאַבאַק? איך האָב עס ערשט געזען ווען איך האָב אַנגעטראָפן די ערשטע רויט־אַרמייאישע אָפּטיילונגען. אָבער דרייען דערפון אַ ציגאַרעטל האָב איך קיין מאָל נישט פּרובירט, ווייל אין ליטע האָט נישט אויסגעפעלט קיין טאַבאַק".

איך בעט דעם מאַסקוויטש, אַז ער זאָל דאָס מאַכן, איך זאָג אים, אַז ביי מיר זיינען די פינגער פאַרפרוירן. ער לאָזט זיך לאַנג נישט בעטן און אַלע פאַרציען מיר. ער לאָזט אונדז אויסרויכערן און מיר שטופּן אונדזער שליטן. שטופּ אַהין, שטופּ אַהער, דער שליטן רירט זיך נישט פון אָרט. אונדזער גליק איז געווען, וואָס עס גייען פאַרביי צווי אוקראַי־נער פון דער וואַך. זיי גייען צו און העלפן אונדז זיך רירן פון דאָרט. דערנאָך גייט עס שוין.

מיר ברענגען דאָס האָלץ, און די ערשטע זאַך כאַפּט מען זיך אַריין אַנוואַרעמען. דער אויוון איז, ווי שטענדיק, רונד אַרום פאַרנומען. מיין אַרויסהעלפער האָט כמעט ווי נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. ער איז צו צום אויוון און דערלאַנגט אַ זאָג:

— נו, חברה, מאַכט אַן אָרט פאַר די האָלץ־ברענגער.

ס׳האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל. קיינער, אויסערן קאָזאַך, האָט נישט געהאַט קיין לעמפּעלע. די איינציקע צוויי ליכטיקע ערטער זיינען געווען ביים אַליין געמאַכטן טישל, ווו דער קאָזאַך האָט געשפּילט אין קאָרטן מיט זיינע חברה, און — ביים אויוון. אַז ס׳איז געוואָרן גוט פינצ־טער — ווידער אַ קלונג, און מען שטייט שוין ווידער אין דער ריי נאָכן ביסל באַלאַנדע. מיר פיר שטייען די לעצטע. און דאָ האָט מיר פאַרדראָסן וואָס מיין קעסעלע איז אַזאַ קליינער, ווייל גראָד דאָס מאָל האָט געטיילט די זופּ אונדזער באַגלייטער צו די האָלץ. אונדז פיר האָט ער געגעבן פולע קעסעלעך, און אַביסל געדיכטערע, ווי די איבעריקע. און ביי זיך האָב איך געטראַכט, ווען מיין קעסעלע וואָלט געווען גרעסער, וואָלט ער אפשר אָנגעגאָסן פול. אָדער אפשר האָט זיך מיר אַזוי אויס־געוויזן. אַז מען איז חדשים־לאַנג נישט־דערעסן, דוכט זיך דיר שטענדיק, אַז מען גיט דיר נישט גענוג, אַז דעם אַנדערנס שטיקל ברויט איז גרעסער. כאָטש עס איז אַזוי אויסגעוועגן, אַז קיין שום וואָג אין דער וועלט וועט פינקטלעכער נישט אָפּוועגן. און דאָך ביסטו שטענדיק אין צווייפל —

אפשר איז יענעמס שטיקל גרעסער, אפשר האָט יענער געקריגן אַביסל מער זופּ ווי דו, אפשר האָט מען אים געגעבן אַביסל מער געדיכטערע ווי דיר.

ווען דער געדיכטקייט מוז איך זיך אַביסל אָפּשטעלן. עס קאָן זיין, אַז מיינע ווערטער וועלן לייענען אַזעלכע, וואָס זיינען אַליין דורכגעגאַנגען דעם גיהנום פון די לאַגערן. עס איז מעגלעך, אַז עס וועלן זיי לייענען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָר געהערט, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן אפילו נישט געהערט, אָדער נישט געוואָלט הערן. צי קאָן אַ מענטש, וואָס האָט קיין מאָל אויף זיין לעבן נישט געהונגערט, פאַרשטיין די ליידן פון הונ־געריקע. שוין נישט גערעדט וועגן אַ טאָג צוויי, אָדער דריי. ווייל עס קאָן פּאַסירן, אפילו ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, אַז אַ פּאָר טעג דערעסט מען נישט; צום ביישפּיל, אַז מען געפינט זיך אין אַזעלכע ערטער, ווו דער טראַנספּאָרט דערגייט נישט שטענדיק נאָרמאַל; עס קאָן פּאַסירן, אַז מען איז אַרומגערינגלט פון שונא, מען קאָן צו אייך נישט צוקומען. אָבער אַלץ נישט — אַז עס זאָל געדויערן דער הונגער חדשים־לאַנג, און צו דעם — שטענדיק אונטער אַ דראָאונג געשלאָגן צו ווערן, צו זען נישט מער ווי די שטעכל־דראָטן אַרום דיר; און דאָן איז דער הונגער שטאַרקער פון אַלץ.

מיר איז אויסגעקומען צו זען, ווי מענטשן וואַרפן זיך אויף אַ פּאָר קאַרטאָפל, אָדער אַ שטיקל ברויט, מיט אַזאַ אימפּעט, אפילו ווען זיי וויסן, אַז זיי גייען אויף אַ זיכערן טויט וואָלטן זיי אַזוי ווי אַזוי גע־מאַכט דאָס זעלבע און דאָס קאָנען נאָר פאַרשטיין די, וואָס האָבן אין זייער לעבן געהונגערט. פאַראַן אַזעלכע וואָס זאָגן: איך האָב אויך געליטן, בין געווען אויסבאַהאַלטן, נישט־דערעסן, שטענדיק אין שרעק, איך האָב פאַרלוירן מיין פאַמיליע, אַזויפיל און אַזויפיל מיטגלידער. מען דאַרף דאָס אַלץ פאַרגעסן! אויך איך, 26 יאָר נאָכן קריג, וואָלט וועלן פאַרגעסן; קאָן איך עס נישט, ווייל ביזן היינטיקן טאָג חלומט זיך מיר, אַז מען יאָגט מיר נאָך, מען שלאָגט מיר, מען טיילט מיר צו אַ ברעקל ברויט, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. איך בין צעהאַקט און צעבראָכן, מיט צייכנס פון מיינע וווּנדן. ניין, איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס די נאַציס האָבן געטאָן — מעגן עס זיין דייטשן, רוסן אוקראַינער, ליטווינער. היינט צו טאָג האָט ראַטנפאַרבאַנד פאַרגעסן וועגן זיינע ריכ־טיקע פריינט און שטיצט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען די אַראַבער, כאָטש אין אַלע אַראַבישע לענדער איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַרבאָטן, אין אייניקע פון זיי עקזיסטירט נאָך אפילו שקלאַפן־האַנדל, און געדענקט נישט מער, אַז קעגן ראַטנפאַרבאַנד האָט געקעמפט אַ מוסולמענישער לעגיאָן עס־עס, מיט דער ברכה פון ירושלימער מופטי...

צי האָט דער ראַטנפאַרבאַנד פאַרגעסן, וואָס יידן האָבן געטאָן פאַרן לאַנד? צי האָבן זיי פאַרגעסן די מיליאָנען יידן, וואָס זיינען אומגעקומען אויף דער טעריטאָריע פון ראַטנפאַרבאַנד? סיי געמאָרדעט פון דער געס־

טאַפּאַ, אָדער מיט די הענט פון ליטווינער, לעטן, אוקראַינער און רוסן. ביז היינטיקן טאָג האָט מען זיי נאָך אַלעמען נישט באַשטראָפט. טויזנ־טער העלדיש־געפאַלענע יידן זיינען געווען אויף די פראָנטן. די פּראַגע ישראל איז נאָך דעמאָלט נישט געשטאַנען. וועגן יידן האָט מען געריעדט נישט ווי יידן־אַפּשטאַמיקע. מען האָט זיך נישט געשעמט און געשריבן, אַז לויט דער סטאַטיסטיק, איז די צאָל יידן, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, געווען אויפן ערשטן אָרט לויט דער צאָל העלדן.

אין ליטע, גלייך נאָכן קריג, האָבן זיך געפונען זעקס העלדן פון סאָוויעטנפאַרבאַנד, ליטווישע בירגער. פון זיי זיינען געווען דריי יידן: ווילענסקי, אוזפּאַליס און דער איידעם פון מיינעם אַ געוועזענעם רבין און געוועזענער גבאי פון ווילנער קלויז. העשל אַקאַבאַס, דער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, סור. דאָס הייסט — פּופּציק פּראָצענט. אין דער צייט, ווען לויט דער באַפעלקערונג, זיינען זיי לעבן־געבליבן איין פּראָצענט און ניינציק פּראָצענט יידן האָט מען אין ליטע אויסגעמאָרדעט.

אין ישראל ווערט איצט געשריבן אַ בוך וועגן דער 16־טער ליט־ווישער דיוויזיע. ביי אַכציק פּראָצענט פון דער דיוויזיע זיינען געווען יידן. פון מיין משפחה זיינען דאָרט געווען צוויי ברידער מיט אַ שוואָגער. דער שוואָגער פּייווע לעווין איז אומגעקומען ביי אָריאָל. פון מיינע ברידער, איז דער עלטערער, חיים, פינף מאָל געווען פאַרוווּנדעט, דריי מאָל שווער, ביידע לונגען דורכגעשאָסן, יעדן מאָל אַביסל פאַרלאַטעט אין שפּיטאָל און ווידער אויפן פראָנט. דער יינגערער עזריאל — דריי מאָל שווער פאַרוווּנדעט, האָט ביזן היינטיקן טאָג אַ שפּליטער, וואָס אייטערט, און מען קאָן אים נישט אָפּערירן. עס דראָט אים אַ פּאַראַליזש. דעם עלטערנס ברודערס משפחה מיט זיין פרוי און קינד, האָט מען דערמאָרדעט, פּונקט ווי מיין פרוי און קינד.

לאָמיר זיך צוריק אומקערן אין לאַגער.

אָט געפין איך זיך שוין דעם פערטן טאָג אין איזאָלאַטאָר פון אָרשער צענטראַל־לאַגער, אין פעברואַר 1942. מיין איוואַן איז נישטאָ און איך טראַכט וועגן אים נישט. אַלץ וואָס איך טראַכט איז — עסן. פרוי, קינד, ברודער, פאָטער, שוועסטער — וועגן אַלץ, וואָס דו זאָלסט נישט טראַכטן, קומסטו ווידער צום זעלבן — עסן. ווו קריגט מען אַ פּיצל ברויט ? דער קאָפּ איז פּאַראַליזירט צו טראַכטן וועגן וואָס נישט איז אַנדערש, ווי וועגן עסן. עס חלומט זיך מיר — עסן. אויף וואָס דו זאָלסט נישט קוקן, זעסטו נאָר — עסן. אַז דו כאַפּסט אַ רייכער צו טאָן אַ ריכטיקן טאַבאַק, פאַרדרייט זיך דיר עטוואָס דער קאָפּ, און דיר דאַכט זיך, אַז האָסט אַביסל פאַרגעסן, אַז דו ביסט הונגעריק. אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין רעזערוו, האָב איך שוין לאַנג אויסגענוצט.

ס'איז דורכגעגאַנגען דער דאָקטער. קענטיק, אַז דאָס איז נישט דער, וועגן וועלכן דער מאָסקוויטש האָט דערציילט. און אַפילו, אַז יענער

— וואָס קאָנען זיי העלפן ? אַז קיין מעדיקאַמענטן האָבן זיי סיי ווי סיי נישט. קענטיק, אַז זייער גאַנצער קומען, איז נאָר צו זען, צי עס זיינען נישטאָ קיין טיפוס־קראַנקע. ווייל די דייטשן האָבן מורא, אַז די עפּי־דעמיע זאָל זיך אויף זיי נישט איבערטראָגן. קענטיק אַז דיזענטעריע איז ווייניקער געפערלעך.

גלייך נאָך מיין צוריקקומען אין צענטראַל־לאַגער, האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל געפינען אין איזאָלאַטאָר דעם דאָקטער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פּאָוולען. און דאָ בין איך ביסלעכווייז דערגאַנגען אַז לאַנג איבערלעבן פּאָוולען איז אים נישט געלונגען. אין אַ צען טעג אַרום האָט מען אים געפונען אַ דערשטיקטן מיט אַ צעטל אויף זיין טויטן קערפּער. אויפן צעטל האָט מען געשריבן אַז „אַט דער סוף וואַרט אויף אַלע פאַררעטער !...

יידישע און קאָמוניסטישע בלוט זיינען געווען אין די לאַגערן נישט קיין ביליקע בלוט. אַזעלכע ווי איך זיינען געווען נאָך אַ סך. און איך בין געווען און בין נאָך היינט פון די, וואָס האַלטן פון **עין תחת עין**. אויג פאַר אויג, צאָן פאַר צאָן. און דער באַווייז איז דער טויטער פאַר־רעטערישער אַרמענישער דאָקטער.

לייכטע וווּנדן פון פראָנט אָדער פון אומגליקס־פאַלן ביי דער אַרבעט, פלעגט מען עטוואָס היילן דאָ גופא אין כלומרשטן שפּיטאָל. אָבער איצטער האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אין אַ ווינקל פון דייטשן שפּיטאָל, כלומרשט אַ לאַזאַרעט פאַר סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און מיר האָבן זיך דערוווּסט די היטלערישע „הומאַנישע" באַהאַנדלונג. גאַנץ איינפאַך — די יונגע, אַקאַרשט געענדיקטע דייטשישע דאָקטוירים פלעגן זיך אויף זיי פּראַקטיקירן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט פלעגן זיי גלייך אַמפּוטירן. איך האָב זיך דערמאָנט ווי אַזוי זיי האָבן איבערגעלאָזן דעם צווייטן געפאַנגענעם, וואָס איז געקומען מיט מיר פון אַמוניציע־לאַגער און אַ שוידער איז מיר דורכגעגאַנגען, טראַכטנדיק, אַז אַך און וויי איז צום אָרעמען געפאַנגענעם.

היינט צו טאָג קאָן מען נאָך געפינען אין סאָוויעטן פאַרבאַנד אין די טויזנטער קריגס־געפאַנגענע, וואָס זיינען אָן הענט, אָדער אָן פיס און אפילו אָן ביידע זאַכן.

שוין עטלעכע מאָל, ווי איך האָב זיך געוואָלט נעמען צו מיין פאַרמעגן, דאָס הייסט צו מיין בולגאַרישן ציגאַר, וואָס איך האָב אים באַהאַלטן אין אַ טיכעלע און פאַרבונדן אויפן האַלדז, פּונקט ווי אַ ברי־ליאַנט. פון טראָגן אַזוי לאַנג אויף זיך, האָט ער זיך איבערגעבראָכן. איך האָב געוווּסט, אַז איך קאָן פאַר אים אַ פּאָר טעג זיין זאַט, און נאָך אַליין אויך פאַררויכערן. אָבער אַן אינעווייניקסטע שטימע האָט מיר אונטערגעזאָגט : טשעפּע נישט, דאָס וועט דיר נאָך גוט צונוץ קומען. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ שטאַרקן כאַראַקטער דאָס אויסצוהאַלטן, און — איך האָב אויסגעהאַלטן.

איך גיי כמעט יעדן טאָג העלפֿן ברענגען האָלץ, אויך צייטנווייז וואַסער. אָבער ווי אַזוי אַרויסצוכאַפּן זיך פֿון דאַנען, זע איך דערווייל נישט. און איך ווער פֿון טאָג צו טאָג שוואַכער, און דאַך שפּיר איך, אַז איך קאָן נאָך וואָס נישט איז אויפֿטאָן. פֿאַרן העלפֿן ברענגען דאָס האָלץ, גיט מען אונדז אַ צוגאָב, אַ ביסל שמוציקע וואַסער, וואָס זיי רופֿן — זופּע. די געדיכטע, האָבן מיר געמערקט, אַז דער קאַזאַק און זיינע גע־הילפֿן, נעמען עס אַראָפּ פֿאַר זיך. גאָט זאָל אויסהיטן, טאָמער ווער פֿון די געפֿאַנגענע זאָלן אויסרעדן אַ וואָרט. זיין לעבן איז געשטאַנען אין קאָן — קלעפּ, צונעמען ביי אים דאָס לעצטע. יענער איז געוואָרן אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מען האָט אים אַריבערגעפֿירט אין צווייטן טייל — אין סמערטעלקע — אַזוי האָט געהייסן די קליינע געביידע, וואָס פֿאַקטיש איז דאָס געווען אַ מתים־שטיבל. דער עיקר, איך האָב דערזען, אַז מיטן עסן איז דאָ נאָך ערגער ווי אין אַמוניציע־לאַגער.

אויפֿן זעקסטן טאָג קומט צו צו מיר — בעסער געזאָגט: קערט זיך אום צו מיר, ווייל מיר ליגן נישט ווייט איינער פֿון צווייטן אויף די נאַרעס — דער מאָסקוויטש, און זאָגט מיר:

— איך גלויב, אַז דו זעסט וואָס דאָ טוט זיך. מען מוז עפּעס צו־קלערן. איך זע דאָך, אַז דו ביסט נישט קיין קראַנקער, פּונקט ווי איך.

מאַך איך צו אים שטילערהייט:

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פּלוצלונג פֿונאַנדערגערעדט?

און דערביי רוק איך זיך נענטער צו און פֿרעג ביי אים, לויט זיין מיינונג, וואָס קאָן מען טאָן?

— ווען מיר האָבן — זאָגט ער — דעם קאַזאַק וואָס נישט איז צו געבן, קאָן ער אונדז אַביסל העלפֿן.

— וואָס הייסט — אַביסל?

— גאַנץ איינפֿאַך — זאָגט ער — דער שעף פֿון דער צווייטער קיך. (ווייל עס זיינען געווען צוויי קיכן) איז אויך אַ קאַזאַק, און אַ דאַנק אים איז ער טאַקע דאָ דער שעף פֿון איזאָלאַטאָר. איז אַז ער וויל, קאָן ער עטלעכע מאָל אַ וואָך מיטגעבן עטלעכע שטאַרקערע געפֿאַנגענע פֿון דאַנען צו דער אַרבעט ביי דער קיך. אין קיך גופֿא האָבן זיי שטענדיק אַרבעטער. אָבער די זייטיקע אַרבעט, ווי למשל, ברענגען אין גרויסע טונען וואַסער פֿון דערבייאיקן טייכל. ווייל אין לאַגער גופֿא איז נישטאָ קיין וואַסער, נישט געקוקט דערויף, וואָס די צאָל געפֿאַנגענע אין צענט־ראַל־לאַגער פֿון אָרשאַ, פֿלעגט דערגריין ביז 50 טויזנט מענטשן. די דייטשן האָבן עס גערופֿן: טראַנזיט־לאַגער, ווייל אָפֿט פֿלעגט מען אָפּטראַנס־פּאָרטירן גאַנצע עשאַלאָנען מיט שקלאַפֿן פֿאַר דייטשלאַנד, אָדער אָנפֿילן די אַרומיקע קליינע לאַגערן מיט אַרבעטס־קראַפֿט. דער צענטראַל־לאַגער איז געווען פֿאַר די דייטשן אַ שטענדיקער רעזערוואַר פֿון מענטשן־מאַטעריאַל.

די הויפּט־זאַך איז געווען — טרינקען. געוואַשן האָט מען זיך סיי

ווי נישט. שפּעטער, ענדע אויגוסט, איז דער לאַגער געוואָרן פאַרגרע־סערט. ביזן באַן־הויף האָבן זיי צוגעצויגן אַ רער פון וואַסער.

— ווייטער — זאָגט ער — דאַרף מען צעזעגן און צעהאַקן דאָס האָלץ, וואָס מען ברענגט פון וואַלד.

ביים וואָרט „וואַלד״, האָט מיר פאַרכאַפּט דער אָטעם און אַ מאָד־נער וואַרעמער געפיל איז מיר דורך דורכן קערפּער, עפּעס פונקט ווי אַ שטראַל פון האָפענונג, וואָס איך האָב שוין כמעט ווי אינגאַנצן פאַרלוירן.

איך האָב זיך דערמאָנט מיין יוגנט, ווי איך האָב שטענדיק אַביסל מורא געהאַט, אָבער שטענדיק ליב געהאַט מיטצוגיין אין וואַלד. איך בין ווייט געווען פון די מוראדיקע, פאַרפיעשטשעטע קינדער, אָבער אַליין אין וואַלד האָב איך מורא געהאַט צו גיין, אָבער מיטגיין מיט עמיצן, האָב איך זייער געוואָלט. און אַז מיר האָבן געלעבט אין ראַדייק — אַ קליינער ישוב אין ליטע — איז סיי די ייִדישע און סיי די נישט־ייִדישע יוגנט געגאַנגען אין וואַלד קלייבן שוועמלעך, יאַגדעס, אָדער ניס. פלעגט זיך שטענדיק צווישן זיי געפינען מיין גערקע — דאָס הייסט: איך אַליין, און גערקע איז טאַקע געווען איינער פון די בעסטע קלייבער פון ניס. ביזן היינטיקן טאָג, כאָטש שוין פיינע עטלעכע יאָר ווי איך טראָג ברילן, זאָגט מיר מיין פרוי, אַז איר דוכט זיך, אַז קיין זאַך זע איך נישט אַזוי גערן ווי ניס, אָדער מעליקע גוטע קאַרטאָפל.

מיין מאָסקוויטש האַלט אין איין רעדן, און איך הער קיין זאַך נישט. איך בין פאַרנומען מיטן געדאַנק וועגן וואַלד. מיר געפינען זיך אין דער ערשטער העלפט פעברואַר 1942. אין דער געגנט איז דאָס אין מיטן ווינטער. דערווייל פאַרשטיי איך נאָך אַליין נישט — אַפילו עס זאָל שוין געלינגען אַרויסצורייסן זיך פון זייערע נעגל, צי וועט מען קאָנען אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן מיר געפינען זיך, אָפּגעשוואַכטע, הונגע־ריקע, אַן שטיוול, אַן שיך, אין הילצערנע קאַלאָדקעס, וואָס אַלע ווילע דאַרף מען אָפּרייניקן דעם שניי, וואָס קלעפּט זיך אַן, דערווייטערן, אָפּ־טראָגן זיך? עס קאָן אויך נישט זיין קיין רייד וועגן אַנטלויפן איינער אַליין. איך ליג און טראַכט, אַז פאַקטיש איז היינט אונדזער בעסטער פריינט דער וואַלד, אַפילו ווינטער. זומער — דאַכט זיך מיר — אַז איך וואָלט געקאָנט אָפּלעבן אין אַ וואַלד, און צו קיינעם נישט אָנצוקומען. צו דעם האָבן מיר געוווסט, אַז דער דייטש האָט מורא פאַרן וואַלד, ווי פאַרן טייוול. עס איז אָבער אַ געפאַר צו געפינען זיך אין אַ וואַלד, וואָס מען קען נישט און ווייס נישט. אָבער פון דער אַנדערער זייט איז דאָ די געפאַר אַ גרעסערע נאָך.

יעדן טאָג זע איך, ווי מען פירט אַרויס אויף גרויסע שליטנס אָנגע־לייגטע טויטע קערפּערס פון געשטאָרבענע געפאַנגענע, און איך טראַכט ביי זיך, אַז פריער אָדער שפּעטער וואָרט אויף מיר דער זעלבער סוף.

איך ליג און טראַכט און ענטפער נישט מיין מאָסקוויטש. מיינט ער אַז איך בין איינגעשלאָפן. פרעגט ער מיר:

— וואָס, באַראַדאַ, דו שלאָפסט ?

ער האָט מיר טאַקע איבערגעוועקט אין מיינע געדאַנקען. אַנשטאָט אַן ענטפער, קער איך זיך אום און פרעג אים :

— הער זיך איין, גוטער ברודער, זאָג מיר, קאָן מען אין דער גרופּע פון די, וואָס גייען אין וואַלד, לייכט אַריינגיין, אָדער מען דאַרף האָבן ווידער פּראָטעקציע ?

אַ ווײַלע בלייבט ער שטיל, ווי ער וואָלט זיך באַראַטן מיט זיך אַליין.

— יאָ און נישט — זאָגט ער — דאָס הייסט, אַז מען איז אין 6־טן באַראַק, קאָן מען אַן שוועריקייטן דאָרט אַריינגיין. נאָר פון דאָנען אַרויסצוגיין, דאָס איז אַן אַנדער פראַגע. יעדנפאַלס, איך זע, אַז מיר האָבן זיךביידע פאַרשטאַנען. דאַי לאַפּו... גיב אַ האַנט...

וועגן דער גרופּע פון וואַלד האָב איך שוין אַפילו געטראַכט דעם ערשטן מאָל, אַז איך בין געווען אין צענטראַל־לאַגער. זייענדיק אין אַמוניציע־לאַגער, האָבן מיר, ווידער, גערעדט מיט איוואַנען וועגן דער זעלבער אַרבעטס־קאָמאַנדע. איך האָב אַפילו געזען די טויטע, געבראַכט פון די זעלבע אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, פון די, וואָס זיינען אוועק האַקן האָלץ אין וואַלד. אַנדערע זיינען געווען דורכגעשאָסענע, אַנדערע — פּשוט פאַרפרוירענע. מיר איז אויסגעקומען אייניקע מאָל צו רעדן מיט די זעלבע, וואָס האָבן געברענגט די טויטע. אַזוי אַרום האָב איך גענוי געוווּסט דעם סיסטעם פון דער אַרבעט אין וואַלד, און זיך צוגעקוקט צו די היטערס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צום היטן זיינען געגאַנגען נישט אַלע מאָל די זעלבע, אויסער צוויי, איין דייטש און דער שעף פון די האַקערס, אַ רוס, אַ דאַלמעטשער.

די געפאַנגענע האָבן מיר דערציילט, אַז אַרויסגיין פלעגן שטענדיק זעכציק מאַן קריגסגעפאַנגענע. זומער איז שטענדיק געווען אַ שטאַרקע וואַך, אַז מען פלעגט גיין אין וואַלד נאָך האָלץ, אָבער ווינטער, דער שניי איז אפשר אַ מעטער די טיף, באַוועגן קאָן מען זיך נאָר פריי דאָרט, ווו דער וועג איז אַן אויסגעטראָטענער. אין אַ זייט קאָן מען זיך נישט רירן פון אָרט. און אַז מען איז שוין אין וואַלד, מאַכן די דייטשן אַ פייער, און אַלע ווײַלע בייטן זיך ביים פייער די געפאַנגענע. מען פירט, ווי געוויינלעך, ווען די שליטנס ווערן פול. מען פירט זיי אין לאַגער. דעם דריטן שליטן דאַרף מען אָפּלאָדן, ביי דער דייטשער קאַזאַרמע, ווען מען פאָרט פאַרביי.

אין וואַלד מאַכן די דייטשן כלומרשט אַ סימן, אַז ביז אַהער און נישט ווייטער, טאָר מען גיין, נישט דערווייטערן זיך. פּאַסירט טאַקע, אַז די געפאַנגענע פּרווון אויס, צי די דייטשן מיינען עס ערנסט. פּלוצלונג הערט מען אַ שיסעריי, און די דייטשן מעלדן שפּעטער, אַז די געפאַנגענע זאָלן האָבן געוואָלט אַנטלויפן. און אָט די טאַקע, דורכגעלעכערטע פון קוילן, האָב איך געזען.

עס פּאַסירט אָבער, אַז געפאַנגענע, נישט נאָר זיי פּרוּוון, נאָר זיי אַנטלויפן טאַקע. אַנדערע געלינגט. דער מאַסקוויטש דערציילט, אַז דעם טאָג, ווען עס פּאַסירט, אַז עמיצער איז אַנטלאָפן, נעמען זיי מיט אַ צענדליק ווייס־בענדלדיקע, און אַ 15 דייטשן גייען אַוועק אין וואַלד זוכן. ווייט — זאָגט ער — גייען זיי נישט. זיי גייען אָפּ אַ צוויי־דריי־הונדערט מעטער פון דעם אָרט, ווו מען האָט געאַרבעט, דאָרט דרייען זיי זיך אַרום אַ פּאָר שעה. און עס פּאַסירט אויך, אַז זיי געפינען אַ פאַרפרוירענעם געפאַנגענעם.

— אָבער ווי דו זעסט — זאָגט ער — איז נישטאָ וואָס צו פאַרלירן. אַריינגיין אין דער גרופּע, איז נישט שווער, מען דאַרף אָבער זיין אין 6־טן באַראַק. ביי די דייטשן מוז אַלץ זיין לויט אָרדענונג. דער באַראַק איז פון די, וואָס מען קלייבט אָפּ אויף טראַנספּאָרט. דער אַנדערער איז דאָס דער, פון וואַנען עס גייען אַרויס יעדן טאָג גרופּן אויף אַרבעט. פון דעם באַראַק נעמט מען דאַן, ווען אין די איבעריקע איז שוין קיינער נישטאָ. פון יענעם נעמט מען צו באַגראָבן די טויטע. יאָ — מאַכט ער — ביי זיי גייט אַלץ לויט אָרדענונג.

אַזוי רעדנדיק, זיינען מיר איינגעשלאָפן, צוגעדריקט איינער צום אַנדערן. אַזוי איז דאָך אַביסל וואַרעמער.

פּלוצלונג, עס וועקט אונדז אויף אַן אויפרייס. איך רייס אויף די אויגן. עס טאָגט. מיין שכן שלאָפט שוין אויך נישט. וואָס איז דאָס פאַר אַן אויפרייס? קיין באָמבאַרדיראָווקע איז עס נישט. עס הערן זיך נישט די דייטשע זעניטקעס און נישט דאָס באַקאַנטע רוישן פון די סאָוויעטישע אַוויאָנען. אין יענער צייט זיינען מיר שוין געווען אַזוי געוווינט, אַז לויטן מאָטאָר־געוויש האָבן מיר געוווסט, צי דאָס איז אַ דייטשער, אָדער סאָוויעטישער אַוויאָן. דער שכן דערציילט מיר דאָס, וואָס איך האָב שוין געהערט אין פריערדיקן לאַגער: אין צענטראַל־לאַגער פון אָרשאַ האָט זיך געפונען אַ קאָמאַנדאַ פון פופציק ביז צוויי הונדערט מאַן. זי האָט זיך גערופן: די טויטן־קאָמאַנדאַ. אין רוסיש — „מאָגילנאַיאַ קאָמאַנדאַ". זייער אויפגאַבע איז געווען צונויפצוקלייבן די טויטע פון אַלע באַראַקן און זיי צו באַגראָבן. זומער איז דאָס נישט געווען קיין פּראָבלעם. אָבער ווינטער, ווען יעדן טאָג איז אַ פראָסט, ווען עס דערגייט ביז פערציק גראַד, איז די ערד דורכגעפרוירן, ביז איבער אַ מעטער טיף. די קאָמאַנדאַ באַגרעבער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אויסגראָבן אַ גענוג טיפע גרוב. די טעגלעכע צאָל האָט אָפּטמאָל דערגרייכט ביז 200 טויטע געפאַנגענע.

האָבן די דייטשן געפונען אַ מיטל. עס איז ביי זיי געווען אַ קאָלאָסאַלער רעזערוו מיט אויפרייס־שטאָף, וואָס די רויטע אַרמיי האָט איבערגעלאָזן ביים אָפּטרעטן. אַ דייטש איז געקומען און אָנגעוויזן ווו מען זאָל אויסהאַקן צו איינציקע לעכער אויף אַ געוויסן קוואַדראַט. אַלץ איז געווען צוגעגרייט. עס איז געקומען אַ ספּעציעלע דייטשע פּיאָנערן־

גרופּע, אָנפּילן מיט אויפּרייס־שטאָף אין די לעכער, און נאָכן אויפּרייס איז געווען אַ גרויסער ברודער־קבר. צוגעגרייט האָט מען עס מיט אַ טאָג פריער, דער אויפּרייס איז געמאַכט געוואָרן פאַרטאָג, כדי די באַ־גרעבער זאָלן קאָנען אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג.

ביי די דייטשן, ווי מען זעט, מוז אַלץ קלאַפּן ווי אַ זייגער. אויף אַזאַ מין פּינקטלעכן אופן האָבן די דייטשן באַגראָבן אין אָרשאַ איבער אַכציק טויזנט טויטע. אויף דער פאַרנומענער טעריטאָריע פון ראַטנפאַר־באַנד זיינען אָבער געווען הונדערטער לאַגערן. אין זיבעצן בין איך אַליין געווען, און דער אַכצנטער איז געווען אין שעדלעץ, לעבן וואַרשע, ווו עס זיינען באַגראָבן געוואָרן אַ גרויסע צאָל קריגסגעפאַנגענע.

דער טויט פון אַזויפיל קריגסגעפאַנגענע דאַרף פאַררעכנט ווערן דעם „זכות" פון „פאָטער פון די פעלקער", סטאַלינען, פאַר וועמען יעדער רוסישער קריגסגעפאַנגענער איז געווען — אַ פאַררעטער. כאָטש אַ גרויסע צאָל רויט־אַרמייער איז אַריינגעפאַלן אין קריגסגעפאַנגענשאַפט שווער־פאַרוווּנדעט, האָבן זיך ביזן לעצטן מאָמענט געשלאָגן פאַרן פאָטערלאַנד מיט גרויס העלדישקייט. די דייטשן אַליין האָבן אונדז אָפט געזאָגט: „וואָס פאַראַ טענות האָט איר? אַז סטאַלין אַליין האָט זיך פון אייך אָפּגעזאָגט. איר ווערט דורך קיינעם נישט באַשיצט. דער ראַטנפאַרבאַנד האָט נישט אונטערגעשריבן דעם זשענעווער אָפּמאַך. וואָס מיר ווילן, דאָס קאָנען מיר מאַכן מיט אייך"...

דערפאַר אויך האָבן פּיל געפאַנגענע געזוכט צו ראַטעווען זיך, האָט עס אַפילו געקאָנט זיין אָפענער פאַראַט. זיי האָבן זיך פריייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער דייטשער אַרמיי, מיטן אויסרייד: ביי סטאַלינען בין איך סיי ווי פאַררעכנט אַלס פאַררעטער, טאָ צו וואָס זאָל איך שטאַרבן פון הונגער? אויב שטאַרבן, איז כאָטש זאַטערהייט.

דערווייל ליגן מיר אין איזאָלאַטאָר, הונגעריקע, פאַרפרוירענע, מיר האָבן נאָך באַוויזן אויפצוהיטן אַביסל די כוחות. מיר גייען אַראָפּ פון געלעגער. די קעלט איז גרויס, דער הונגער מאַטערט אויס דאָס פּינצ־טערע ביסל לעבן. די מערסטע דאָ ווייסן וואָס דער אויפּרייס באַדייט. אָבער מען וויל עס זען מיט די אייגענע אויגן.

דער צענטראַל־לאַגער גופא איז געווען אַזוי פאַרטיילט: דער גרוי־סער לאַגער אַרומגעצוימט מיט דריי־פאַכיקע שטעכל־דראָט. אין לאַגער גופא זיינען נאָך געווען אָפּגעצוימט געוויסע ערטער, פאַרבאָטן אַריינ־צוגיין. אַזוי צום ביישפּיל אונדזער כלומרשטער לאַזאַרעט. האַרט ביי אונדזער לאַזאַרעט איז געווען אָפּגעצוימט אַ פּלאַץ, ווו אויסער די באַגרעבער, האָט קיינער דאַרט נישט געטאָרט אַריינגיין. מען האָט אַפילו נישט געטאָרט צוגיין צו די אויסערלעכע דראָטן נאָענטער ווי דריי מעטער, אויב ביסט אַריבערגעטראָטן די גרענעץ, ביסטו געשאָסן געוואָרן אָן אַ וואָרענונג. האָסט אָבער געקאָנט קוקן פון דער ווייטן ווי מען באַגראָבט דיינע חברים.

קוים דערוואַרט, מען זאָל עפענען די טיר, און איך מיט מיין מאָסקוויטש איילן מיר זיך צו זען וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט עס אויך פריער נישט געזען. מיר זיינען שוין נישט די ערשטע. ביי די דראָטן שטייען אַ סך געפאַנגענע. עס ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן. דעם ספּעקטאַקל וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין מיין לעבן. אין מיטן גרויסן גרוב, שטייען געפאַנגענע און ברייטערן אויס די ווענט. דייטשן שטייען און שרייען: „שנעלער! שנעלער!" „לוס! לוס!, אויף אַ שטח פון 20־30 מעטער אַרום גרוב — שוואַרצע שטיקער ערד, געמישט מיט שניי, צווישן די שוואַרצע ערד זעט מען — דאָ אַ פוס, דאָ אַ האַנט, אָפּגעריסענע קעפּ, טויטע, אין די צענדליקער. עטוואָס ווייטער, רעכטס, ליגט נאָך אַ קופּע טויטע, פונקט ווי צונויפגעלייגטע שטיקער האָלץ.

בשעת מעשה פאַרשטייען מיר גאַרנישט וואָס דאָ האָט פּאַסירט. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן דאָ אויפגעריסן אַן אַרט, ווו עס איז שוין פריער געווען אַ ברודער־קבר. די פינקטלעך־צונויפ־געלייגטע זיינען געווען די פאַר די לעצטע טעג געשטאָרבענע, אָדער דערשאָסענע קריגסגעפאַנגענע. און דערהרגענען פלעגן זיי יעדן טאָג. עס איז נישט געווען דער טאָג, אַז אַ גרופּע געפאַנגענע זאָלן נישט ברענ־גען אַ טויטן פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער.

תירוצים צו הרגענען האָבן שוין די דייטשן געפונען. האָט עמיצער עפּעס געגנבעט, האָט עמיצער נישט אויסגעפירט די אַרבעט ווי ס'דאַרף צו זיין, איינער האָט נישט געענטפערט ווי די הערשער ווילן. מיר האָבן מערסטנטייל געהאַט צו טאָן מיט דער ווערמאַכט. די ערגסטע זיינען אָבער געווען די היטלער־יוגנט. מען האָט געפילט, אַז זיי ווערן אָפּגע־קליבן ווי מערדער־קאָמאַנדאָס. קענטיק, אַז פון זיי האָבן די עס־עס געשעפּט זייער רעזערוו. דאָס זיינען געווען זאַטע, אָפּגעפרעסענע, געזונטע דייטשן. יעדער פון זיי באַוואָפנט מיט אַ קאַראַבין, און דערצו אַ גראָבן שטעקן. פאַר יעדער קלייניקייט האָבן זיי מערדערלעך געשלאָגן. פאַר נישט גיין אַזוי גיך, פאַר אַרויסגיין פון דער ריי. עס זיינען געווען אַרבעטס־גרופּן, ווו די דייטשן האָבן זיך באַצויגן עטוואָס מענטשלעכער, האָבן צוגעוואָרפן עפּעס צו עסן, אָדער צו רייכערן. אָבער נישט אַלעמאָל זיינען געווען די זעלבע וועכטער. נאָר אַז עס האָט זיך באַוויזן די האָרדע היטלער־יוגנט, פלעגט מען זיך פאַרשטעקן וואָס ווייטער. זיי האָבן צו־נויפגענומען אַ גרופּע צו דער אַרבעט נאָר מיט קלעפּ. עס איז נישט געווען דער פאַל, אַז פון אַזאַ אַ גרופּע זאָל מען נישט צוריקברענגען אַ טויטן.

מיר קערן זיך אום פון די דראָטן, ווו אויף יענער זייט ווערן באַ־גראָבן די טויטע. מיר איילן צום באַראַק, ווייל מען קאָן נאָך פאַרשפּעטיקן אונדזער שטיקל ברויט מיטן ביסל וואַרעמען וואַסער, די אַזוי גערופענע קאַפע. מיר גיבן אַ קוק, מען טראָגט אַרויס פון צווייטן באַראַק לעבן אונדזערן, פיר טויטע, איינגאַנצן נאַקעטע. פיר סקעלעטן. אַלע איינאיינעם

וועגן אפשר 80־70 קילאָ. מיר גייט דורך אַ ציטער איבערן לייב. איך דערקען איינעם פון זיי.

— דאָס איז דאָך פּעטראָ — זאָג איך צום מאָסקוויטש.

— ס'קאָן זיין, ווייל אייערנעכטן האָט מען אים אַריבערגעפירט אין טויטן־שטיבל.

אַזוי האָבן מיר גערופן דעם צווייטן באַראַק: „דאָם מיאַרטוויך".

— זאָג מיר — פרעג איך אים — אויסער די קאַלאַדקעס, האָסטו וואָס נישט איז אויף די פיס וואָס אָנצוטאָן ?

ער קוקט מיר אָן, פּונקט ווי איך וואָלט פון זינען אַראָפּ :

— וואָס טראַכסטו, אַז איך האָב ביי זיך אפשר אַ פּאָר כראָמענע שטיוול.

— הער זיך איין, גוטער ברודער, אויב עס וועט אונדז שוין יאָ געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון זייערע ציינער, איז אין וואָס טראַכסטו צו גיין ? אין דיינע הילצערנע קאַלאַדקעס ?

און דו ? — פרעגט ער.

איך זע, אַז ער איז נאָך נישט לאַנג אין געפאַנגענשאַפט, און האָט נאָך נישט גענוג קיין דערפאַרונג. כאָטש ער איז נישט קיין נאַרישער מענטש, זעט ער אויס צו זיין נישט קיין שלעכטער מענטש.

— וואַרט — זאָג איך — קום, קודם דאַרף מען קריגן דאָס ברעקל ברויט, און דערנאָך וועל איך דיר עפּעס ווייזן.

אין באַראַק שטייט שוין די ריי. דער קאַזאָך איז נישטאָ. די פיר געהילפן האָבן מיר געזען טראָגן די טויטע. הייסט עס, אַז דער קאַזאָך איז אַוועק מיט צוויי געפאַנגענע צו קריגן דאָס ברויט און ברענגען דאָס ביסל וואַסער אויף אַ קליין שליטל, וואָס מען האָט אַליין געמאַכט.

— וואָס ווילסטו מיר ווייזן ? — פרעגט ביי מיר, אָן אומגעדול־דיקער, דער מאָסקוויטש.

איך זע, אַז ער האָט נישט קיין געדולד. איך קריך אַרויף אויף דער העכסטער נאַרע, ער נאָך מיר, און איך נעם אַרויס מיין ברעזענטענעם זעקל. אין דער רויטער אַרמיי האָט מען אין די ברעזענטענע זעקלעך געטראָגן די גאַז־מאַסקע. איך נעם אַרויס מיינע לאַפּטשעס און וויַיז אים. ער בלייבט בעת מעשה שטיל און פאַרטראַכט. און דאַן זאָגט ער :

— יאָ, ביסט גערעכט. אָבער וואָס מאַכט מען ? איך מוז זען זיך אויך צו מאַכן אַ פּאָר לאַפּטשעס. מיט שטריק איז אָבער אַ ביטערער עסק. און אַפילו קיין שטרוי איז דאָ אויך נישטאָ. איך וועל זיך זען צוגרייטן אַ פּאָר שמאַטעס, און דאַן וועלן מיר זען.

צו דעם נעם איך אַרויס, איינגעוויקלט אין אַ טיכעלע, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען מיין גאַנצער פּאַרמעגן, און וויקל פונאַנדער און ווייז אים דעם ציגאַר. און פרעג אים: וואָס קאָן מען מאַכן מיט דעם? ער נעמט עס אין זיין האַנט. די האַנט טרייסלט זיך. פּונקט ווי ער וואָלט געפונען אַ שטיק גאָלד. די סלינע רינט אים אַזש פון מויל. מיר — אויך. מיר באַקוקן דעם שטיק ציגאַר, און מיר רעכענען צווישן זיך שטיל אויס: וויפל ריכטיקע ציגאַרעטלעך מען קאָן מאַכן פון דעם ציגאַר. מיר רעכע־נען אויך, אַז מען קאָן פאַר אים אויסבייטן אפשר אויף צוויי לעבלעך ברויט.

דערווייל הערן מיר ווי דער קאַזאַק אונטן הייסט זיך שטעלן אין דער ריי נאָכן שטיקל ברויט; ווי געוויינלעך, איין לעבל פאַר אַכט מענטשן.

— איך האָב — זאָגט מיר דער מאָסקוויטש — אַ פּלאַן. דער קאַזאַק איז אַ שרעקלעכער רויכערער. אויב דו ווילסט, קאָן איך מיט אים רעדן, אַז ער זאָל אונדז לאָזן אַרויסגיין אויסקלייבן וועלכע קאָמאַנדאָ מיר ווילן. דאָס הייסט, וועלכע אונדז וועט געפעלן ווערן. ער דאַרף נישט וויסן, וועלכע מיר ווילן. ער קאָן עס לייכט מאַכן. ער זאָגט, אַז מיר זיינען אויסגעהיילטע, און דאָס איז פאַר די ווייסע בענדלעך גענוג. די דייטשן מישן זיך כמעט נישט אינעווייניק. זאָג איך אים:

— פּרוביר. מיר וועלן זען.

אַליין קריך איך אַרויף און קוק זיך צו, וואָס עס וועט פּאַסירן. מיין מאָסקוויטש דרייט זיך אַרום אַהין און אַהער, ביז וואַנען ער כאַפּט אונטער אַ מאָמענט, ווען יענער בלייבט איינער אַליין, און ער גייט צו צו אים. צוהערן קאָן איך נישט. איך זע אָבער לויט ביידנס מינעס, אַז עס איז אין אָרדענונג. ער גייט אַרויף צו מיר, דער מאָסקוויטש, און זאָגט:

— גיב מיר דיין אוצר.

— געבן וועל א י ך אים אַליין.

איך וויקל פונאַנדער מיין טיכעלע. איך שפּיר ביי זיך, אַז אַ שטיק פון מיין האַרצן רייסט זיך מיר אָפּ. איך אַליין בין געווען אַ שרעקלעכער רייכערער. איך קער זיך אָפּ, כדי זיי זאָלן נישט זען די טרערן, וואָס האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. אָבער לאַנג טראַכטן לאָזט מען מיר נישט.

— דו זעסט — מאַכט דער מאָסקוויטש — ער רעדט שוין מיט דער וואַך. איך האַלט, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו וואַרטן.

מיר גייען אַרויס, און דער קאַזאַך, מיט דעם פון דער אוקראַינישער וואַך, זאָגן אונדז, אַז שלאָפן מוזן מיר קומען צו דער צייט, ווייל שפּעטער ווערט די קאָליטקע פאַרמאַכט, און מיר וועלן מוזן גיין שלאָפן אין גרויסן באַראַק. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָרטן איז נאָך ערגער.

קאפיטל 13

# אין וואלד

די גרופּע, וואָס איז געגאַנגען אין וואלד ברענגען האָלץ, האָט זיך צונויפגעקליבן לעבן דער גרויסער קיך. פֿאַרן אַרויסגיין פֿון לאַגער, האָט מען זיי געגעבן אַביסל הייסע, שמוציקע וואַסער, מיט עטלעכע קאַרטאָפּל און נישט קיין צעקאַכטע קאָרן, מיט אַ לעבל ברויט פֿאַר פֿיר מאַן. איידער מ׳האָט געגעבן דאָס עסן, האָט מען די גרופּע כמעט נישט געהיט. אָבער ווי נאָר מ׳האָט זיי אויסגעטיילט דאָס עסן, זייבען זיי געוואָרן אַרומגע־רינגלט פֿון אַלע זייטן דורך באַוואָפֿנטע דייטשן מיט דער אוקראַינישער וואַך; פּשוט דערפֿאַר, ווייל אַ סך האָבן געקראָגן דאָס ביסל עסן און דערנאָך אַפּציען צוריק אין באַראַק. אַ פּאָר מאָל איז דאָס געלונגען. אַזוי אַרום, אַז שפּעטער פֿלעגן די דייטשן מאַכן אויף אַזאַ סאָרט אופֿן מיט די, וואָס האָבן געקריגן זייער ביסל עסן. ביי דער דייטשער האָרדע האָט עס געהייסן: דער צוגאָב־עסן פֿאַר די, וואָס דאַרפֿן מאַכן אַ שווערע אַרבעט. געמאַכט איז דאָס געוואָרן אויף אַזאַ מין סאָרט אופֿן: ווי איך האָב שוין פֿריער געזאָגט, זיינען געווען באַראַקן פֿון שטענדיקע אַרבעט־פּלעצער, אין צוויי גרויסע באַראַקן מיט דריי ביז פֿיר טויזנט געפֿאַנגענע, וואָס די דייטשן האָבן געהאַלטן אין רעזערוו. יעדן טאָג זיינען געקומען נייע געפֿאַנגענע, און יעדן טאָג זיינען געוואָרן אַפּטראַנספּאָרטירט נייע גרופּן, אָדער אין ווייסרוסלאַנד גופֿא, אין די צענדליקער אַרבעטס־לאַ־גערן, ווו מ׳האָט געאַרבעט פֿאַרן דייטשן פֿראָנט; אָדער נייע אַרבעטס־קראַפֿט פֿאַרן דייטשן רייך.

עס פֿלעגן אַריין אין די רעזערוונע באַראַקן עטלעכע אוקראַינער, מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט, און פֿלעגן אויסרופֿן — ווער עס וויל גיין אויף אַרבעט, וועט ער באַקומען אַביסל צוגאָבלעך עסן. עטלעכע פֿרייוויליקע, פֿאַרשטייט זיך, זיינען אַלעמאָל געווען. אָבער מערסטן טייל האָבן זיי זיך באַנוצט מיט די גראָבע שטעקנס, אַנדערע פֿלעגן בלויז דראָען. אין די מערסטע פֿאַלן האָבן די אוקראַינער אַזוי בלוטיק צעשלאָגן, אַז אַ סך האָבן זיך מער נישט אויפֿגעכאַפּט פֿון די קלעפּ. די קעלט, דער הונגער האָבן שוין פֿאַרענדיקט די „אויף אַרבעט" פֿון די אוקראַינישע באַנ־דיטן. דערפֿאַר טאַקע איז געווען אַזאַ גרויסע צאָל טויטע יעדן טאָג.

איך מיטן מאַסקוויטש גייען צו צו דער גרופּע. קענטיק, אַז זי איז נאָך נישט אינגאַנצן פֿול. מיר דרייען זיך אַרום עטלעכע מינוט, און דערזען דערווייל אַ גרופּע אוקראַינער, וואָס טרייבן אין אונדזער ריכטונג געפֿאַנגענע. מען הייסט זיי אויסשטעלן זיך צו זעקס. מיר כאַפּן זיך אַריין אין איינע פֿון די רייען. אין דער גרופּע דאַרפֿן זיך געפֿינען זעכציק מאַן, דאָס הייסט צו צוואַנציק מאַן אויף יעדן שליטן. מען הייבט אָן צו ציילן די רייען. עס פֿאַלן ווידער שטעקנס. די אוקראַינער מיט די דייטשן

זעען זיך אַרום, אַז זיי האָבן שוין אַ צענדליק איבעריקע. מען טרייבט זיי אָפּ פון אונדז און מען הייסט זיי גיין אין באַראַק. די שטעקנס פאַלן דערביי ווידער אויף זייערע קעפּ. אַז אַ שטעקן רירט מען זיך נישט פון אָרט. דער איבעריקער צענדליק געפאַנגענע האָבן בעת מעשה טאַקע נישט געוואָלט גיין אויף אַרבעט. איבערהויפּט, אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען גייט האַקן און ברענגען האָלץ פון וואַלד. אָבער אַז זיי זיינען שוין יאָ אַרויס און געפינען זיך לעבן קיך, טראַכטן זיי נישט וועגן דער אַרבעט, נאָר וועגן אַ ביסן, כאָטש עטוואָס שטילן דעם הונגער. דאָס אָוועקטרייבן גייט צו ווי דאָס ברענגען — דער שטעקן. מיטן שטעקן איז מען אויפגעשטאַנען, מיטן שטעקן איז מען געגאַנגען שלאָפן, צו דער אַרבעט, ביים קריגן דאָס ביסעלע עסן. מיר האָבן שוין פאַרגעסן ווי די וועלט זעט אויס אָן אַ שטעקן!

דער צענטראַלער לאַגער פון אָרשאַ איז אין די יאָרן 1942-1941 געווען אַן אמתער דזשונגל. איבערגעלעבט האָט נאָר אַ קליינער טייל. די אוקראַיִנער גופא האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין איינצלוויז אין די גרויסע באַראַקן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען די אוקראַיִנער זיינען אַריין אין אַ באַראַק און זיינען שוין קיינמאָל נישט אַרויסגעגאַנגען. מען האָט אַפילו אַ שפּור פון זיי נישט געפונען. די דייטשן אַליין האָבן זיי אַפילו נישט געזוכט. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי זיינען אַנטלאָפן. אין די יאָרן זיינען געווען פאַלן פון קאַניבאַליזם. צוויי מאָל האָבן די דייטשן אַליין אויפגעהאנגען געפאַנגענע, איינמאָל צוויי געפאַנגענע. און אַ צווייטן מאָל דריי מאַן. איך אַליין האָב געזען, ווי איינער האָט געהאַנדלט מיט אַ שטיק פלייש. עס איז נישט געווען קלאָר וואָס פאַראַ פלייש דאָס איז; איך האָב סיי ווי נישט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן. אין צוויי טעג אַרום זיינען דריי הענדלער פון דעם פלייש אויפגעהאָנגען געוואָרן. צווישן די געפאַנגענע האָט מען גערעדט, אַז דאָס זיינען געווען דריי פאַרשוינען, וואָס האָבן דערהרגעט אַן אוקראַיִנער און נאָכדעם זיין פלייש פאַרקויפט. קענטיק, אַז ווער נישט איז האָט זיי אונטערגעמסרט. ווייל ביי זיי האָט מען געפונען אויך עטלעכע זאַכן פון פאַרפאַלענעם אוקראַיִנער.

דער עיקר, מ׳האָט שוין געקריגן דאָס ביסל שמוציקע זופּ מיטן שטיקל ברויט, וואָס איז פון פריער געווען צעשניטן, מ׳זאָל נישט פאַרלירן קיין צייט. פון אַלע זייטן — אוקראַיִנער און דייטשן, און מיר רירן זיך פון אָרט. קענטיק, אַז צווישן אונדז זיינען געווען אַזעלכע, וואָס גייען שוין נישט דאָס ערשטע מאָל נאָך האָלץ. זיי שפּאַנען זיך איין זאַלבע-צווייט אין די גראָבע שטריק און די איבעריקע שטופּן פון הינטן דעם שליטן. פון ביידע זייטן — איינצלנע שטריק מיט גראָבע קנופּן. אָבער דערווייל באַנוצט מען עס נישט, ווייל דער שליטן גייט נישט שווער.

איך באַמערק אויף איינעם פון די שליטנס אַ לאַנגן קאַסטן, פּונקט ווי אַ טרומנע, פון איינפאַכע ברעטער. איך זאָג דעם מאַסקוויטש, אַז דאָרט מוז זיין געצייג. מען עפנט דעם גרויסן טויער און מיר הייבן אָן

אַרויסצוגיין. מיטאָמאָל — עס ווערט אונדז פינצטער אין די אויגן. אַ גרופּע פון 12 היטלער־יוגנט, שטייען און טאַנצן אונטער; קענטיק, אַז עס איז זיי קאַלט. צוויי דייטשן פון לאַגער גייען מיט, און די צוועלף היטלער־יוגנט שטעלן זיך אַוועק פוןביידע זייטן, די ביקסן אָנגעטאָן, יעדער מיט אַ פלאַקן אין האַנט. עס גייען אויך מיט פיר אוקראַינער, אָן געווער, אָבער אויך מיט שטעקנס. מיר קוקן זיך ביידע איבער און מיר פאַר־שטייען זיך אָן ווערטער. איך זע, מיר נעמען די ריכטונג פון אַעראָדראָם. דער אַעראָדראָם איז אומגעפער צוועלף קילאָמעטער פון שטאָט. פאַרנט גייט אַ דייטש, אָן אַ ביקס, בלויז מיט אַ רעוואָלווער. איך זע נישט זיין גראַד, איך פאַרשטיי אָבער, אַז דאָס מוז זיין אונדזער עלטסטער. אַלע ווילע הערן מיר דעם באַרימטן: „לוס! לוס! שנעלער!".

דערווייל, מערק איך, האָט מען נאָך קיינעם נישט געשלאָגן, אָבער טראַכטן טראַכטן מיר סיי ווי סיי נישט וועגן דעם. מיר גייען אַף אומ־געפער פיר, אָדער פינף קילאָמעטער און מיר קערעווען זיך אַריין אין וואַלד. אַ פאַר הונדערט מעטער ווייטער שטעלט מען זיך אָפּ. דער עלטס־טער רופט צו די פיר אוקראַינער און ער גיט זיי אָנווייזונגען וועלכע ביימער מיר זאָלן אויסהאַקן. אַלע ווערן פאַרטיילט צו פיר אין אַ גרופּע. איך מיט מיין מאָסקוויטש ווערן צוגעטיילט צו אַנדערע צוויי. מען פירט אונדז צו צו אַ גראָבער סאָסנע, אפשר פערציק מעטער די הויך.

— אָט איז אייער אַרבעט — זאָגט ער — איר מוזט דעם בוים אומוואַרפן, צעזעגן אים אויף צוויי־מעטערדיקע שטיקער און אַרויפלייגן אויפן שליטן.

עס ווערט אונדז פינצטער אין די אויגן. אַפילו אין נאָרמאַלע באַ־דינגונגען איז עס שווער, בפרט אום ווינטער, און אַציגד, ווען מען האַלט זיך קוים אויף די פיס. מיר האָבן געקראָגן אַ זעג מיט אַ האַק. צווישן די צוויי געפאַנגענע, צוזאַמען מיט אונדז, איז איינער אַ הויכער, אַ מאָ־גערער, אַ געלער; דער צווייטער — אַ נידעריקער, אַ ברייט־פּלייציקער. ביי זיך גיב איך אַ טראַכט, אַז אַזאַ איז אין ציוויל, קענטיק, אַ גוטער געוויכט־הייבער. קיינער אין דער וועלט וואָלט נישט געקאָנט אָפּשאַצן אין דעם מאָמענט אונדזערע ריכטיקע יאָרן. דער הויכער ווענדעט זיך צו מיר און זאָגט:

— היי, אַלטער, אויב דו טראַכסט, אַז איך וועל אַרבעטן פאַר דיר, האָסטו אַ גרויסן טעות.

— פון וואַנען — פרעג איך אים — נעמסטו, אַז דו וועסט אַרבעטן פאַר מיר, אַז מען האָט נאָך גאָרנישט אָנגעהויבן צו טאָן?

— אַזאַ אַלטער, ווי דו... איך ווייס אַפילו נישט ווי מען האָט דיר מאָביליזירט...

— ביסט אַרונטערגעפאַלן פון הימל? דו ווייסט נישט, אַז אין די ערשטע חדשים פון קריג האָט מען מאָביליזירט ביז זעכציק־יאָריקע — ענטפער איך אים דער מאָסקוויטש. מען לאָזט אונדז אָבער לאַנג נישט

רעדן. עס דערגענטערט זיך צו אונדז איינער פון דער היטלער־יוגנט און הייבט אָן שרייען :

— פֿאַרפלוכטע הונדן־באַנדע ! שנעלער !

און עס פֿאַלן שוין עטלעכע שטעקנס אויף אונדז. איינעם פון זיי קריג איך אַריין. אין דעם מאָמענט האָב איך געהאַלטן די האַק אין האַנט, און ביי זיך גיב איך אַ טראַכט : גיט ער מיר נאָך אַ זעץ, האַלט איך נישט אויס און מיט דער האַק מאַך איך פון אים אַ קאַטלעט. און אַזוי טראַכטנדיק, נעם איך די האַק מיט ביידע הענט און אינסטינקטיוו קער איך זיך אום צום יונגן באַנדיט. אָבער קענטיק, אַז פֿאַר אים איז געווען דאָס שלאָגן אַ מיטל צו דערוואַרעמען זיך; ווייל אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געווען ביי אַן אַנדערער גרופּע. די איבעריקע היטלער־באַנדע האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

ביז דעמאָלט האָב איך קיינמאָל נישט געזען ווי מען זעגט אָפּ גרויסעביימער. קליינע ביימער — יאָ. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז פֿריער דאַרף מען דעם בוים איינהאַקן און שפּעטער זעגן. דער מאַסקוויטש איז, קענטיק, געווען נאָך ווייניקער באַהאַוונט פון מיר. דער נידעריקער האָט נאָך דערווייל נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך הייב אָן האַקן דעם בוים, גייט ער צו און זאָגט מיר :

— פּאַפּאַשאַ, נישט פון דער זייט דאַרף מען אָנהייבן. דו זעעסט, דער בוים איז אַ ביסל אין אַ זייט. אַזוי אַרום, אַז אויסהאַקן דאַרף מען פון דער זייט, וווּ ער איז איינגעבויגן. און דאַן זעגן פון דער אַנדער זייט, ווייל אַז נישט, וועט ער איינקוועטשן די זעג.

— דו ביסט אַ גאַנצער ספּעציאַליסט — זאָג איך.

— יאָ, איך בין געבוירן אין דער געגנט פון אַרכאַנגעלסק, וווּ די סאָוויעטן האָבן פֿאַרשיקט מיינע עלטערן, זיי זיינען, הייסט עס, לויט זיי, געווען קולאַקעס. אָבער מיין פֿאָטער האָט מיר דערציילט, אַז פֿאַרשיקט איז ער געוואָרן נאָר דערפֿאַר, ווייל דעם „פּרעדסעדאַטיעל" (דעם פֿאַר־זיצער) פון דאָרפס־ראַט, איז געפעלן געוואָרן דאָס הויז, וואָס דער זיידע האָט געהאַט אויסגעבויט.

ער נעמט צו פון מיר די האַק, און איך זע, אַז זי איז אין געניטע הענט. מיר בייטן זיך אַלע דריי, דאָס הייסט, איך און מיין מאַסקוויטש און דער פון אַרכאַנגעלסק. וווּ איז דער פּערטער ? מיר מערקן, אַז ער קלייבט טרוקענע שטיקלעך האָלץ, און מיר פֿאַרשטייען, אַז ער גייט מאַכן אַ פֿייער. מיר באַמערקן, אַז ער איז נישט דער איינציקער. די דייטשן זיינען נישט דאַקעגן. און אין אַ ווײַלע אַרום, נישט ווייט פון אונדז — עס ברענט שוין אַ שייטער. אָבער דער הויכער, זעען מיר, איז נאָך אַלץ נישט לעבן אונדז. מיר האָבן דערווייל גוט איינגעהאַקט דעם בוים, און מיר הייבן אָן זעגן. אַלע ווײַלע מוזן מיר זיך אָפּשטעלן, כדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. דער נידעריקער בייט אַלע ווײַלע, דאָ מיר, דאָ

בייט ער דעם מאַסקוויטש. אַלע ווײַלע קערן מיר זיך אום און זוכן דעם פּערטן. ער וואַרעמט זיך ביים שייטער און אײַלט זיך נישט צו קומען.
דער מאַסקוויטש גיט מיר איבער די זעג און אַליין זאָגט ער:
— איך וועל אים גיין ברענגען.
ער קומט אָבער אין אַ ווײַלע אַרום איינער אַליין.
— ער האָט מיר געשיקט — דערציילט ער — קיב. מאַטערי...
— איצטער רוף איך זיך אָפּ — וועל איך אים גיין ברענגען.
איך גיי צו, ער טריקנט ביים פייער זיין פּאָרטיאַנקע. זאָג איך אים:
— הער זיך איין, גוטער ברודער, די אַרבעט, וואָס מ׳האָט אונדז געגעבן, איז פאַר פירן, און דו האָסט דערווײַלע נישט צוגעלייגט קיין האַנט. שפּעטער, אַז דער בוים וועט זיין אָפּגעזעגן, וועסטו קומען. אָבער דאָס שווערסטע איז נאָך איצטער.
— וואָס מאַכט ער — האָסטו זיך צוגעטשעפּעט?
איך האָב געמערקט, אַז נישט ווייט פון אונדז קוקט אויף אונדז איינער פון די אוקראַינער, און דער צווייטער פון אונדזער לאַגער־וואַך, אַ דייטש. איך הער, אַז דער אוקראַינער זעצט איבער אויף דייטש אונדזער שמועס. איך פרעג אים:
— דו גייסט, צי נישט?
— פּאַשאָל טי... — זאָגט ער מיר.
אָבער דאָס זידל־וואָרט בלייבט אים שטעקן אין האַלדז, ווייל אַ פּראַסק גיט אים אַ בייג אין אַ זייט. ער איז געזעסן אין דעם מאָמענט אויף אַן אָפּגעהאַקטן בוים לעבן פייער, איין פוס באַרוועס, דער צווייטער אין שטיוול. דאָס אַליין האָט געוויזן, אַז ער מוז זיין אַ פרישער געפאַנ־גענער, ווייל די אַלטע געפאַנגענע האָבן שוין לאַנג אויסגעביטן זייערע שטיוול, אָדער שיך, אויף ברויט, באַלאַנדע, אָדער צום רויכערן.
ער גיט זיך אַ הייב אויף, און איך זע, אַז ער איז מיט אַ קאָפּ העכער פון מיר. אַ זעץ אין די ציינער, און ער פאַלט איבערן אָפּגעזעגטן בוים. עס גייט צו צו אים דער אוקראַינער און דערלייגט אים נאָך אַ בריק.
— איצטער האָסטו פאַרשטאַנען? — זאָגט ער.
דער הויכער הייבט זיך אויף, טוט אָן זיין שטיוול, און איך גיי צוריק צו דער אַרבעט. אין אַ ווײַלע אַרום, ער איז דאָ. פרעגט אים דער מאַסקוויטש:
— נו, ווי געפעלט דיר דער אַלטער?
און איך אַליין שפּיר, אַז אין דעם מאָמענט קאָן איך אויף דעם חוצפּהדיקן נפש אויסלאָזן מיין גאַנצן אָנגעקליבענעם כעס. איך קער זיך אום און זאָג:
— אויב ער וויל האָבן גאַנצע ציינער, זאָל ער אַרבעטן פּונקט ווי מיר אַלע, אַז נישט זאָל ער קיין חרטה נישט האָבן.
האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן, אַז ער האָט נאָר געוואָלט אָנוואַרעמען זיך. די גאַנצע חוצפּה זיינע איז אַוועק. פאַרשטייט זיך, אַז

די אַרבעט איז גלייך געוואָרן לייכטער. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז זיי ציילן ביז 20. מיר ציילן ביז 20 זעגן, און אין עטלעכע מינוט אַרום — דער בוים רירט זיך פון אָרט. דער נידעריקער זאָגט:

— גאָט זאָל היטן, ער זאָל זיך פאַרטשעפּען אין אַ צווייטן בוים, דאַן איז יענע ביסל צרות.

מיר פּאַסן אויף, אַז ער זאָל קיינעם נישט שאַטן. מיר זיינען כמעט ווי די ערשטע, ביי וועלכע דער בוים פאַלט. נישט ווייט פון אונדז האָט אַ צווייטע גרופּע געפאַנגענע אויך אַרונטערגעלאָזן אַ בוים, כאָטש זייערער איז געווען אַ סך קלענער. איצטער דאַרף מען מיט דער האַק אַרומהאַקן די צווייגן, ווייל זיי שטערן צום צעזעגן דעם שטאַם. די האַק הייבט אָן גיין פון האַנט צו האַנט, און מיר נעמען זיך צום זעגן. אָבער ווו נעמט מען אַזוי פיל כוח, כאָטש מיט בייטן זיך אַלע ווײַלע? איך אַרבעט, אָבער עס איז אַזאַ אַרבעט, אַז נישט דו דאַרפסט קוקן און אויך נישט טראַכטן. שלעפּ די זעג, און אויף יענער זייט בוים שלעפּט אים דער מאָסקוויטש. אַז דער בוים ליגט, איז שוין דאָס זעגן אַ סך גרינגער. מען דאַרף נאָר זען, אַז די זעג זאָל נישט ווערן פאַרקוועטשט. די זעגן זיינען גראָד זייער גוטע. מיר זעען אַ רוסישע מאַרקע אויף דער זעג. זי איז גוט אָנגעשאַרפט. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז לעבן לאַגער געפינט זיך אַ גרויסער גאַראַזש מיט אַ וואַרשטאַט, ווו עס אַרבעטן מערסטנטייל געפאַנגענע, און קענטיק, אַז זיי טוען אונדז טאַקע די טובה און שאַרפן גוט אָן די זעגן מיט די העק. אפשר טראַכטן זיי, אַז מיר וועלן מיט די העק עפּעס קאָפּ...

אַלע ווײַלע גייט צו צו אונדז, דאָ אַן אוקראַאינער, דאָ אַ דייטש. איך מערק, אַז די מערסטע פון דער היטלער־יוגנט האָט זיך צונויפּגעקליבן לעבן פייער. ס'איז אַ קעלט. איבער 25 גראַד פראָסט. עס ווייזט זיך אויך די זון. אפילו דער הימל, באַטראַכט איך, איז אין דער געגנט אַנדערש. אַ פראָסט, און — די זון שיינט. דער שניי אַרום איז צוטראָטן. פון אַלע זייטן — סימנים פון שליטנס און וועגן, וואָס גייען אַריין טיפער אין וואַלד. און ביי זיך טראַכט איך זיך: ווער ווייס ווו די וועגן פירן? אָבער ווו זיי זאָלן נישט פירן, איז אוממעגלעך, אַז זיי זאָלן פירן צו די דייטשן. ווייל די דייטשן האָבן זיך באַזעצט לעבן די גרויסע וועגן, אין שטעטלעך, זעלטן אפילו אין גרויסע דערפער, סיידן אַז דורכן דאָרף גייט דורך אַ ברייטער וועג.

אין אַלגעמיין איז ווייסרוסלאַנד זייער אָרעם אין גוטע וועגן. דערצו זיינען פאַראַן גרויסע זומפּן, וואָס ווערן אפילו אין די גרויסע פרעסט נישט פאַרפרוירן. אַז ביסט נישט ווייט פון אַזאַ זומפּ, זעסטו ווי עס גייט אויף אַ פּאַרע. די וויכטיקסטע פאַרטיזאַנער־באַזעס זיינען טאַקע געווען אין אַזעלכע ערטער, אָדער אויף די אינזעלעך אינמיטן די זומפּן. די דורכגענג צו זיי האָבן נאָר געוווּסט די אָרטיקע באַפעלקערונג. אָבער אפילו אַז די דייטשן האָבן שוין יאָ דערטאַפּט אַזאַ דורכגאַנג, האָבן זיי

סיי ווי סיי נישט געקאָנט אַהין צוקומען. זיי זיינען באַשאָסן געוואָרן פון גוט־פאַרמאַסקירטע, גוטע שיסער.

דער עיקר, איך באַמערק, אַז מען קאָן לויפן, אַן גרויסע שוועריקייטן. מען דאַרף נאָר האָבן אַן אייזערנעם ווילן, א שטאַרקן אויסדויער. מיין טראַכטן רייסט איבער אַ פייף. מיר הייבן אויף די קעפּ, און דער היכער זאָגט אונדז, אַז עס איז מיטאָג־צייט, מיר קאָנען זיך גיין אָנוואַרעמען ביים פייער. פון אַלע פיר, איז ער דער איינציקער, וואָס האָט שוין דאָ געאַרבעט. און אָט זיצן מיר ביים פייער. מען טוט אויס די פּאַרטיאַנקעס און מען טריקנט זיי. די דייטשן נעמען אַרויס סאַנדוויטשן. מיר קוקן זיי אין מויל אַריין ווי געשמאַק זיי פרעסן, און ביי אונדז רינט די סלינע פון מויל. אונדזערע קאָנען נישט אָפּרייסן די אויגן ווי זיי עסן. אַנדערע קערן זיך אָפּ, נישט צו זען. אַנדערע דערנענטערן זיך צו זיי, פּונקט ווי פאַרהיפּנאָטיזירטע, מיינענדיק, אַז אפשר וועט מען זיי עפּעס וואָס צוואַרפן. איך דריי אום דעם קאָפּ און ביי זיך טראַכט איך: צי וועל איך קאָנען ווען נישט איז אָפּעסן צו דער זעט?

מיר באַווייזן נישט אָנצוואַרעמען זיך — ווידער אַ פייף:

— לוס! אַרבעט!

מען איילט זיך נישט. טייל דייטשן האָבן נאָך נישט געענדיקט עסן. אין איין האַנט דער סאַנדוויטש, אין צווייטן — דער שטעקן. די שטעקנס טאַנצן איבער אונדזערע רוקנס. די אוקראַינער העלפן צוטרייבן צו דער אַרבעט, אָבער זיי שלאָגן נישט. זיי רעדן מיט די סאָלדאַטן פון אונדזער לאַגער, מיט די פון דער ווערמאַכט, און אויף דער היטלער־יוגנט קוקן זיי זיך כמעט נישט אום. מען זעט, אַז זיי אַליין קוקן אויך אויף זיי קרום, האָבן מיט זיי נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך. זייער חוצפה, זייער זיכערקייט! די פון דער ווערמאַכט זיינען פּראָנטאָוויקעס און די יונגע סמאַרקאַטשעס האָבן נאָך קיין פּולווער נישט געשמעקט.

מיר אַרבעטן אָפּ דעם טאָג, ביז עס גייט צו אונדז צו איינער פון די אוקראַינער און זאָגט, מיר זאָלן אָנהייבן אָנלאָדן. מיר קלייבן זיך צונויף אַ גרופּע פון אַ 20 מאַן, און דער זעלבער אוקראַינער הייבט אָן קאָמאַנדירן. אין אַ ווײַלע אַרום זיינען שוין די שליטנס אָנגעלאָדן. אונדזער בוים האָבן מיר נישט געענדיקט צעזעגן, אָבער קיין האָלץ פעלט נישט. דריי פולע שליטנס. מען שפּאַנט זיך איין און דער שליטן רירט זיך נישט פון אָרט.

עס הייבט שוין אָן ווערן טונקעלער. די יעקעס שרייען, שלאָגן. דער שליטן איז ווי צוגעשמידט. איינער פון די געפאַנגענע, קענטיק נישט צום ערשטן מאָל, אַז ער קומט אין וואַלד האַקן האָלץ, גיט זיך אַן עצה. ער גייט צו צום אוקראַינער, און איך הער ווי ער זאָגט אים וואָס מען דאַרף מאַכן. מען נעמט אַרויס אַ פּאַק העק, און מען מאַכט צוויי לאַנגע דרענגער. און אַנשטאָט זאַלבעצווייט, שפּאַרן זיך אָן 14 מאַן,

צו 7 פוןביידע זייטן. דעם צווייטן האַלץ רוקט מען אַרונטער פון הינטן, און עס הערט זיך דער באַקאַנטער: „אישציאַ ראַז, ווזיאַלי״. און דער שליטן רירט זיך פון אָרט.

אַלע דריי שליטנס זיינען שוין אויפן וועג. די העלצער וואַרפט מען נישט אַוועק, נאָר מען לייגט זיי אַרויף און מען פאָרט אין לאַגער. אַ פאָר הונדערט מעטער פאַרן לאַגער, ביי דער דייטשער קאַזאַרמע, לאָזט מען איבער דאָס האָלץ מיט די געצייג, און מיר ברענגען די איבעריקע צוויי שליטנס אין לאַגער אַריין. אַלע איילן זיך, כדי נישט צו פאַרשפּע־טיקן צו קריגן די באַלאַנדע מיטן ברעקל ברויט. געקראָגן דאָס שטיקל ברויט, לויפט מען אין לאַזאַרעט, האָפנדיק דאָרט ווידער צו קריגן עפּעס.

גייענדיק מיט דער גאַנצער קאַמפּאַניע, האָט דער מאַסקוויטש צו מיר כמעט נישט גערעדט. אָבער איצטער, אַז מיר זיינען געבליבן מיט אים אויג אויף אויג, גיט ער מיך אַ פרעג:

— הער זיך איין, באַראַדאַ, נאַ סאַמאַם דיעליע, ווי אַלט ביסטו?

— פאַרוואָס פרעגסטו דאָס מיך?

— פשוט, צוליבן אינצידענט היינט אין דער פרי מיטן געלן, און טאַקע אויך ביי דער אַרבעט. איך שטעל זיך פאָר, אַז דו ביסט גאַרנישט אַזוי אַלט, ווי דו זעסט אויס. די שווערע קלעצער זיינען פאַר דיר גאָר־נישט געווען אַזוי שווער.

— אַזוי מיינסטו? — ענטפער איך אים — יאָ, פאַרן קריג בין איך נאָך קיינמאָל נישט אָנגעקומען צו אַ דאָקטער. און שטעל זיך פאָר, אַז קיין קאָנצעלאַרסקע אַרבעט האָב איך אויך נישט געמאַכט. אויב איך וועל דיר דערלייגן, אַז צו 10 יאָר האָב איך שוין געשלעפּט ציגל, וועסטו פאַרשטיין, אַז איך בין געוווינט צו שווערער אַרבעט. ווייל פון פאַך בין איך אַ בלעכער, איך האָב אויך געאַרבעט ווי אַ קופּערשמיד. אפשר איז דאָס אַביסל לייכטער ווי אַן אייגפאַכער שמיד, אָבער מיט אַ גרויסן שווערן האַמער אין מיינע הענט האָב איך זיך אויך געקאָנט געבן אַן עצה. אָבער אויף דיין פראַגע וועל איך דיר ענטפערן מיט אַ פראַגע: ווי אַלט ביסטו?

— 32 יאָר — ענטפערט ער מיר.

— נו — זאָג איך — איך בין מיט אַ שאָק יינגער. אויב אונדז ביידן וועט געלינגען זיך אַרויסצורייסן פון דאַנען, וועסטו זיך דערוויסן. אויב נישט, איז וואָס איז דיר וויכטיק?

דערווייל זיינען מיר ביים אַריינגאַנג פון כלומרשטן לאַזאַרעט. מיר קומען אָן גראַד, ווען מען האַלט אין טיילן דאָס ביסל זופּ. דער קאַזאַך דערזעט מיך און שרייט אויס:

— היי, באַראַדאַ, קום אַהער.

איך גיי צו, דער מאַסקוויטש מיט מיר. ער זאָגט צו זיין געהילף:

— גיב זיי אַביסל זופּ.

— זיי האָבן דאָך שוין געקריגן ביים קיך — ענטפערט יענער.

— וואָס, עס וועט פאַר דיר נישט קלעקן? גיב זיי אויך אַביסל!

און אַט באַקומען מיר נאָך אַביסל זופּ. מיר קוקן זיך אַרום. אַ סך נייע פּנימער. מיר דערוויסן זיך, אַז מען האָט געבראַכט אַהער איבער 20 נייע קראַנקע פון אַנדערע לאַגערן. איך הייב אָן אויספרעגן: פון וועלכע לאַגערן זיי זיינען געקומען? איך געפין צוויי שווער־קראַנקע פון דעם אַמוניציע־לאַגער. פרעג איך זיי אויס וועגן מיין איוואַנען. זיי זאָגן, אַז זיי קענען אים נישט. מיך אַליין געדענקען זיי אויך נישט פון דאָרטן. אפשר נאָך בעסער — טראַכט איך ביי זיך — וואָס ווייניקער דאַרפן מיך קענען, אַלץ ווייניקער איז פאַר מיר די געפאַר צו ווערן פון וועמען נישט איז דערקענט. ווייל אַלע ווילן פלעגן די דייטשן געפינען עטלעכע יידן. אַ פּאָר מאָל האָבן זיי אויפגעהאַנגען יידן מיט אויפשריפטן: „איך בין אַ ייד, אַ קאָמוניסט". זיי האָבן אָבער געזען די פּאַרקערטע ווירקונג. אין לאַגער איז געווען געמאָלדן אין רוסיש און דייטש, אַז ווער עס וועט אָנווייזן אויף אַ יידן, וועט קריגן אַ פּעקל טאַבאַק מיט אַ לעבל ברויט. אַזוי, אַז אַלע ווילן האָט ווער פון די געפאַנגענע געפונען אַ ייד. אָפט איז עס גאָר געווען אַן אַרמענער, אָדער אַן אַזערביידזשאַנער, איינמאָל איז דאָס גאָר געווען אַן אוקראַינער. פאַרשטייט זיך, אַז די אַרמענער און אוקראַינער האָבן דאָס לייכט דערוויזן, אַז זיי זיינען נישט קיין יידן, ווייל זיי זיינען געווען נישט באַשניטן. אָבער די אַזערביידזשאַנער, אַ טיפּיש סעמיטיש פאָלק, צו דעם נאָך מוסולמענער, זיי איז אויסגעקומען אַ סך שווערער צו דערווייזן, ווייל באַשניטן זיינען זיי געווען פונקט ווי די יידן. פיל פון זיי האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט אין קינדער־היימען אין די גרויסע שטעט, ווי מאָסקווע, לענינגראַד, קיעוו, וווּ עס איז זיי כמעט קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו רעדן אויף זייער שפּראַך. צו דעם האָבן זיי נאָך אָפטמאָל געהאַט רוסישע, אָדער אוקראַינישע ווייבער, האָבן זיי פולשטענדיק פאַרגעסן זייער שפּראַך. זיי זיינען טאַקע אומגעקומען ווי יידן.

אַ גרויסע ראָל, הייסט עס, האָט געשפּילט דער אויסערלעכער אויסזען און די שפּראַך. ביסטו נישט געווען ענלעך צו אַ ייד, פלעגסטו נישט אַזוי גוט רעדן רוסיש, האָסטו זיך געקאָנט אַרויסגעבן פאַר וועמען דו ווילסט, ווייל קיין דאָקומענטן האָט מען ביי זיך נישט געהאַט. אַלע זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז מען זאָל ביי זיי קיין דאָקומענטן נישט געפינען.

איך בין קיינמאָל נישט דערגאַנגען, ווער זיינען עס די מוסרים, וואָס פאַר אַ טיפּן דאָס זיינען. זיי פלעגן עס טאָן פאַר הונגער. פאַרשטייט זיך, אַז פאַרדאַרבן זיינען זיי געווען פון פריער. זיי האָבן געמיינט, אַז פאַר יענעמס לעבן וועלן זיי קאָנען אויסהאַלטן נאָך אַ פּאָר וואָכן, נאָך אַ פּאָר טעג. אָבער לאַנג איבערלעבן די יידן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן, פלעגן זיי סיי ווי סיי נישט. מען האָט זיך לייכט דערוווּסט, אַז דער אָדער יענער האָט געקראָגן פון די דייטשן אַ פּעקל טאַבאַק און אַ לעבל ברויט. אין

אָונטש, נאָכן פאַרמאַכן דעם באַראַק, האָט מען זיך גלייך גענומען צו זיי. זאָל גאָט היטן, אַז מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס אַלץ האָט ער באַקומען פון אַ מסירה. ווייל אָפּט האָבן די געפאַנגענע אויך וואָס נישט איז אויסגעביטן ביי די דייטשן — דער, אַ שיין הילצערן קעסטעלע, איינער אַ זייגער, אַ רינגל, אַ קייטעלע, אָדער סתם אַ צאַצקע. די יעקעס האָבן אַלץ געדאַרפט. די דייטשן האָבן געטראַכט, אַז אָט־אָט וועט דער קריג זיך ענדיקן, און זיי האָבן געוואָלט האָבן אַן אָנדענק, אַ סוווענир פון קריג. זיי האָבן געהאַט פולע קעשענעס מיט דייטשע אָקופּאַציע־מאַרקן, אָבער קיינער האָט זיך נישט געאיילט זיי צו נעמען. יעדער האָט געזוכט וואָס צו קייען, צום רויכערן. די ציווילע באַפעלקערונג אויסערן לאַגער האָט אויך נישט געוואָלט נעמען אָט די מאַרקן. זיי האָבן אַלץ געבעטן פּעטראָל, זאַלץ, שוועבעלעך.

## קאַפּיטל 14

## מיר אַנטלויפן

די געשיכטע מיטן אוקראַינער איז זיך פאַרלאָפן פאַר מיינע אויגן. דאָס איז געווען אויפן צווייטן טאָג, ווי מיר זיינען געגאַנגען אין וואַלד נאָך האָלץ. אַן אָונטש פריער איז געזעסן אַן אוקראַינער ביים אויוון אין באַראַק, און צוליב אַ פּלאַץ ביים אויוון, האָט ער זיך צעקריגט מיט אַ געפאַנגענעם. דער אוקראַינער האָט נישט שאַרף אַרויסגערעדט דעם רייש. אויף רוסיש זאָגט מען, ער האָט קאַרטאַווועט. האָט יענער דערלאַנגט אַ זאָג צו אים:

— היי, זשידאָווסקאַ מאָרדאַ, וואָס שטעלסטו זיך אַזוי, ווייל דו ביסט אַ ייד ?

— פון וואַנען נעמסטו, אַז איך בין אַ ייד ? און אויב איך בין יאָ אַ ייד, וואָס ווילסטו ?

— דאָ איז סטאַלין נישטאָ, דאָ וועט זיך קיינער פאַר דיר נישט אָננעמען.

הייבט זיך אויף דער אוקראַינער און זאָגט אים:

— דו פאַרמאַכסט דאָס מויל, אַז נישט פאַרמאַך איך עס דיר.

אַליין איז ער אַ טונקעלער, אַ שוואַרצער, מיט אַ ביסל אַן אויסגעבויגענער נאָז, פּונקט אַזאַ טיפּ, ווי די היטלעריסטן פּלעגן ווייזן אין זייערע קאַריקאַטורן אין די צייטונגען — אַ ייד. ווען יענער האָט געזען, אַז ער וועט מיאוס ענדיקן, האָט ער פאַרמאַכט דאָס מויל. אָבער ווי נאָר דער דייטש האָט געעפנט דעם באַראַק, איז ער צו צום אוקראַינער פון דער וואַך און אים געמאָלדן, אַז ער האָט געפונען אַ ייד. מ'האָט באַלד אַ נעם געטאָן יענעם אוקראַינער און אים קודם גוט צעשלאָגן, אַז ער

האָט באַלד אויסגעשפּיגן זיינע דריי פֿאָדערשטע ציין. פֿון באַראַק ביז דער קאָמענדאַטור האָט מען אים געהאַלטן אין איין שלאָגן, בריקען. דער דייטש האָט געפֿירט דעם אַרעסטירטן אין דער קאָמענדאַטור און דער מיטן ווייסן בענדל האָט געפֿירט דעם מסור צו דער קיך. מ׳האָט אים דאָרט געגעבן אַ לעבל ברויט, אַ פּעקל אוקראַיִנישע מאַכאָרקע און צו דעם — אַ טאָפּ זופּ.

אויפֿן צווייטן טאָג פֿון דער אַרבעט אין וואַלד, נאָך אָט דער סצענע, האָבן מיר פֿעסט באַשלאָסן, אַז ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט לויפֿן מיר. אָבער דער מאָסקוויטש מוז האָבן אַ פּאָר לאַפּטשעס. וועגן שיך, אָדער שטיוול קאָן מען אפֿילו נישט חלומען. האָבן מיר באַשלאָסן צו נעכטיקן אין גרויסן באַראַק, און דאָרטן — פּאָר אונדזערעביידע שטיקלעך ברויט — וועלן מיר אפֿשר קריגן אויסצובייטן אויף אַ פּאָר לאַפּטשעס, וואָס די געפֿאַנגענע פֿלעגן דאָס אַליין מאַכן.

קענטיק, אַז דער מסור — שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ טשוואַש — האָט געוווּסט, אַז ער וועט מיאוס ענדיקן; איז ער אַוועק מיט דער זעלבער גרופּע פֿון די האַלץ־העקער, און ער האָט זיך מיט אונדז אומגעקערט פֿון דער אַרבעט.

דעם אוקראַיִנער, וואָס מען האָט אַרעסטירט אונטערן פֿאַרדאַכט, אַז ער איז אַ ייִד, האָט מען באַפֿרייט, און ער האָט שפּעטער דערציילט — ווי אַזוי. דער דאָלמעטשער ביים קאָמענדאַנט איז געווען אַ דייטש, וואָס איז געבוירן און האָט געלעבט לעבן פּאָלטאַווע, אין אוקראַיִנע. ער האָט דעריבער, אויסער רוסיש, אויך גערעדט פֿליסיק אוקראַיִניש. מען האָט אַרויסגערופֿן אַ דאָקטער, און יענער האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז ער איז נישט באַשניטן. האָט מען אים פֿאַרבאַנדאַזשירט דעם קאָפּ, געגעבן אַ שטיק ברויט און געהייסן אים גיין צוריק אין באַראַק; מ׳האָט אים אפֿילו פֿאַרגעלייגט אַריינצוגיין אַרבעטן אין דער לאַגער־פּאָליציי.

מיר גייען פֿון דער אַרבעט מיט די אָקאָרשט־באַקומענע שטיקלעך ברויט, מיטן ביסל זופּ, און מיר זעען אַ געפֿאַנגענעם מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ, ביידע אויגן אונטערגעהאַקט, דער שיינעל פֿאַרבלוטיקט, דרייט זיך אַרום צווישן אונדז און זוכט עמיצן. ער קוקט אַריין יעדן אין פּנים. מיטאַמאָל, מיר הערן אַ געוואַלדיקן געשריי:

— פּראָקלאַטי גאַד... (פֿאַרשאָלטענע שלאַנג).

און באַלד אַן אַנדער יאָמערנדיקע שטימע:

— ספּאַסאַיטע, מיליע רעבאַיאַטאַ... (ראַטעוועט, טייערע חברה)... און באַלד — זיי מיר מוחל, פֿאַר מיין שולד...

און דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. אַז מיר זיינען צוגעקומען נעענטער, האָט מען שוין קיין מענטשן נישט געזען, נאָר אַ פֿאַרבלוטיקטע מאַסע. און דער אוקראַיִנער, אַ פּאַרסאָפּעטער, אַ ווייִנענדיקער, האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע און האָט צוגעגעבן:

— איך האָב נאָך קיינעם אויף מיין לעבן נישט אָנגערירט. אויב איך האָב היינט אָפּגעטאָן אַ פאַרברעכן, זאָל מיך גאָט שטראָפן דערפאַר.

און ער צלמט זיך איבער. קיינער האָט זיך נישט אַריינגעמישט, אפילו די צוויי אינערלעכע פּאָליציאַנטן. זיי זיינען געשטאַנען דערביי. צי דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוווּסט די גאַנצע געשיכטע, צי דערפאַר, ווייל זיי אַליין האָבן פיינט געהאַט מוסרים, און אפילו מורא געהאַט פאַר זיי. ווייל נישט אַלע פון זיי זיינען געווען „פאַרקויפטע שקורעס". נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז זיי זיינען אַנטלאָפן, אינאיינעם מיט אַ גרופּע געפאַנגענע.

און אַט איז שוין דער פינפטער טאָג, ווי מיר גייען אין וואַלד אַר־בעטן. דער פון אַרכאַנגעלסק איז שטענדיק מיט אונדז, און אַ פערטן גיט מען אונדז יעדן טאָג אַן אַנדערן. עס אַרבעט מיט אונדז דער פער־טער, אַ טאַטאַר, קענטיק נישט לאַנג אין געפאַנגענשאַפט, ער האָט נאָך אַ גוטן מאַנטל, אַ פּאָר שטיוול. מיין מאַסקוויטש האָט נאָך אַלץ קיין לאַפּטשעס נישט. ווייל דאָס, וואָס מיר קאָנען געבן, איז נישט גענוג. דער פראָסט איז געפאַלן, ווייניקער פון 20 גראַד. עס ווייזט זיך אפילו די זון, און באַהאַלט זיך צוריק, ווי זי וואָלט אונדז וועלן זאָגן: איך בין אויף דער פריי און וואָס איך וויל, טו איך. פאַר די עטלעכע טעג, וואָס מיר אַרבעטן, זיינען מיר איינמאָל געקומען אין לאַגער מיט צוויי מאַן ווייניקער. איינער איז אַנטלאָפן און די דייטשן האָבן אים אויף מאָרגן געבראַכט אַ טויטן און געמאָלדן, אַז דאָס איז דער, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער אַרבעט אין וואַלד. צי דאָס איז טאַקע געווען דער, צי נישט, האָבן מיר אויף זיכער נישט געוווּסט. אַ צווייטן האָט אַ היט־לער־יוגנט דערשאָסן, סתם אַזוי. ער האָט אים אָוועקגעשטעלט אויף אַ זייט ביים בוים און געזאָגט:

— איצטער וועלן מיר זען, צי די קויל גייט דורך דורכן בוים...

און פון 5 מעטער האָט ער אויסגעשאָסן. דער בוים איז געווען נישט גענוג גראָב און די קויל האָט דעם געפאַנגענעם שווער פאַרווונ־דעט. איז דער היטלער־יונג קאַלטבלוטיק צו צום פאַרוווּנדעטן און האָט אים אַריינגעשאָסן אַ צווייטע קויל אין קאָפּ.

דאָס איז געווען אויפן דריטן טאָג. צומאָרגנס האָבן ווידער געפעלט דריי געפאַנגענע. מיר זיינען ביי דער אַרבעט, און מיר ווייסן נישט וואָס עס טוט זיך אין לאַגער. די נייעס דערוויסן מיר זיך, ווען מיר קומען צוריק. עס איז נאָך מיטאָג און עס פאַלט אַ שיטערער שניי. איך פרעג ביים מאַסקוויטש, ווען, לויט זיין מיינונג, האָבן זיי געקאָנט אַפּציען? ענטפערט ער:

— איך גלויב אַז אין דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך געקליבן צו גיין אין לאַגער.

— זיי ציילן דאָך איבער — זאָג איך.

— איז וואָס, אַז זיי ציילן? וועלן זיי אונדז דען דערציילן, אַז עטלעכע געפאַנגענע זיינען אַנטלאָפן?

מיר געפינען זיך אין די זעלבע ערטער. דער וואַלד איז דאָ געדיכט. אַז מיר זעגן אַפּ אַ גוטן בוים, סטייעט ער אויף צוויי שליטנס. מיר זעען ווי דער שניי פאַלט געדיכטער. און אַ ציטער גייט מיר אַדורך דורכן קערפּער. איך באַשליס, אַז היינט איז דער טאָג! היינט, אָדער קיינמאָל נישט! וואָס עס וועט זיין, וועט זיין! מיין געדאַנק רייסט איבער אַ הילכיקער פייף. עס גייט צו צו אונדז איינער פון די אוקראַינער און זאָגט, אַז מיר זאָלן אויפהערן זעגן און צוגרייטן אַנצולאָדן דאָס, וואָס איז פאַרטיק. וואָס האָט פּאַסירט? — פרעגן מיר.

— גאָרנישט האָט פּאַסירט, נאָר דער שניי פאַרשטאַרקט זיך, און מען וועט באַלד קיין זאַך נישט זען...

און ער גייט צו די אַנדערע גרופּן. איך מיטן מאָסקוויטש קוקן זיך אַרום פון לינקס און פון רעכטס. קוים וואָס מען זעט די גרופּן, וואָס אַרבעטן דערלעבן, אַזוי געדיכט פאַלט דער שניי. אונדזערע בליקן באַ־געגענען זיך, ביים אַרומבינדן די פיס. פאַר די, וואָס אַרבעטן מיט אונדז, איז געוואָרן קלאָר, וואָס מיר גייען דאָ טאָן. דער ערשטער האָט אונדז אַ זאָג געטאָן:

— חברה, אויב איר גייט אַפּציען, גיי איך מיט.

דאָס איז דער אַרכאַנגעלסקער. דער צווייטער, דער טאָטאַר זאָגט:

— און איך אויך.

מיר האָבן גאָרנישט געענטפערט. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז מיר נעמען מיט דאָס געצייג. און טאָמער טרעפט אונדז ווער פון דער וואַך, זאָגן מיר, אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט. דער זייגער מוז זיין אומגעפער צוויי—האַלב—דריי. עס איז זייער ליכטיק און דאָך זעט מען נישט מער ווי 3—4 מעטער פון זיך, אַזוי געדיכט פאַלט דער שניי.

מיר זיינען שוין פאַרביי עטלעכע פאָסטנס. זיי האָבן אונטערגע־איילט די געפאַנגענע. ביי יעדן פון אונדז גייען דורך מוראַשקעס איבערן לייב. די ריידעריי פון די געפאַנגענע דערווייטערט זיך אַלץ מער. מיר קריכן אַזוי אַלץ טיפער אין וואַלד אַריין. און פּלוצלונג — אַ שאַס, אַ צווייטער. מיר בלייבן אַלע פיר ווי פאַרגליווערט. אָבער דאָס געדויערט בלויז עטלעכע סעקונדן. איך האַלט אין האַנט אַ שווערע האַק, די זעג האָט דער מאָסקוויטש. מיר גיבן עס אַ וואָרף אין אַ זייט. מיר וואַרפן אַוועק די הילצערנע קאַלאָדקעס און נעמען זיך לויפן מיט אַלע אונד־זערע כוחות. מיר לויפן דערווייל אויף אַן אויסגעטראָטענעם, אויסגע־פאַרענעם וועג, אָבער אַ פּאָר הונדערט מעטער ווייטער באַשליסן מיר אַרונטערצוגיין פון וועג. די ריזיקע וועט זיין אַ סך קלענער דעריאָגט צו ווערן, אויב זיי וועלן באַמערקן, אַז מיר זיינען נישטאָ. און לויט דער שיסעריי, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז זיי האָבן עס שוין באַמערקט. און צו דעם וועט דער פאַלנדיקער שניי פאַרשיטן אונדזערע שפּורן.

אַצינד, שרייבנדיק, איז עס אַ סך לייכטער צו דערציילן. שטעלט זיך פאָר: אַ ווייסרוסישער וואַלד, ווינטער. דער שניי גרייכט אומעטום זייער טיף. מיר זיינען קוים לעבעדיקע, אָנגעטאָן אין לייכטע שמאַטעס, הונגעריק. לויפן קאָן מען נישט. אויסער דעם טאַטאַר, וואָס איז געזונטער פון אונדז, זעטיקער, ווייל ער איז ערשט נישט לאַנג אין געפאַנגענשאַפט, זיינען מיר אַלע דריי זייער לייכט. דער שניי האַלט אונדז אויף. ער האַלט אין איין פאַלן. אַ ווינט, אַ שטורעם. מיר בלייבן אַלע ווילע שטיין, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. עס רינט פון אונדז דער שוויס, נישט ווי אין אַ פּראַסטיקן, ווינטערדיקן וואַלד אין ווייסרוסלאַנד, נאָר ווי אין אַ מדבר.

מיר מוזן זיך אָבער אָפּשטעלן. ביי מיר און ביים מאַסקוויטש זיי־נען די פיס אינגאַנצן נאַקעט. ווען די שרעק, די מורא פאַרן טויט איז אונדז נאָכגעלאָפן, האָבן מיר עס נישט געשפּירט. אָבער דערווייטערנ־דיק זיך, נישט הערנדיק מער קיין אַנדער גערויש, ווי דעם ווינט און דאָס קלאַפּן פון אונדזערע הערצער, האָבן מיר דערפילט די נאַקעטע פיס.

מיר זעצן זיך אַוועק. איך נעם אַרויס מיין פאַרמעגן — מיינע לאַפּ־טשעס. די טיכלעך זיינען נאַס. וואָס טוט מען? קוים מיט צרות צעריסן די גאַז־סומקע און אַ האַלבע אַוועקגעגעבן דעם מאַסקוויטש. ווייל אים איז נאָך ערגער. ער האָט נישט קיין לאַפּטשעס. מיר רירן זיך פון אָרט, מיר באַשליסן, אַז מיר גייען איינער הינטערן אַנדערן. אָבער וווּ גייט מען? נאָך זייענדיק אין באַראַק, האָב איך אָפּט גערעדט מיטן מאַס־קוויטש, אַז אויב מיר וועלן לויפן, זייענדיק אין וואַלד, וועלן מיר מוזן זען צו נעמען די ריכטונג גלייך קעגן אונדז, ווייל פון רעכטס איז דער אַעראָדראָם. און די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דעם אַעראָדראָם רונד אַרום, מיט קליינע און מיטעלע גאַרניזאָנען. דאָס איז געווען דער גלאַוו־נער רעזערוו פון "צענטר". אַלע נאָענטע דערפער און דערפלעך זיינען געווען פול מיט דייטשיש מיליטער. דאָס האָב איך געגוי געוווסט. צום ביישפּיל, ווען די דייטשן האָבן געליטן זייער ערשטע גרויסע מפּלה ביי מאַסקווע, האָבן זיי אין עטלעכע טעג אַריבערגעוואָרפן פון לעבן אָרשאַ איבער 50 טויזנט מאַן, כדי צו פאַרשטאָפּן די לאָך, וואָס מען האָט זיי דאָרט געמאַכט; און קענטיק, אַז דאָס האָט זיי פיל געהאָלפן; ווייל, צום באַדויערן, האָבן זיי אָפּגעשטעלט דעם סאָוויעטישן אָנגריף. און אַריבערגעוואָרפן דאָס מיליטער האָבן זיי טאָקע דורכן אָרשער אַעראָ־דראָם. און די אַוויאָנען, גרויסע טראַנספּאָרט־יונקערס, האָב איך געזען. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען איך האָב זיך געפונען אין אַמוניציע־לאַגער, און זיי פלעגן אַריבערפליען דירעקט איבער אונדז. אין יענע טעג זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע פאַנטאַסטישע קלאַנגען. איינע האָבן דערציילט, אַז אָט־אָט וועט דער דייטש ליידן די זעלבע מפּלה ווי נאַפּאָלעאָן. אַ צווייטע — אַז די סאָוויעטן האָבן כלומרשט אַרויס־געזעצט אַ דעסאַנט אין באָבראַיסק, אין באַראַנאָוויטש און אַז אינגיכן

וועלן די צוויי אַרמייען זיך פאַראייניקן און מיר וועלן זיך געפינען אין מיטן. אַ דריטער האָט דערציילט, אַז היטלער האָט געבעטן פרידן ביי סטאַלינען. דער עיקר, יעדער פלעגט וואָס נישט איז הערן און דאָס שפּעטער דערציילן ווי זיין פאַנטאַזיע האָט אים געמאָלן.

אָבער איצטער, אַז מיר קריכן קוים אין אַן אומבאַקאַנטן וואַלד, אָן אַ קאָמפּאַס, אָן דער זון, אין נעפּל פון שניי־פּאַל, טראַכט מען נאָר וואָס מער צו דערווייטערן זיך פון דעם אָרט. אפילו זומער דאַרף מען האָבן ביי זיך אַ קאָמפּאַס, כדי צו גיין אין וואַלד. צו דעם — אָן אַ וועג. ווינטער דאַרף מען אויסקלייבן דאָרט, ווו עס איז פאַראַן ווייניקער שניי.

ביסלעכווייז פאַלט צו די נאַכט, עס ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער. צוערשט איז דער טאַטאַר געגאַנגען פאַראויס. דאָס איז אָבער פאַר אים געווען צו שווער. מיר האָבן אים פאַרביטן, יעדער לויט דער ריי. וואָס ווייטער מיר זיינען געגאַנגען, אַלץ מער האָבן מיר אָנגעהויבן צו פילן אַ שוואַכקייט. צומערגסטן איז געווען מיטן מאָסקוויטש. ער איז טאַקע געווען דער עלטסטער, ער האָט זיך אַלע ווײַלע געמוזט אָפּשטעלן, כדי איבערצובינדן די שמאַטעס אויף זיינע פיס. זיי זיינען געווען דורכגעווייקט. אָפּשטעלן זיך ווידער האָט מען צוליב אים נישט געקאָנט. מ׳האָט אויך מורא געהאַט ער זאָל נישט אָפּפרירן די פיס. טונקל, פינצטער, מיר שלעפּן זיך קוים. עס מוז שוין זיין נאָך האַלבער נאַכט. דער מאָסקוויטש פאַלט פון די פיס. ער פאַלט און הייבט זיך ווידער אויף. עס איז מיין ריי צו גיין פאָרויס. מיר בייטן זיך אַלע דריי.

ווען דער טאַטאַר גייט פאַראויס, הער איך, ווייל איך גיי נישט ווייט פון אים און ער שעפּטשעט: „אַנאַן שיגען... אַנאַן שיגען״... שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז אַ מיאוס טאַטאַריש זידלוואָרט. דעם מאָסקוויטש לאָזן מיר גיין פון הינטן. איך גיי פאַראויס, בעסער געזאָגט, איך פּויזע. יעדן טריט, וואָס איך גיב, שפּיר איך אַליין, אַז עס געדויערט אַן אייביקייט. מיטאַמאָל הער איך ווי דער אָרכאַנגעלסקער — ער גייט דער דריטער נאָכן טאַטאַר — זאָגט מיר:

— באַראַדאַ, פּאַדאַזשדי... ס׳הייסט, וואַרט צו... דער מאָסקוויטש איז נישטאָ.

איך קער זיך אום און פרעג:

— וואָס הייסט, ער איז נישטאָ? ווו איז ער?

ס׳איז פינצטער, אָבער אַ דאַנק דעם ווייסן שניי, און לויט די טריט, וואָס מיר זיינען געגאַנגען, איז נישט שווער צו געפינען אונדזער וועג. מיר דאַרפן לאַנג נישט זוכן. מיר גייען אָפּ אַ פּאָר צענדליק טריט און דערזעען: דער מאָסקוויטש זיצט ביי אַ בוים און וויינט. ער בעט אונדז מיר זאָלן אים דאָ איבערלאָזן. ער וועט סיי ווי סיי אין ערגעץ נישט קאָנען דערגיין מיט אַזעלכע פיס. איך הייב אים אָן צו טרייסטן און זאָג אים:

— איצטער, אַז מיר האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע לאַפּעס, ווילסטו אויף אַזאַ אופן אומקומען ?...

וועגן איבערלאָזן אים, טראַכטן מיר אפילו נישט. וואָס טוט מען ? מיר זוכן אַן אויסוועג. מיר גייען אַלע אַנגעטאָן אין אונדזערע שינעלן, אין די סאָלדאַטסקע לאַנגע מאַנטלען. דער מאַסקוויטש האָט ביי זיך אַ קליין מעסערל, געמאַכט פון אַ לעפל. שניידן מיר אַלע פיר אָפּ שטי־קער פון אונדזערע שינעלן. צו דעם פאַרבייט איך מיט אים אַ שטיק שינעל מיין האַלבע גאַז־מאַסקע, וואָס איך טראָג אויף די פּיס, און מיר פּרוּוון מאַכן פאַרן מאַסקוויטש אַ פּאָר לאַפּטשעס. מיר רעדן אָפּ, אַז איצטער גייען מיר אַלע גלייך, אַז קיינער זאָל זיך נישט פאַרלירן.

אָבער דער גאַנג ווערט אַלץ שווערער, און דער מאַסקוויטש קאָן ווייטער נישט גיין. אַזוי קריכן מיר אפשר נאָך דריי שעה. ער פאַלט, דער מאַסקוויטש. ער רעדט קוים. ער געזעגנט זיך מיט דער וועלט, און מיר הערן, אַז ער וויינט און דערמאָנט זיינע צוויי מיידעלעך און זיין פרוי, און ער זאָגט, אַז זיי איז נישט באַשערט צו האָבן אַ פאָטער און זיי בלייבן איבער יתומים.

— וואָס טוט מען ? וואָס טוט מען ? — פרעג איך די איבעריקע צוויי.

קיינער ענטפערט נישט. מיר לאָזן זיך אַלע אַראָפּ לעבן מאַסקוויטש און וויינען פון אומבאַהאָלפנקייט. דער שניי האָט שוין לאַנג אויפגע־הערט פאַלן. איך דערנענטער זיך אַ ווײַלע צום מאַסקוויטש און איך שפּיר, אַז קוים וואָס ער זשיפּעט. אינגאַנצן קענען מיר זיך באַלד 10 טעג. אָבער דאָס ביסל צרות, וואָס מיר האָבן אינאיינעם אַדורכגעמאַכט, האָט אונדז דערנענטערט. מיר זיינען געוואָרן גוטע פריינט. וואָס טוט מען ? —פרעג איך זיך ווידער, אָבער שוין מער צו זיך, ווי צו די אי־בעריקע. פּלוצלונג פאַלט מיר איין אַ געדאַנק. איך ווענדע זיך צו די איבעריקע צוויי :

— הערט, לאָמיר געפינען צוויי העלצער, מיר וועלן ווי נישט איז זיי צונויפבינדן. אויב מיר וועלן קאָנען, וועלן מיר אים טראָגן, אַז נישט, וועלן מיר אים שלעפּן. דאַ איבערלאָזן, לאָז איך אים נישט איבער.

און מיר הייבן אָן צו זוכן אַ פּאָר העלצער. זוכנדיק אַזוי, קומט פּלוצלונג צוריק דער פון אַרכאַנגעלסק און זאָגט אונדז :

— דוכט זיך, אַז איך האָב געפונען אַ וועג.

מיר געפינען טאַקע ביים וועג אַראָפּגעבויגענע, האַלב־איינגעבוי־גענע דינע ביימלעך. קענטיק, אַז דאָס מוזן זיין ניס־ביימלעך. און מיר ווינטשן אַלדאָס גוטס די אַלע, וואָס האָבן געקליבן די ניס און האַלב־איינגעבויגן די ביימלעך. מיר האָבן אָפּגעבראָכן עטלעכע העלצער און מיר קערן זיך אום צום מאַסקוויטש. איך גיי צו צו אים נענטער, בייג זיך אַראָפּ. ער איז איינגעשלאָפן. מיר האָבן זיך דערווייל אַליין געפרעגט — וווּהין דער וועג קאָן פירן ? יעדער אויף זיין אופן מאַכט פון שמאָ־

טעס עטלעכע שנירלעך. און אַט האָבן מיר שוין אַ מין טראָג־בעטל. מיר לייגן פאַרזיכטיק אַרויף אונדזער אומגליקלעכן חבר. דער טאַטאַר נעמט אָן דאָס טראָג־בעטל פון פאָרנט, נישט צונויפגערעדטערהייט, און מיר נעמען אים אָן פון הינטן, און מיר גייען אַרויף אויפן וועג. מיר שפּירן, אַז אויפן וועג איז דאָך עטוואָס לייכטער צו גיין. קענטיק, אַז ס'איז אַ וועג, וואָס מען באַנוצט גאַנץ אָפט. כאָטש ער איז באַדעקט מיט אַ פרישן שיכט שניי. פריער זיינען מיר קוים געקראָכן. דער וועג האָט אונדז אַריינגעגעבן ביסל כוחות און אויך אַביסל האָפענונג.

מיר גייען אָפּ צען מינוט און איך בייט אום דעם טאַטאַר. אין אַ ווײַלע אַרום בייט מיך אום דער דריטער. און אַזוי בייטן מיר זיך אַלע ווײַלע. עס קומט אונדז אַפילו נישט אויפן געדאַנק אָפּצורוען זיך. עס ציט פאַר־אויס, ווי אַ מאַגנעט. מיר גייען אַזוי אָפּ אַ פּאָר שעה און אונדז דוכט זיך, אַז מיר גייען גיך. אין אַ פּאָר טעג אַרום, אַז איך בין געווען זאַט און אין דער וואַרעמקייט, האָב איך באַטראַכט, אַז אַ מוראַשקע וואָלט אונדז גאַנץ לייכט געקאָנט איבעריאָגן. איך ווייס נישט ווער פון אונדז האָט עס דערזען דער ערשטער, ווייט, ווייט הינטער דיביימער, האָט אַ פינקל געטאָן אַ קליין פייערל. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז נאָר אַן אויסדוכטעניש. און אַט זעען מיר טאַקע, אַז דער וואַלד ענדיקט זיך.

מיר דערשפּירן אויך עפּעס אַ מאָדנעם גערוך, וואָס אין וואַלד האָבן מיר עס נישט געשפּירט. עס הייבט שוין אָן צו טאָגן. אַ פּאָר הונדערט מעטער פון וואַלד שטייט אַ קליינע הייזקע, אַ העלפּט אין שניי. פון קוימען גייט אַ רויך. זיינען מיר געגאַנגען דירעקט צום שטיבל־צו. אָבער פּלוצ־לונג גיבן מיר זיך אַ כאַפּ — און אויב דאָרט זיינען דאָ דייטשן? פון רעכטס און פון לינקס — אָפּגעברענטע הייזער. אַ דרייסיק מעטער ווייטער שטייען נאָך הייזלעך, און פון איין פענצטער שלאָגט אַרויס אַ שטאַרק ליכט.

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר פון אַ שטאַרק ליכט איז אַדורך אַ ציטער דורכן לייב. און שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער אינס־טינקט האָט מיר נישט אָפּגענאַרט, ווייל דאָרטן זיינען טאַקע געווען דייטשן. מיר גייען אַראָפּ פון וועג און באַשליסן, אַז עמיצער פון אונדז וועט גיין אין „ראַזוועדקע", דאָס הייסט אין אויסשפּיר. דער אַרכאַנגעלסקער שטעלט זיך אַרויס. ער דערווייטערט זיך. עס גייט אַדורך אַ היפּשע ווײַלע און עס זעט אונדז אויס ווי אַן אייביקייט.

און אַט קומט ער צוריק, און ער האַלט אין האַנט אַ פּאָר שטיקער ברויט, און אין פאַלע פון שינעל — אַ קופּע מיט הייסע קאַרטאָפל. איידער מען פרעגט אים נאָך אויס, גיט מען זיך קודם אַ כאַפּ צו די הייסע קאַרטאָפל אין די פּעלצלעך. מען שלינגט עס ווי פּילן, מיט די שאָלעכץ. איך נעם אַ פּאָר קאַרטאָפל און גיי זיי געבן מיין מאָסקוויטש. איך זע ווי ער עפנט דאָס מויל, און מיר דאַכט זיך, אַז ער שלינגט אַראָפּ. זיינע באַקן באַוועגן זיך. עס ווערט מיר פריילעכער, ווען איך זע, אַז ער עסט.

דער אַרכאַנגעלסקער דערציילט אונדז דערווייל, אַז ער איז געווען אין שטיבל. קיין דייטשן האָט ער נישט געזען. אָבער אַ פּופּציק מעטער ווייטער אין זעלבן דאָרף איז פול מיט דייטשן. וויפל — ווייסט ער אַליין נישט. עס איז — זאָגט ער — אַ גרויסע ריזיקע צו בלייבן אין דאָרף. דעם קראַנקן — האָט דער מענטש פון הייזל אין דאָרף, געזאָגט — זאָל מען ברענגען צו אים, און אונדז האָט ער געוויזן אַ ריכטונג וווהין מען זאָל גיין. דאָס איז אומגעפער אַ דריי וויאָרסט פון דאַנען, און אפשר עטוואָס מער. ער ווייסט, אַז פון דעם דערפל זיינען די דייטשן אייערנעכטן אַוועק. עס געדויערט, ווי געוויינלעך, אַ אַכט־צען טעג, ביז עס קומען אויף זייער אָרט אַנדערע.

קודם גיבן מיר אַ כאַפּ דעם מאַסקוויטש. דער קאַלכאָזניק קומט אונדז אַנטקעגן, כדי צו העלפן. איך זע אַן עלטערן מענטש, אַ ריזעוו־דיקער, נישט קיין הויכער. ער גיט אַ כאַפּ דעם טראַג־בעטל פון איין זייט, און איך מיטן טאַטאַר — ניקאָלאַי האָבן מיר אים גערופן — פון דער צווייטער זייט. פאַרוואָס מיר האָבן אים גערופן ניקאָלאַי? ווייס איך אַליין נישט; אפשר דערפאַר, ווייל ער אַליין האָט זיך אַזוי גערופן. דעם ריכטיקן נאָמען, ווי געוויינלעך, האָט קיינער נישט געזאָגט. מיר טראָגן דעם מאַסקוויטש אַריין אין שטיבל.

ווי מערסטנטייל שטיבלעך אין די דערפער אין ווייסרוסלאַנד — אַ פּירהויז פאַרן אַריינגאַנג. דאָס איז צוליב דעם צו האַלטן וואַרעמקייט אין שטוב, אַז די דרויסנדיקע קעלט זאָל דירעקט נישט אַריינגיין. דער פּיר־הויז נוצט אויך צו האַלטן אַפּגעלייגט אָביסל בערעזעווע האָלץ, רעזערוו־פּראָדוקטן. מיר גייען אַריין אין שטיבל. אין דרויסן ווערט דערווייל אַלץ ליכטיקער. דער באַלעבאָס איילט אונדז אונטער וואָס גיכער אָוועקצוגיין. דערווייל עסן מיר די הייסע קאַרטאָפל, מיר נעמען זיי פון טשוהונענעם טאָפּ, וואָס שטייט אויף דר׳ערד. אַ פרוי לויפט אַריין. זי גיט אונדז אַ שטיק ווייסע קעז און צו גרויסע שטיקער שוואַרץ ברויט. איך בעט דעם באַלעבאָס ער זאָל מיר לאָזן בלייבן ביז צומאָרגנס אין דער פרי. איך ווייז אים אויפן מאַסקוויטש, אַז דאָס איז מיינער אַ נאָענטער חבר. ער דערלויבט מיר, אָן גרויסע שוועריקייטן. דערביי וואָרנט ער מיר אָבער:

— געדענק, אַלטער — זאָגט ער צו מיר — דו ריזיקירסט דיין לעבן און אונדזערע אַלע מענטשן. ווייל דו ווייסט אַליין, וואָס עס דראָט, אַז מען זאָל זיך דערוויסן, אַז מיר העלפן אַנטלאָפענע קריגסגעפאַנגענע...

דער טאַטאַר מיטן אַרכאַנגעלסקער הערן זיך צו צו אונדזערע רייד. זיי לייגן זיך אָן אין די קעשענעס הייסע קאַרטאָפל. גייען צו צו מיר און זאָגן:

— נו, פּאַפּאַשאַ, ספּאַסיבאַ אי פּראַשטשאַי. בוט זדאַראָוו... (נו, פאָטערל, אַ דאַנק און זיי מוחל. זיי געזונט).

זיי נעמען מיר אַרום און מיר צעקושן זיך. איך ענטפער זיי:

— פּאַטשעמו ספּאַסיבאַ? (פאַרוואָס דאַנקען?).

ענטפערן זיי, אַז אַן מיר, וואָלטן זיי אַלע דריי אומגעקומען.

— מיר זיינען יונג און אומבאַהאָלפן. איך — זאָגט דער טאַטאַר — קען אינגאַנצן נישט דעם וואַלד.

דער באַלעבאָס גייט אַ ווײַלע אַרויס, קוקט זיך אַרום. עס איז נאָכ־נישט אינגאַנצן ליכטיק. ער רופט זיי אַרויס, און איך הער, ווי ער דער־קלערט זיי ווו זיי זאָלן גיין. פאַרן אַרויסגיין פון שטוב, האָט מיר נאָך דער טאַטאַר געפרעגט:

— זאָג מיר כאָטש, פּאַפּאַשאַ, ווי איז דיין פאַרנאָמען. איך ווייס סיי ווי, אַז דו וועסט דיין פאַמיליע־נאָמען נישט זאָגן.

ענטפער איך אים:

— גרישאַ הייס איך. דעם פאַרנאָמען האָב איך קיינמאָל נישט געביטן. אין דער צייט, ווען דעם פאַמיליע־נאָמען האָב איך געביטן אַ סך מאָל.

מיר לייגן אַוועק דעם מאָסקוויטש אויף אַ ברייטער באַנק. מיט איין האַנט כאַפּ איך קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט און מיט דער צווייטער פּרוּוון מיר אים אויסטאָן. מיר וויקלען אָפּ די טיכלעך. די פרוי טראָגט צו אַ הילצערנעם עמער מיט וואַסער און מיר פרוּוון אָפּקלעפּן די פאַרפרוירענע טיכער פון זיינע פיס. אַלע ווײַלע גיב איך אים עפּעס אין מויל אַריין. די באַלעבאָסטע דערלאַנגט אים הייסע מילך, געפּאַרעטע. איך ווייס, אַז אַ סך וועלן נישט וויסן וואָס דאָס הייסט געפּאַרעטע מילך. ביז היינט צו טאָג וויסן נאָך נישט די פויערים, וואָס דאָס הייסט פּאַסטעריזירטע מילך. זיי קענען אָבער אויף זייער פּרימיטיוויסטן אופן אָפּטמאָל מאַכן פון זייערע שפּייז אַזעלכע זאַכן, אַז די שפּייז זאָל זיך קאָנסערווירן וואָכן און מאָנאַטן־לאַנג.

מען הייבט ביים מאָסקוויטש אונטער דעם קאָפּ, ער זאָל טרינקען מען גיסט אים אַריין אין מויל אַריין ביסלעכווייז. איך זע אָבער מיט פאַרצווייפלונג, אַז דאָס מילך גיסט זיך צוריק אַרויס. ער גיט אַלע ווײַלע אַ שוואַכן קרעכץ. מיט גרויסע צרות געלינגט אונדז ענדלעך אָפּצובינדן זיינע שמאַטעס פון די פיס. ער באַוועגט זיי נישט.ביידע פיס זיינען גע־שוואָלן, בלוי. איך נעם אַ בלעכערנע שיסל און גיי אַרויס אין דרויסן, אָנ־צונעמען שניי. דער באַלעבאָס איז דערווייל אַריינגעקומען. איך האָב עס נישט באַמערקט. ער זאָגט מיר, אַז אויפן גאַס דאַרף איך זיך נישט ווייזן.

— איך בין געווען — זאָגט ער — ביים סטאַראָסטאַ. ער איז נישט קיין שלעכטער מענטש.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען דער זעלבער פּרעדסעדאַטעל, וואָס איז געווען איידער די דייטשן האָבן אָקופּירט די געגנט.

— היינט — זאָגט ער — איז זונטיק, און מיין ריי איז צו גיין האַקן האָלץ ביי אונדזערע נייע הערשער.

און אין דעם וואָרט „הערשער" האָט מען געשפּירט אַזאַ פײַנטשאַפֿט. הײסט עס, אַז מען קאָן זיך אויף אים פֿאַרלאָזן.

איך טראָג אַרײַן אַ שיסל שנײ, און אַלײן שטײ איך קוים אויך אויף מײַנע פֿיס. מיט מײַנע לעצטע כּוחות הײב איך אָן אײַנרײַבן דעם מאָסק־וויטש. איך שפּיר אָבער, אַז זײַנע פֿיס זײַנען ווי צוויי קלעצער. דער באַלע־באָס העלפֿט מיר אויך צו.

איך פֿאַל אַלײן אויך פֿון די פֿיס. אין די לעצטע טעג האָב איך גע־שפּירט, אַז איך הײב אָן געשוואָלן צו ווערן פֿון הונגער. איך שפּיר, אַז מיט יעדן ביס, וואָס איך טו, קומט ביסלעכווײַז צו מיר דאָס געזונט. איך עס אַזויפֿיל, אַז די שלעסער פֿון מײַנע באַקן טוען מיך וויי. איך האָב שוין געמוזט אויפֿעסן אפֿשר צוויי קילאָ קאַרטאָפֿל, מיט צוויי גרויסע שטיקער ברויט. דערבײַ גיב איך אַ טראַכט, אַז דאָס אַלץ וואָלט אין לאַגער געווען אַ פֿאַרציע פֿאַר 14־12 געפֿאַנגענע.

עס ענדיקט זיך דאָס ביסל שנײ, וואָס איך האָב אַרײַנגעטראָגן. און דער באַלעבאָס גײט אַרויס אַנצונעמען נאָך שנײ. איך זיץ בײַם טיש און די באַלעבאָסטע שטעלט מיר אוועק אַ גרויסע שיסל מיט מעליקע קאַר־טאָפֿל־זופּ, זי גיט מיר צוויי גרויסע שטיקער סאַלע און חזיר־פּעטס. איך גיב זיך אַ כאַפּ צו צו די שטיקער סאַלע און פּרוּוו אײַנבײַסן. די צײנער זײַנען אָבער אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז זײ בלײַבן שטעקן אין פֿלײש און איך קאָן זײ נישט אײַנבײַסן.

דער באַלעבאָס קערט זיך אום מיט דער שיסל שנײ און דערזעט, ווי איך מאַטער זיך מיט דער שטיק סאַלע. גיט ער אַ לויף צו צו מיר, רײַסט עס אַרויס פֿון מײַן מויל און שרײַט אָן אויף דער פֿרוי:

— סטאַראַיאַ דוראַ... (אַלטע נאַר) דיר פֿאַרדריסט, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון די באַנדיטישע לאַפּעס, ווילסטו אַז ער זאָל איצטער אויסציִען מיט די לאַפּקעס? דו פֿאַרשטײסט נישט, אַז אַ שטיקל סאַלע איז פֿאַר אים סם?... אַנטשולדיק — מאַכט ער צו מיר — פֿראַשטשאַי, פּאַ־פּאַשאַ...

בײַ זיך גיב איך אַ טראַכט: ער רופֿט מיר „פּאַפּאַשאַ". הײַנט גײ דערצײל אים, וואָס פֿאַראַ „פּאַפּאַשאַ" איך בין פֿאַר אים. ער מוז זײַן בײַ 59־55 און איך בין נאָך קײן גאַנצע 26 יאָר נישט אַלט. נאָכן ענדע פֿון קריג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז געוועזענע קאַצעטניקעס זײַנען געשטאָרבן נאָך דער באַפֿרײַאונג, צוליב דעם, וואָס זײ האָבן זיך אָנגעגעסן מיט אַמע־ריקאַנער פֿלײש־קאָנסערוון.

מיר נעמען זיך ווידער צום קראַנקן, מיר זעען אָבער, אַז די מי איז אַן אומזיסטע. איך דערזע פּלוצלונג — און קענטיק, אַז די באַלעבאַטים האָבן עס שוין פֿריִער געזען — אַז עס קריכן אַרום אויף אונדז לײַז, אין די טויזנטער; און דאָס ערגסטע — איך דערזע, אַז זײ הײבן אָן אַנטלויפֿן

פון דעם מאָסקוויטש. ס׳הייסט, עס האַלט מיט אים שלעכט. איך שפּיר, אַז דער ביסן שטעלט זיך מיר אין האַלדז. זיי גייען ביידע, דער באַלעבאָס און די באַלעבאָסטע, אַוועק אַביסל אין אַ זייט, און איך הער, ווי זיי רעדן עפּעס צווישן זיך. דאָס איינציקע, וואָס איך כאַפּ אויף, איז אַ נאָמען פון אַ פרוי, מאַרוסיאַ. איך זע, אַז די פרוי כאַפּט עפּעס אויף זיך אויף די פּלייצעס און גייט אַרויס.

## קאַפּיטל 15

# צווישן גוטע רוסישע מענטשן

איך זיץ און דרעמל אונטער. עס מוז שוין זיין אַרום 9, האַלב־צען. עס קומט אַריין די באַלעבאָסטע, מיט עפּעס נאָך איינער. איך הער אַ יונגע שטימע. זי פרעגט אויפן טאָטן. אַ טאָכטער, אוודאי.

— פאַראַן הייסע וואַסער ? — פרעגט זי — טאָ טראָג אַריין די גרויסע הילצערנע באַליע.

איך זע, ווי ער טראָגט אַריין פון פירהויז אַ גרויסע קאַריטע. אין אַזעלכע קאַריטעס קאָרמענען זיי די חזירים. צו מיר גיט מען אַ זאָג :

— נו, פּאַפּאַשאַ, טו זיך אויס, און מען וועט דיר דעם ערשטן אַרומוואַשן.

און מען פרעגט גאָרנישט ביי מיר. אַלע דריי גיבן זיך אַ נעם צו מיר. און אַלץ אין זעלבן צימער. זעלטן ווען אַ פּויער האָט מער ווי איין צימער; ווי געוויינלעך, אַ גרויסער צימער, פון 20 ביז 30 קוואַדראַט־מעטער, אין ווינקל אַן אויוון, וואָס פאַרנעמט אפשר אַ פערט־חלק. אונטערן אויוון — אַ קאַטוך פאַר די הינער. אין דער מיט — אַ טיש, בענק פון ביידע זייטן. אַנטקעגן, אין אַ ווינקל הענגט אַן איקאָנע. אַ שווערער געקאָוועטער קאַסטן אויף זאַכן, וואָס מען רופט עס וואַרעכטאַ. שלאָפן שלאָפט די גאַנצע פאַמיליע אויפן אויוון. די ווייסרוסן, רוסן און אוקראַינער זיינען זויבערע, אָבער קיין פליי און וואַנצן פעלן אויך נישט.

די ווייסרוסישע, ליטווישע דערפער זיינען געבויט פון האַלץ־בעַרעוונעס, ווייל ס׳איז ווינטער וואַרעמער, לייכטער צו דערהייצן. אָבער אַז עס קומט אויס אַ פרעמדן צו נעכטיקן, קריכן די וואַנצן אַרויס פון אַלע באַהעלטערלעך.

מען האָט מיר אויסגעטאָן, אַ נאַקעטן, ווי די מאַמע האָט מיר געהאַט. זיי האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו מיין באָרד און זי אָפּגעשניטן מיט אַ שער, מיט וואָס מען שניידט די שעפּסן. זי איז באַלד פאַרשווונדן אין די פלאַמען פון אויוון. זיי גיבן מיר אַ נעם, איך בין נישט שווער, קענטיק, אַז איך האָב דאָן געוויגן 42־40 קילאָ, נישט מער, און מען זעצט מיר אַריין אין דער קאַריטע מיטן הייסן וואַסער. און דאָ האָב איך פאַרלוירן מיין באַ־

ווּסטזיין. איך כאַפּ זיך צוריק אויף — עס איז פינצטער. ווו בין איך? איך ווייס אַליין נישט. און דאָ באַפאַלט מיר אַזאַ הונגער. איך הייב אויף דעם קאָפּ. איך שפּיר אַ העמד פון פראָסטן לייוונט אויפן לייב. איך גע־ ווין זיך אַביסל צו צום ליכט. איך ליג לעבן וואַנט, גוט צוגעדעקט מיט אַן אַלטן פעלץ. דורך די שייבלעך פאַלט אַ העלע שיין פון שניי אין דרויסן. איך זע, אַז עס שטייט עפּעס וואָס אויפן טיש. איך הייב אַן שאַרן מיט דער האַנט, און פּלוצלונג — אַ טראַסק. איך הער:

— סטאַריק, ווילסט עפּעס עסן?

דאָס פרעגט מיך דער אַלטער. ענטפער איך אים:

— עסן וויל איך.

— מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דו וועסט זיין הונגעריק. קענטיק, אַז דו האָסט אַרונטערגעוואָרפן די שיסל זויערמילך, וואָס די אַלטע האָט צוגעגרייט. טאַפּ אַן אויפן טיש, וועסטו געפינען אַ שטיק ברויט.

די ברויט האָב איך שוין פריער געהאַט געפונען. טאַפּנדיק אין דער פינצטער האָב איך אָנגעכאַפּט עפּעס אַ קיילעכדיקע זאַך. קענטיק, אַ ציבעלע. איך שלינג עס אַלץ איין. דער בויך איז ביי מיר אויפגעבלאָזן, ווי אַ פוטבאָל, און איך וויל נאָך אַלץ עסן.

באַלד נאָכדעם בין איך ווידער איינגעשלאָפן. איך פיל ווי מען וועקט מיך. איך עפן די אויגן. לעבן מיר שטייט דער אַלטער, נאָך איינער, אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן. זיי זאָגן:

— נו, שטיי אויף, מען דאַרף גיין עסן מיטאָג.

פרעג איך:

— ווי שפּעט איז דען?

— ס'איז שוין באַלד 2 אַ זייגער.

איך פיל אָבער אַן אָנגענעמע מידקייט. איך שפּיר, אַז איך מוז אַרויס־ גיין. איך גיב זיך אַ הייב אויף און פרעגביים באַלעבאָס, ווו מען קאָן דאָס מאַכן. נו, דאָס מאַכט מען, געוויינטלעך, הינטערן שטאַל. אפילו קינדער גייען אין דרויסן, מעג זיין אַ פראָסט פון 40 גראַד. ער זאָגט מיר, אַז איך זאָל זיך אָנטאָן. עס ליגן אָנגעגרייט אַ פּאָר גאַנצע, פאַרלאַטעטע הויזן, אַ רייניע גימנאַסטיאָרקע. ער וואַרפט מיר אַרויף אויפן פּלייצע דעם אַלטן פעלץ און ער פירט מיר אַרויס אין פירהויז. ער ווייזט מיר אַן אויף אַ הילצערן קעסטל.

איך האָב אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן אין מאָסקוויטש, ליגנדיק אַליין אין אַ מיר הינערפּלעט. דאָ, אין פירהויז, גיב איך אַ טראַכט: זע, און ווו איז מיין מאָסקוויטש? איך בין אָפּגעשלאָפן כמעט 24 שעה אָן אויפהער. איך גיי צוריק אַריין און זע ווי מען זיצט ביי אַ געגרייטן טיש. עס שטייט אַ פאַרשטויבטע פלאַש, און איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז סאַמאַגאָן. איך פיל אויך דעם ריח, וואָס איך האָב שוין חדשים־לאַנג נישט געפילט — אַ באָרשטש. ביים טיש זיצט דער אַנדערער, דער מיטליאַריקער, אין אַ

גימנאַסטיאַרקע, אין מויל — אַ באַנקרוטקע, און שמועסט זיך געמיטלעך מיטן באַלעבאָס. עטוואָס ווייטער זיצט אויף אַ טאַבורעט די אַלטע. זי וואַרפט צייטנווייז אַריין אַ וואָרט. איך פאַרשטיי, לויט די אויפגעכאַפּטע ווערטער, אַז זיי רעדן וועגן מיר. איך קוק זיך אַרום, און לויט מיין קוקן, פאַרשטייען זיי וועמען איך זוך. דער באַלעבאָס ווייזט מיר אָן אויפן פרעמדן און זאָגט:

— זעסט, דאָס איז אונדזער סטאַראָסטע.

עס ווערט מיר אַביסל קיל אויפן האַרצן. און לויט מיין מינע, פאַר־שטייען זיי, אַז איך בין אַביסל אומרואיק.

— דו זוכסט דיין חבר — רופן זיי זיך אָפּ — ווער איז ער געווען?

ביים וואָרט געווען, האָב איך געפילט, ווי דאָס בלוט אַנטלויפט מיר פון פּנים.

— פאַרוואָס זאָגט איר — געווען?

און זיי לאָזן מיך נישט ענדיקן די פראַזע...

— נעכטן — דערציילן זיי — האָסטו געהלשט, און די טאָכטער האָט עס אונדז געזאָגט...

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די טאָכטער איז פאַרן קריג געווען אַ קראַנקן־שוועסטער אין שטאָטישן שפּיטאָל פון אַרשאַ.

— האָסט, הייסט עס, געחלשט, זיצנדיק אין הייסן וואַסער, פון שוואַכקייט. ביסט דערנאָך איינגעשלאָפן. ווען אונדזער דאָרף וואָלט אַפילו באָמבאַרדירט געוואָרן, וואָלסטו זיך אויך נישט אויפגעכאַפּט. יאָ... — זאָגן זיי מיר — דיין חבר איז אויסגעאַנגען ווי אַ ליכט. ווי לאַנג קענסטו אים? ווייסטו ווי ער רופט זיך?

זאָג איך, אַז באַקאַנט האָבן מיר זיך אין צענטראַל־לאַגער, מיט אַן ערך אַ 10 טעג צוריק. גערופן האָבן מיר אים — מאָסקוויטש. און דאָס איז אַלץ. זאָגן זיי, אַז זיי האָבן ביי אים געפונען אַ דאָקומענט ווער ער איז. אין דער רויטער אַרמיי ווערט געמאַכט פאַר יעדן קעמפער, וואָס פאַראַ ראַנג ער זאָל נישט האָבן, אַ קליין צעטעלע, איינגעדרייט אין אַ פּלאַסטיק־טובקעלע, אין קליינעם קעשענקעלע לעבן רימען.

— פון דעם דאָקומענט האָבן מיר געמאַכט עטלעכע קאָפּיעס. אויב דו ווילסט, קאָנען מיר דיר איין קאָפּיע געבן. אים אַליין איז דערוויַיל שווער צו באַגראָבן. ער ליגט טיף אונטערן שניי. מיר האָבן אים דאָרט פאַרשאָטן ביינאַכט. מיר וועלן אים ביי דער ערשטער געלעגנהייט ברענגען צו קבורה. מיר פאַרנעמען זיך מיט לעבעדיקע אַנטלאָפענע געפאַנגענע און אָט דאָרף מען זיך אויך פאַרנעמען מיט די, וואָס לעבן נישט מער...

איך פּיל אויף זיך אַ פּאָר טונקעלע, קלוגע אויגן. איך האַלט אויס דעם בליק, און איך וויל עפּעס ענטפערן. ער לאָזט מיר אָבער נישט, ער זאָגט מיר, אַז ער האָט נאָך נישט געענדיקט:

— אַ טויטער אַנטלאָפענער, איז נאָך ערגער, אויב עס וועט דערגיין צו די באַנדיטישע אָקופּאַנטן...

— יאָ — זאָג איך — מיר לעבן אין אַ שרעקלעכער צייט. אויף שריט און טריט לויערט דער טויט.

— מעגלעך, אַז איר זייט אפשר געווען אין די זעלבע אָפּטיילונגען, ווו איך.

— איך זע, אַז איר האָט פיינט די היטלעריסטן, פּונקט ווי איך, אַז נישט, וואָלט איר מיך נישט אויפגענומען, ווי אַ ברודער אין אייער הויז.

איך זע, אַז ביי דער אַלטער שטעלן זיך טרערן אין די אויגן און מיט אַ ברעג פון איר טיכל ווישט זי זיי אויס. קוקנדיק אויף איר, רינען אויך ביי מיר טרערן.

— איין זאַך — זאָג איך — מעג איך אייך זאָגן, אַז אויב נעכטן האָב איך געטראַכט נאָר וועגן עסן, שווער איך אייך ביי גאָט, אַז איך בין אַנטלאָפן, נישט צו באַהאַלטן זיך, נאָר צו נעמען נקמה אין די דייטשע באַנדיטן...

מער רעדן האָב איך נישט געקאָנט, און וויינען האָב איך זיך גע־שעמט. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני לעבן דער אַלטער פרוי, איר אַ קוש געגעבן אין האַנט און געזאָגט צו איר:

— ספּאַסיבאַ, מאַמאַשאַ, פאַר דיין גוט האַרץ.

זי האָט מיר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, און אַ קוש טועגדיק אין שטערן, זיך אָפּגערופן:

— ווסטאַוואַי, סינאָטשיק.

אין שטוב איז שטיל געוואָרן, אַז מ'האָט געקאָנט הערן דעם טיק־טאַק פון יעדנס האַרץ. די שטילקייט האָט איבערגעריסן דער סטאַראָסטאַ.

— יאָ — זאָגט ער — אַ שווערע צייט איז געפאַלן אויף אונדזער לאַנד. און יעדער דאַרף טאָן ווי זיין געוויסן זאָגט אים אונטער.

דערביי קוקן זיך אַלע מאָדנע איבער. אין רוסלאַנד מאַכט מען נישט קיין גרויסע צערעמאָניעס מיט קיין טויטן. באַגראָבן, באַשאָטן, און דאָן מאַכט מען אַ גוטן שנאַפּס. עס קאָן פּאַסירן, אַז דאָס טרינקען געדויערט דריי־פיר טעג נאָכאַנאַנד.

— נו — רופט דער באַלעבאָס — לאָמיר זיך זעצן צום טיש.

אויפן טיש האָט זיך באַלד באַוויזן אַ גרויסע שיסל, פול מיט הייסן באָרשטש. די שטיקלעך סאַלע, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שטיקלעך זייף, זיינען געשווומען צווישן די הילצערנע לעפל, וואָס מען האָט געלאָזן אין גאַנג פון אַלע פיר זייטן. מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז דערווייל זאָל איך נאָך נישט עסן די שטיקלעך סאַלע. דערביי שטייט אַ גרויסער טאָפּ מיט אָפּגע־שאָבענע הייסע קאַרטאָפל, גוטע, ריכטיקע שוואַרצע ברויט, געבאַקן מיט בלעטער אויפן דעק. דער באַלעבאָס גיסט אָן פאַר אַלעמען אין די גלעזער. אויך מיר גיסט ער עטוואָס אָן און זאָגט:

— אַביסעלע וועט דיר נישט שאַטן.

זייט זיי האָבן מיר אָפּגעשניטן די באָרד, האָבן זיי מיר אָנגעהויבן צו דו'צן. אַביסל אויסגעטרונקען, איך שפּיר, אַז דער קאָפּ דרייט זיך מיר.

און זיי, קענטיק, באַמערקן דאָס. די אַלטע זאָגט צו איר מאַן מיט פֿאַר־וווּרף:

— ער איז נאָך אַזוי אָפּגעשוואַכט און דו רוקסט אים אונטער סאַ־מאַגאָן.

מאַכט דער סטאַראָסטע:

— ניטשעוואָ... גיט אים אַ קליין שטיקעלע סאַלע. איצטער וועט אים שוין קיין זאַך נישט שאַטן.

איך נעם טאַקע אַ פּאָר קליינע שטיקעלעך סאַלע און איך פֿיל, אַז עס איז מיר אַ סך בעסער.

— ווי אַלט ביסטו? — פֿרעגט מיך דער סטאַראָסטע. ווייל אָפּגע־שוירן בין איך טאַקע, אָבער נישט ראַזירט, און דערצו בין איך געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אויסגעהונגערט, אַז קיינער אין דער וועלט וואָלט זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן ווי אַלט איך בין.

דאָס איז געווען אין אַ מאָנטיק, דעם 24־טן פֿעברואַר 1942. ביז דעמאָלט איז מיר שוין נישט איינמאָל אויסגעקומען צו זיין שיכור, אָבער אין אַזאַ צושטאַנד פֿון שיכרות, ווי איך בין געווען אין דעם טאָג בין איך נאָך נישט געווען. איך פֿאַרליר זיך נישט, געוויינלעך, איך ווייס ווו איך בין אין דער וועלט. איך זאָג זיי, אַז איך בין נאָך דערוויייל קיין 26 יאָר נישט אַלט. זיינען זיי אַלע דריי געבליבן מיט די לעפֿל אין די הענט. די איינציקע האָט די אַלטיטשקע זיך אָפּגערופֿן:

— באַטיושקע, ניע מאָזשעט ביט... (גאָט מיינער, ס׳קאָן נישט מעגלעך זיין...)

איך בין געזעסן ביים וואַנט, לעבן סטאַראָסטאַ. ביים פֿענצטער איז געזעסן דער אַלטער, און ביים אַנדערן ברעג טיש — די אַלטע. די טיר איז געווען פֿאַרמאַכט פֿון אינעווייניק. פּלוצלונג רופֿט זיך אָפּ דער אַלטער:

— שווייגט שטיל, דוכט זיך, אַז מיר האָבן געסט.

— ווי קאָן עס זיין — רופֿט זיך אָפּ דער סטאַראָסטאַ — קיינמאָל גייען אַהער נישט די דייטשן.

צו מיר גיט אַ זאָג דער אַלטער:

— קריך גיכער אַרויף אויפֿן אויוון... ניין — זאָגט ער — וואַרט אַ ווײַלע.

ער רוקט אָפּ דעם טיש, עפֿנט אַ טיר פֿון קעלער און זאָגט:

— קריך גיכער אַריין!

איבערחזרן האָט ער נישט געדאַרפֿט. איך ליג אין קעלער. עס גיט זיך אָפּ מיט שאַרפֿע ריחות פֿון קאַרטאָפֿל, זויערע קרויט, געזייערטע אוגערקעס. פֿינצטער, חושך, אויסער אַ פּאָר קליינינקע שפּעלטעלעך דורכן דעק פֿון דער טיר. איך האָב מורא זיך אַ ריר צו טאָן פֿון אָרט. איך הער אָבער נישט, אַז עמיצער זאָל האָבן אַריינגעקומען אין שטוב. עס גייען אַוועק נאָך עטלעכע מינוט, איך הער עס עפֿנט זיך די טיר. און איך פֿאַרשטיי, אַז עמיצער איז אַרויס. איך הער ווי דער טיש

רוקט זיך אָפּ און דער בעלעבאָס זאָגט מיר, אַז איך קאָן אַרויפגיין. איך קריך אַרויס פון קעלער. דער באַלעבאָס גיט מיר צו פאַרויכערן אַ ריכ־טיקן טאַבאַק, און עס ווערט מיר פריילעכער אויפן האַרצן.

— הער זיך איין — זאָגט ער מיר — איך זע, אַז דו ביסט אַן איינ־פאַכער און נישט קיין נאַרישער מענטש. איך האָב דיר געהאַט צוגע־זאָגט, אַז דו קאָנסט בלייבן ביז היינט אין דער פרי, צוויי מאָן וואָלט מיר געוועזן שווער אויסצובאַהאַלטן, אָבער איצטער קאָנסטו בלייבן ביי מיר עטלעכע טעג, און דאַן וועל איך דיר זאָגן אומגעפער ווו דו קאָנסט זיך ביזן זומער אויסבאַהאַלטן. דו זעסט דאָך אַליין, אַז דאָ איז אַ שטענ־דיקע געפאַר. די דייטשן זיינען אין דאָרף און אַלע ווילע בייטן זיי זיך. מיר ווייסן, אַז דאָס בייט מען זיי מיט די פראָנטאָוויקעס. עס קומען דאָ, און אין די דערבייאיקע דערפער, טויזנטער פריצן. ביי אַ סך פון זיי זיינען אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. עס זיינען געוועזן פאַלן, ווען מען האָט געמוזט אַמפּוטירן איינעם אַ האַנט, אַ צווייטן אַ פּאָר פינגער, אַ דריטן אַ פוס. עס איז מיר אויסגעקומען מיט אַ פּאָר טעג צוריק צו רעדן מיט אַ דייטש. איך רעד אַביסל דייטשיש; זיינען די מערסטע אָפּ־געפרוירערענע צופרידן, ווייל זיי גלויבן, אַז אויפן פראָנט וועט מען זיי מער נישט שיקן. נו, און איצטער, ביי אונדז אין דאָרף, זיינען דאָס גאָרנישט קיין „ריינע" פריצעס, נאָר דאָס זיינען גאָר עסטרייכער. זאָג איך:

— נו, איז וואָס געדרונגען? היטלער אַליין איז אויך אַן עסט־רייכער.

— וועגן אים רעד איך אינגאַנצן נישט. ער מוז זיין אַ זון פון אַ צויג. די עסטרייכער זיינען אָבער אַ סך מענטשלעכער.

— איך ווייס, זאָג איך, איך אַליין בין אַריינגעפאַלן ביי די עסט־רייכער. ווען דאָס וואָלטן געווען דייטשן, וואָלטן מיר דאָ היינט ביידע נישט געקאָנט רעדן. איצטער, אַז דו ווייסט ווי אַלט איך בין, וועל איך אייך רופן פּאַפּאַשאַ. זאָגט מיר, מער ווי אַן איינציקע טאָכטער פאַר־מאָגט איר נישט?

— יאָ, איך האָב נאָך צוויי זין, זיי זיינען אַוועק אויפן פראָנט, נאָר ווו זיי זיינען אַצינד, ווייס איך נישט. מיין טאָכטער, וואָס דו האָסט געזען, האָט זיך צוויי טעג פאַרן אָנהייב קריג גע'גט. אַוועק איז זי פון מאַן שוין אַ סך פריער. אַ גרויסער טרינקער געווען, און אַז ער איז אַריינגעפאַלן אַ שיכורער אין שטוב, איז זי געקומען צולויפן צו אונדז צופוס פון אַרשאַ, אַ בלויע, ביז זי איז פון אים אינגאַנצן אַוועק. דו זעסט, זי זעט אויס ווי אַן אַלטע באַבושקע.

— נו, נו, דו טרייבסט איבער אַביסל.

— זאָג מיר, לויט דיין מיינונג, ווי אַלט קאָן זי זיין?

זאָג איך אים, אפילו נישט טראַכטנדיק:

— אומגעפער, אַ יאָר 26—25.

— זעסטו, אַז דו האָסט נישט געטראָפן! זי איז ערשט 22 אַ האַלב יאָר. אין אויגוסט ווערט זי 23 יאָר. אַ קינד האָט זי געהאַט, אַ מיידעלע פון 3 יאָר, איז עס קראַנק געוואָרן און שוין 3 חדשים ווי ס'איז גע־שטאָרבן. מיר האָבן מורא געהאַט, זי זאָל זיך נישט נעמען דאָס לעבן פון גרויס ווייטיק. איצטער האָט זי זיך אַביסל באַרואיקט. זי איז ביי מיין שוועסטער. יענע איז איבערגעבליבן מיט זעקס פּיצלעך קינדער. דער מאַן איז אַוועק אויפן פראָנט און מער האָט מען פון אים נישט געהערט.

אַ ווײַלע בלייבן מיר ביידע שטיל. ביז ער גיט מיך אַ פרעג:

— און דו האָסט אַ פאַמיליע? ווו זיינען די דייניקע?

די פראַגע איז געפאַלן אַזוי פּלוצלונג, אַז ס'האָט מיך ווי אויפ־געוועקט.

— יאָ, איך האָב אַ פאַמיליע, אַ פרוי מיט אַ קינד. קאָנען זיי דען וויסן ווו איך וואַלגער זיך אַרום? איך האָב אויך אַ פאָטער, ברידער, שוועסטער. ווער ווייס וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט!

איך קאָן מער נישט רעדן, ווייל איך כאַפּ זיך, אַז אפילו אין ליידן, בין איך נישט ווי אַלע אַנדערע, ווייל מיין טאַטע הייסט יאַנקל, און דערפאַר אַליין האָט באַשלאָסן אַ משוגענער מאַניאַק, אַז אַלע יאַנקלעך און ציפּקעס דאַרפן אומקומען. די לעצטע ווערטער האָב איך מער גע־טראַכט ווי גערעדט. און איך זאָג אים ווייטער, אַז איך בין אַ געבוי־רענער סאַראַטאָווער. איך טראַכט, אַז דאָס איז טאַקע ריכטיק.

— נו — זאָגט ער — דאַרטן וועט דער פריץ נישט קומען, קיינ־מאָל נישט. איצטער קום, וועל איך דיר עפּעס ווייזן.

ער רוקט אַפּ דעם טיש און ער הייסט מיר אַרונטערגיין אין קעלער. כדי מען זאָל זען, לאָזט ער דעם צודעק פון קעלער אינגאַנצן אָפן. מיר גייען אַרונטער, און אַז עס איז ליכטיקער, זע איך אַ גרויסן קעלער.

— אויב עס וועט דיר — זאָגט ער — אויסקומען צו באַהאַלטן זיך הייב אויף דעם לייטער.

און ער אַליין הייבט אים אויף, און איך זע ווי עס טשעפּעט זיך אָפּ הינטערן לייטער עפּעס אַ פראַוויזאָריש ווענטל.

— און איצטער פּרוביר אַריינקריכן.

איך קריך אַריין אויף אַלע פיר און איך פיל אונטער זיך ווייכע, אויסגעבעטע היי.

— טיפער, זאָגט ער, אויב די מייז האָבן עס נאָך נישט אויפגע־געסן, ליגט אַ זעקעלע מיט סוכאַרעס. און לופט גייט אויך דאַרטן אַריין.

עס גייט פון דאָרטן אַ לאָך ביז אונטערן אויוון. עס קאָן פּאַסירן, אַז מיר גייען אַוועק אין אַרשאַ עפּעס וואָס נישט איז צו בייטן אויפן מאַרק, איז בעסער דו זאָלסט זיך געפינען דאָ. וואָס פאַרזיכטיקער מיר וועלן זיין, וועט פאַר דיר זיין בעסער. און אויך פאַר אונדז.

איך זאָג צו אים:

— עס וועט קומען אַ טאָג, ווען איך וועל קאָנען פאַר אַלץ אָפּ־דאַנקען. דערווייל גיב מיר אַביסל טאַבאַק.

ער גיט מיר טאַבאַק. פּאַפּיר איז קיין דאגה נישט. זיי האָבן די ווייסרוסישע נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע צייטונג „ראַניצאַ". די רע־דאַקטאָרן זיינען די ווייסרוסישע פאַרעטער קאַלובאַוויטש און ראַוווסקאַ.

— אָט — מאַכט ער — האָסטו פּאַפּיר — און ווייזט אויף דער צייַ־טונג — אויף צוויי זאַכן, אויף צו רויכערן און אויף אשר־יצר־פּאַפּיר, — און מאַכט דערביי אַ כאַראַקטעריסטישע באַוועגונג, און צו דעם גיט ער מיר צו אַ שאַכטל שוועבעלעך.

איך גיב אויף אים אַ מאָדנעם קוק, און ער פאַרשטייט אָן ווערטער מיין פאַרוואונדערונג. ווייל איך האָב געוווּסט דעם פרייז פון שוועבעלעך.

— דאַנק נישט, פאַר אַ שטיקל שפּעק קאָנען זיי פאַרקויפן די אייגענע מוטער, די פאַרשאָלטענע... ווי דו זעסט, נעמען זיי אַלץ צו, אָבער אַ רוסישער מוזשיק גיט זיך אָן עצה.

און ער גיט מיר אַ ווונק מיטן אויג. איך האָב געוווּסט, אַז הינטערן שטוב האָט ער אַ קליינע שטאַל, ווו עס שטייט אָן אַרעם קיעלע. און קענטיק דערפאַר האָט זי זיך ביי אים אויפגעהאַלטן, ווייל זי איז געווען זייער אַ קליינע. און דאָך איז דאָס געווען דער שטאָלץ פון דער באַלע־באָסטע. און צו דעם האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אונטערן שטאַל האָט ער געהאַט נאָך אַ צווייטן געהיימען קעלער, ווו ער האָט געהאָדעוועט אַ חזיר.

— די מערסטע אין דאַרף טוען אַזוי. איינער האַלט זיין קו אויפן בוידעם. די פריצן זיינען פּונקט ווי גנבים — דאָרט, ווו זיי וווינען, גנ־בענען זיי נישט. זיי גנבענען נאָר ביי אַנדערע.

אַרויס פון קעלער, זאָגט ער מיר:

— קריך אַרויף אויפן אויוון, וועסטו זיך אויסוואַרעמען די ביינער.

— איך וויל אַרויפקריכן, נאָר איך באַטראַכט זיך, אַז בעסער וועט זיין אונטן. מאַלע וואָס עס קאָן פּאַסירן. מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק, און אַזוי וועל איך זיין נאָענטער צום קעלער. איך זאָג אים מיין געדאַנק. ער גיט אַ ווײַלע אַ טראַכט און זאָגט מיר, אַז איך בין גערעכט. פריער איז דער טיש געשטאַנען אויפן דעק פון קעלער. מיר שטעלן אים ביי־דע איבער, אַזוי אַז ער זאָל נישט שטערן, אין אַ נויט־פאַל.

## קאפיטל 16

# אין באהעלטעניש

אזוי איז אריבער א וואך. עס איז געגוג געווען פאר מיר דריי־פיר טעג, איך זאל קומען צו־זיך. צו דעם האב איך זיך באמיט שטענדיק צו מאכן וואס מער פיזישע באוועגונגען. אין דעם מאראל האט מיך אונטערגעהאלטן זייער טאכטער, וואס איז געווען אן אפטער, אנגענעמער גאסט, סיי ביי מיר, סיי ביי אירע עלטערן.

— היינט — זאגט מיר דער באלעבאס — און מארגן איז אין ארשא א גרעסערער מארק, ווי געוויינלעך. די אבלאוועס זיינען קלענערע. דאס הייסט, אז שבת און זונטיק איז די פעלד־זשאנדארמעריע מער פארנומען. קאן מען אויפן מארק וואס איז נישט מער קריגן. אט האסטו א האלבן לאבן ברויט, א טאפ זופ אין אויוון. ביז אין אוונט וועלן מיר קומען צוריק, מיט מיין אלטער. די טיר פארמאך און לאז קיינעם נישט אריין. אויב מיין טאכטער וועט וועלן אריין, ווייס זי אליין ווי צו עפענען. בוט זדאראוו, סינאק.

דאס איז געווען א שבת, דעם 29־טן פעברואר 1942. פאר דער וואך צייט האב איך זיך גוט אפגערוט. און די לעצטע צוויי טעג האב איך אנגעהאקט פארן שטוב האלץ אויף א וואך צייט. דער אלטער האט מיך גערימט:

— איך זע, אז די האק אין דיין האנט ציטערט נישט.

— איך בין אבער נישט קיין האלץ־העקער אויך.

— וואס טוסטו אין ציוויל ?

— כ׳בין א בלעכער.

— א בלעכער איז א גוטער פאך.

ער נעמט ארויס א הויפן טאבאק, גיט עס מיר און זיי גייען ארויס. פארן ארויסגיין זאגט ער מיר נאך:

— די דייטשן, וואס געפינען זיך אין דארף, פארן היינט אפ, און מען קאן דערוואַרטן אנדערע אויף זייער פלאץ. זאל גאט געבן, אז נאר נישט קיין ערגערע, ווייל די זיינען געווען נישט פון די ערגסטע.

די לעצטע עטלעכע טעג, ווי נאר מיין קאפ האט ווידער געקאנט נארמאל טראכטן, נאכדעם ווי איך האב 4 טעג געהאלטן אין איין עסן, האב איך באקלערט, אז דא אין דארף איז אוממעגלעך פאר מיר צו בלייבן. דער קלענסטער צופאל, און איך קאן באצאלן מיטן לעבן. און אויך מיינע טייערע, גוטע מענטשן, א משפחה, ריזיקירט מיטן לעבן, אויסצובאהאלטן אן אומבאקאנטן קריגסגעפאנגענעם. אויף יעדן טריט און שריט איז געווען געמאלדן, אז פאר אויסבאהאלטן אנטלאפענע קריגס־געפאנגענע, ווערט מען באשטראפט מיט טויט. אין די ערשטע טעג, ווען מיין גוף האט געבעטן נאר עסן, האב איך קיין זאך נישט באמערקט. אבער

ווי נאָר איך בין געקומען צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז יעדער פאַרדעכטיקער סקריפּ, אָדער שאָרך, ווירקט אַזוי, אַז די אַל־טע ווערט אויפגעציטערט, אָפּטמאָל צלמט זי זיך איבער. נעכטן האָב איך שוין גערעדט מיטן אַלטן, און ער אַליין האָט מיר געזאָגט: „איך זע, אַז דו פאַרשטייסט אַליין און דו זעסט וואָס דאָ טוט זיך". ער האָט מיר געזאָגט, ווו איך דאַרף זיך אָפּטראָגן. אין יענער געגנט זעט מען אינגאַנצן נישט קיין דייטש פאַר די אויגן. מען דאַרף עס אָבער מאַכן פאַרזיכטיק, מיט די שעפּן פון דער פּאָליציי, ווייל זיי זיינען אָפּט ערגער פון די דייטשן. זיי רעדן אונדזער שפּראַך, און דערפאַר זיינען זיי מער געפערלעך; און די סטאַראָסטעס — אויך דאָס זעלבע. עס ווענדט זיך אויף ווערמען דו ווערסט אַרויפּאַלן.

מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז מאָנטיק וועל איך פאַרלאָזן זיין הויז. מיט זיין טאָכטער זיינען מיר געוואָרן גאַנצע חברים. אָפּטמאָל פלעגן מיר אָפּזיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך האָב איר דערציילט די געשיכטעס פון „דעקאַמעראָן", און נאָך אַזעלכע „געזאַלצענע" אַנעק־דאָטן. קענטיק, אַז דער פאָטער האָט איר דערציילט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום מוז איך אַוועקגיין.

איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין געשלאָפן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָקאָרשט איז דער אַלטער און די אַלטע אַרויסגעגאַנגען. עס איז נאָך געווען גוט פינצטער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיי דאַרפן גיין 8 וויאָרסט. פרעג איך אים:

— איבער 8 וויאָרסט?

— יאָ — וואָס וווּנדערסטו זיך?

איך פאַרהאַלט אים אויף עטלעכע מינוט און איך דערגיי ביי אים גענוי דעם פּלאַץ ווו מיר האָבן געאַרבעט, אין דעם טאָג, וואָס מיר זיי־נען אַנטלאָפן. מיר זיינען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט און געמאַכט נישט מער ווי 5 קילאָמעטער. און אַ מאָדנע אומרואיק געפיל האָט מיך אַדורכ־גענומען דורכן גאַנצן קערפּער. אַזוי נאָענט פון דעם אָרט, ווו מען קומט יעדן טאָג אום. און דאָך בין איך ווידער איינגעשלאָפן. עס חלומט זיך מיר, אַז איך קום אַ געפּרווירענער פון גאַס און מיין פרוי נעמט מיך אַרום, כדי מיך אַביסל צו דערוואַרעמען. עס גייט מיר אַדורך אַזאַ זיסער געפיל. און דאָך פיל איך פּלוצים, אַז איך בין וואָך. איך טראַכט, אַז אַזאַ געפיל האָב איך שוין נישט געהאַט חדשים לאַנג. ביסט הונגעריק — טראַכסטו נאָר וועגן עסן. וואָס משפּחה? וואָס פאָטערלאַנד? וואָס ליבע? קיין זאַך עקזיסטירט פאַר דיר נישט, נאָר — עסן. ביזטו אָבער זאַט, זעסטו, אַז נאָר מיטן עסן אַליין קאָן מען נישט לעבן.

און באַלד דערפיל איך, אַז דאָס איז נישט קיין חלום. עס טוליעט זיך טאַקע צו מיר אַ פרוי, די טאָכטער פון מיינע באַלעבאַטים. זאָלן מיר די לייענער מוחל זיין. איך בין איצטער 55 יאָר אַלט, און דאָס איז געווען מיט 28 יאָר צוריק. וואָס האָב איך געדאַרפט טאָן? אַרויס־

טרייבן זי, אָדער אַליין אַנטלויפן? ניין, איך בין נישט אַנטלאָפן און האָב אויך נישט אָפּגעשטופּט די יונגע פרוי. אַז דוד המלך איז געלעגן אויפן טויטן־בעט, האָט מען אים געבראַכט אַ יונג מיידל, זי זאָל אים דער־וואַרעמען. איך האָב זיך נאָך נישט געקליבן צו שטאַרבן. אַז עס איז געוואָרן גרויסער טאָג, האָט זי מיר נאָך אַמאָל אַרומגענומען און אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אַוועק.

איך טו זיך אָן, עס גוט אָפּ און פאַרויכער אַ גוטן טאַבאַק־טרייבל, טראַכטנדיק, אַז מיט 8 טעג צוריק בין איך געווען מיט אַ פוס אויף יענער וועלט. זיי האָבן מיר געבראַכט אַ פּאָר ביכער. איך קוק אַריין אין זיי. יעדע פרייע מינוט מאַך איך עטלעכע פיזישע באַוועגונגען. איך בין געווען אַ ספּאָרטסמאַן פון דער נאַטור, אַלע ספּאָרטן האָב איך דורכ־געמאַכט, אַזוי אַז איך האָב געוווּסט, און אויך פון דער אַרמיי, אַז וואָס מער באַוועגונגען, אַלץ מער וועל איך קאָנען אויסהאַלטן. איך נעם דאָס ביכל אין דער האַנט. פּושקינס „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער". אָבער די אותיות שווינדלען מיר פאַר די אויגן, און קיין זאַך בלײַבט מיר נישט אין קאָפּ. עפּעס אַן אומרואיק געפיל באַהערשט מיך, און פאַרוואָס, ווייס איך אַליין נישט. דער איינציקער פענצטער איז פאַרפרוירן. די אַנדערע העלפט איז אויסגעהאַקט און פאַרקלאַפּט פון ביידע זײַטן מיט ברעטער. אַז עס איז וואַרעמער אין שטוב, גייט דער פענצטער אָביסל אָפּ, און דעמאָלט זעט מען וואָס אויפן גאַס טוט זיך. אָבער אַזוי איז שווער, סיידן די אויגן צולייגן צום גלאָז. דער האַלבער טאָג איז שוין לאַנג פאַרביי. עס מוז זײַן ביי דריי, האַלב־פיר אַזייגער. קיין זייגער איז אין שטוב נישטאָ. מיין געהער כאַפּט אויף אויפן גאַס אַ מאָדנעם גערויש. איך הויך אַרויף אויף דער שויב, און עס ווערט אַ קליין, רונד לעכעלע, דורך וואָנען איך קאָן אַרויסקוקן. און גיב אַ קוק, און עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן: אַ דײַטשער האַלב לאַסט־וואָגן שטייט נישט ווייט פון דער שטוב. קענטיק, אַז פון טיפן שניי האָט ער פאַרבוקסירט. און איך באַמערק אין אַ זײַט, פון דער צווייטער זײַט זע איך נישט, ווי צוויי דײַטשן שטופּן דעם לאַסט־אויטאָ. איך באַוויז נישט אָפּצוטרעטן פון פענצטער, ווי איך הער די שטימע פון סטאַראָסטע:

— נעם אויף די געסט. וועסט מוזן אויפנעמען 3 פריצעס עס. עס.

וואָס טוט מען? דאָס האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער רעדט צום באַלעבאָס, נישט ווויסנדיק אַז ער איז נישטאָ, אָדער ער מאַכט דאָס בכיוון, אַז איך זאָל פאַרשטיין וואָס פאַרא געפאַר עס דראָט מיר. ווען דאָס וואָלט געווען בייִנאַכט, ריזיקיר איך. דער וואַלד איז דערביי אַ פּאָר הונדערט מעטער. באַרוועסרהייט, די לאַפּטשעס וואָלט איך שוין שפּעטער אָנגעטאָן. אפילו אין דער יוגנט, ווען מיר האָבן געלעבט אין אַ קליין דערפל און קיין שיך פלעגט נישט קלעקן פאַר דער גאַנצער גרויסער משפחה, פלעג איך אָפּטמאָל אַריבערלויפן באַרוועסרהייט, ווינ־טער־צײַט, אין טיפן שניי, צו מיינע חברים. אָבער איצטער, אין מיטן

טאָג, דאָס איז אַ זיכערער טויט. און צו דעם קאָן דאָס נאָך שאַטן מיינע באַלעבאַטים.

לאַנג טראַכטן האָב איך נישט געקאָנט. דאָס רוישן פון אויטאָ האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט, און אָט הער איך ווי מען קלאַפּט אין טיר. און אָט שוין ביים פענצטער אויך. איך באַווייז נאָך צו הערן ווי דער סטאַראָסטע זאָגט האַלב אויף רוסיש, האַלב אויף דייטש, אַז די הערן זאָלן אָפּוואַרטן, ווייל אָט־אָט דאַרפן די באַלעבאַטים קומען.

— שייזע... — הער איך ווי דער דייטש ענטפערט אים — שייזע־כאַזאַין... קאַלט, פאַרפלוכט, נאָך איין מאָל...

ווייטער האָב איך שוין נישט געוואַרט. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס שאַכטל שוועבעלעך, דאָס שטיק ברויט פון טיש, דעם פעלץ און אָט בין איך שוין אין קעלער. איך צי אָפּ דעם לייטער און קריך אַריין אין דער באַהעלטעניש. איך פּרוּוו זיך צוצוהערן, וואָס עס טוט זיך אויבן. איך הער אָבער קיין זאַך נישט. אין דער שטוב, ווו איך געפין זיך, איז קיין פאַדלאָגע נישטאָ, אַזוי אַז די טריט זאַפּן זיך איין. איך פּרוּוו אפילו עטוואָס אָפּשטופּן דעם לייטער, אָבער יעדער סקריפּ, וואָס ער מאַכט, גייען מיר אַדורך מוראַשקעס איבערן לייב.

איך באַשליס — וואָס עס וועט זיין, וועט זיין. מיך פאַרדריסט וואָס איך האָב נישט מיטגענומען דאָס מעסער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, אַזוי אַרום, טראַכט איך, וואָלט איך כאָטש אָוועקגעגעבן מיין לעבן פאַר אַ טייערן פּרייז. איצטער, אַז מען זאָל מיך געפינען, איז מיין לעבן גאָרנישט ווערט. הייבט, ווען זיי וועלן וויסן ווער איך בין אין דער אמתן — אַ ייד. איך טרייסל זיך אָפּ פון געדאַנק אַריינצופאַלן אין זייערע הענט. דאָ, אין קעלער, האָב איך יאָ געטראַכט וועגן מיין פרוי, וועגן מיין יאָ־סעלע. ווער ווייסט ווו זיי זיינען? צי האָבן זיי זיך באַוויזן צו עוואַ־קואירן? איך האָב דאָך געזען אין די טויזנטער אַנטלויפנדיקע, ווען איך בין געגאַנגען צום פראָנט, נאָכן רעפאָרמירן אונדזער פאָלק אין נאָוואָ־זיבקאָוו. פיל זיינען געפאָרן אין מאַשינען פון עוואַקואירטע פאַבריקן, און מיט זיי — פרויען, קינדער, אַלטע לייט, אָפּט אפילו גאַנץ יונגע, וואָס מיר האָבן געקוקט אויף זיי מיט אייפערזוכט, טראַכטנדיק: איר פאָרט טאַקע וואָס ווייטער פון דער געפאַר, און מיר דערנענטערן זיך אַלץ נענטער, און ווער ווייס וויפל פון אונדז וועלן בלייבן לעבן.

אָט שטייט פאַר מיינע אויגן שאַבאַנאָוו, מיין רעכטע האַנט, אַ קאַדראָווער סערזשאַנט, אַ דרייסטער, איינער פון די בעסטע „ראַזוועד־טשיקעס" (אויסשפּירער) אין פאָלק, און זיין טרייער חבר ראַבינאָוויטש, וואָס מיר פלעגן אים פּשוט רופן מאַשקאָ. אַז קיינער איז נישט געווען דערביי, האָב איך אים גערופן משהלע. זיי זיינען מערסטנס געגאַנגען צוזאַמען אויף „ראַזוויעדקע". מ'האָט זיך געפרעגט: ווי קומען זיי איי־נער צום אַנדערן? דער רוס — אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער. זיין טשופּרינע פלעגט אים אַרויסקריכן פון דער פּילאָטקע, און משהלע — אַ

פיצינקער, אַ נידעריקער, אַ פלינקער ווי אַ קאַץ. דער סערזשאַנט האָט טאַקע אָפט זיך געוויצלט אויף זיי חשבון: „שכל האָט נאָך מיין מאַשקעלע נישקשה, אָבער כוח — ביי גאָט". האָט אים משהלע גע־ענטפערט, אַז „ביי דיר איז טאַקע פאַרקערט — כוח האָסטו אַ סך, אָבער שכל האָסטו פאַרשפּעטיקט אין דער ריי ווען דיין טאַטע האָט געטיילט. שאַבאַנאָוו איז געווען פון אַ משפחה פון 16 קינדער, 11 ייִנגלעך און 5 מיידלעך. און ער איז געווען דער ייִנגסטער.ביידע זיי־נען זיי אומגעקומען דעם זעלביקן טאָג.

אַ טאָג פאַרן פּרוּוון אַדורכרייסן זיך, זייגען מיר אַוועק, לויט אַ באַפעל פון קאָמאַנדיר באַטאַליאָנאַ, קאַפּיטאַן דאַלין, אויסצופאָרשן די דייטשע פּאָזיציעס. מיר זיינען נישט געווען די איינציקע. מיר האָבן געוואָלט אַנטאַפּן ווו זיי זיינען אַמשוואַכסטן באַפעסטיקט. זאַלבע פינפט זיינען מיר געווען. מיר האָבן זיך געגליטשט אויף די בייכער, אפשר 4 צי 500 מעטער. דער באָדן איז געווען אַ נאַסער, אַ נידעריקער. אַלע העכערע ערטער זיינען געווען פאַרנומען דורך די דייטשע אָפּטיילונגען. אין דעם סעקטאָר, האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז עס וועט זיין אומ־מעגלעך עפּעס וואָס אויפצוטאָן. מיר זיינען דורכגעווייקט געוואָרן פון קאָפּ ביז די פיס. מיר זיינען געווען שוין אפשר 300 מעטער פון די דיי־טשע פּאָזיציעס. פּלוצלונג שטויסן מיר זיך צונויף מיט אַ צווייטער גרופּע. איך קריך דער ערשטער און דער ערשטער דערהער איך זיי. איך גיב אַ געשריי אויף רוסיש: וועך גייט? ענטפערט מיר אַ שטימע, אַז איי־גענע. זעען זעט מען נישט. צו דער נאַכט־פינצטערקייט לייגט זיך נאָך אַ נאַסער נעפּל. עס הילכט אָפּ אַ שאָס. פון וואַנען ער איז געקומען, ווייס איך נישט, פון אונדזער גרופּע, צי פון דער צווייטער. אָבער פאַק־טיש, נישט אונדזער גרופּע, און נישט די צווייטע שיסט, ווייל מיר האָבן זיך שוין געביטן מיטן פּאַראָל.

מיט איין מאָל גיבן זיך איבער אונדזערע קעפּ אַ שאָט ראַקעטעס, איינע נאָך דער אַנדערער, און עס ווערט ליכטיק, ווי אין מיטן טאָג. מיר זעען, אַז די צווייטע גרופּע, זאַלבעדריט, גיט זיך אַ הייב אויף און זיי לויפן אין דער ריכטונג פון אונדזער אַרומגערינגלטער איינהייט. איך מיט מיין גרופּע טוען דאָס זעלבע. עס איז שוין אָבער צו שפּעט. די דייטשן, צי זיי האָבן אונדז באַמערקט, צי נישט, זיי עפענען אָבער אַזאַ פייער פון אַלע זייטן, אַז עס לויפט מיר דורך אַ בליץ־געדאַנק: פון וואַנען נעמען זיי אַזויפיל אַמוניציע?

די ערשטע, די גראַנאַטן־וואַרפער, אָדער ווי מיר פלעגן זיי רופן, די מיניאָמיאָטן, הייבן אָן צו שפּייען מיט פייער און אייזן. אַלע ווײַלע גיב איך אַ קוק אויף מיינע פיר קעמפער. און פּלוצלונג באַמערק איך צווישן די אויפרייסן, ווי דער סערזשאַנט גיט אַ פאַל אַוועק. איך הער ווי מיין משהלע גיט אַ געשריי: „חבר קאָמאַנדיר, גיכער, העלף מיר". דער סערזשאַנט איז פאַרוואונדעט. איך הייס די איבעריקע צוויי דער־

ווייטערן זיך, און איך קער זיך אום, צו זען מיט וואָס איך קאָן אים העלפן. אין דעם מאָמענט זע איך צוויי גרויסע פלאַמען לעבן אָרט, ווו איך האָב אָקאָרשט געזען משהלען מיטן סערזשאַנט. פון אויפרייס, זיינען געפאַלן נאַסע שטיקער ערד, און האָבן מיך פאַרשאָטן. איך טאַפּ זיך אַרום. די פילאָטקע האָב איך שוין פאַרלוירן. איך האָב אַלעמאָל פיינט געהאַט די קאַסקע. אַז איך האָב באַמערקט ווער נישט איז פון מיין „זוואָד" טדאָגט נישט די קאַסקע, האָב איך זיך געמאַכט נישט זעענדיק. ווייל מיר האָט זי עפּעס געשטערט אין דער באַוועגונג. מיר דאַכט זיך, אַז איך בין נישט אָנגערירט. איך לויף צו נענטער און פאַר־טשעפּע זיך אויף אַ האַלבן קערפּער. שפּעטער האָב איך באַטראַכט, אַז די העלפט, פולשטענדיק, פונקט ווי מיט אַ מעכטיקן מעסער, איז אָפּגע־שניטן געוואָרן, לעבן גרוב, וואָס האַלט זיך אין אָנפילן מיט וואַסער. די העלפט קערפּער איז קענטיק דעם סערזשאַנטס, ווייל אפילו אַ האַל־בער, איז ער נאָך באַלד געוועזן אַזוי גרויס ווי משהלע. משהלען האָב איך נישט געפונען. איך געדענק ביז היינט, אַז ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון גאָמעל.

און אַזוי טראַכטנדיק פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, שלאָף איך איין. איך כאַפּ זיך אויף און געדענק נישט מער ווו איך בין אין דער וועלט. אָבער עס דויערט נישט לאַנג. איך וויל אָנציגדן אַ שוועבעלע און האָב מורא. איך באַטראַכט זיך גוט, לייג צו אַן אויער צום אַרויסגאַנג. איך הער קיין זאַך נישט. ווי לאַנג איך בין געשלאָפן, ווייס איך נישט. איך האָב אָבער געטראַכט, אַז אפילו שלאָפן דאַרף מען אויך פאַרזיכטיק, ווייל מיין פּרוי פלעגט מיר זאָגן, אַז איך רעד פון שלאָף און איך כראָפּע. איך צינד אָן אַ שוועבעלע און זע, אַז אין אַ ווינקל פון מיין באַהעלטעניש שטייט אַ קליין בלעכערן שאַכטעלע מיט אַ קנייטל. איך צינד עס אָן און הייב אָן באַקוקן אַרום זיך. אויף אַן אַריינגעהאַקט העלצל הענגט אַ היפּש זעקל. איך טאַפּ אָן און פאַרשטיי, אַז דאָס זיינען די סוכאַרעס, וואָס דער אַלטער האָט מיך דערמאָנט. אין דער הויך זע איך צוויי באַזונדערע לעכלעך און פאַרשטיי, אַז דאָס איז די ווענטילאַציע. וואָס פאַראַ טייער און קלוג פאַלק, דאָס רוסישע. נישט אומזיסט זאָגט מען : „רוסקאַיאַ סמיקאַלקאַ". אַן איינפאַכער דאָרפישער פויער, און אויסגעבויט אין געהיים אַזאַ גוטע מאַלינע. זאַלבעדריט קאָן מען זיך דאָ גוט אויסבאַהאַלטן אין אַ נויט־פאַל. אַ ברייט געלעגער, עטוואָס העכער פון דער ערד, מיט אַ סאַלדאַטסקע קאָלדרע. אָבער צום טרינקען איז דאָ נישטאָ. און גראַד האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט טרינקען. וואָס טוט מען ? איך טראַכט, אַז הינטערן טירל קאָן מען זיך אָנטרינקען מיטן ראָסל פון קרויט, אָדער מיטן ראָסל פון די זויערע אוּ־גערקעס. איך גיי אַ פּאָר מאָל צו צום טירל און פּרוּוו עס אויפמאַכן. דערביי טראַכט איך זיך ביי זיך — אפשר זיינען זיי גאָר נישטאָ ? די באַהעלטעניש איז אומגעפער אַ מעטער פופציק די הויך. איך דערמאָן

זיך, אַז ווען מיר פלעגן אַרבעטן אויף די דעכער, אויף הייזער פון פינף־זעקס שטאָק, איז כדי מען זאָל נישט דאַרפן אַרונטערגיין, האָבן מיר גערעדט דורך די רערן פון וואַסער־לייטונג און זיך נישט שלעכט פאַר־שטענדיקט. גיי איך צו צו דער עפענונג און לייג צו דעם אויער, און הער פונקט ווי אין טעלעפאָן. איך הער רעדן דייטש. איך כאַפּ נאָר אויף דריי שטימען. אָדער אפשר האָבן זיי די זעלביקע שטימען. קיין רוסיש הער איך קיין וואָרט נישט. איך פאַרשטיי, לויט זייערע רייד, אַז די בעלעבאַטים האָבן זיי אַרויסגעיאָגט. און איינעם פון זיי פאַרדריסט דאָס, און ער זאָגט צו די אַנדערע, אַז סתם אין דער וועלט אַריין זיי שלאָגן, דאַרף מען אויך נישט. אויף וואָס אַ צווייטער ענטפערט אים, ער זאָל זיך צופיל וועגן די רוסן נישט זאָרגן.

— מיר דאַרפן נישט קיין רוסן, נאָר — ערד, רוים, און וואָס ווייניקער זיי וועלן זיין, אַלץ לייכטער וועט זיין די דייטשן צו באַהערשן. האָסט שוין פאַרגעסן, פּראַנץ, איך געדענק — זאָגט ער — שוין נישט דעם נאָמען, ווי דער אַלטער האָט קאַפּוט געמאַכט האַנסן, ווען יענער האָט געצוווּנגען זיין יונגע טאָכטער צו שלאָפן מיט אים.

— מיר האָבן שפּעטער געמוזט קאַפּוט מאַכן דאָס גאַנצע דאָרף. איך גלויב, אַז קוזניעצאָוואָ האָט זי געהייסן, ביי סמאָלענסק.

— אָבער אַביסל מילך — ענטפערט יענער — וואָלט געווען נישט שלעכט.

ענטפערט די דריטע שטימע:

— איך וועל גיין זוכן די אַלטע.

איך הער, ווי יענער זאָגט אים לאַכנדיק:

— היי, אויגוסט, ווילסט שלאָפן מיט איר?

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן.

און איך הער דייטלעך, ווי עס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך אַ טיר. די גאַסיקע טיר הער איך נישט. פון דעם מאָמענט אָן קאָן איך קיין אבר נישט אָפּרייסן. דער קאָרק הייבט אָן ווייי צו טאָן. גיי איך צו צו דער צווייטער לאָך. ביי דער צווייטער הערט זיך שוואַכער. איך הער אָבער, ווי איינער זאָגט:

— זע, גיב אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אין קעלער. איך גלויב, אַז די רוסן זיינען ווי די דייטשן — זיי האַלטן דאָרטן קאַרטאָפל, אוגערקעס, אָדער שפּעק.

עס ווערט מיר אַביסל קאַלט. איך פאַרלעש דאָס לעמפּעלע. סיי ווי איז דאָרט נישט געווען קיין סך אייל. און קיין סאָלע האָב איך אויך נישט. אין דער פינצטער לייג איך זיך אַוועק און האָב מורא הויך צו אָטעמען. איך הער, ווי שווערע טריט לאָזן זיך אַרונטער אין קעלער. און דורכן דינעם שפּעלטעלע פון מיין טירל זע איך ווי אַ ליכט פון אַן עלעקטריש לעמפּל הייבט אָן אַרומלויפן רונד און אַרום. אין אַ געוויסן מאָמענט קריג איך אַ שמיץ פון אַ שטראַל ליכט אין אויג. מיר ווערט

פינצטער אין די אויגן. איך הער, ווי ער שרייט צום צווייטן, אַז יענער זאָל אים וואָס דערלאַנגען, ער זאָל קאָנען אַרויפּטראָגן קרויט מיט אוי־ גערקעס. זיי פילן זיך דאָ ווי ביי זיך אין שטוב. אָט די חוצפּה האָב איך גלייך באַמערקט ביי זיי אין ערשטן טאָג, ווען איך האָב זיי דער־ זען אויף דער רוסישער ערד. און אפשר קומט די חוצפּה ביי יעדן, ווען ער קומט מיט קראַפט. איך הער ווי ער הייבט אָן אַרויפגיין, און עס ווערט מיר אַביסל לייכטער אויפן האַרצן.

איך גיי ווידער צו צו מיין „טעלעפאָן" און הער נאָר צוויי שטימען. אין אַ ווײַלע אַרום הער איך, ווי עס עפנט זיך ווידער די טיר און עמיצער קומט אַריין. אַצינד הער איך ווידער דריי שטימען. און צו דעם, הער איך, ווי ער רעדט, קענטיק, צו דער אַלטער:

— מאַלאַקאָ... מילך... מלעקאָ... — דערלייגט ער אַ פּויליש וואָרט.

איך הער, ווי זי ענטפערט אים אויף רוסיש. פון אירע רייד איז צו פאַרשטיין, ווייל איך הער נאָר אָפּגעהאַקטע פראַזן. קענטיק, אַז זי ווייזט זיי מיט סמנים, אַז אויב ער וויל מילך, מוז איך בלייבן אין שטוב און קארמענען די קו, אַז נישט וועט זי פּגרן. דערביי גיט זי נאָך צו, אַז „פּגרן זאָלט איר בעסער".

אַז די אַלטע איז אין שטוב, ווערט מיר אַביסל לייכטער אויפן האַרצן. אין אַ ווײַלע אַרום הער איך, ווי די טיר עפנט זיך ווידער פון קעלער. לייכטע טריט. איך ליג לעבן טיר און וואַרט וואָס דאָ וועט זיין. עס פליען קאַרטאָפל אין אַ בלעכערנער כלי, און איך פאַרשטיי, אַז דאָס מאַכט זי ספּעציעל דעם טומל. זי ציט אָפּ עטוואָס דעם לייטער. איך מערק, אַז עס איז טאָג. איין וואָרט זאָג איך איר, און ווי ווייט מעגלעך שטיל:

— וואַסער.

זי גייט אַרויף מיט די קאַרטאָפל און איך גיי ווידער צו מיין „טע־ לעפאָן". איך הער ווי זיי רעדן צווישן זיך, ווער עס זאָל גיין אָפּנעמען די פאַרפלעגונג. איינער מאַכט אַ באַשטעלונג אויף 6 ציגאַרן אין דער קאַנטינע, און דער צווייטער — אויף 2 פּאַקעטן סיגאַרעטן. יאָ — טראַכט איך — אַלץ קלאַפּט נאָך ביי זיי, פּונקט ווי אין יאָר 1941. זיי עסן גוט, זיינען גוט באַזאָרגט, און די איינציקע דאגה, וואָס איך הער, איז אַז איינער דאַרף פאַר זיין מוטער געפינען אַ לייטישן פּעלץ. דער צווײ־ טער דאַרף פאַר עלזען שיקן אַ גוטע שטיק שפּעק. זייער גרויסע זאָרגן...

דער קאַרק טוט מיך ווי פון האַלטן כסדר דעם אויער ביים „טעלע־ פאָן". איך פּרוּוו גריזשען אַ סוכאַריק. אָבער זיי זיינען אַזוי טרוקן, אַזוי האַרט, און מאַכן אַן אַזאַ טומל ביים קייען, אַז איך האָב מורא צוצורירן זיך צו זיי. איך עס אויף אַ שטיק טרוקענע ברויט. און קיין וואַסער האָב איך נאָך אַלץ נישט. איך צינד ווידער אָן מיין לעמפּעלע, פאַרייכער אַ צונויפגעדרייט סיגאַרעטל, און מיר דוכט זיך, אַז עס ווערט מיר גרינגער אַביסל. איך טראַכט, אַז דאָס, וואָס איך האָב אָנ־

געהאַקט אַזויפיל האַלץ, איז גאַר געווען נישט צום גוטן. ווייל איצטער וואָלט דער אַלטער געהאַט אַ געלעגנהייט צו קומען, כדי אָנצוהאַקן האָלץ. שפּעטער האָט ער מיר דערציילט, ווי אַזוי דער סטאַראָסטע האָט זיך קוים מיט צרות איינגעבעטן, מען זאָל לאָזן דעם אַלטן קומען ביי־טאָג. שלאָפן פלעגט ער סיי ווי מוזן גיין צו זיין שוועסטער, ווייל די עס. עס. וואָס האָבן זיך געפונען ביי אים, האָבן אים אין שטוב נישט געלאָזן שלאָפן.

פון זייערע רייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן צום אַלטן נישט קיין צוטרוי. איבערהויפּט — צו קיין שום רוס נישט. אַזוי טראַכטנ־דיק, האָב איך שוין אַ פּאָר מאָל איינגעדרימלט. יעדעס מאָל האָט מיך דער דורשט ווידער אויפגעוועקט. די אַלטע עפנט ווידער די דעק פון קע־לער, זי רוקט אָפּ עטוואָס דעם לייטער. זי מיך זעט נישט, ווייל זי קומט פון דער ליכט. איך מערק, אַז אויבן איז ליכטיק. זי דערלאַנגט מיר אַ קליין פּעקעלע, און אַ פלאַש אין אַ בלעכערנער שיסל, פאַרדעקט מיט אַ טיכל. מיטן שיסעלע מאַכט זי אָן אַ טומל, אַז מען קאָן מיינען, זי קערט וועלטן. איך באַמערק צופעליק איר געזיכט, און אַ ביטערער רחמנות צעגייט זיך אין מיר. אַ צעשראָקן, בלייך פּנים. יעדעס מאָל, ביים עפענען און פאַרמאַכן דעם לייטער, גיט עס אַ סקריפּ. ס'איז, קענטיק, געווען אויסגערעכנט, אַז די דייטשן זאָלן אַריינגיין באַקוקן און ווען זיי וועלן קיין שום זאַך נישט פאַרדעכטיקן, זאָלן זיי אַוועקגיין. אָבער אַז זיי זאָלן קומען זיך באַזעצן אין אַ פּיצינקע, אָרעמע כאַטע, דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט אויסרעכענען.

ביי יעדן מאָל עפענען און פאַרמאַכן, האָט זי אָנגעמאַכט אַזאַ טומל, אַז אַלע זייטיקע גערוישן זיינען פאַרטויבט געוואָרן. איך הער ווי זי לייגט אָן קאַרטאָפל און פאַרמאַכט די דעק. איך גיב אַ זופּ פונעם וואַסער. שוין באַלד 36 שעה ווי איך האָב נישט געטרונקען. איך ציגד ווידער אָן מיין לעמפּעלע. דאָס פּעקעלע איז נאָך וואַרעם, קענטיק, אַז זי האָט עס געטראָגן אין בוזעם, צוגעדריקט צום קערפּער. איך נעם פונאַנדער — אַביסל צוואַרעך, אַ שטיק סאַלע און — אַ גאַנץ פּעקל סיגאַרעטן, אַז עס גלויבט זיך מיר אַליין נישט. איך דריי דאָס פּעקל אין אַלע זייטן און סוף כל סוף פאַרצי איך אַ גוטן בולגאַרישן סיגאַרעט.

לויט זייערע רייד אויבן, פאַרשטיי איך, אַז זיי זיינען געקומען אויף 25 טעג. איך שטעל זיך פאָר, אַז דער באַלעבאָס מיטן סטאַראָסטע, און נאָך אַ פּאָר מענטשן, האָבן געוווסט וועגן מיין עקזיסטענץ. אַז די עס. עס. וועלן זיין ביי זיי אין דערפל 25 טעג, אויף דעם האָבן זיי זיך אוודאי נישט גערעכנט.

שוין עטלעכע טעג, ווי איך הער, ווי דער אַלטער קומט אין שטוב. אַט געפין איך זיך שוין אין מיין באַהעלטעניש 5 טעג. דער באַלעבאָס קומט אַריין אין אַ מיטוואָך, דעם 4־טן מערץ 1942. ביידע זיינען אין קעלער. די דייטשן האָב איך נישט געהערט, הייסט עס, אַז זיי זיינען

אוועק. שוין עטלעכע טעג ווי זיי פֿאָדערן ביים באַלעבאָס שנאַפּס. איז אים איינגעפֿאַלן אַ פּלאַן, אַז ער וועט טרייבן סאַמאַגאָן ביי זיך אין שטוב, און ער וועט מאַכן אַ רויך, אַז עס וועט זיי פֿינצטער ווערן אין די אויגן, און זיי וועלן מוזן גיין שלאָפֿן ערגעץ אַנדערשוווּ.

איצטער זיינען די דייטשן נישטאָ. מען קאָן אָבער קיין זאַך נישט טאָן, ווייל עס איז טאָג. און צו דעם קאָנען זיי יעדן מאָמענט אונטער־קומען. מיר דאַרפֿן זיך צו דעם גוט צוגרייטן.

— דו מוזסט פֿון דאַנען אַרויסגיין — זאָגן מיינע באַלעבאָטים — ווען עס וועט זיין גוט פֿינצטער אויפֿן גאַס. אַז אפֿילו ווער פֿון די היגע ציווילע זאָל אויך נישט זען, ווייל נישט צו אַלעמען קאָן מען האָבן צוטרוי.

— אָט האָסטו זאַכן, דאָס הייסט די לאַפּטשעס. — און דערביי גיט ער מיר אַ פּעקעלע. די אַלטע איילט אים אַלע ווייִלע אונטער, און מיר זאָגט ער — דאַרפֿסט זיין גרייט.

איך הער ווי ער גייט אַרויף. איך צינד אָן מיין לעמפּעלע און וויקל פֿונאַנדער דאָס היפּשע פּעקל — מיינע לאַפּטשעס, אַ שטיק סאַלע, טיכער, אַרומצוּוויקלען די פֿיס, און מיין שינעל. אין דער זייט — פֿאַר־בייט מיט אַ שטיק סאַלדאַטסקע קאָלדרע. איך טו אָן מיינע לאַפּטשעס, גיי צו צום „טעלעפֿאָן". איך הער ווי די דייטשן זיינען ווידער אין שטוב. לויט די רייד, פֿאַרשטיי איך, אַז דער באַלעבאָס האָלט אין צופּראַווען די גאַנצע אַפּאַראַטור, אַנצוהייבן טרייבן סאַמאַגאָן, דאָס הייסט, היימי־שע וואָדקאָ.

איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און ליטע איז נאָך גע־ווען אומאָפּהענגיק, איז מיר עטלעכע מאָל אויסגעקומען בייצוזיין ביי פּויערים, ווי זיי פֿלעגן דאָס מאַכן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען שטרענג פֿאַרבאָטן, ווייל ס'איז אַ גרויסע קאָנקורענץ פֿאַר דער רעגירונג, מיטן מאָנאָפּאָל. צוליב מיין בלעכער־פֿאַך, איז מיר אויסגעקומען צו מאַכן די גאַנצע אַפּאַראַטור פֿאַר קליענטן, וואָס האָבן געהאַט צו מיר צוטרוי. אין אַזעלכע שיקן אַנדערע, אין זייער נאָמען. איך בין געווען אין דעם אַ ספּעציאַליסט, סיי אין דער אַפּאַראַטור, סיי אין צוגרייטן די שיטערע מאַסע, פֿון וואָס מען פֿלעגט דאָס קאָכן.

איך הער ווי איינער פֿון די עס. עס. פֿרעגט דעם באַלעבאָס, צי דאָס וועט לאַנג דויערן ? דער באַלעבאָס פֿאַרשטייט גאַנץ גוט, נאָר ער מאַכט זיך אַז ער פֿאַרשטייט נישט. פֿרעגט ער ביי אַ צווייטן, ווי מען זאָגט עס לויטן איבערזעצונג־בוך. אין אַ היפּשע ווייִלע אַרום הער איך, האַלב אויף דייטש און האַלב אויף רוסיש, ווי ער פֿרעגט אים דאָס זעלבע. דער באַלעבאָס ענטפֿערט :

— 10, אָדער 12 שעה.

— צום דאָנער וועטער. דאָס איז דאָך אוממעגלעך !

— קענטיק, אַז דו האָסט קיינמאָל נישט געזען, ווי מען מאַכט עס — ענטפערט אַ צווייטער.

— יאָ, געטרונקען שוין אַ סך מאָל, אָבער געזען ווי מען מאַכט עס האָב איך נישט.

און זיי הייבן אָן חשבונען אומגעפער די צייט ביז וואַנען דאָס וועט זיך ענדיקן. איך פאַרשטיי, אַז עס איז שוין באַלד 5 אַזייגער. דאָס הייסט, אַז אין דרויסן איז שוין אַביסל פינצטער. און אַליין מאַך איך אויך דעם חשבון, אַז דאָס דאַרף דויערן אומגעפער ביז דריי־פיר פאַרטאָג.

— דאָס הייסט, זאָגט יענער, אַז מען וועט נישט קאָנען שלאָפן.

— איך גלויב, אַז נישט, ווייל באַלד וועט ווערן אין שטוב אַזאַ עיפּוש. אין דייטשלאַנד ביי אונדז מאַכן עס די פּויערים אין דרויסן, ווייל אין שטוב איז אוממעגלעך צו זיין.

און דאָס איז געווען ריכטיק, ווייל אין ליטע פלעגן זיי טרייבן דעם סאמאגאָן אין וואַלד. ערשטנס, צוליב זיכערקייט, טאָמער קומט אונטער פּאָליציי, פלעגן זיי אַלץ איבערלאָזן אין מיטן קאָכן און אַליין נעלם ווערן. דאָס איז נאָך נישט אַלץ — טראַכט איך — איר וועט באַלד האָבן דאָס אומגליק, דאָס אייזערנע אייוועלע וועט אָנהייבן רויכערן. עס ווערט מיר אָבער אויך ביטער. אויב די שטוב וועט זיין פול מיט רויך, וועט ער דאָך אַריין אויך צו מיר. וואָס קאָן איך טאָן? פאַרשטאָפּן די לעכער? וועל איך דערשטיקט ווערן. ווייל לופט איז דאָ קוים־קוים צום אָטעמען.

איך הייב שוין אָן טאָקע צו שפּירן דעם ספּעציפישן ריח פון סאַ־מאגאָן, וואָס איך האָב געקענט. איך ווייס, אַז מינדעסטנס דאַרף מען האָבן אַנדערהאַלבן ביז צוויי שעה, איידער די ערשטע טראָפּנס הייבן אָן צו רינען. אַזוי גייט אַוועק אַ היפּשע ווייל. יעדע ווייל איז פאַר מיר אַ יאָר. צייטנווייז הער איך אַ דייטש זידל־וואָרט און ס'ווערט ווידער שטיל. מיט שרעק הייב איך אָן צו שפּירן ווי דער רויך הייבט אָן ביסלעכווייז אַריינצודרינגען אין מיין באַהעלטעניש. וואָס טוט מען? איך הער נישט, אַז זיי זאָלן זיך רירן פון אָרט. די אויגן הייבן מיר אָן ווייטצו טאָן. איך הער, ווי די דייטשן זאָגן, אַז מען דאַרף עפענען די טיר. קענטיק, אַז זיי האָבן טאָקע געעפנט, אָבער מיר איז נישט בעסער. דער אָרגאַניזם איז אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז דער קאָפּ דרייט זיך מיר. קענטיק, אַז איך האָב פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין, צי איך בין סתם איינגעשלאָפן. ווען עס וואָלט געדויערט צו לאַנג, וואָלט איך שוין נישט געלעבט.

איך שפּיר פּלוצים, מען וועקט מיך, און איך קאָן זיך נישט רירן פון אָרט.

— קום — זאָגט דער אַלטער — און וואָס גיכער!...

איך הער, אָבער איך רעאַגיר קוים. איך פיל לעבן זיך צוויי מע־נער, און איך הער, ווי זיי רעדן רוסיש:

— קענטיק, אַז ער האָט פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ. גיב — זאָגט ער צו דער אַלטער — אַביסל שניי.

צוויי פאַטערלעכע הענט שפּיר איך אויף מײַנע שלייפן, אויפן פּנים, אַ ציטער גייט מיר אַדורך פון קאַלטן שניי. איך הייב זיך אויף, און מײַן געדאַנק הייבט ווידער אָן נאָרמאַל צו אַרבעטן. איך הייב אָן אַרויסקריכן, און דער צווייטער — דאָס איז געווען דער סטאַראָסטע — העלפט מיר אונטער. דער אַלטער נעמט מיט אַלץ פון קעלער, אויך די סוכאַרעס. מיר גייען אַרויף אין דער הויך. מען העלפט מיר אָנטאָן דעם שינעל. מײַנע הענטשקעס זײַנען דאָ. איך שפּיר, אַז זיי זײַנען עפּעס גרעבער געוואָרן.

— נעם — זאָגט ער — גיב עפּעס אַ זופּ.

און עס פאַרכאַפּט מיר דער אָטעם פון שטאַרקייט. ריינער שפּירט. דאָס איז די ערשטע סאַמאַגאָן. שפּעטער הייבט אָן רינען שוואַכערע. איך פאַרבײַס אַ זויערע אוגערקע, און עס ווערט מיר גלײַך לײַכטער, פּונקט ווי דער בעסטער מעדיקאַמענט. מיר גייען אַרויס אין דרויסן. איך באַמערק, אַז די טאָכטער שטייט דאָ, און קענטיק, אַז זי היט, טאָמער קומט ווער אונטער אַ זײַטיקער. עס איז פינצטער, חושך אָבער ווינטער, צוליב דעם שניי, זעט מען דאָך עפּעס. די אַלטע גייט אַרויס צו מיר און זאָגט:

— פּראָשטשײַ, סינאָטשיק. דערמאָן נישט צום שלעכטן. אפשר ווען נישט איז ווען וועסטו קומען צו אונדז, וועסטו זײַן אַן אַנגעלייגטער גאַסט.

— נו — זאָגט דער אַלטער — מען דאַרף זיך אונטעראײַלן.

דער סטאַראָסטע רופט מיך אָפּ אין אַ זײַט, גיט מיר די האַנט און זאָגט:

— איך זע, אַז דו ביסט אַ סאָוויעטישער פּאַטריאָט. בלײַב שטענדיק וואָס דו ביסט. און איך האָף, אַז דער טאָג איז נישט ווייט, ווען מיר וועלן פּטור ווערן פון די פאַשיסטן. זײַ פאָרזיכטיק.

ער גייט אַוועק. איך האָב אַפילו קיין צײַט נישט צו באַדאַנקען פאַר דעם גוטס, וואָס זיי האָבן געטאָן פאַר מיר.

— נו — אײַלט אונטער דער אַלטער — פּאַשלי.

איך גיי צו צו דער טאָכטער און זאָג:

— קענטיק, אַז ס'איז נישט באַשערט מיר זאָלן זיך בעסער קענען. אויב איך וועל בלײַבן לעבן, קאָן זײַן אַז מיר וועלן זיך טרעפן.

איך גיב איר די האַנט. דאָס מיידל איז אָבער אין אַזאַ צושטאַנד, אַז איך פיל, זי קען קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן. זי נעמט מײַן האַנט מיט אירע ביידע הענט. און איין איינציקע וואָרט ברענגט זי אַרויס:

— מילי... (טײַערער) און צעוויינט זיך.

— נו — רופט זיך אָפּ דער אַלטער — געפונען אַ מאָמענט ווען צו וויינען...

און אויך אין זײַן קול פיל איך טרערן. מיר רירן פון אָרט. איך נעם דאָס היפּשע פּעקל, וואָס זיי האָבן מיר צוגעגרייט. נאָר דער אַלטער נעמט עס צו בײַ מיר פון דער האַנט. ער זאָגט:

— קום, איך וועל דיר אַביסל אַרויסבאַגלייטן.

איך באַמערק, אַז מיר נעמען די זעלבע ריכטונג, פון וואַנען איך בין געקומען, דאָס הייסט, צום וואַלד. ער דערקלערט מיר נאָך אַמאָל דעם וועג, ווו אומגעפער איך דאַרף גיין, אַז איך זאָל נישט בלאָנדזשען. דער שניי איז טיף, ווייל פון וועג זיינען מיר אַרונטער. מיר גייען פּאַמע־לעך. דערביי לערנט ער מיר, אַז אין שניי דאַרף מען זיך נישט איילן, טריט ביי טריט. און שטענדיק אַ קוק טאָן פון הינטן, פון וואַנען מען גייט. דאַן קאָן מען זיך בעסער אָריענטירן די ריכטונג אין אַ געגנט, וואָס מען קאָן נישט, לויטן פּאַס, וואָס מען לאָזט איבער אין שניי. גייענדיק, דערציילט ער מיר, אַז זייט די עס.עס. זיינען אין דאָרף, מוז זיין טאָכטער שטענדיק זיין אויסבאַהאַלטן. כמעט אַלע נאַכט קומט אַן אַנדערע באַנדע צו זיי זי זוכן. פיר מיידלעך, וואָס האָבן זיך צו דער צייט נישט באַהאַלטן, האָבן זיי פאַרגוואַלדיקט. אַז מיר זיינען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אומגעפער אַ שעה, זאָגט ער:

— איצטער קאָן מען זיך אַביסל אָפּרוען און צובייסן. וועסט נאָך מוזן גיין אַ גאַנצע נאַכט. מוזט זיך אַביסל שטאַרקן.

מיר געפינען אַן איינגעפאַלענעם בוים און מען זעצט זיך אַוועק. ער גיט אַן עפן דאָס פּעקל און איך זע אַ וואַרעמע פּאַרע אויפגיין. ער נעמט אַרויס אַ טשוגונענעם טעפּל, ער גיט מיר אַ הילצערנע לעפל: „נעם, בייס צו". איבערחזרן האָט ער נישט גענדאַרפט. אַליין האָט ער אַרויסגענומען אַ פלאַש:

— נעם אַ טראָפּן, אָבער פאַרזיכטיק, אַז נישט וועסטו ווערן שיכור און ערגעץ ווו פאַרפרוירן ווערן. צו דעם — זאָגט ער — וועסטו נאָך עפּעס געפינען אין פּעקל.

זיצנדיק, דערציילט ער מיר ווי זיי זיינען קוים פּטור געוואָרן פון די דייטשן, די דריי עס.עס. צוויי, זאָגט ער, האָבן אַליין געוואָלט אַוועקגיין, און איינער — כאַטש גיב אים אַ קרענק. דאָס איז געווען אַ ריכטיקער אַלקאָהאָליקער. ער האָט קוים דערלעבט די ערשטע טראָפּנס פון סאַמאָגאָן. ער האָט אַפילו אַליין געהאַקט קליינע שטיקלעך האָלץ, ס'זאָל בעסער ברע־נען. קוים האָט ער דערזען ווי עס הייבט אָן רינען דער אַלקאָהאָל, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אַלע ווייַלע געגעבן אַ זופּ און געזאָגט: „גוט, גוט". זיינע קאַמעראַדן האָבן אים געקענט. עטוואָס שפּעטער זיינען זיי צוריקגעקומען און מיטגענומען אַ גרויסע פלאַש סאַמאָגאָן. אַזאַ באַנדיטן־באַנדע! כמעט אַלע הינער מיינע האָבן זיי שוין אויפגעפרעסן, און טאַמער דערטאַפּן זיי מיין חזיר, וועלן זיי אים אויך פּטרן. דערצו האָבן מיר מורא געהאַט פאַר דיר. ווייל שפּעטער האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז קאָנסט דאָרט פאַרטשאַדעט ווערן.

נאָך פריער, איידער די עס. עס. זיינען געקומען, האָבן מיר געהאַט געערעדט וועגן דעם, ווי די דייטשן פאַרניכטן סיסטעמאַטיש די יידן אין די פאַרנומענע געביטן. מיר אַליין האָט זיך נישט ווילנדיק אַרויסגעריסן:

— ס׳קאָן נישט זיין. די דייטשן האָבן דאָך איצט גאַנץ אייראָפּע. ס׳קאָן דאָך נישט זיין זיי זאָלן שיסן פרויען און קינדער, אַלטע לייט.

— ווייסטו נאָך גאָרנישט. גיב אַ קוק וואָס זיי האָבן געמאַכט אין אָרשאַ. אין איין טאָג האָבן זיי אויסגעמאָרדעט 12 טויזנט יידן, קינדער, פרויען, אַלטע לייט. אויף אַלץ האָבן זיי געהאַט צייט. אַ סך פון זיי זיינען גאָר געווען האַלבע יידן. איצטער זאָגן זיי צו צען קילאָ זאַלץ מיט צען ליטער קעראָסין, ווער עס וועט כאַפּן, אָדער אָנווייזן אַ ייד.

זיי האָבן גערעדט מיט באַדויערן, און ס׳איז קענטיק געווען, אַז זיי זיינען נישט קיין יידן־שונאים. אַצינד, איידער מיר געזעגענען זיך, האָב איך געהאַט אַ פאַרלאַנג אים צו זאָגן דעם אמת, אַז כ׳בין אַ ייד. אפשר אויך דערפאַר, ווייל איך האָב אַביסל געטרונקען און ווייל ער איז אַזוי גוט געווען צו מיר. אָבער אין לעצטן מאָמענט האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן.

— נישט געקוקט — זאָגט ער — וואָס ביסט אַ שטאָטישער, האָסטו, זע איך, האַלט דעם דאָרף. וואָלסט אונדז זייער צונוץ געקומען, סיי פאַרן קאָלכאָז, און מעגלעך...

ער האָט אָבער נישט פאַרענדיקט. ס׳האָט אים פאַרדריקט ביים האַרץ. ער האָט מיר אַרומגענומען און געזאָגט :

— נו, דערמאָן נישט צום בייזן... מיר האָבן אַלץ געטאָן, וואָס מיר האָבן געקאָנט...

— ספּאַסיבאַ, אָטיעץ ! — האָב איך אים געזאָגט, איידער ער איז אוועק צוריק מיט דער זעלבער סטעזשקע.)

## קאַפּיטל 17

## ווייטער געוואַנדערט

איך בין געבליבן שטיין און אַ טרויער האָט מיך אַרומגענומען. אייגער אַליין אין וואַלד. ער האָט געזאָגט אומגעפער, וווהין איך זאָל נעמען מיין ריכטונג. איך בין געווען ביי גוטע מענטשן, אָבער וואָס פאַראַ מענטשן קאָן איך נאָך באַגעגענען ? איך האָב אָבער שטענדיק געהאַט אַ בלינדן צוטרוי צו מענטשן, און זעלטן ווען האָב איך זיך אָנטוישט. איך קוק זיך נאָך אום צום טייערן מענטש פון קאָלכאָז. ס׳איז דער 5־טער מערץ 1942. איך זע אים שוין אָבער נישט. איך ריר זיך נישט פון אָרט. עס איז קאַלט און אויפן האַרצן — נאָך קעלטער. איך טו אָן די הענטשקעס. די גוטע אַלטיטשקע האָט זיי מיר אויסגעפאַריכט, איינגענייט שטיקלעך פעלץ. עס מוז זיין אַ קעלט אַרום 30־35 גראַד. נישט איינמאָל האָב איך גע־ווונטשן אַלדאָס גוטס די הענט, וואָס האָבן מיר די הענטשקעס פאַרריכט. איך זיץ אויפן אומגעוואָרפענעם בוים אין דער פינצטער. מיין באַגאַזש ליגט אין סאַלדאַטסקן זעקעלע. איך געפין דאָרט אַ לעבל ברויט, אַ פּע־

קעלע טאַבאַק, אַ צייטונג, אַ שטיק סאַלע, אַ פלאַש סאַמאַגאָן און אין אַ טיכל זויערע אוגערקעס, און דאָס זעקל מיט סוכאַרעס. איך נעם אַרויס דאָס לעצטע סיגאַרעטל, און אַז איך פאַררויכער, ווערט מיר אַביסל היימ־לעכער. איך שפיר זיך נישט אַזוי עלנט.

נו, גוטער ברודער, זאָג איך צו זיך אַליין, ביסט טאַקע אַ גביר, אָבער אויף אַן אָרט בלייבן איז נישט קיין עסק. לויט דער ריכטונג, וואָס ער האָט מיר אָנגעוויזן, דאַרף איך זיך שטענדיק האַלטן נישט ווייט פון וואַלד. ווען איך קום אָן ביים גרויסן וועג, וואָס גייט פון אָרשאַ קיין גאָמעל, זאָל איך אים איבערשניידן און ווייטער גיין ביים ברעג צווישן וואַלד, וואָס איך וועל געפינען צוויי קילאָמעטער נאָכן וועג. דאָרט איז אַ באַרג־אַראָפּ, וואָס פירט ביזן דניעפּער. אויף רעכטס, האָט ער מיר גע־זאָגט, וועל איך זען עטלעכע גרויסע געביידעס. דאָס איז אַ סאָווכאָז. דאָרט דאַרף איך נישט אַריינגיין, אָמבעסטן פאַרבייגיין אומבאַמערקט. דאָרט — האָט ער מיר אָנגעזאָגט — איז אַ נעסט פון שלענג; ווייסרוסן, אָבער מיט דייטשע נשמות, נישט קיין מענטשן, נאָר טייוולאָנים. פון דעם סאָווכאָז זיינען געווען אַ סך, וואָס האָבן געהאָלפן צוזאַמענעמען די יידן פון אָרשאַ, איידער מען האָט זיי דערמאָרדעט. שפּעטער האָבן זיי צוריקגעבערענגט גאַנצע פורן מיט זאַכן פון די אויסגעקוילעטע.

געזאָגט האָט ער מיר, אַז דאָס דאַרף וועט זיין אומגעפער 20 ביז 22 וויאָרסט, איך האָב אָבער אַליין געמאַכט דעם חשבון און ס׳איז געווען ביי 30 וויאָרסט. ביזן סאָווכאָז בין איך געקומען אָן קיין שום שטרויכלונגען אויפן וועג. איך האָב געהאַט הינטער זיך ביי אַכט אָדער ניין שעה גאַנג. איך לאָז זיך אַרונטער דעם באַרג אויפן אויסגעפּאַרענעם וועג און דערגיי ביזן אויסבייג, וואָס פאַרקירעוועט זיך צום סאָווכאָז. איך גיי ווייטער, נישט טראַכטנדיק, ווי איך וואָלט געווען איינגעשלאָפן. אָט זע איך שוין דייטלעך די ערשטע געביידעס. געמויערטע, וואָס דאָס איז געווען גאַנץ זעלטן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָ איז פאַר דער רעוואָלוציע געווען אַן אימעניע פון אַ רוסישן גראַף. פּלוצלונג הער איך פון דער ווייטן אַ בילן פון אַ הונט. און דאָס וועקט מיך פּלוצים אויף פּונקט ווי פון שלאָף. שטעל איך זיך אָפּ און הער זיך צו. דער וועג גייט פּאַראַלעל מיטן דניע־פּער. איך גיי אָבער צוריק צום וועג, ווו ער פאַרקירעוועט זיך. איך לאָז זיך אַרונטער צום טייך. דער שניי איז דאָ טיפער ווי אין וואַלד. איך לאָז זיך אַריבערצוגיין דעם דניעפּער איבערן אייז. און אַ מאָדנע שרעק־געפיל גייט מיר נאָך. איך ווייס לויטן ניעמען, אַז ווינטער־צייט קאָן נישט נאָר אַ מענטש דורכגיין, נאָר אפילו שווערע טאַנקן קאָנען אָנהייב מערץ אַריבערפאָרן. איך ווייס אָבער אַז אַלע טייכן, וואָס ווערן פאַרפרוירן, האָבן געוויסע ערטער, וואָס פרירן נישט איין. בייטאָג זעט מען דאָס לייכט, אָבער ביינאַכט ?

איך שטעל דעריבער טריט ביי טריט. די פאָר הונדערט מעטער האָבן געמוזט דויערן אפשר אַ שעה ביז איך בין בשלום אויפן אַנדערן ברעג.

עס פאַלט ווידער אַ דין שנייעלע. עס הייבט מיר אָן צו ווערן וואַרעמער. דאָס העמד איז מיר צוגעקלעפּט צום לייב. עס גיסט זיך פון מיר אַ שווייס. איך בין נאָך אַלץ איבערגעשראָקן פון דעם פאַרשאָלטענעם סאַווכאָז, אַז איך האָב אפילו מורא אָפּצושטעלן זיך, אָפּצורוען זיך און עפּעס וואָס איבערכאַפּן. איך נעם אַרויס אַ פּאָר סוכאַרעס און גיי קייענדיק. איך דערגיי אַזוי ביז אַ קוסטאַרניק. עס הייבט קוים אָן צו טאָגן. דער שניי פאַלט געדיכטער. איך גיב אַ זופּ פון פלאַש סאַמאַגאָן און גיי ווייטער.

ווען דער טאָג איז שוין געווען אין רעכטן אויפגאַנג, באַמערק איך צווישן פאַלנדיקן שניי פון ווייטן עטלעכע הייזקעס, נאָענט ביים וואַלד. זאָל דאָס זיין גולאַיעווקאַ, וואָס דער אַלטער האָט מיר דערמאָנט. פון גרויסן וועג איז דאָס טאָקע נישט נאָענט, אָבער דער סאָווכאָז איז נישט ווייט. איך באַשליס אויסצופּרובירן מיין מזל.

אין דעם מאָמענט בין איך געווען אויף אַן אויסגעפּאָרן דאָרפיש וועגל. אָבער אַנשטאָט אַריינצוגיין אין דערפל, גיי איך צוריק אין וואַלד. איך באַטראַכט דאָס דערפל פון אַלע זייטן. ער איז כמעט נישט רואינירט. אַ פּאָר קוימענס פון אָפּגעברענטע הייזער. דאָס ערשטע שטיבל איז גאָר נאָענט, מיטן האַנט צו דערלאַנגען, דאָס אַנדערע — אַביסל ווייטער. איך זוך אויס אַ בוים אַרויפצוקריכן, קריך, אָבער דער שינעל שטערט מיר. ביי זיך גיב איך אַ טראַכט: וואָס טוט זיך מיט דיר, גערקע? אַזאַ קליין ביימל? איך וואַרף אַראָפּ דעם שינעל, בין שוין באַלד אויבן, און אָט ליגט פאַר מיר דאָס גאַנצע דערפל, ווי אויף דער האַנט. איך באַמערק מענטשן, וואָס באַוועגן זיך אַהער און אַהין. אָט טראָגט אַ פרוי אַ נאָסציע וואַסער. פון אַלע קוימענס גייט אַ פריילעכער רויך. איך באַמערק אָבער זייער ווייניק מענער. אָבער דאָס וויכטיקסטע — קיין אוניפאָרמען זעט מען נישט.

אין יענער צייט האָבן די דייטשן נאָך נישט אַזוי מורא געהאַט פאַר דער רוסישער אַוויאַציע, אַז זייערע לאַסט־אויטאָס האָבן זיי געלאָזן שטיין לעבן די הייזער, נישט פאַרמאַסקירט. עס איז געגנוג געווען צו זען אַן אויטאָ, צו פאַרשטיין, אַז דאָ געפינען זיך דייטשן. מיט די וועגענער — די זעלבע זאַך. אַ בלינדער האָט געקאָנט דערקענען, אַז דאָס איז אַ דייטשער און נישט קיין רוסישער וואָגן, אַז דאָס איז אַ דייטשער און נישט קיין רוסישער פערד. די דייטשע פערד זיינען געווען כמעט ווי טאָפּלט גרויס, די וועגענער — דאָס זעלבע.

אָן שינעל ווערט מיר קאַלט. איך קריך אַרונטער פון בוים און גיי פאַרזיכטיק צום דערפל. עס פאַלט נאָך אַ שיטער שנייעלע. קענטיק, אַז מען האָט מיך שוין באַמערקט. ווי אַזוי — פאַרשטיי איך אַליין נישט, ווייל די פענצטער פון הייזל זיינען אין דער אַנדערער זייט. עס באַגעגנט מיך אויף דער שוועל אַ מיטליאַריקע פרוי, צוויי מיידעלעך ביי דער זייט, פון 10 און 12 יאָר אַן ערך, פריילעכע, אַ געלעכטער אויף זייערע יונגע, נאַיווע פנימלעך. און איידער איך עפן נאָך דאָס מויל, פרעגן זיי, מיט אַ זאַפטיק געלעכטערל:

— זע, דיאַדיאַ, פון וואַנען קומט איר ?

און די עלטערע זאָגט :

— ווען איר וואָלט האָבן אַ באָרד, וואָלטן מיר געמיינט, אַז איר זענט דער „דיעדושקאַ מאַראָז"...

די מוטער גיט נאָר אויף זיי אַ קוק, און קענטיק, אַז ס'איז גענוג, זיי זאָלן שטיל בלייבן. איצט קוקט זי אויף מיר און איך טרעף זיך מיטן בליק פון אירע בלויע אויגן. אַזוי בלייבן מיר שטיין, נישט אויסרעדנ־דיק קיין איין וואָרט. איך פרעג, צי קאָן איך אַריינגיין, און זי ענט־פערט מיר נישט דירעקט, נאָר גלייכצייטיק זאָגט זי, אַז די טיר איז אָפן. איך גיי אַריין דער ערשטער, טו אויס מיין היטל און באַקוק אינע־ווייניק דאָס הייזל. כמעט ווי אַ קאָפּיע פונעם הייזל, וווּ איך בין גע־ווען, פון וואַנען איך קום. איך בעט אַ ביסל וואַסער. טראָגט מיר דאָס יונגערע מיידעלע צו אַ קווערטל וואַסער. איך גיב איר אַ גלעט איבערן קעפּל און באַדאַנק איר. מאַדנע, אויפן גאַס איז דאָס קינד געווען אַ סך דרייסטער, און דאָ האָט זי זיך אָפּגערוקט אַ פאַרשעמטע אַ ביסל ווייטער פון מיר. עס ווילט זיך עפּעס עסן. איך פרעג אָבער ביי דער באַלעבאָסטע, צי זי דערלויבט מיר צו פאַרייכערן.

— אויב דו האָסט — זאָגט זי — קאָנסטו רייכערן, ווייל איך האָב געענדיקט.

איר זאָג איז געווען אין אַזאַ מאַדנעם קאַלטן טאָן, און צו דעם האָט זי מאַדנע אויף מיר געקוקט, אַז איך האָב באַלד דערפילט אַן אומ־צוטרוי. איך האָב זיך געפילט אַביסל פאַרלוירן. איך נעם אַרויס מיין טאַבאַק מיטן צייטונג־פּאַפּיר, הייב אָן פאַרדרייען אַ באַנקרוטקע, און איך זע, אַז זי בליקט זייער מאַדנע אויפן טאַבאַק. איך פרעג איר צי זי רייכערט, זאָגט זי :

— צייטנווייז.

זי נעמט ביי מיר דעם טאַבאַק מיטן פּאַפּיר, און איך זע, אַז זי פאַרדרייט ד'י באַנקרוטקע בעסער פון מיר. און לויטן פאַרציען, זע איך, אַז נישט זי רויכערט צייטנווייז, נאָר דאָס איז אַ געניטע רויכערין. נישט ווייט זיצןביידע מיידעלעך, אין פּראָסטע סאַטינענע קליידלעך, ביידע מיט צעפּלעך, אויף די פיס לאַפּטשעס, ענלעך אויף מיינע. די באַלע־באָסטע אַליין, אין סאַלדאַטסקע קירזענע שטיוול, אַ הויכע, געזונטע רוסקע.

קודם פרעג איך צי די דייטשן זיינען נישטאָ אין דערפל. ענט־פערט דאָס עלטערע קינד, אַז איצטער זיינען זיי נישטאָ, אָבער זומער, אַז אין סאָווכאָז זיינען איינגעשטאַנען דייטשן, פלעגן זיי אַלע ווילע קו־מען, די פריצעס. ביים וואָרט „פריצעס", האָט די מאַמע אויף איר ווי־דער אַ קוק געגעבן, און די קליינע איז באַלד שטיל געבליבן.

קענטיק, אַז דער דראַטלאָזער טעלעגראַף האָט גוט געאַרבעט. אין אַ ווילע אַרום זיינען שוין געווען אין שטוב נאָך 4 קינדער פון די

שכנים, נאָך צוויי פרויען און אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן. אַן אינטעליגענטער אויסזען; האָט זיך מיט מיר באַקאַנט. אין דער צייט, ווען די פרויען האָבן מיט מיר גערעדט, האָב איך מיט אַ ווינקל פון מיין אויג באַמערקט, ווי די באַלעבאָסטע מיטן מאַן סודען זיך. באַלד זעצט ער זיך אַוועק קעגנאיבער מיר, נעמט אַרויס אַ גוטן, שוואַרצן טאַבאַק. איך באַמערק, אַז דאָס קליינע פּעקעלע איז ענלעך אויף די אוקראַאינישע מאַכאָרקע. אָבער דער טאַבאַק איז אינגאַנצן נישט ענלעך. צו דעם האָט ער דינע פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, וואָס איך האָב שוין לאַנג נישט געזען.

— נו — מאַכט ער — לאָמיר פאַררייכערן.

פאַרשטייט זיך, אַז די באַלעבאָסטע איז אויך דאָ. און מען פאַררויכערט. ער זאָגט מיר:

— אַנטשולדיק, פון וואַנען ביסטו? אָדער בעסער געזאָגט פון וואַנען קומסטו?

איך גיב אויף אים אַ מאָדנעם קוק און איך מערק, אַז אַלעמענס בליקן זיינען געווענדעט צו מיר. ביי זיך גיב איך אַ טראַכט: אויב דאָס איז אַ שונא, וועט זיין אַך און וויי צו אים, אפילו אַז ער וועט האָבן ביי זיך געווער. דאָס וויכטיקסטע — מאַכן זיך פאַר אַן אומשולדיק שעפּעלע, און אין אַ געוויסן מאָמענט געבן אַזאַ אודאַר אין שפּיץ פון דער מאָרדע, אָדער אונטער דער מאָרדע, אַז ער זאָל פאַרגעסן זיין אייגענעם נאָמען, וועט אים נישט אינטערעסירן קיין פרעמדער. איך טראַכט אָבער, אַז די דריי פרויען — דאָס איז שוין אַ גרעסערע געפאַר. איך ענטפער אים נישט גלייך, און באַטראַכט יעדעס וואָרט. איך פרעג אים:

— זאָגט מיר, איר זייט אַ היגער, פון דעם דאָרף?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן — אַ היגער און נישט קיין היגער.

— דאָס הייסט אַ צוגעקומענער.

לויט זיין האַלטן זיך און לויט זיין אַרט רעדן פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז נישט קיין פּראָוואָקאַציע. זאָג איך אים פּראָסט און אָפן:

— איך בין אַן אַנטלאָפענער פון געפאַנגענשאַפט. אַ פּאָר וואָכן בין איך געווען אין אַ צווייטן דאָרף. פון דאָרט האָב איך געמוזט אַוועקגיין, ווייל דאָרטן זיינען אָנגעקומען דייטשן. איך גלויב, אַז עס אינטערעסירט אייך פון וואַנען איך בין. אויב איר זענט נייגעריק, קאָן איך אייך זאָגן, אַז איך בין אַ סאַראַטאָווער.

— אַ סאַראַטאָווער? — פרעגט מיך איבער דער מאַן און אין דעם מאָמענט מערק איך ווי ער קוקט זיך מאָדנע איבער מיט דער באַלעבאָסטע.

— הייסט עס, אַז מיר זיינען „זעמליאַקי”, (לאַנדסלייט...)

— ווו האָסטו דאָרט געלעבט?

— ביים גרויסן וועג — זאָגט ער — וואָס פירט קיין קאָבישעוו. איר ווייסט ווו דאָס איז?

— איך ווייס נישט.

און אפילו היינט צו טאָג ווייס איך נישט ווו דאָס איז. אָבער אים ענטפער איך:

— איך האָב געלעבט ביי דער וואָלגע. מיין פאָטער פלעגט אָפט־מאָל איבערערעדן, אַז זייענדיק אין סאַראַטאָוו פאַר דער רעוואָלוציע, האָבן מיר געלעבט אויף קירפּיטשנאַיאַ.

איך האָב זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז מערסטן טייל גאַסן טראָגן שוין היינט אַנדערע נעמען, אַזוי אַרום אַז איך קאָן זיך לייכט טועה זיין. און דער פאַרדאַכט, וואָס זיי האָבן צו מיר, קאָן זיך נאָכמער פאַרשטאַרקן. דעריבער האָב איך אים געענטפערט, אַז איך האָב געלעבט ביי דער וואָלגע, אַנטקעגן ענגעלסק.

— א זאָגט ער — דאָס איז אויף דער צווייטער זייט שטאָט.

ביי זיך טראַכט איך, אַז דאָס איז נאָך בעסער. אַצינד פרעג איך:

— ווו וואָלט איך געקאָנט א פּאָר טעג איבערשלאָפן?

האָבן די פרויען און דער מאַן אָנגעהויבן אין דער הויך צו באַ־טראַכטן. איינע זאָגט:

— ווען סעמיאָן וואָלט געווען אין שטוב — און איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז אוודאי איר מאַן — וואָלט איך געקאָנט ביי זיי איבערנעכ־טיקן.

— אָבער איצט, אַז דער מאַן איז נישטאָ — זאָגט די אַנדערע — פאַרוואָס קאָן ער ביי דיר נישט בלייבן?

ענטפערט זי:

— היינטיקע נאַכט קאָן ער בלייבן, אָבער מאָרגן מוזסטו זען ער זאָל שלאָפן ערגעץ אַנדערשוווּ.

די פרויען האָבן נאָך באַוויזן צו פרעגן, פאַרן אַוועקגיין, צי איך בין אַ חתונה געהאַטער.

— איצטער — זאָגן זיי — זיינען אַלע „כאָלאָסטיאַקעס" (פריי־לידיקע, בחורים) און זוכן נאָר צו שדכנען זיך...

ענטפער איך, און זיי לאַכן זיך פונאַנדער, אַז „קיין כאָלאָסטיאַק" בין איך נישט, אָבער קיין אינוואַליד בין איך אויך נישט...

און איך פיל, אַז די גאַנצע אַטמאָספער האָט זיך דאָ געביטן. די קינדער בלייבן, און די פרויען מיטן מאַן גייען אַוועק. ער זאָגט מיר פאַרן אַוועקגיין, אַז ער וועט נאָך קומען מיט מיר זיך דורכרעדן. איך טו אויס דעם שינעל. ער איז אינגאַנצן דורכגעווייקט. פריער איז ער געווען פאַרפרוירן, אין דער וואַרעמקייט איז ער אָפּגעגאַנגען. עס רינט פון אים. איך הענג אים אויף אויפן אויוון און זעץ זיך אַוועק אויסטאָן די לאַפּטשעס. איך בינד אָפּ די שטריק. די גאַנצע צייט, נישט אויס־רעדנדיק קיין וואָרט, דרייט זיך אַרום לעבן מיר אַ יאַטעלע פון אַ יאָר 5, אָדער 6. ער זאָגט מיר:

— דאַוואַי, דיאַדיאַ, פּאַמאַגו. ער וויל מיר העלפן, זאָגט ער.

— קאַקאַי געראַי! — זאָג איך אים — ווי רופט מען דיך?

— וואָלאָדיאַ — ענטפערט ער.
— און ווי אַלט ביסטו ?
— אין אַ חודש אַרום וועט מיר זיין 7 יאָר.

ער וויל מיר העלפן אָפּבינדן, אָבער די שטריקלעך זיינען פאַר־פרוירן, נאַס, און ס׳געלינגט אים נישט. די איבעריקע קינדער שפּילן זיך אין אַנדערן ווינקל. די באַלעבאָסטע גייט אַלע ווײַלע צו, קוקט אויפן ייִנגעלע, שמייכלט. איך באַמערק, ווי דאָס ייִנגערע מיידעלע שטייט און קוקט זיך צו ווי דאָס ייִנגל וויל אָפּבינדן. אַזוי זיצנדיק לעבן וואַרעמען אויוון, האָב איך איינגעדרימלט.

ווי לאַנג איך בין געשלאָפן, ווייס איך נישט. איך פיל, אַז מען וועקט מיך :

— דיאַדיאַ, קום עסן.

איך כאַפּ זיך אויף. איך זע, אַז איך בין באַרוועס. צוגעגרייט שטייט אויפן טיש אַ גרויסע שיסל מיט שטשי, געקאָכטע זויערע קרויט, אַ גרויסער טאָפּ מיט הייסע קאַרטאָפל. ביים טיש אַ וואַש־שיסל, אַ הילצערנער עמער מיט וואַסער. איך גיב זיך אַ פּלוסקע אַרום, וויש זיך אָפּ. קענטיק פאַר מיר צוגעגרייט אַ לייוונטענער האַנטוך. און דאַ דערמאָן איך זיך, אַז שוין אַ וואָך צייט ווי איך האָב זיך נישט ראַזירט. איך טאָפּ אָן מיין באָרד. די באַלעבאָסטע באַמערקט עס און זאָגט :

— אויב איר וועט וועלן, קאָנט איר זיך אָפּראַזירן. איך וועל אייך געבן אַ בריטווע. אָבער — נאָכן עסן. עס איז שוין נאָך 2 אַ זייגער.

זי גיט דערביי אַ קוק אויפן וואַנט־זייגער, גיט אַ צי איינעם פון די געוויכטער, וואָס הענגט אַראָפּ. אין לאַגער האָט מען זייער זעלטן געזען אַ זייגער, און ס׳ווערט מיר פריילעכער. ווייל אין לאַגער — ווי די צייט וואָלט סיי ווי קיין צייט נישט געווען. איך האָב געמוזט אַזוי אָפּשלאָפן 4 אָדער 5 שעה. איצט בין איך אויסגערוט. מען נעמט זיך צום עסן. אויסער די צוויי מיידלעך, זיצט לעבן מיר דאָס ייִנגל וואָלאָדיאַ, אַנטקעגן זיצט די באַלעבאָסטע מיטן עלטערן מיידל. עסנדיק, דערציילט זי מיר אָביסל וועגן איר לעבן. איך דערוויס זיך, אַז דאָס ייִנגל איז אַ ריכטיקער ברודער פון אירע קינדער, אָבער נישט איר זון, אַ פּלימעניק איז ער. איך גיב אויף איר אַ מאָדנעם קוק און זי פאַרשטייט מיין פראַגע, אָן איין וואָרט.

— גאַנץ איינפאַך — דערציילט זי — מיין מאַן האָט זיך פאַרליבט אין מיין לייבלעכער שוועסטער און זי האָט געבוירן פון אים אַ קינד. ער איז ביי זיין פאָטערס עלטערן, און די קינדער האָבן אים האָלד. וואָס איז ער שולדיק ? — זאָגט זי.

ענטפער איך איר, אַז איך זע, אַז זי האָט אים אויך נישט פיינט.

— יאָ — זאָגט זי, — ער איז זייער אַ גוטער ייִנגעלע, אַ גוט דערצויגענער, נישט ווי מיינע. אומעטום מישן זיי זיך אַריין.

— ווו איז איצטער דער מאַן ?

— דאָרטן, ווו אַלע. זייט ער איז אַוועק אויפן פראָנט, איז פון אים געווען איין בריוו, אָנהייב יולי, און אויך דורך אַ צופאַל. און מער האָט מען וועגן אים נישט געהערט.

די נאַכט הייבט אָן צופאַלן. איך נעם אַרויס פון מיין פעקל טאַבאַק, וואָס איך האָב געקריגן ביי די פריערדיקע טייערע מענטשן, שיט אויס אַ היפש ביסל אויף פּאַפּיר און בעט איר דאָס צו נעמען.

— ניין — זאָגט זי — בשום אופן נישט. שוין לאַנג ווי פון אונדזער דאָרף איז מען נישט געווען אין אָרשאַ. מען קאָן פאַר עטלעכע אייער, פאַר אַ שטיקל פּוטער, אָדער איבערהויפּט פאַר סאַלע, קריגן ביי די דייטשן אַלץ. אַלץ האָבן זיי און אַלץ דאַרפן זיי.

זי גייט צו און נעמט אַרויס פון גרויסן קאַסטן אַ קליין לעדערן זעקעלע און גיט עס מיר:

— אַט האָסטו אין וואָס צו האַלטן דעם טאַבאַק.

און זי לייגט אַריין דעם טאַבאַק, וואָס איך האָב אויסגעשאָטן אויפן פּאַפּיר. נאָר אויף צוויי ציגאַרעטלעך, זאָגט זי, לאָזט זי זיך איבער. און מיר פאַרויכערן. די מיידעלעך זיצן אויפן אויוון און אַלע ווילע הערט מען פון דאָרטן זייער זאַפּטיקן געלעכטער. וואָלאָדיאַ זיצט אָבער לעבן אונדז. איך הייב אים אָן אויספרעגן, צי ער קאָן לייענען און שרייבן.

— אַ, — זאָגט ער — איך קאָן שוין אַ סך.

— נו, און וואָס וועסטו טאָן, אַז דו וועסט זיין אַ גרויסער?

— איך וועל ווערן אַ פּאַרטיזאַן — זאָגט ער, נישט קלערנדיק אפילו — און שלאָגן די פריצעס...

דער ענטפער איז מיר אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז מיר האָבן זיך אַלע צעלאַכט. אָבער אונדזער צוקונפטיקער פּאַרטיזאַן האָט נישט געלאַכט, און מיט פאַרדרוס אונדז געזאָגט, ווי אַ גרויסער:

— איך ווייס נישט פון וואָס איר לאַכט אַזוי? איך רעד דאָס ערנסט.

— ווי הייסטו לויטן פאָטערס נאָמען? — פרעג איך.

— אַנדרייעוויטש. ...וואָלאָדיאַ אַנדרייעוויטש.

— הער זיך איין, וואָלאָדיאַ אַנדרייעוויטש, עס איז נישט שלעכט, וואָס דו ווילסט ווערן אַ פּאַרטיזאַן, אָבער פאַר פרעמדע מענטשן דאַרפסטו דאָס נישט זאָגן.

— דאָ איז דאָך נישט פאַראַן קיין פרעמדע.

מיר קוקן זיך איבער מיט דער באַלעבאָסטע און זי גיט מיר אַ ווונק, ווי איינער זאָגט: לאָז אים צו רו. זי פרעגט אים, צי ער וויל גיין אין שטוב צו דער באָבושקע. ענטפערט ער, אַז ער וויל בלייבן שלאָפן דאָ. פרעג איך:

— און זיי וועלן גאָרנישט זיין אומרואיק?

— ניין. איך שלאָף אָפט דאָ.

— ווי רופט מען דיך ? — פרעגט ער מיך דרייסט.
— מיך — זאָג איך — רופט מען גרישאַ.
— אוי, דער זעלביקער נאָמען ווי ביים זיידן.

די באַלעבאָסטע בעט מיר אויס אויף אַ באַנק לעבן טיש, און די גאַנצע משפחה קריכט אַרויף אויפן אויוון. אין עטלעכע מינוט אַרום כראָפּע איך שוין. אין מיטן נאַכט, איך ווייס נישט ווי שפּעט ס׳איז. דאָס איינציקע ביסל ליכט פון דרויסן זיפּט זיך דורך דורכן פאַרפרוירענעם פענצטער. איך פיל, אַז עמיצער טוליעט זיך צו צו מיר, האַלט מיך מיט אַ האַנט אַרומגענומען. איך טאַפּ אָן דעם קאָפּ און כאַפּ זיך גלייך, אַז דאָס איז וואָלאָדיאַ, אַ האַלב אָפּגעדעקטער ליגט ער און האַלט מיך אַרומגענומען.

אין דער פרי, איך כאַפּ זיך אויף, די באַלעבאָסטע איז שוין לאַנג אויף די פיס. דער אויוון ברענט. און קענטיק, אַז עס פעלט האָלץ צום הייצן. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אָנהאַקן האָלץ, מיך נישט אויפ־צוּוועקן. איך גיב זיך אַ כאַפּ, וואָלאָדיאַ איז מער נישטאָ לעבן מיר. די באַלעבאָסטע זאָגט מיר, אַז זי האָט אים אַרויפגעטראָגן אויפן אויוון.

אין שטוב שטייט אַ גרויסער קלאָץ, אויף וועלכן מען האַקט האָלץ. די באַלעבאָסטע טראָגט אַריין פון פּירהויז גרויסע שטיקער האָלץ און קלייבט זיך צום האַקן. איך גיי אַראָפּ פון געלעגער. שלאָפן בין איך אַלע מאָל געשלאָפן אין די זאַכן. קיין פּאָדלאָגע איז, פאַרשטייט זיך, נישטאָ. איך וויל צונעמען פון איר די האַק, און זי וויל מיר נישט געבן. איך נעם דאָך צו, דערביי זאָגט זי מיר :

— פּאַרזיכטיק, זי פאַלט אַראָפּ.

אַ פּינטל מיטן אויג, און עס ליגט שוין אַ גרויסע קופּע מיט גע־האַקטע האָלץ. איך געפין, אַז דאָס הענטל פון דער האַק איז צו קורץ. איך שטעק אַריין די פיס אין הילצערנע קאָלאָדקעס, וואָס די באַלע־באָסטע גיט מיר, און איך גיי אַרויס אין פּירהויז זוכן אַ שטיקל פון וואָס מען זאָל קאָנען מאַכן אַ הענטל. אָבער איך געפין נישט קיין פּאַ־סיק שטיקל האָלץ. איך גיב אָן עפּן די טיר און באַמערק אַ פּלאָקן, קענטיק פון געוועזענעם פּאַרקאַן. מיט עטלעכע קלעפּ פון דער האַק, נעם איך אים אַרויס. אין אַ שעה אַרום האָט מיין באַלעבאָסטע אַ גוטע האַק. זי באַקוקט זי פון אַלע זייטן און פּרובירט איר אויס.

— כאַראַשאָ — זאָגט זי.

און מיר זעצן זיך צום טיש. אָפּגעגעסן, וואָלאָדיאַ איז לעבן מיר.

— פּאַרוואָס ביסטו צו מיר געקומען שלאָפן ? — פרעג איך אים.

זאָגט ער אַז מיט די באָבעס איז אים אומעטיק. דער זייגער איז פאַר צען. די באַלעבאָסטע דערציילט מיר, אַז דער מאַן, וואָס איז גע־ווען, איז אַליין אַ לערער. ער איז שוין דאָ פון יולי פאַריקן יאָר. ער רעכנט זיך שוין ווי אַ היגער. ער זעט אויס צו זיין נישט קיין שלעכ־טער מענטש, אָפּטמאָל קלייבט ער צונויף די קינדער און לערנט זיי.

לעבן לעבט ער מיט אַ פרוי אָן קינדער, וואָס דער מאַן אירער איז אַוועק אויפן פראָנט. פאַרן קריג — דערציילט זי — האָבן זיי שוין סיי ווי געלעבט שלעכט צווישן זיך. ווייטער דערציילט זי מיר, אַז דער סטאַראָסטאַ ביי זיי איז נישט קיין שלעכטער, אָבער מיט דער פּאָליציי, איז ווי אַמאָל. אַז ער איז שיכור, טשעפּעט ער זיך צו אַלעמען. און פאַר פרעמדע איז ער געפערלעך. פרעג איך:

— איז ער אַ היגער?

— אַ היגער. אין קאָלכאָז האָט ער נישט געוואָלט אַרבעטן, ווייל אין אונדזער קאָלכאָז האָט מען קוים פאַרדינט צום עסן, פּונקט ווי אין אַנדערע קאָלכאָזן...

דערווייל ראַזיר איך זיך אָפּ, און באַטראַכט, אַז דאָ איז פאַר מיר נישט קיין אָרט. איך וואַש זיך אָפּ.

— זע — זאָגט די באַלעבאָסטע — דו ביסט אינגאַנצן אַ יונגער. מיר האָבן דיר נעכטן געגעבן ביז 37 יאָר...

— אַז איך בין אַריינגעקומען, האָט איר מאָדנע געקוקט, מיט אַ מין פאַרדאַכט, קאָנט איר מיר נישט זאָגן — פאַרוואָס?

— מיך רופט מען גאַליאַ איוואַנאָוונאַ. און דאָס וואָס מיר האָבן אייך געהאַט אויפגענומען מיט אומצוטרוי, איז עס פּשוט דערפאַר, ווייל ווי אַן אַקאַרשט־אַנטלאָפענער געפאַנגענער האָט איר נישט אויסגעזען. אַלץ אויף אייך פאַרלאַטעט, פאַרריכט. עס גייען אַרום איצט אַזוי פיל, אַז עס איז שווער צו אונטערשיידן ווער דאָס זיינען פאַראַ מענטשן. און מיר לעבן נישט ווייט פון וואַלד. אַלע מאָל גייען זיי פאַרביי, פאַרהאַלטן זיך. דאָס וויכטיקסטע, די געפאַנגענע בעטן די ערשטע זאַך עסן, און דו — נישט.

דערביי גיט זי אויף מיר אַ מאָדנעם קוק. איך הייב זיך אויף און ווייז איר אויף מיין זעקל.

— איר זעט, גאַליאַ איוואַנאָוונאַ, דאָ האָב איך אויף 10 טעג עסן. פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן, האָבן מיר געגעבן. ס'איז נישט מיין שולד, וואָס איך דאַרף זוכן יעדן טאָג אַ דאַך איבערן קאָפּ. איך דאַנק אייך פאַר דעם גוטס, וואָס איר האָט מיר געטאָן. נאָר איך גלויב, אַז ס'וועט זיין בעסער פאַר מיר און פאַר אייער דאָרף, כ'זאָל גיין זוכן אַ ביסל אַ מער רואיקער אָרט, איבערהויפּט עטוואָס ווייטער פון סאָווכאָז, ווייל וועגן אָט דעם סאָווכאָז האָב איך שוין געהערט...

איך טו זיך אָן די לאַפּטשעס, און פרעג זי דערביי אויס וועגן די אַרומיקע דערפער. זי גיט מיר אומגעפער די זעלביקע אָנווייזונגען, ווי דער פריערדיקער באַלעבאָס, און איך זע, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט פיינט די סאָוויעטן־מאַכט, איז זי אַן ערלעכע, אומגליקלעכע פרוי.

איך טו זיך אָן, הייב זיך אָן געזעגענען. זי זאָגט מיר:

— וואַרט אַ ווײַלע.

זי קומט אַרויף פון קעלער און ברענגט מיר אַ גרויסן קעז. איך וויל נישט נעמען, אָבער זי שטופּט אים מיר אין זעקל אַריין. איך דאַנק איר. איך געזעגן זיך מיט די קינדער. וואַלאַדיאַ פרעגט מיך:

— דיאַדיאַ גרישאַ, פאַרוואָס גייסטו אַזוי גיך אַוועק?

ס׳פאַרקלעמט מיר ביים האַרץ. איך גיב אים אַ גלעט איבערן קע־פּעלע, גיב אים אַ הייב און זאָג:

— נו, זיי געזונט, פּאַרטיזאַן...

אין דרויסן נעם איך ווידער די ריכטונג פון וואַלד. ביים ראַנד פון וואַלד קער איך זיך אום און זע פון וויטן צוויי מאַנסלייט גיין אין דער ריכטונג. איך שטעל זיך אָפּ, וויל דערגיין וווהין זיי ציען. אָבער סיי ווי סיי בלייב איך דאָ נישט, טאָ צו וואָס דאַרף איך זיי? דער פראָסט האָט נאָכגעלאָזן. נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער, געפין איך אַ וועג, און באַשליס, אַז וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין, איך גיי מיטן וועג. ס׳איז אַ סך לייכטער צו גיין מיטן וועג. עס גייט זיך אַזוי גיכער. עס הייבט אָן צו ווערן טונקל, ווען איך דערזע פון וויטן אַ דאָרף, און מיר דאַכט זיך, אַז עמיצער דערנענטערט זיך צו מיר. ווו אַהינצוטאָן זיך האָב איך נישט. אַ פערד הירזשעט. דער וועג איז שמאָל, אַז איך מוז אָפּטרעטן אין אַ זייט, דער שליטן זאָל קאָנען דורכפאָרן. עס כאַפּט זיך ביי מיר אַרויס: „גוטן אָוונט״. ענטפערט מיר אַ שטימע: „זדראַאָוו״. איך פרעג:

— ווי הייסט דאָס דאָרף?

— פוגלייאַי — ענטפערט מען מיר.

— איר זענט פון דעם דאָרף?

— ניין, און פון וואַנען זענט איר?

— פון לעאָנאָווקאַ.

אַ פרוי מיט אַ מאַן זיינען אויפן שליטן.

— איר קאָנט מיך אפשר מיטנעמען? — פרעג איך.

— סאַדיס! — זאָגן זיי.

איך זע, אַז דער מאַן איז טויט־שיכור. ער הייבט אָלע ווײַלע אָן אַ ניי לידל אונטערצוזינגען. מיר פאָרן אונטער אַ היפּש שטיקל מיטן וועג, פון וואַנען איך בין געקומען, אָבער איך זע, אַז מען פאַר־קירעוועט זיך אין אַ זייט. די פרוי, אַ יונגע, פרעג איך, צי דאָס איז איר מאַן. זאָגט זי — ניין, ס׳איז איר ברודער. ווי ווייט, פרעג איך, איז לעאָנאָווקאַ?

— וואָס, דו ווייסט נישט? ביי אַ 10 וויאָרסט.

— דיין ברודער, זאָג איך, איז איינגעשלאָפן. ער קאָן פאַרפרוירן ווערן.

— זאָל ער פגרן... — מאַכט זי — נאָר צרות מאַכט ער אונדז אָן.

איך וואַרט, אַז זי זאָל מיר דערציילן ווייטער, אָבער זי איילט זיך נישט. זי הייבט מיך אָן אויספרעגן, ווער איך בין, צי האָב איך ווען נישט איז אין לעאָנאָווקאַ. דערווייל גיב איך איר אַ פרעג:

— ווי איז דאָרטן די פּאָליציי ? און דאָס וויכטיקסטע — דער סטאַ־ראָסטאַ ?

— אַט דער — ווייזט זי אויפֿן ברודער — דער פּיאָניצע, איז דער צווייטער פּאָליציי, און דער ערשטער איז אויך נישט בעסער...

איך פֿרעג זי אויס פּאַרזיכטיק און דערגיי ביי איר, אַז אין דאָרף זיינען דאָ אַ היפּש ביסל קריגס־געפֿאַנגענע, ביי 20 מאַן. איך האָב גע־ווּוסט, אַז אין אַ סך דערפֿער באַהאַלטן זיך, און אפילו אַזעלכע, וואָס באַהאַלטן זיך גאָרנישט, דאָס הייסט פֿאַררעגיסטרירטע, אָדער ווי מען זאָגט אויף רוסיש: אויפֿן „אוטשאָט". איך גיב איר אָנצוהערן, צי איך וועל אַ געוויסע צייט קאָנען לעבן אין דאָרף פֿון וואַנען זי איז. (די זעלבע מאַרוסיאַ איז שפּעטער געוואָרן מיינע אַ גאָענטע פֿריינדין און אַ דאַנק איר ברודער האָב איך דאָרטן געקאָנט אָפּזיצן אַ פּאָר חדשים.) דערווייל ענטפֿערט זי:

— אויב עס איז דאָ אָרט פֿאַר 20, וועט זיין פֿאַר אַן 21־טן. די פּאָליציי זאָגט גאָרנישט. פֿאַר אַ ליטער בראָנפֿן קאָן מען אָפּקויפֿן דייטש־לאַנד מיט ראָטנפֿאַרבאַנד צוזאַמען...

— נו — זאָג איך — דאָס איז נאָך נישט געפֿערלעך. דאָס וויכ־טיקסטע — צי האָט מען וועמען אַרעסטירט און אָוועקגעפֿירט צו די דייטשן ?

— ניין, דאָס נישט. דער — זאָגט זי — פֿון פּוגלייאַי, דער איז אַ באַנדיט. אי ער נעמט אַלץ צו, אי ער פֿירט גלייך אין קאָמאַנדאַטור. צוויי מאָל האָט מען שוין אויף אים געשאָסן, אַ הינטיש מזל האָט ער...

און דאָ בלייבט זי שטיל. מסתמא דערפֿאַר, ווייל זי קאָן מיך נישט און זי האָט שוין צופֿיל גערעדט. איך דערוויס זיך, אַז איר מאַן איז אומ־געקומען אין די ערשטע טעג פֿון קריג און אירע צוויי ברעקלעך קינדער האָט מען עוואַקויִרט אין טיף רוסלאַנד. איך באַשליס, אַז דאָ קאָן זיין פֿאַר מיר אַ גוטע געלעגנהייט צו פֿאַרבלייבן אַ שטיקל צייט. ערשטנס, פֿילט זיך אַרויס, אַז זי זוכט אַ מאַן; און צווייטנס, דאַרף מען האָבן אַ באַקאַנטן, און טאַקע אַ פּאָליציסט. דער ברודער שלאָפֿט און איך זעץ זיך לעבן זיי. ביידע זיינען זיי אָנגעטאָן אין וואַליקעס, אין פּעלצן. דאָס קליינע פֿערדל, קוים וואָס עס גייט. עס ווערט מיר קאַלט, און אַלע ווײַלע גיי איך אַרונטער פֿון שליטן, כדי צו דערוואַרעמען זיך.

אין דאָרף קומען מיר אָן שפּעט ביינאַכט.

— היינט — זאָגט זי, — קאָנסטו איבערשלאָפֿן ביי אונדז, און מאָרגן וועט מען זען.

מיך מיטן ברודער לאָזט זי אַראָפּ לעבן זייער שטוב. אַן עלטערע פֿרוי גייט אַרויס אַנטקעגן. איך הער ווי זי זאָגט: „מאַמע, נעם אויף אַ גאַסט"... איך הער, ווי די אַלטע ענטפֿערט מיט אַ בורטש: „ווידער אַ גאַסט"... איך מאַך זיך נישט הערנדיק און העלף איוואַנען אַרייַנגיין אין שטוב.

— שוין ווידער שיכור — זאָגט די אַלטע.

— דו „וויעדזמע", שווייג! — שרייט ער אויס, און דערביי דער־לייגט ער אַ פּאָר פּעטע רוסישע זידל־ווערטער — וואָס בורטשעסטו? טוואַיאַ דיעלאָ מאַלינקאָ! (דיין עסק איז אַ קליינער), ס'הייסט, דו מיש זיך נישט...

אין די דערפער איז כמעט גאָרנישט געווען צו קריגן. אַן עמער, אַ שיסל, אַ טאָפּ, קליידונג — גאָרנישט. אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ בלעכער, איז געווען פּאָר זיי אַ גליק צו האָבן. צו דעם בין איך נאָך געווען אַ ספּעציאַליסט צו מאַכן אַפּאַראַטן צום טרייבן סאַמאַגאָן. און אָט בין איך שוין אין דאָרף לעאָנאָווקאַ, ביי 25—20 קילאָמעטער פון אָרשאַ. איך גיי אַרום פראַנק און פריי. איך באַהאַלט זיך נישט. דער גאַנצער דאָרף קען מיך און איך קען די מערסטע פון דאָרף.

## קאַפּיטל 18

## דאָס רוסישע דאָרף

מאַרוסיאַ, וואָס האָט מיר געבראַכט צופירן, איז זייער שטאָלץ מיט דעם, און יעדעס מאָל, ביי אַ געלעגנהייט, דערמאָנט זי עס. איך פאַרגעס נישט איר צו באַזוכן. און איר ברודער איז גאָר צופרידן דערפון. קענטיק נישט אַזוי פון מיר, ווי פון דער פלאַש סאַמאַגאָן, וואָס איך ברענג יעדעס מאָל. דאָס דאָרף איז ווייט פון אַ גרויסן וועג. דייטשן קומען אַהער זייער זעלטן. אַז מען באַמערקט פון דער ווייטן, ווי זיי קומען אָן מיט אַ שליטן, לויפן שוין די קינדער אָנזאָגן די, וואָס דאַרפן זיך אויסבאַהאַלטן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין צווישן זיי.

שבת ווערט דאָ געהייצט די אַלגעמיינע באָד. אַנדערע באַלעבאָטים האָבן אייגענע קליינע בעדער. נישט אַלע ווייסן וואָס דאָס הייסט אַ באָד אין אַ דאָרף אין ווייסרוסלאַנד: אַ פיר־קאַנטיקע הילצערנע געביידע, אַ גרויסער אויוון. אויסער האָלץ, לייגט מען אַריין אין אויוון גרויסע שטיינער. דערביי שטייען צוגעגרייט צוויי הילצערנע טונען מיט וואַסער. הייצן הייצט מען די באָד איין פאַרטאָג. די ערשטע קומען זיך באָדן די מענער. דער פירהויז ווערט געניצט אויף אויסצוטאָן זיך, עס שטייען לאַנגע בענק. מען וואַרפט אַריין אין וואַסער די גרויסע שטיינער, ביז רויט אָנגעגליט, אין איין פאַס, און אין דער צווייטער בלייבט דאָס וואַסער קאַלט. עטלעכע שטיינער בלייבן ליגן אין אויוון, מען גיסט אויף זיי אַרויף וואַסער, און די פּאַרע צעגייט זיך. מען פּאַרעט זיך אויף דער פּאָדלאָגע.

אַז די מענער האַלטן ביים ענדיקן וואַשן זיך, קומען אָן די פרויען.

אין דאָרף האָב איך זיך באַפריינדעט מיט נאָך צוויי אַנטלאָפענע געפאַנגענע, יידן. איינער פון אַלמאַ־אַטאַ, די הויפּט־שטאָט פון קאַזאַכסטאַן,

און דער צווייטער, אַ געוועזענער פּאַרזיצער, אָדער „פּרעדסעדאַטיעל״, פון אַ קאָלכאָז, פון פאַך אַ שוסטער. מיר גייען אַלע דריי אין באָד. דער פון אַלמאַ־אַטאַ, גייט אַ צען מעטער פאַראויס. איך זע, אַז עמיצער גייט אַרויס פון באָד, און מישאַ — אַזוי האָט געהייסן דער פון אַלמאַ־אַטאַ — גריסט זיך אויף טאַטאַריש. מישאַ גייט אַריין אין באָד, און אַז איך דערגענטער זיך מיט דעם, וועמען ער האָט זיך געהאַט געגריסט, דערקען איך פּלוצלונג דעם טאַטאַר, מיט וועמען מיר זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער. אָבער ער דער־קענט מיך נישט. שריי איך צו אים:

— היי, ניקאָליי, דו דערקענסט מיר נישט?

דער צווייטער, יאָסל, דער געוועזענער „פּרעדסעדאַטיעל״, איז אויך אַריין אין באָד, און איך בלייב אַ ווײַלע שמועסן מיטן טאַטאַר. ער דער־ציילט מיר, אַז ער לעבט דאָ ביי אַ פרוי מיט דריי קינדער. זיי זיינען צופרידן פון אים, און ער פון זיי. שפּעטער, זאָגט ער, אַז ווען עס וועט ווערן וואַרעמער, וועט מען זען וואָס מען האָט דאָ צו טאָן. מיך נעמט ער אַרום און עטלעכע מאָל פּאַטשט ער מיר אין פּלייצע, דערלייגנדיק: „יאַקשי, יאַקשי״, אויף טאַטאַריש אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט. ער דאַנקט מיר אויך אויף רוסיש און ער זאָגט מיר, אַז אַליין וואָלט ער קיין מאָל נישט געהאַט די איניציאַטיוו צו לויפן און ריזיקירן. און אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, וועט ער עס מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

— קום — זאָגט ער — צוגיין צו מיר. מיין באַלעבאָסטע איז זייער אַ ווילע פרוי, נישט קיין שיינע, אָבער זייער אַ ווילע. דאָ, אין דאָרף — דערציילט ער — האָט אויך געלעבט דער פון אַרכאַנגעלסק. ער האָט גע־זאָגט, אַז ער האָט קרובים אין אוקראַינע, ביי פּאָלטאַווע, און איז אַוועק צו זיי. מער האָב איך אים נישט געזען.

איך האָב אים דערציילט וועגן מאָסקוויטש, וואָס איז געשטאָרבן. וואָס מיר האָבן געקאָנט, האָבן מיר געטאָן פאַר אים, זאָגט ער.

— דו ווייסט אַליין — זאָגט ער — אַז אין יענע באַדינגונגען האָבן מיר ריזיקירט מיטן לעבן, און אים נישט איבערגעלאָזן אין וואַלד.

ניקאָלאַי איז אַוועק און איך גיי אַריין אין באָד. איך באַמערק, אַז אַ סך פרויען זיינען אַריין גלייכצייטיק מיט מיר און ביי זיך בין איך זיכער, אַז עס איז דאָ אַ צווייטער צימער פאַר פרויען. צו דעם זע איך, אַז עס גייען אַריין אויך מענער. איך גיי אַריין און הייב זיך אָן אויסטאָן. וואָס איז דאָס? איך זע, אַז אַ סך פרויען האַלטן זיך אויך אין אויסטאָן. מיינע צוויי חברים באַמערקן, אַז איך בין האַלב אויסגעטאָן, און איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָ טוט זיך. זאָגן זיי מיר:

— גרישאַ, וואָס וואַרטסטו? דאָ באָדן זיך אַלע אינאיינעם, און מען העלפט זיך אַפילו וואַשן די רוקנס.

און דערביי לאַכן זיי זיך פונאַנדער. בעת מעשה שעם איך זיך אַביסל. באַלד געפינען זיך שוין אַזעלכע, וואָס בעטן מען זאָל זיי העלפן אַ רייב טאָן דעם רוקן. דאָס זיינען מערסטנס פרויען, וואָס זיינען געבליבן

אַן מענער. איך מערק אָבער אויך אַ סך יונגע מיידלעך, וואָס אָנגעטאָ־נענערהייט האָט מען גאָרנישט געמערקט, ווי שיין זיי זיינען אַנטוויקלט. און קעגלטיק, אַז אַ סך פלעגן דאָס טאָקע מאַכן ספּעציעל, ווי איינער זאָגט: איר מיינט, אַז איך בין נאָך אַ קינד? אין באָד וועל איך אייך ווייזן. און טאָקע די 14 און 15־יעריקע האָבן מערסטנס פּראָוואָצירט.

עס איז נאָך מערץ חודש. אין גאַס איז נאָך גוט קאַלט, אָבער אין באָד איז אַ מחיה. ווארעם די פּאַרע איז געווען אַזוי געדיכט, אַז אַ מעטער פון זיך האָסטו גאָרנישט געזען. און די יונגע מיידלעך פלעגן זיך גראָד שטענדיק שאַרן לעבן דיר; און אַז האָסט זיך אָפּגערוקט, פלעגן זיי זיך נאָך באַליידיקן אויך און אַ זאָג טאָן:

— זע, וואָס האָסטו מורא, איך בין נישט קיין קרעציקע.

אַ לאַנגע צייט האָב איך נישט געוווסט, אַז עס איז אַרויס אַ קלאַנג אין דאָרף, אַז איך בין גאָר... אַ דאָקטער, נאָר איך זאָג עס נישט אויס. ווייל איך האָב מורא פאַר די דייטשן. די ערשטע זאַך פלעגן די דייטשן איזאָלירן די אינטעלעקטועלע. פאַר זיי פלעגן זיי אַמערסטן ציטערן. זיי האָבן געוווסט, אַז צווישן זיי זיינען פאַראַן גוטע אָרגאַניזאַטאָרס, אַז זיי זיינען די מערסטע פּאַרטיינע. האָט מען דעריבער אַמבעסטן געדאַרפט שפּילן די ראָלע פון אַ האַלבן תם. אומעטום צושטעלן אַן אויער. זיין וואָס פּשוטער, מען זאָל דיר וואָס ווייניקער זען, מען זאָל וועגן דיר וואָס ווייניקער רעדן. און דאָ פלוצלונג גאָר — אַ נייע קלאַג אויף מיין קאָפּ! עס האָט זיך איינגעפונען איינער, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען מיט מיר אין זעלבן באַטאַליאָן און ער ווייסט באַשטימט, אַז איך בין אַ דאָקטער. דאָס אַלץ האָב איך זיך דערוווסט אַ סך שפּעטער. ווי איך האָב זיך נישט באַמיט צו דערגיין ווער עס האָט פון די געפאַנגענע פאַרשפּרייט וועגן מיר אַזאַ קלאַנג, האָב איך עס נישט געקאָנט דערגיין. ביז אַ צופאַל האָט מיר געעפנט די אויגן.

איך ווייס פון גאָרנישט, איך שטיי און אַרבעט, און גראָד ביי דעם סטאַראָסטעס אַ שוועסטער, און זע, ווי עס קומט אַריין אַ געפאַנגענער. איך האָב אים געקענט. אַ הויכער, אַ קראַסאַוויעץ. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין טאַנצן און שפּילן מיט אַ באַיאַן. שוין אַ היפּשע ווײַלע ווי די באַלעבאָסטע רעדט מיט אַ פרוי. דערלעבן — איר צען־יאָריק יינגל. איך לייג קיין אַכט נישט. לעבן מיר שטייט דער שיינער חברהמאַן. ער דערלאַנגט מיר די האַנט. איך האָב בעת מעשה נישט באַמערקט, אַז די צווייטע לינקע האַנט איז ביי אים באַהאַלטן אונטערן שינעל. איך אַליין האָב אים ליב געהאַט פאַר זיין שטענדיקער פריילעכקייט. אויך ער האָט געזוכט מיין געזעלשאַפט. צו דעם, ווייס איך נישט פון וואַנען ער האָט אַלעמאָל געקריכערט די בעסטע טאַבאַק.

פאַרשטייט זיך, אַז קודם דאַרף מען פאַררייכערן.

— נו — זאָג איך — וואָס וואַרטסטו? ווו איז דיין טאַבאַק?

— נעם דאָ — מאַכט ער — אין קעשענע ביי מיר.

און דאָ באַמערק איך, אַז די לינקע האַנט איז ביי אים אויף אַ טיכל אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז. איך ווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס מען דערציילט וועגן מיר אין דאָרף. גאַרנישט אויסן זייענדיק, פרעג איך:

— ווייז, וואָס האָסטו דאָרטן?

קענטיק, אַז אויף דעם האָט ער טאָקע געוואַרט. ער ווייזט מיר אַ געשוואָלענע האַנט. איך זע, אַ גרויסער פוראַנקל. אַמאָל האָט עס געהייסן — אַ מכה. און צו היילן, געדענק איך, אַז כ׳בין געווען אַ יונגער יינגל, פלעגט מען ברענגען אַן אַלטע פרוי און זי האָט עס פאַררעדט, אָפּגע־שפּראָכן, אַרויפגעלייגט אַ שוואַרץ טיכל, פאַרגלאָצט סטראַשנע מיט די אויגן, עפּעס וואָס אונטערבורטשענען, זיך דרייען אויף רעכטס און לינקס, שפּייען אַהער, שפּייען אַהין. צולעצט האָט זי געמאַכט אַ מין קאַשקעלע, צולייגן און — דאָס פלעגט טאָקע העלפן.

די אַלע איבעריקע קונצן האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געמאַכט, אָבער דעם באַלזאַם, די קאַשקעלע, פון וואָס זי פלעגט דאָס מאַכן, די באַבע, האָב איך גוט געדענקט. איך געדענק דאָס ביז היינט צו טאָג. אויך דאָס יינגעלע, וואָס איז געקומען מיט דער מוטער, האָט געהאַט אַן ענלעכע אַנגעריסענע מכה אויף אַזאַ אָרט, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט זעצן. און אויף מיין שלימזל, האָט עס זיי טאָקע אַלע געהאָלפן.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מיין ״דאָקטאָרסקע״ פּראַקטיק. יעדן טאָג איז עמיצער צו מיר געקומען. ווייל קיין קראַנקע, אַפילו ביי אַזאַ געזונט פאָלק, האָבן נישט געפעלט. צו דעם איז מיר אויסגעקומען צוצוזען זיך אין די רוסישע דערפער, ווי אַזוי די היגע דאָקטוירים האָבן געהיילט. איינער קומט און באַקלאָגט זיך, אַז עס טוט אים ווי דער בויך. הייסט אים דער דאָקטער נעמען אַ גלאָז וואָדקאַ, אַריינשיטן פעפער. אַ צווייטן הייסט ער אויך נעמען אַ גלאָז וואָדקאַ, דאָס מאָל מיט אַ ציבעלע. אַ דריטן — מיט קנאָבל, אַ פערטן באַפעלט ער אויסטרינקען אַ טאָפּלטע פּאָרציע. אַלנפאַלס, די וואָדקאַ איז געווען דער בעסטער מעדיקאַמענט, ביזן היינטיקן טאָג.

איך האָב זיי אויך געגעבן די זעלבע עצות, און דערביי מיט זיי מיטטרינקען. קיין קרבנות אויף מיין געוויסן האָב איך נישט געהאַט, אַז איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין קיין דאָקטער קיינמאָל נישט געווען, האָבן זיי מיר נישט געוואָלט גלויבן. זיי האָבן מיר געענטפערט:

— וואָס דאַרף איך זיך מיט דיר שפּאָרן? מיר ווייסן, אַז ביסט געווען אַ ״וורואַטש ווטאָראָוואָ ראַנגאַ״ דאָס הייסט, אַ מיליטערישער דאָק־טער, צווייטע ראַנגע...

אַז כ׳האָב זיי געפרעגט: פון וואַנען נעמט איר עס? האָבן זיי גע־ענטפערט:

— וואָס איז וויכטיק?

מען דו׳צט זיך זייער לייכט אין די רוסישע דערפער, אָבער מיר האָבן זיי גע׳איר׳צט און דערביי געזאָגט:

— איר קענט זיין רואיק... מיר היטן אייך, ווי די אויגן אין קאָפּ...

און ביי זיך האָב איך געטראַכט: אינטערעסאַנט, פאַרוואָס זיי היטן מיך אַזוי. צי דערפֿאַר, וואָס איך הייל זיי, דער עיקר מיט וואָדקאַ, צי דער־פֿאַר וואָס איך מאַך זיי די טייערע אַפּאַראַטן צו טרייבן סאַמאַגאָן?

דער דאָרף לעאָנאָווקאַ ליגט דריי קילאָמעטער פֿון וועג, וואָס גייט פֿון אָרשאַ קיין גאָמעל. דער סטאַראָסטע איז געבליבן דער זעלבער ווי פֿאַרן קריג. דאָס גאַנצע דאָרף איז פֿאַרבונדן צווישן זיך דורך קרובים, אויסער עטלעכע פֿרעמדע. די באַשפּייזונג אין דאָרף איז אַ גוטע, זיי האָבן אַלץ אַרונטערגענומען פֿון די פֿעלדער, נישט ווי זיי וואָלטן געאַרבעט פֿאַרן קאָלכאָז, נאָר ווי פֿאַר זיך אַליין. און זיי האָבן זיך טאַקע צעטיילט מיט דער גערעטעניש, און נאָך אַפֿילו באַגראָבן אין דר׳ערד אַ רעזערוו צום איבעראַיאָריקן פֿאַרזיי. אויך פֿאַר די דייטשן האָבן זיי פֿאַראויסגעזען, אַבי מען זאָל זיי נאָר לאָזן צורו.

איך האָב זיך דאָ אויך דערכאַפּט די כוחות און מיט דער הילף פֿון מיינע חברים, האָב איך שוין אַ פּאָר שטיוול. די הויפּט־אַרבעט מיינע איז נישט קיין דאָקטאָריע. פֿון די דייטשע בענזין־פֿעסלעך, וואָס וואַלגערן זיך אויף די וועגן, מאַך איך גוטע אַפּאַראַטן צו טרייבן סאַמאַגאָן. קיין גוטע געצייג איז קיינמאָל נישט געווען אין רוסלאַנד. און אין צייט פֿון דער מלחמה — איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. מיינע הענט זיינען געשוואָלן פֿון מאָזאָליעס, און ביי זיי בין איך גאָר — אַ דאָקטער.

מיטן קלאַנג, וואָס עמיצער האָט אַרויסגעלאָזן, אַז איך בין אַ דאָקטער, איז מיין לאַגע געוואָרן זייער דעליקאַט, און נאָך געפֿערלעכער. איך האָב געמוזט זיין נאָך פֿאַרזיכטיקער ווי פֿריער. איך האָב זיך געמאַכט אַ סיס־טעם, אַז אַרבעטן און עסן פֿלעג איך אַ גאַנצן טאָג אויף איין אָרט, אָבער שלאָפֿן בין איך געגאַנגען צו אַנדערע, און אויך נישט יעדן טאָג אויפֿן זעלבן אָרט. און דאָך האָב איך געהאַט אַ פּאָר ערטער, ווו איך בין גע־קומען אָפֿטער ווי אַנדערשוווּ. אין דאָרף האָבן געלעבט צוויי שוועסטער, איינע ביי די פֿערציקער, אַן אַלט מיידל, די צווייטע — אַ פֿאַרהייראַטע. איר מאַן איז אַוועק אין קריג. זי איז אַלט געווען אַ יאָר 28, אָן קינדער.

ביי זיי פֿלעג איך אָפֿטער שלאָפֿן ווי ערגעץ אַנדערש. אפשר וועט איר טראַכטן, אַז דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן זיך געלייגט אַלע דריי אויפֿן אויוון, האָט איר אַ טעות. אין דאָרף זיינען געווען 12 ביז 15 פּראָצענט מענער און די איבעריקע — פֿרויען. דאָס, וואָס האָט מיר געצויגן צו די צוויי שוועסטער, איז געווען, וואָס ביי זיי האָב איך זיך דערוווּסט די לעצטע נייעס פֿון דאָרף און אַפֿילו אויסערן דאָרף. איך בין געווען צופֿרידן פֿון זיי און זיי — פֿון מיר. איך האָב געבראַכט פֿאַר זיי פֿון וואַלד האָלץ מיטן איינציקן פֿערדל, וואָס דאָס דאָרף האָט פֿאַרמאָגט, און האָבן עס געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. באַהייצונג איז אין דער געגנט איינע פֿון די וויכ־טיקסטע זאַכן. איבערהויפּט, אַז מען דאַרף דאָס האָלץ אַליין צוזעגן און צעהאַקן.

זיי דערציילן מיר איינמאָל, אַז מאַרוסיע (דאָס איז די זעלבע, מיט וועלכער איך בין געקומען אין דאָרף) איז געווען אין דאָרף סוכאַרי. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס דאָרף געפינט זיך פיר קילאָמעטער פון דאַנען; און דאָרטן שטייט אײן אַ גאַנץ גרויסער דייטשער גאַרניזאָן. דערציילן זיי מיר, אַז אין יענעם דאָרף רעדן די איינוווינער, אַז אין לעאַנאָווקע אַרבעטן צוויי גוטע שוסטערס, יידן. דאָס האָבן זיי געמיינט דעם פון אַלמאַ־אַטאַ און זיין חבר, כאָטש ער איז נאָר געווען פון פאַך אַ פריזירער; אָבער אַזוי ווי ביי זיין פאַך איז אין דאָרף נישט געווען וואָס צו טאָן, האָט ער געהאָלפן דעם חבר זיינעם ביים פאַרריכטן שיך. די לייט פון יענעם דאָרף זיינען מקנא די פון לעאַנאָווקאַ, זיי וואָלטן אויך געוואָלט, אַז עס זאָל זיי ווער מאַכן אַ פּאָר שיך, אָדער אַ פּאָר שטיוול, איבערהויפּט, אַז דאָס איז כמעט ווי אומזיסט. דערביי זאָגט זי צו מיר, די עלטערע, אַז איך דאַרף זיך מיט זיי וואָס וווייניקער חברן. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז ווען דאָס רעדט צו מיר אין דעם מאָמענט אַ מאַן, פליט ער פון אויוון.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר רעדן אין דער פינצטער, און זיי זעען נישט מיין רעאַקציע. איך באַהערש זיך אָבער קוים און ווי ווייט מעגלעך, פרעג איך רואיק:

— פאַרוואָס ? זיי זיינען גנבים, מערדער, אָדער סתם שלעכטע מענטשן ? מיר דוכט זיך, אַז פאַר אייךביידן האָבן זיי אויך וואָס נישט איז געמאַכט, אַז נישט, וואָלט איר אַרומגעגאַנגען אין לאַפּטשעס, ווי איך בין געגאַנגען...

— ניין — ענטפערן זיי — מיר האָבן צו זיי גאָרנישט, אָבער מיר האָבן מורא פאַרן גאַנצן דאָרף, ווייל איר ווייסט דאָך, וואָס די דייטשן, די געשטאַפּאָ, קאָן דאָ אָנמאַכן, אַז מען זאָל דאָ געפינען אַ יידן.

יעדן טאָג האָב איך זיך געזען מיט די איבעריקע צוויי יידן, גערעדט אין דער שטיל יידיש צווישן זיך. מיך האָט אין דאָרף קיינער נישט חושד געווען, אַז כ׳בין אַ ייד.

יעדעס וואָרט, וואָס זי רעדט אַרויס, שניידט מיר ווי מיט אַ מעסער. דאַכט זיך, אַז זי רעדט נישט קיין שלעכט וואָרט קעגן זיי. דאָך פיל איך, אַז זי רעדט וועגן זיי ווי וועגן פרעמדע.

די צוויי יידן זיינען געקומען מיט אַ חודש פריער פאַר מיר אין דאָרף. זיי זיינען אויך אַנטלאָפן פון צענטראַל־לאַגער אין אָרשאַ. דריי חדשים האָבן זיי דאָ געאַרבעט, געאַרבעט פון פינצטער ביז פינצטער, אָנגעטאָן דעם גאַנצן דאָרף — אַציגד דאָרף מען זיי שוין נישט.

איך מאַך זיך, אַז איך שלאָף און ענטפער גאָרנישט. אָבער ביי זיך טראַכט איך, אַז מען דאַרף גלייך לויפן צו זיי און זאָגן אינאיינעם וואָס מיר קאָנען טאָן. ווייל פון דאַנען מוזן מיר ווי אַמשנעלסטן נעלם ווערן. אָבער וווּהין גייט מען ? אין די וועלדער ליגט נאָך דאָ ערטערווייז שניי. אין די אָוונטן איז נאָך גוט קאַלט. עס גייט די צווייטע העלפט אַפּריל. די מענטשן פון דאָרף זיינען טאַקע מערסטנס גוטע. ביי דער קלענסטער

געפאַר, לויפן שוין די קינדער אונדז אַנזאָגן, אַז דייטשן קומען, אָדער דער שעף פון פּאָליציי פון סעל־סאָוויעט קומט; דאָס הייסט, דער העכערער פּאָליציי־שעף — אַ שלעכטער און געפערלעכער באַנדיט. פאַר אים האָט מען געדאַרפט זיך היטן, נאָכמער ווי פאַר די דייטשן, פאַר די ספּעציעל־אַראָפּגעקומענע פון געשטאַפּאָ, אָדער פעלד־זשאַנדאַרמעריע.

איינער אין דאָרף — האָט מען אונדז דערציילט — איז, קענטיק, אַליין אַ מיטאַרבעטער פון דער געשטאַפּאָ, אָדער סתם זייערער אַ געהילף. מ'האָט דאָ פאַר אים מורא געהאַט, געהיטן זיך, טאָמער גייט ער אַוועק פון דאָרף. ווייל טאָמער גייט ער ערגעץ, איז פאַר די אַנטלאָפענע געפאַנגענע אַ גרויס געפאַר. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז ער האָט ביי זיך געווער.

אין דאָרף האָט געלעבט אַ פאַמיליע, אַ מאַמע מיט צוויי זין. איינער, דער עלטערער, פון אַ יאָר 25, און דער יִינגערע פון אַ יאָר 17־18. פּריכאָדקאָ האָבן זיי געהייסן. דער יונגערער, אַ נידעריקער, אַ פעסט־געבויטער בחור. ער קומט דיר יעדעס מאָל מיט עפּעס אַנטקעגן. זיין מאַמע איז אויך אַ ווילדע פרוי. איך אַרבעט נישט ווייט פון זיי. און איינמאָל — אַ סקאַנדאַל ביי זיי אין שטוב. איך גיי צו נענטער און זע — אויסגעבראָכן די שויבן. די מאַמע רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, אַ פאַרבלוטיקטע. איך זע ווי די צוויי ברידער שלאָגן זיך. דער עלטערער ליגט אויפן יונגערן און שלאָגט אים. איך נעם אָן די קליאַמקע פון דער טיר. זי איז פאַרמאַכט פון אינעווייניק. איך פּרוביר אַ שטופּ טאָן מיט דער פּלייצע. אין דעם מאָמענט קומען אָן ביידע פּאָליציאַנטן. איינער פון זיי איז דער, מיט וועמען איך בין געקומען צופאַרן אויפן שליטן אין דאָרף, מאַרוסיעס ברודער. עס לויפט זיך אָן אָן עולם, און מען רעדט:

— אָסטאַפּ האָט זיך שוין ווידער אָנגעשיכורט.

איינער פון די פּאָליציאַנטן האַלט אַ נאַגאַן אין האַנט, און איך הער ווי ער שרייט:

-- באַרואיקסט זיך, אָדער דו קריגסט אַ פּולע אין קאָפּ!

קענטיק, אַז דאָס האָט געהאָלפן און ס'איז באַלד שטיל געוואָרן. מ'האָט נאָך אָבער געהערט דאָס כליפּען פון דער מוטער. דאָס האָט איר אָסטאַפּ צעשלאָגן.

מ'האָט מיר דעם זעלבן אָוונט דערציילט, אַז אָט דער אָסטאַפּ איז געזעסן אין דער אָרשער טורמע, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען אָרשע; אַז ער האָט דערנאָך אָנטיילגענומען אין כאַפּן און באַרויבן די יידן, אויך דעם סאָוויעטישן אַקטיוו האָט ער אָנטיילגענומען ביים דערשיסן זיי. איך האָב זיך אייניקע מאָל אויסגעמיטן מיט אים אין דאָרף. אין זיין בליק האָב איך דערפילט, אַז ער טראָגט אַ האַס אויף מיר, כאָטש ער האָט נישט געוווּסט ווער איך בין. אָבער איך האָב יאָ געוווּסט מיט וועמען איך האָב צו טאָן. ער איז געווען מיט אַ האַלבן קאָפּ העכער פון מיר.

יעדעס מאָל, ווען מיר פֿלעגן זיך באַגעגענען, פֿלעג איך אין געדאַנק אים אָפּוועגן, און טראַכטן וואָס פֿאַרא פּריאָם מען דאַרף צו אים אָנווענדן.

דאָס דאַרף האָט אים אָנגעזאָגט, טאָמער גייט ער אַרויס פֿון דאָרף, זאָל ער זיך געזעגענען מיטן לעבן, ווייל מען ווייסט אַז ער גייט מסרן ביי די דייטשן. און אַז אין אַ רוסיש דאָרף לייגט מען אַרויף אַזאַ מין חרם, איז עס ווירקזאַמער ווי אַ געזעץ פֿון די סאָוויעטן און אַפֿילו פֿון די דייטשן. אָפּט פּאַסירט, אַז אין אַ דאָרף געפֿינט מען אַ טויטן, און אויב ער איז אַזאַ, וואָס דאָס דאָרף האָט אים פֿאַרמשפּט, מעג שוין קומען די בעסטע פּאָליציי אין דער וועלט, וועט מען דעם שולדיקן קיינמאָל נישט געפֿינען. דאָס איז דער רוסישער דאָרף, דער רוסישער מענטש. איז ער גוט צו דיר, טיילט ער זיך מיט דיר מיטן ביסן. ביסטו צו אים פֿאַלש, האָסט פֿאַראַטן זיין צוטרוי, לאָזט ער איבער דיר אַראָפּ די האַק. איבערהויפּט האָבן זיי פֿיינט אַ מסור. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, לייגט מען אים אַוועק.

איצטער, אַז די שוועסטערן האָבן מיר דערציילט וועגן דאָרף סוכאַרי, איז מיר אַרויף אויפֿן געדאַנק דער שמועס, וואָס מיר האָבן שוין אַ פּאָר מאָל געהאַט מיט מיינע יידישע חברים: „עס איז אַ שאַנדע, אַז לעבן אונדז זאָל זיך אַרומדרייען פֿראַנק און פֿריי אַ מערדער פֿון אונדזערע ברידער. אויב נישט אַוועקלייגן, דאַרף מען אים כאָטש אָנלערנען, ער זאָל עס האָבן צו געדענקען אויף זיין גאַנצן לעבן".

די נאַכט בין איך שוין כמעט ווי נישט געשלאָפֿן. פֿאַרטאָג לויף איך גלייך צו די שוסטערס און דערצייל זיי די גאַנצע געשיכטע, וואָס איך האָב געהערט. זאָגן זיי, אַז זיי ווייסן עס שוין אַ פּאָר טעג, נאָר זיי האָבן פֿאַרגעסן דאָס מיר צו זאָגן, ווייל די היגע ווייסן נישט, אַז איך בין אויך אַ ייד, פֿאַרוואָס? — פֿאַרשטייען זיי אַליין נישט, און איך אויך נישט. מיר באַראַטן זיך, וואָס מיר זאָלן טאָן. גלייך אָפּטראָגן זיך פֿון דאָרף, איז זייער שווער. די דאָרפֿישע וועגן זיינען נאָך פֿאַרפֿרוירן, און אין דרויסן איז אוממעגלעך צו נעכטיקן. מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל געהאַט גערעדט צווישן זיך ווזהין צו גיין. דער פֿון אַלמאַ־אַטאַ איז געווען נייטראַל און האָט געזאָגט:

— ווו מיר וועלן באַשליסן, גיי איך מיט.

ער איז שוין מיט זיין חבר איבער פֿיר חדשים און ער האָלט מער אין זיין זייט. איך האָב פֿאַרגעלייגט אַז מען זאָל זען מיט אַלע מיטלען צו געפֿינען פּאַרטיזאַנער. קענטיק אָבער, אַז אויך אין געוויסע פּאַרטיזאַנער־גרופּן האָט שוין דערגרייכט דער היטלער־סם.

נאָך זייענדיק אין לאַגער, האָבן מיר געהערט, אַז אַפֿילו די פּאַרטיזאַנער באַגייען זיך שלעכט מיט יידן. אין די עטלעכע דערפֿער האָבן מיר געהערט דאָס זעלבע. דער פֿון אַלמאַ־אַטאַ קאָן לייכט אָנגיין פֿאַר אַ טאַטאַר, ווייל ער רעדט פּליסיק זייער לשון. מיך דערקענט מען זייער שווער פֿאַר אַ יידן, קאָן איך זיך אויך ווי נישט איז אויסדרייען. אָבער אונדזער דריטער

חבר — צווישן טויזנטער נישט־יידן קאָן מען אים דערקענען, סיי לויט זיין אויסשפּראַך, סיי לויט זיין אויסזען.

און טאַקע צוליב אים באַשליסן מיר — פּרוּוון אַריבערגיין דעם פראָנט. יעדער פון אונדז דאַרף מאַכן אַ געוויסן רעזערוו פון שפּייז, טאַבאַק. אָבער איידער וואָס־ווען, דאַרף מען זיין אַ סך פאָרזיכטיקער; אַרבעטן ביי איינעם, אָבער שלאָפן — ערגעץ אַנדערש. יעדן טאָג בייטן די ערטער, אויף ווי ווייט מעגלעך. ווייל נישט אַלע האָבן געלאָזן איבער־שלאָפן. עסן האָט קיינער נישט אָפּגעזאָגט.

איך גיי אוועק זען מיין טאַטאַר. איך קלאַפּ אָן. דורכן שייבל זע איך, אַז עמיצער איז אין שטוב. אָבער מען לאָזט מיך נישט אַריין. אין אַ ווײַלע אַרום גייט אַרויס די באַלעבאָסטע, נישט זייער קיין שיינע, אָבער אַ ווײַלע פרוי. איך וויל איר געבן די האַנט, זאָגט זי מיר, אַז איך זאָל איר בעסער די האַנט נישט געבן, ווייל ביי זיי אין שטוב איז — טיפוס. ניקאָלאַיען האָט מען אוועקגעפירט אין שפּיטאָל פון פּוגלייאי. עס קאָן זיין, אַז פון דאָרט וועט די דאָקטערשע אים אָפּשיקן קיין אָרשאַ. איך באַדאַנק איר, וואָס זי האָט מיר געזאָגט און פרעג איר, וואָס איז מיט די קינדער? ענטפערט זי, אַז די קינדער זיינען שוין פאַראַיאָרן קראַנק געווען.

— צי קאָן איך דיר מיט עפּעס העלפן?

— ספּאַסיבאַ, דאָקטאָר!

איך גיב אויף איר אַ קוק, און ביי זיך טראַכט איך, אַז זי האָט געמוזט אַראָפּגיין פון זינען. נאָר זי איז שוין געווען נישט די ערשטע, וואָס האָט מיר דאָס געזאָגט. וויפל איך האָב זיי געוואָלט איבערצייגן, אַז איך בין נישט קיין דאָקטער, זיינען זיי געבליבן ביי דאָס זייעריקע. אין דעם מאָמענט בין איך דערגאַנגען פאַרוואָס זיי נעמען מיך אָן, אַז כ'בין אַ דאָקטער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ניקאָלאַי, דער טאַטאַר, צו וועמען איך פלעג אָפט קומען, האָט עס זיי דערציילט.

פון ניקאָלאַיען דעם טאַטאַר, האָב איך צוביסלעך געלערנט זיין שפּראַך. איך האָב אין דעם מאָמענט נישט געוווּסט, וואָס פאַראַ וויכטיקע ראָלע עס וועלן שפּילן אין מיין ווייטערדיקן גורל די פּאָר אויסגעלערנטע ווערטער. איך האָב זיך מיט דעם טאַטאַר זייער באַפריינדעט. איך האָב געפילט אין אים אַ נאָענטן חבר, ווי מיר וואָלטן זיך שוין געקענט פון זייער לאַנג. ביי דעם איינפאַכן מענטשן בין איך דערגאַנגען, אַז ווען מען קען אַביסל טאַטאַריש, קאָן מען זיך צונויפרעדן מיט די אוזבעקן, קאַזאַכן, טורקמענער, טאַדזשיקן, אודמורטן און נאָך אַזעלכע מוסולמענישע פעלקער, וואָס לעבן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ביי אים בין איך דערגאַנגען זייער אַרט לעבן, זייערע זיטן, געוווינהייטן. און אָט דער פּשוטער, גוטער מענטש האָט עס דערציילט דער פרוי, מיט וועלכער ער האָט געוווינט, ווי אַ סוד, אַז איך בין אַ דאָקטער, אַז ער איז געווען מיט מיר אין איין באַטאַליאָן. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ שעה אַרום האָט שוין דעם סוד געוווּסט דאָס גאַנצע דאָרף, אַ חוץ מיר אַליין. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס מענטשן

פון דאַרף האָבן זיך צו מיר אָפּט געוועגדעט מיט פראַגן, כ׳זאָל זיי געבן אַן עצה ווען זיי זיינען געווען קראַנק. איך האָב עס נישט גענומען ערנסט און געגעבן די בעסטע עצות, וואָס איך האָב געוווסט. אָבער דערמיט האָט זיך מיין לאַגע אויך פאַרערגערט. די געשטאַפּאָ האָט קודם געזוכט צווישן די רוסישע געפאַנגענע צו עלימינירן די אינטעליגענץ, בפרט יידן, וועלכע זיי האָבן גלייך ליקווידירט.

היינטיקע נאַכט, טראַכט איך, גיי איך נאָך דאַרטן שלאָפן צו די צוויי שוועסטער. ביי זיי בין איך אַ סך מאָל דערגאַנגען די וויכטיקסטע נייעסן, וואָס עס טוט זיך אין דאַרף און אויך אויסערן דאַרף. שלאָפן פלעג איך שטענדיק אין די זאַכן. בלויז אויסגעטאָן די שטיוול. אַזוי רעדנדיק שלאָף איך איין. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין געשלאָפן.

פלוצלונג הער איך, ווי מען קלאַפּט אין טיר. דאָס קלאַפּן האָט אויפגעוועקט די פרויען אויך. דאָס קלאַפּן ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. וואָס טוט מען ? באַהאַלטן זיך איז נישטאָ וווּ. פריער מיט עטלעכע טעג צוריק, ווען איך בין געבליבן אַליין, האָב איך גוט באַקוקט די שטוב. אַפילו אונטערן אויוון איז דער אַריינגאַנג אַזוי קליין, אַז עס איז אוממעגלעך זיך אַריינכאַפּן. איך טאַנץ אַראָפּ פון אויוון און די ערשטע זאַך טו איך אָן די שטיוול. אין דער פינצטער געפין איך נישט מיינע פאַרטיאַנקעס און טו אָן די שטיוול אויף די הוילע פיס. איך גיב אַ כאַפּ אַרויף אַ מאַנטל. ווי די פּלייצעס וואַלטן מיר ברייטער געוואָרן. איך טראַכט, אויב דאָס איז די געשטאַפּאָ, איז מיט זיי נישטאָ וואָס צו רעדן. מיט זיי דאַרף מען רעדן אויף זייער שפּראַך. אָבער מיט וואָס ? עס גייט מיר דורך אַ געדאַנק, אַז גלייך אויף רעכטס שטייט די האַק. איך לאָז זיך אַרונטער אין דער פינצטער און הייב אָן טאַפּן מיט דער האַנט און אַז איך דערשפּיר דאָס קאַלטע הענטל פון דער האַק, ווער איך ביי זיך אַביסל דרייסטער, ווייל איידער זיי וועלן מיר אַ לעבעדיקן נעמען, וועל איך מינדעסטנס דריי קעפּ שפּאַלטן.

אין די אַרומיקע דערפער האָב איך זיך אָנגעהערט אייגצלהייטן ווי אַזוי די יידן פון אַרשאַ און פון דער אומגעגנט זיינען אומגעקומען. ניין ! — זאָג איך צו זיך — מיך וועט איר אַזוי לייכט נישט אומברענגען. דעם מזל וועט איר ביי מיר נישט האָבן ! איך האָב זיך אויך דערמאַנט, ווען איך פלעג אין מיין ליטוויש שטעטל גיין אויף אַ טרענירונג פון באָקס, און מיין לערער, אַ באַרימטער ליטווישער באָקסער, פלעגט מיר שטענדיק זאָגן : „ווילסט געווינען דעם קאַמף, דאַרפסטו זיין דער ערשטער צו געבן דעם זעץ״...

איצטער, אין דעם מאָמענט, טראַכט איך די זעלבע זאַך : גיב אַ זעץ דער ערשטער ! אין איין האַנט האַלט איך די האַק און מיט דער צווייטער צי איך פאַרזיכטיק דעם פאַררוקער און אַליין בין איך אָנגעצויגן ווי אַ ספּרוזשינקע. פריער האָט מען געקלאַפּט אין טיר. אָבער אַצינד קלאַפּט מען שוין אין פענצטער. איך הער זיך צו דורכן טיר, דאַכט זיך, אַז נאָר

איין קול הערט זיך. איך נוץ אויס די געלעגנהייט, וואָס דער וואָס קלאַפּט, איז ביים פּענצטער, און עפן לאַנגזאַם די טיר, די האַק אין האַנט. איך הער ווי אַן אומבאַקאַנט מענער־קול בעט זיך היגטערן פענצטער, איך זאָל אַרויסגיין. זיין טאָכטער איז שטערבלעך קראַנק, כ׳זאָל זי ראַטעווען. איך הער ווי איינע פון די שוועסטער רופט אים אַן ביים נאָמען.

וואַרף איך אַריין די האַק צוריק אין פּירהויז און גיי אַרויס. דערווייל האָט מען אָנגעצונדן פייער און איך זע דעם אַלטן מאַן. געווען בין איך ביי אים קיינמאָל נישט, אָבער פון זען האָב איך אים געקענט. איך האָב גע־ווּסט, אַז ער האָט פיינט די סאָוויעטן, און די דאָרפישע האָבן דערציילט, אַז ער האָט זיך געפרייט, ווען די דייטשן זיינען אַריין. ער האָט געמיינט, אַז איצט וועט מען צוטיילן יעדן איינעם ערד און יעדער וועט קאָנען אַרבעטן פאַר זיך. ער האָט טאַקע אָפּגעצוימט דאָס שטיקל ערד, וואָס ער האָט געהאַט פון פריער און האָט געוואַרט אויפן טאָג, ווען מען וועט אים צוטיילן אַזויפיל און אַזויפיל ערד אויף זיין חלק. די דייטשן האָבן זיך אָבער נישט געאיילט. זיי האָבן איינגעזען, אַז ביי אַן אָרגאַניזירטן דאָרף, צי ער רופט זיך קאָלכאָז, צי סתם, קאָן מען בעסער אויספּרעסן דעם מאַקסימום. אָנשטאָט צו פאַרלאַנגען פון יעדן פויער אָוועקצוגעבן אַזוי פיל און אַזוי פיל פּוטער, אייער, שפּעק, תבואה, איז עס דורכן סטאַראָסטע פיל לייכטער. און צו דעם לייגן זיי אַרויף די קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט. די פאָדערונגען פון די דייטשן, די ברוטאַלע באַציאונג צו דער באַ־פעלקערונג, די קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, די סיסטעמאַטישע פאַרניכטונג פון דער באַפעלקערונג, האָבן ביסלעכווייז אָפּגעקילט די באַציאונג פון אָט די איינפאַכע מענטשן צו די דייטשן.

פון טאָג צו טאָג האָט זיך פאַרשטאַרקט דער ווידערשטאַנד פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. עס זיינען געווען דריי מינים: די פאַרביסענע קעגנער פון די נאַציס, הייסע פריינט פון די נאַציס און די אָפּוואַרטנדיקע, די וואָס האָבן געוואָלט זען, ווו ס׳וועט זיך זיי בעסער לוינען. און די לעצטע זיינען געווען די מערסטע. אָבער צוליב די מערדערייען פון די דייטשן, צוליב זייער האַלטן זיך פאַר דער אויבער־ראַסע, זיינען די מערסטע נייטראַלע אַריבער צום אַקטיוון ווידערשטאַנד.

מיר איז אָפּט אויסגעקומען צו רעדן מיט אַזעלכע. זיי האָבן געזאָגט:

— יאָ, מיר זיינען טאַקע געווען נישט צופרידן מיט דער סאָוויעטן־מאַכט, מיט די קאָלכאָזן, מיר האָבן אָבער געהאַט אַ האָפענונג, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן וועט דאָך בעסער ווערן. די סאָוויעטן נעמען צו דעם „אוראַ־זשאַי״ (גערעטעניש), אָבער די פריצעס נעמען צו דאָס אַלץ, צוזאַמען מיטן קאָפּ. אויף אַן „אוראַזשאַי״ קאָנסטו זיך ווידער דערוואַרטן, אָבער נישט — אויף אַ קאָפּ.

אָט דער פויער, וואָס איז באַגינען געקומען קלאַפּן אין פענצטער, איז עס געווען איינער פון די אָפּוואַרטנדיקע. אַן איינפאַכער מענטש, אין די פופציקער, אַן אלמן, מיט דריי קינדער, אַ זון מיט צוויי טעכטער. דער

זון, אַ 17־יאָריק פּאַסטוך־ייִנגל. די צוויי טעכטער האָב איך אַ פּאָר מאָל געזען. איינע, פֿון אַ יאָר 19, האָט נישט לאַנג געהייראַט. אַ העל־בלאָנדע, מיט שיינע בלויע אויגן. די צווייטע — דער קאָנטראַסט, וואָס דאָס האָט מיר זייער געוווּנדערט, אַ טונקל־שוואַרצע, אָבער זייער ענלעך צו דער שוועסטער.

ווײַפּל איך האָב דעם פֿויער געוואָלט איבערצייגן, אַז אין דאָרף פֿאַרבייט מען מיר, קענטיק, מיט אַן אַנדערן, ווייל איך בין אַ בלעכער און נישט קיין דאָקטער, האָט עס נישט געהאָלפֿן. צו דעם, ווייסט ער דאָך אַליין, אַז איך האָב קיין מעדיקאַמענטן נישט. ער איז געפֿאַלן אויף די קני, מיט טרערן אין די אויגן, קושנדיק מיין האַנט, איך זאָל ראַטעווען זיין טאָכטער. איך האָב אים קוים אָפּגעריסן. איך טראַכט: וואָס טוט מען? איך האָב שוין יענע צרה. אויסער אַלעם, קאָן איך אַליין זיך אָנשטעקן, און אין מיין לאַגע, איז עס — אַ טויט־אורטייל. ביז דאַן האָב איך נאָך נישט געזען ווי עס זעט אויס אַ קאַבינעט פֿון אַ דאָקטער. אָבער צום אומגליקלעכן פֿאָטער ווענד איך זיך און זאָג אים:

— קום אַריין, איך וועל זיך אָנטאָן.

— כ׳וויל בעסער בלייבן אין דרויסן — ענטפֿערט ער — איך זאָל קיינעם נישט אָנשטעקן.

ס׳הייסט, ער, דער איינפֿאַכער דאָרפֿס־מענטש, האָט בעסער פֿון מיר פֿאַרשטאַנען, אַז ער קאָן וועמען אָנשטעקן, און איך, דער בלעכענער (דאָקטער), האָב דאָס נישט געוווּסט. איך גיי אַריין צוריק. און דאָ באַמערק, איך, אַז אין דער פֿינצטער האָב איך אָנגעטאָן נישט מיין מאַנטל, נאָר די עלטערע מיידלס. איך געפֿין מיינע פּאַרטיאַנקעס, וואַרף אַרויף דעם מאַנטל, און בעט ביי די מיידלעך זיי זאָלן קיינעם נישט זאָגן ווו איך גיי.

און אָט בין איך ביים פֿויער אין שטוב. די ייִנגערע טאָכטער איז נישטאָ. זי געפֿינט זיך ביי איר מאַן אין אַ צווייטן דאָרף. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז צוויי קראַנקע זיינען דאָ אין שטוב, ווייל דער ברודער איז אויך קראַנק. איך מערק די ערשטע זאַך, אַז אין שטוב איז זייער קאַלט. און הייצן שטאַרקער דעם אויוון, קאָן מען אויך נישט, ווייל דאָס ייִנגל ליגט אויפֿן אויוון. וואָס טוט מען? איך פֿרעג אים צי ער קען ווו קריגן אַן אייזערן אויוועלע? עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער אַליין האָט שוין געטראַכט דערפֿון, און ער ווייזט מיר די אַלע מאַטעריאַלן דערצו. און דאָ, לעבן דער קראַנקער, פּרווון מיר אויס דאָס בלעכערנע אויוועלע. און אָט ברענט עס זיך פֿונאַנדער מיט אַזאַ פֿריילעכן פֿייער, אַז עס ווילט זיך נישט אָפּרייסן דעם בליק. אין שטוב ווערט באַלד וואַרעמער. דאָס איז די מעלה פֿון אַ קליין אייזערן אויוועלע, דאַרפֿסט נישט לאַנג וואַרטן, נאָר נישט זשאַלעווען קיין האָלץ. אַז מען לייגט נישט צו קיין האָלץ, גייט עס באַלד אויס.

אין די לאַגערן איז מיר אויסגעקומען צו באַטראַכטן ווי אַזוי לעבע־

דיקע מענטשן גייען אויס פון הונגער. אַט האָסטו מיט אים גערעדט, ביידע זיך צוגעטוליעט, צו דערוואַרעמען איינער דעם אַנדערן, און אין עטלעכע מינוט אַרום פּילסטו, אַז יענער איז שוין קאַלט, אויסגעגאַנגען, ווי אַן אויוועלע אַן האָלץ.

אַז כ׳בין אַריינגעקומען אַהער, צום אַלטן אין שטוב, באַלויכטן פון אַ קאַפּטילקע, קאַלט, פון אַלע זייטן קרעכצן, איז מיר אומעטיק געוואָרן אויפן האַרצן. איצטער, אַז דאָס אויוועלע ברענט, אין שטוב איז ליכטיקער, פון פייער־פלאַם, וואָס דאָס אויוועלע וואַרפט, עס פילט זיך אַ געשמאַקע וואַרעמקייט, ווער איך אויך פריילעכער און פּרוּוו זיך אַ חכמה טאָן מיטן אַלטן. איך וויל דערביי זען ווי די קראַנקע טאָכטער וועט רעאַגירן. זאָג איך אַזוי צום אַלטן:

— דו זעסט, דאָס איז מיין מעדיצינישע לערע! — און דערביי ווייז איך אים אויפן אויוועלע — און איצטער, אַז דו ווילסט, קאָנסטו געבן אַביסל מעדיקאַמענטן דיין דאָקטער, צו שטאַרקן זיך...

איך מערק, אַז ער קוקט מיך אָן ווי אַ משוגענעם.

— וואָס קוקסטו? — זאָג איך — דו זעסט דאָך עס הייבט אָן טאָגן. טראָג אַריין אַ פּאָר אוגערקעס, אַביסל קרויט.

דערביי גיב איך אַ קליינעם זופּ פון אַ פלאַש, וואָס איך האָב צו איר שוין פריער געהאַט אַ שמעק געגעבן און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שטוביקע ספּירט. איך מערק, אַז דער אַלטער ווערט אַ ביסל פריילעכער, און אַז איך זע אַ לייכטן שמייכל אויפן שיינעם פּנים פון דער טאָכטער, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, וואָס איך האָב די מענטשן אַביסל דערמונטערט. און ביי זיך גיב איך אַ טראַכט: אפשר בין איך טאַקע אַ דאָקטער, נאָר איך ווייס אַליין נישט?...

עס גייט דאָס יאָר 1942. ביז דאַן בין איך נאָך קיינמאָל נישט קראַנק געווען, אויסער קלייניקייטן, און די שווערע פּאַראַווּנדונג אויפן פראָנט. וועגן אַ סך קראַנקהייטן האָב איך געהערט, געלייענט, אַזוי אַז וועגן טיפוס האָב איך אויך אַ ביסל געלייענט, איבערהויפּט וועגן טיפוס און דיזענ־טעריע, איז מיר אויסגעקומען צו זען און הערן אין די פאַרשידענע לאַגערן. איך האָב געוווּסט אַפילו אַ פּאַל, אַז די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן און פאַרברענט אַ לאַגער לעבן באַבראַיסק, מיט 4000 געפאַנגענע, ווייל זיי האָבן דאָרט אַנטדעקט טיפוס־קראַנקע, און זיי האָבן מורא געהאַט דאָס זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן צווישן זייער מיליטער.

אויפן טיש באַווייזט זיך באַלד דאָס, וואָס מען דאַרף פאַר געזונטע מענטשן. מיר עסן גוט אָפּ, טרינקען אויס. אָבער די גאַנצע צייט האָט דער באַלעבאָס כמעט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. איצטער, אַז מיר האָבן אויסגעטרונקען צו גוטע טיי־גלעזער מיט ספּירט, זאָגט ער צו מיר:

— דאָס, וואָס דו זאָגסט, אַז דו ביסט אַ בלעכער, און נישט קיין דאָקטער, איז נאָך נישט קיין באַווייז. איך האָב געהאַט אַ פעטער, האָט ער געלעבט דאָ נישט ווייט, איז ער געווען אַ גוטער שמיד, און אין גאַנצן

געגנט איז נישט געווען אַזאַ גוטער דאָקטער, ווי ער. ער האָט אַפילו ביי זיך אין דער שמידעריי צוגעגרייט פאַרשיידענע גראָזן, אויסצוהיילן אַלע קראַנקהייטן אין דער וועלט.

אין דעם מאָמענט כאַפּט זיך אַרויס די טאָכטער, מיט אַ שוואַכער שטימע:

— שווייג שוין, שווייג! וואָס האָסטו זיך פונאַנדערגעפּלוידערט מיט דיינע נאַרישע רייד?

דער אַלטער גיט מיר אַ ווונק, ווי אייבער זאָגט: לאָז איר רעדן. איצטער, אַז איך זע, ווי די טאָכטער הערט זיך צו אַלץ צו, וואָס מען רעדט ביים טיש, ווענד איך זיך צום פאָטער, אָבער אויף אַזאַ מין סאָרט אופן, אַז ביידע זאָלן דאָס גוט הערן און פאַרשטיין:

— ווי דו זעסט, מיין טייערער פריינט, איז אין שטוב שוין אַ סך וואַרעמער, און אויך אַביסל פריילעכער. איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, אַז איך בין נישט קיין דאָקטער. אויב איך האָב אַ פּאָר מאָל ווען גערהאָלפן, איז עס געווען נישט מער ווי היימישע מיטלען, וואָס אַ פּראָסטער מענטש ווייסט עס און דאַרף צו דעם נישט האָבן קיין דאָקטער. דיין טאָכטער און אויך דיין זון, זאָגסטו, זיינען קראַנק אויף טיפוס. פון וואַנען קאָן איך וויסן אויף וואָס זיי זיינען קראַנק? און אַז איך וועל שוין יאָ וויסן, האָב איך נישט קיין מעדיקאַמענטן. איך ווייס אַפילו נישט, וואָס זיי מעגן עסן. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. הער מיך אויס, פּאָר וואָס גיכער אין פּוגלייאַי און ברענג די דאָקטערשע, און זי וועט שוין קומען מיט מעדי־קאַמענטן. איך וויל נישט טראָגן די מינדסטע שולד, טאָמער פּאַסירט וואָס נישט איז מיט דיינע קינדער.

איך האָב דעם אַלטן קוים איינגערעדט. ער האָט מיר אָבער פאַר־שווירן, אַז איך מוז אומבאַדינגט בלייבן מיט די קינדער, ביז וואַנען ער וועט זיך אומקערן.

דער יונגער בהור איפּן אויוון, פון אים הערט מען נישט קיין פּיפּס. אָבער דאָס מיידל, אַלע ווײַלע ווערט איר שלעכט. און איך מוז איר אַלע ווײַלע איינרייבן אונטער אירע יונגע ברוסטן מיט אַ ביסל ספּירט.

אַזוי האָט עס געדויערט זעקס שעה צייט. פאַרגעסט נישט, אַז איך בין דאַן געווען 26 יאָר אַלט. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ביי יעדעס מאָל איינרייבן, אַז איך בין דער חולה און נישט זי. איך האָב שוין אַזאַ מזל מיט אַזעלכע קליענטקעס. מיין בעסטע קליענטקע איז געווען מאַרו־סיאַ, מיט וועמען איך בין געקומען אין דאָרף. אַלע מאָנטיק און מיטוואָך פלעגט איר וואָס ווי טאָן. אַז זי האָט זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ „דאָק־טער", האָב איך געהאַט אויסגעריסענע יאָרן פון איר. אַלע ווײַלע פלעג איך איר דאַרפן „אונטערזוכן". אַז איר האָט וויי געטון אַ פוס, האָט זי אויסגעטאָן דעם ליפּטשיק, אָדער אַז איר האָט וויי געטאָן אַ צאָן, האָט זי אויסגעטאָן דעם סליפּ. און איך האָב אַלץ געמוזט אויסשטיין. אָבער אַז דער פאָטער האָט מיר געבעטן איך זאָל די שיינע טאָכטער זיינע אַלע

ווילע איינרייבן דאָס האַרץ, בין איך געווען נישט אומצופרידן, ווייל אין פאַרגלייך מיט דער בריית־צעוואָקסענער מאַרוסיאַ, איז אָט דאָס מיידל געווען אַ מילד טייבעלע. איך האָב גאָר בעת מעשה פאַרגעסן, אַז מען האָט מיר גערופן צו איר ווי אַ דאָקטער.

און איך האָב געמערקט, אָדער אפשר האָט זיך מיר נאָר אַזוי געדוכט, אַז איר איז טאַקע עטוואָס בעסער, אָדער ווי מען זאָגט אויף רוסיש: כאַראַשאָוואַ פאַ נימנאַזשקאַ. אָבער אָט זיינען שוין באַלד פאַרביי די זעקס שעה ווי דער אַלטער איז אַוועק און איך האַלט איר אין איין איינרייבן. ביז דער פאָטער איז ענדלעך געקומען און מיטגעבראַכט די דאָקטערשע. דעם זעלבן אָוונט האָט דער פאָטער אָפּגעפירט די טאָכטער אין דאָרף פוגלייאַי.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געווען ביי אים, פרעגן וואָס זי מאַכט, און וואָס מאַכט דער יונגער בחור? דער יונגער בחור איז שוין אַרום־געגאַנגען אין שטוב, און די טאָכטער, האָט ער מיר געזאָגט, גייט אַ סך בעסער. זי קומט צוריק אין פינף טעג אַרום.

פון מיין „דאָקטאָרסקער" קאַריערע אין יענעם דאָרף וואָלט איך נאָך געהאַט פיל צו דערציילן. איינמאָל האָט מען מיר גערופן צו אַ פרוי, וואָס איז געגאַנגען צו־קינד; אַ צווייטן בין איך געווען געצוווּנגען אַרויס־צורייסן אַ צאָן; אַ דריטן האָב איך געהיילט פון לונגען־קראַנקהייט, און נאָך אַנדערע חולאתן. די פאַציענטן האָבן מיר אַלץ אויפגעקלערט, און דאָס האָט זיך מערסטנס געענדיקט ביי אַ גוט געגרייטן טיש, מיט אַ גרויסער פלאַש סאַמאָגאָן. מיין קליענט איז אַוועקגעפאַלן שיכור, און איך אַליין בין אויך געווען נישט ווייט דערפון.

אין דאָרף האָט געלעבט אין אַ קליין הייזל אַן עלטערע פרוי, אַ קליינטשינקע. זעלטן מ׳האָט געקאָנט טרעפן אַזאַ גוטן מענטשן. איך בין אייניקע מאָל ביי איר געשלאָפן. זי האָט געהאַט צוויי זין מיט אַ טאָכטער. איינער פון די זין האָט געלעבט אין אַ דאָרף, 12 קילאָמעטער פון לעאָ־נאָווקאַ. ביידע ברידער און די שוועסטער זיינען דאָרט געווען. ווען נישט ווען זיינען זיי געקומען צו דער מאַמען. מיטן יונגערן זון, אַנטאָן, האָב איך זיך גוט באַפריינדעט. ער איז געווען אַן אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי, און ווען זיין אָפּטיילונג האָבן די דייטשן צעשמעטערט, איז אים געלונגען אַ געוויסע צייט זיך אויסצובאַהאַלטן, ביז ער איז צוריקגעקומען אַהיים. אַ מיטגליד פון דער פאַרטיי, האָט ער אָפּט געביטן זיין אָרט צום שלאָפן, פונקט ווי מיר האָבן עס געטאָן. אים אָבער איז עס געווען אַ סך לייכטער, און דאָך האָט ער אויסגעמיטן צו ווייזן זיך אָפן פאַרן דאָרף. קיינער האָט נישט געזען ווען ער איז געקומען צו דער מאַמען, און זעלטן ביי דער מוטער אין הויז גענעכטיקט. קענטיק, אַלץ צוליב דעם מסור אַסטאַפּ. פונדעסטוועגן איז אים געווען לייכטער זיך אויסצובאַהאַלטן, ווייל ער איז געווען אַ היגער, האָט דאָ געהאַט זיין גאַנצע משפחה אין דאָרף און אין די אַרומיקע דערפער. ער איז, ווי געזאָגט, קיינמאָל נישט געשלאָפן

אויפן זעלבן אָרט ווי פריער, צו דעם האָט ער נאָך געהאַט פאַלשע דייטשע פּאַפּירן.

איך האָב אייניקע מאָל גערעדט מיט אים און אים געפרעגט, וואָס ער רעכנט צו טאָן, ווייל פריער אָדער שפּעטער דראָט אים די זעלבע געפאַר, וואָס מיר — אַריינצופאַלן אין די דייטשע הענט. צו דעם האָבן מיר מיט אים גערעדט וועגן דעם פאַרדעכטיקן פּאַרשוין, און איך האָב אים אָנגעטרויט, אַז מיר קלייבן זיך צו האָבן מיט אים אַ שמועס. די ערשטע זאַך האָט ער מיך געפרעגט, צי מיר ווייסן אַז דער פּאַרשוין האָט אַ ביקס אין שטוב? איך האָב דאָס גענוי נישט געוווּסט, נאָר געהערט האָב איך. זאָגט ער מיר:

— לאָזט אים צורו. מ ע ן וועט שוין מיט אים רעדן...

דערביי האָט ער אַזוי אויסגעצויגן די ווערטער און אַ מאָדנעם קוק געגעבן אויף מיר. צו דעם גיט ער מיר אַ זאָג: „זיין ביקס וועט גוט צונוץ קומען". איך האָב אים קיין זאַך נישט געענטפערט, איך האָב אים נאָר געזאָגט, אַז אינגיכן גייען מיר אַרויס פון דאָרף, איך האָב אים נישט געזאָגט, אַז מאָרגן. פאַרוואָס, ווייס איך אַליין נישט. מסתמא אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב איינגעזען, אַז וואָס ווייניקער אָנטרויען, אַלץ בעסער.

פון אים בין איך גלייך אַוועק צו מיינע חברים און זיי דערציילט מיין געשפּרעך מיטן לייטענאַנט — אַזוי האָט מען אים אין דאָרף גערופן. מיר האָבן נישט געוווּסט ווי אַזוי צו האַנדלען, מיר האָבן אָבער באַשלאָסן צו לאָזן אָן אָפּענע טיר, ווייל ווער ווייסט, טאָמער דאַרפן מיר ווידער קומען אין זעלבן דאָרף. אויב מיר וועלן האָבן דעם געשפּרעך מיטן פאַרדעכטיקן, ווייסן מיר נישט פון פריער ווי עס קאָן זיך ענדיקן, און נאָכדעם איז מעגלעך, אַז דער דאָרף וועט אונדז מער נישט אַקצעפּטירן, ווייל ווו נישט ווו האָט ער אַ סך קרובים אין דאָרף. צו דעם זיינען מיר געווען זיכער, לויט די רייד פון לייטענאַנט, אַז עס דערוואַרט דעם פאַרברעכער יענע פאַרדינטע ביטערע שטראָף. ווייל אויב פאַר יידיש פאַרגאָסן בלוט פלעגט מען נישט אַלע מאָל טייער באַצאָלן, אָבער פאַר דערמאָרדן סאָוויעטישן אַקטיוו, איז געווען — אויג פאַר אויג, צאָן פאַר צאָן.

אין דעם רוסישן דאָרף איז נישט געווען ווו צו פאַרברענגען, כאָטש עס איז געווען אַ היפּשע יוגנט. קומט מען זיך ערגעץ צונויף און מען שפּילט אויף אַ האַרמאָשקע, מען מאַכט אַ גוטן שנאַפּס, נאָכדעם טאַנצט מען און מען זינגט, ביז פאַרטאָג. צומאָרגנס פאַרטרינקט מען דאָס, וואָס מען האָט נעכטן נישט דערטרונקען. מען קלייבט זיך צונויף און מען שפּילט אין „21". געלט האָבן אַלע און ווו אויסצוגעבן איז נישטאָ, שפּילט מען אין קאָרטן.

דינסטיק דעם 29־טן אַפּריל 1942 זיינען מיר אַלע ביי איינעם פון די קאָלכאָזניקעס, אין מיטן דאָרף. די גאַס איז אַ ברייטע, און אַ בלאָטע ביז די קני. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר לאָזן זיך מאָרגן באַגינען אין אונדזער אויסגעקליבענעם מאַרשרוט, דעריבער וועלן מיר דאָ אַלע דריי שלאָפן

ביים זעלבן באַלעבאָס, בעסער געזאָגט — באַלעבאָסטע, ווייל דער מאַן איז אַוועק אויפן פראָנט, און די פרוי איז געבליבן מיט זיבן קינדער. שיך האָבן זיי נאָר איין פּאָר, אַזוי אַז שוין זעקס טעג, ווי מיינע חברים אַרבעטן ביי איר און האָבן פאַר דער גאַנצער משפּחה געמאַכט שיך, שטיוול, אַפילו פאַר אַן אַלטער באָבע, וואָס האָט געלעבט מיט זיי.

מיר האָבן זיך אָבער נישט אויסגעטאָן. מ׳האָט אונדז אויסגעבעט אויף דר׳ערד, און איינשלאָפן האָבן מיר בשום אופן נישט געקאָנט און איך נישט געוואָלט. לעבן אונדז — דריי קליינע זעקלעך. מיר ליגן צוגע־דעקט מיט אונדזערע שינעלן און רעדן צווישן זיך. די גאַנצע משפּחה ליגט אויפן אויוון. קיין זייגער איז נישטאָ, מיר הערן אָבער דאָס קרייען פון אַ האָן, און מיר באַשליסן, אַז אָט אָט דאַרף מען זיך אויפהייבן.

פּלוצלונג — מיר הערן אַ שאָס, אַ צווייטן, אַ דריטן. מיר גיבן אַ טאַנץ פון אונדזער געלעגער, ציען אָן די שטיוול. מיר זעען, אַז די גאַנצע משפּחה איז שוין אויך וואַך. וואָס קאָן עס זיין? דערווייל הערן מיר נאָך צוויי שאָסן. איך גיב אַ זאָג צו דער חברה:

— נעמט מיט די זעקלעך. מיינעם — אויך.

און איך בין שוין אויפן גאַס. עס הייבט באַלד אָן טאָגן. איך שאַר זיך פאַרזיכטיק לעבן וואַנט און וויל זען פון וואַנען מען שיסט און ווער זיינען די שיסער. איך הער עפּעס אַ טומל. איך גיב אַ זאָג צו מיינע חברה:

— וואַרט מיר אַ ווײַלע אָפּ, און אין פאַל, אַז אין צען מינוט אַרום בין איך נישטאָ, נעמט מיט מיין זאַק און וואַרט בעלם.

זיי האָבן קיין צייט נישט צו ענטפערן. איך בייג זיך איין און מיט איין שפּרונג בין איך ביים צווייטן הויז. איך זע, ווי די איינוווינער פון דעם הויז שטייען האַלב־נאַקעטע ביי דער אָפענער טיר און רעדן עפּעס צווישן זיך. איך פרעג זיי:

— וואָס האָט פּאַסירט? ווער שיסט דאָ?

ענטפערט מיר אַ פרויען־שטימע:

— דער סוואָלאַטש, דער מערדער אַסטאַפּ.

— וועלכער אַסטאַפּ? — פרעג איך איבער.

דער אַלטער שרייט אויף דער פרוי, פאַרוואָס זי רעדט, און אַליין דערציילט ער וואָס דאָ קומט פאָר: אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געשפּילט אין קאָרטן, געטרונקען. אַסטאַפּ האָט פאַרשפּילט דאָס גאַנצע געלט. האָט ער באַשלאָסן, אַז ער גייט ווידער קיין אָרשאַ און נעמט מיט דעם לייטע־נאַנט, נישט צו קומען צו די דייטשן מיט ליידיקע הענט... אונדזער לייטע־נאַנט שלאָפט היינט ביי דער מאַמען. פון אַ שטוביקן גנב קאָן מען זיך נישט אויסהיטן. ער האָט געוווסט אַז פאַר ברענגען אַ קאָמוניסט, וועט ער קריגן אַ פּרעמיע פאַר זיין קאָפּ. די אַלטע מאַלאַכאָוואַ מיטן זון זיינען אין שטוב. דאָס האָב איך גראַד געוווסט, ווייל נעכטן האָב איך מיט אים גערעדט. זיי האָבן זיך פאַרשפּאַרט, און ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט

זיך ענדיקן. דערווייל דערלייגט ער אַ פּאָר ווערטער, און עס גייען מיר אַדורך מוראַשקעס איבערן לייב.

— דערהרגענען — זאָגט ער — ביי אים אַ מענטש, איז פּונקט ווי אַ שפּיי.

— פּאַסמאַטרים !... (דאָס וועלן מיר זען !) — רייסט זיך ביי מיר אַרויס.

ביי זיך גיב איך אַ טראַכט : איין איינציקער באַנדיט און — נישטאָ ווער עס זאָל אים באַרואיקן ?

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פּאַל, אין 1934. אַ טומל אין סלאָבאָדקע, אַ פאָרשטאָט פון קאָוונע. איך גיי צו נענטער — מיינער אַ באַקאַנטער, אַ יונגער ליטווינער, ווערט געשלאָגן פון אַ ליטווישן פּאָליציסט. ער שלאָגט אים מיטן הענטל פון פּיסטאָלעט, אַז עס גייט מיר דורך אַ ציטער. אין אַ סעקונדע אַרום קריגט דער פּאָליציסט אַ זעץ אונטער דער מאָרדע און דער פּיסטאָלעט בלייבט ביי מיר אין האַנט. איך ווער מיט אים נעלם.

דאָס זעלבע געפיל גייט מיר אַדורך אין זעלבן מאָמענט. איך שפּיר נישט ווי איך טו אויס דעם מאַנטל. איך זע, אַז ביידע חברים זיינען לעבן מיר. זיי האָבן פאַרשטאַנען וועגן וועמען מען רעדט, און וואָס עס האַנדלט זיך. מישאַ טוט אויך אויס דעם שינעל און זאָגט :

— וואַרט, איך גיי מיט.

— ניין — זאָג איך — ער ווייסט, אַז דו ביסט אַ ייד, און ער קאָן דיר גלייך אָפּשיסן. לאָז מיר אַליין.

מען דאַרף אַריבערגיין די גאַס. קריך איך אין דער טיפער בלאָטע. איך הער ווי אַ פּרויען־שטימע בעט זיך :

— אָסטאַפּ, קום אין שטוב, דו וועסט זיך אויסשלאָפן, וועסטו אַלץ פאַרגעסן...

איך בין אומגעפער אַ צוואַנציק מעטער פון יענעם הויז. עס איז שוין גוט ליכטיק. איך הייב אָן פאַרזיכטיק דערנענטערן זיך צום הויז. פּלוצים הער איך :

— ווער גייט דאָ ? די הענט אין דער הויך, אַז נישט שיס איך !

איך באַמי זיך צו ענטפערן, וואָס מער געלאָסן. אָבער עס געלינגט מיר נישט. עס דערמאָנט מיר אין די דערמאָרדעטע קינדער דורך אָט דעם באַנדיט, און איך גיב אים אַ פרעג :

— ווער האָט דיר דערלויבט צו אַטאַקירן און צו שיסן אויף רעכטס און אויף לינקס ?

איך פאַרשנעלער מיין טריט און פיל, אַז אַלע מיינע מוסקולן זיינען אָנגעצויגן, ווי די סטרונעס. די פרויען־שטימע בעט זיך ביי אים :

— אָסטאַפּ, ביסט פון זינען אַראָפּ ? דאָס איז דאָך דער דאָקטער...

— און אַז דאָס איז דער דאָקטער... זיינע בעסטע צוויי חברים זיינען זשידעס... די קאָמאַנדאַנטור וועט מיר נאָך זאָגן אַ דאַנק, אויב איך וועל אויך אים מיטנעמען...

איך בין אַ מעטער פינף פון זיי, איך פּרוביר מיט אים רעדן, אָבער ער לאָזט מיר קיין וואָרט נישט אויסרעדן. ער שטעלט אָן אין מיין ריכ־טונג די ביקס און שיסט אויס. אָבער אין דער זעלבער סעקונדע פּרוווט די מאַמע אים אָפּהאַלטן, און דאָס האָט מיך געראַטעוועט. ווייל אַ צווייטן שאָס האָט ער שוין נישט געקאָנט געבן. דעם ערשטן זעץ, וואָס ער האָט געקריגן אין אָן אויג, האָט אים צעטומלט. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן ביי אים די ביקס און אים צוויי מאָל, איין מאָל נאָכן אַנדערן, אַריינגעפּאָרן מיט מיין קאָפּ אין זיין פאַרדאַמטן פּרצוף. די ביקס האָט ער אָבער נישט אָפּגעלאָזן. דאָ האָט ער געהאַט די אויבערגעוויכט, און דאָ האָב איך געהאַט די אויבערגעוויכט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיין מוטער אונדז געוואָלט פונאַנדערנעמען, האָט ער איר דערלאַנגט אַ בריק אין בויך און זי איז געפאַלן. מיר האָבן ביידע געפילט, אַז אונדזער קאַמף איז אָן רחמנות, אָדער — איך, אָדער — ער. איך האָב געזען, אַז דעם געזונטן יונג וועל איך אויפן איינפאַכן אופן נישט קאָנען בייקומען. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך קען נאָך עפּעס וואָס.

מיר האַלטן ביידע די ביקס מיט די הענט. איך גיב זיך פּלוצים אַ לאָז אַראָפּ, און אין דעם מאָמענט, ווען איך פיל, אַז ער איז אויף מיינע קני, גיב איך זיך אַ וואָרף אויף הינטן און איך פיל, אַז ער גיט אַ פאַל אויף עטלעכע מעטער, און די ביקס בלייבט ביי מיר אין דער האַנט. איך בין ווידער אויף די פיס. די ביקס האַלט איך פאָרן רער. איך פיל אַ גרויסן ווייטיק אין אָן אויג, עס רינט מיר בלוט פון נאָז. איך האָב נישט געמערקט, ווי ער האָט אויפגעהויבן אַ גרויסן שטיין. ער דערלאַנגט אַ הייב מיט ביידע הענט, און אין די לעצטע סעקונדע געלינגט מיר אויסצומיידן דעם קלאַפּ. ער קריגט אָבער גלייך עטלעכע זעץ מיט זיין אייגענער ביקס. און אַז איך דערלייג אים נאָך אַ פּאָר זעצן, ברעכט זיך די ביקס איבער אויף זיין קאָפּ. אין לעצטן מאָמענט באַהערש איך זיך און איך טראַכט, אַז בעסער זאָלן אים אַנדערע דערהרגענען. פון מיר האָט ער זיין פּאַרציע באַקומען.

דעם געשלעג צווישן מיר און אָסטאַפּן האָבן זיך צוגעקוקט אַ סך דאָרפישע, צווישן זיי — דער ברודער פון אָסטאַפּן. ער גיט אַ שפּיי אין זיין ריכטונג און זאָגט:

— איך האָב אים אָבער געוואָרנט, אַז עמיצער וועט אים אָנברעכן די ביינער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָ, אין לעוואַנאָווקאַ, איז נאָך דער מענטש נישט געבוירן געוואָרן... ווער ס׳וועט מיך אָנרירן...

ער איז צו צו זיין מאַמען. אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע, אַפילו פון אַ בלוטיקן וואָלף. די אַלטע איז צו צו אָסטאַפּן, קוים אים אויפגעהויבן. עפּעס אַ צווייטע פרוי האָט איר געהאָלפן און זיי האָבן אים אַוועקגעפירט. די שטיק רער פון דער ביקס, וואָס איז מיר געבליבן אין האַנט, האָב איך אַ שמיץ געטאָן ווייט פון זיך. איך קער זיך אום, כדי אַ קוק צו טאָן צי

מיינע חברים זיינען דאָ. אין דעם מאָמענט גייט צו צו מיר די אַלטיטשקע מוטער פון לייטענאַנט, גיט מיר אַ ריין נאָזיטכל. מיטביידע הענט נעמט זי אָן מיין קאָפּ, צלמט מיך איבער און גיט מיר אַ קוש אין שטערן, און גייט אַריין צוריק אין שטוב. אַז איך קוק איר נאָך, טרעף איך זיך מיטן בליק פון לייטענאַנט. פריער האָב איך אים נישט באַמערקט. מיר קוקן זיך ביידע איבער און אַזוי בלייבן מיר עטלעכע סעקונדן, נישט אויסרעדנדיק איינער צום אַנדערן קיין איין וואָרט.

איך פיל, אַז מישאַ טוט מיר אָן אויף דער פּלייצע דעם שינעל. בכמעט דאָס גאַנצע דאָרף איז פאַרזאַמלט אַרום אונדז. איך זאָג צום עולם:

— איר זאָלט וויסן, אַז יעדע מערדער פון קינדער און פון אומ־שולדיקע מענטשן, וועט האָבן דעם זעלבן סוף ווי דער באַנדיט. אויב איר וועט זיין פּחדנים, און ציטערן פאַר אַזאַ פאַרסאַרכעטן מערדער, וועט איר פריער אָדער שפּעטער טייער באַצאָלן. איך דאַנק אייך אַלעמען, וואָס איר האָט מיר און מיינע חברים געלאָזן ביי אייך איבערווינטערן. איך גלויב, אַז אונדזער ברויט האָבן מיר ערלעך פאַרדינט. און דער באַנדיט, זאָל ער וויסן זיין, אַז ער האָט נאָר געקריגן אַ קליינעם חלק פון דעם, וואָס ער פאַרדינט, פאַר מאָרדן אומשולדיקע מענטשן אין אַרשאַ...

איך האָב מיין ברויט ערלעך פאַרדינט אין דאָרף. דאָס האָבן זיי געוווסט. איך האָב פאַר זיי געמאַכט אַזעלכע כלים, וואָס מען קריגט גאָר פאַר געלט נישט צו קויפן: עמערס, באַליעס צום וואַשן וועש, און דאָס וויכטיקסטע — גוטע אַפּאַראַטן צו טרייבן סאַמאַגאָן. אין יענער צייט איז דאָס געווען דער בעסטער פאַך. פון דייטשע בענזין־פעסלעך, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ זייט פון די וועגן, האָב איך געמאַכט אַ גאַנצן קאָמפּלעט צו טרייבן סאַמאַגאָן. זייערע אַפּאַראַטן האָבן נישט געטויגט. עס פלעגט צוברענען. און פון מיין אַפּאַראַט פלעגט אַרויסגיין דירעקט ריינער ספּירט. און פאַר ספּירט האָט מען געקאָנט אַפּקויפן נישט נאָר די פּאָליציי מיטן סטאַראָסטאַ צוזאַמען, נאָר אויך דעם דייטשן קאָמאַנדאַנט.

מיינע צוויי נייע חברים, ווידער, דער עלטערער, יאָסל, און דער יונגערער, מישאַ, האָבן געאַרבעט ביי איינעם פון די בעסטע פאַכן אין ראַטנפאַרבאַנד, ביי שוסטעריי. דערצו האָבן זיי אַלע מאַטעריאַלן אַליין צוגעגרייט, אָנהייבנדיק פון הילצערנע שטיפטן מיט דראָטוועס, און ענ־דיקנדיק מיט פּאַדעשוועס, זוילן, געמאַכט פון אַלטע אויטאָ־רעדער. וועל־כער שוסטער אין דער וועלט וואָלט עס באַוויזן? אַזוי האָט אויסגעזען שוסטעריי אין אַ רוסיש דאָרף. און פאַר אונדזער אַרבעט האָבן מיר טאָקע באַקומען אַלץ, אין וואָס מיר האָבן זיך גענייטיקט.

## קאפּיטל 19

# ווידער אויפֿן הפקר

דעם מאַרשרוט, וווהין מיר דאַרפֿן זיך לאָזן, האָבן מיר עטלעכע מאָל געענדערט איינגעלערנט. דעם 30־טן אַפּריל, 1942, אין אַ מיטוואָך, זייַענען מיר אַרויס פֿון דאָרף. אַרויס זייַנען מיר אין דער פֿרי, אַרום 4 אַ זייגער זייַנען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף, לערך 25 קילאָמעטער מזרח־צו פֿון לעאָנאָווקאַ. איך געדענק נישט גענוי דעם נאָמען פֿון דאָרף. מיר פֿרעגן זיך, ווי געוויינלעך, אויס אייַנצלהייטן און מיר גייען ווייטער, לאָזן זיך אַראָפּ פֿון אַ קליין בערגל. קענטיק, אַז אויף דער צווייטער זייַט בערגל פֿאַרקירעוועט זיך דער וועג. ווייל פּלוצלונג, אַזוי ווי פֿון אונטער דער ערד, זעען מיר אַנטקעגן קומען אַ דייַטש אויף אַ פֿערד. וואָס טוט מען ? אומקערן זיך אין דאָרף, איז שוין צו שפּעט. אים גיין אַנטקעגן, איז צו געפֿערלעך. מיר באַמערקן, אַז ער האַלט די ביקס אין האַנט. אינסטינקטיוו פֿאַרקירעווען מיר זיך אויף רעכטס און שניידן דורך דאָס פֿעלד.

אין טאָל פֿליסט אַ קליין טייַכל, שניידן מיר עס איבער. דאָס וואַסער גרייכט ביזן רימען. איינער הינטערן אַנדערן שפּאַנען מיר, אָפּגערוקט אויף אַ פּאָר מעטער. די ערד איז פֿייַכט. די שטיוול טאָפּטשען אין בלאָטע. דער שווייס גיסט זיך פֿון אונדז, פֿון מידקייט און שרעק. פּלוצלונג — אַ שאָס, אַ צווייטער, אַ דריטער. די קוילן פֿליען אונדז איבערן קאָפּ. מיר קריכן אויפֿן באַרג, מיר לויפֿן מיט אַלע כוחות. אַ סעקונדע האָב איך אומגעדרייט דעם קאָפּ, כדי צו דערכאַפּן, ווי דער זעלבער דייַטש שטייט אויף אַ קני לעבן פֿערד און צילעוועט אין אונדז. אונדזער אַראָפּגיין פֿון וועג איז אים פֿאַרגעקומען פֿאַרדעכטיק, דערצו — אונדזער האַלב־מיליטערישער, האַלב־ציווילער אויסזען. אָבער פֿאַרוואָס האָט ער אונדז געלאָזן אַזוי ווייט אַוועקגיין, אומגעפֿער 300 מעטער ? דאָס פֿאַרשטיי איך נישט.

אויפֿן באַרג האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט. מיר זעען קליינע, יונגע וועלדלעך. עטוואָס ווייטער, אויפֿן האָריזאָנט — אַ גרעסערער וואַלד, אָבער נישטאָ קיין כוח צו דערקלייבן זיך אַהין. מיר גייען אַריין אין וועלדל, קלייבן אויס אַ געדיכט אָרט און באַשליסן דאָ אָפּצוואַרטן ביז עס וועט ווערן טונקל. די זון וואַרעמט, טרוקענען מיר אויס די קליידער. מיר זייַנען געווען דורכגעווייקט פֿון קאָפּ ביז פֿיס. דערווייל דוכט זיך, אַז מיר דערהערן דעם גאַלאָפּ פֿון פֿערד־טריט. מען האַלט איין דעם אָטעם. און פּלוצלונג — ווידער אַ שאָס, אַ צווייטער, אַ דריטער. אונדזער עלטערער חבר וויל זיך אַ הייב טאָן, אָבער מיר כאַפּן אים אָן. ער פֿאַרשטייט אויך, אַז מען טאָר זיך נישט רירן פֿון אָרט. קענטיק, אַז דער זעלבער דייַטש. ער האָט אונדז אוודאי אָנגענומען פֿאַר פּאַרטיזאַ־

נער. אויב אַזוי דאַרף ער זיך היטן פֿאַר אונדז, מיר זאָלן נישט מאַכן קיין „זאַסאַדע״, אָדער ער האָט געשאָסן מיט דער אויסרעכענונג, אַז אויב מיר האָבן זיך דאָ ערגעץ־ווו באַהאַלטן, וועלן מיר זיך דערשרעקן און אָנהייבן לויפֿן, און דעמאָלט וועט ער שיסן אין אונדז.

מיר רירן זיך אָבער נישט פֿון אָרט. ס׳איז אַריבער אפשר אַ שעה. פֿאַרזיכטיק זײַנען מיר ווידער אַרויס אויפֿן וועג און דערגאַנגען ביז אַ דאָרף, וואָס האָט זיך גערופֿן וואָלקאָווא. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָ זײַנען קיין דײַטשן נישטאָ און דער סטאַראָסטאָ מאַכט זיך נישט וויסנדיק פֿאַר אַזעלכע ווי מיר זײַנען. ס׳איז שוין געווען גוט פֿינצ־טער. מיר קלאַפּן אָן אין אַ כאַטע און בעטן איבערצונעכטיקן. מען ענט־פֿערט אונדז נישט. עס עפֿנט זיך אָבער באַלד די טיר און אַ פֿרוי זאָגט:

— גייט אַרײַן.

אין דער פֿינצטער פֿירט זי אונדז צו צו אַ באַנק און זאָגט:

— איר קאָנט דאָ איבערשלאָפֿן, אָבער גאַנץ פֿרי מוזט איר אַוועק־גיין.

נישט זי פֿרעגט אונדז וועד מיר זײַנען, וואָס מיר ווילן. מיר פֿרעגן זי אויך גאָרנישט, הענגען אויף די דורכגעווייקטע הויזן מיט די פֿאַר־טיאַנקעס אין אַ ווינקל ביים אויוון. אין עטלעכע מינוט אַרום כראָפּען מיר שוין אַלע, צוזאַמען מיט די, וואָס אין דער כאַטע.

פֿאַרטאָג וועקט אונדז די פֿרוי. קענטיק, אַז זי איז שוין געווען אויף אַ היפּשע ווײַלע, ווײַל דער אויוון האָט שוין געהאַלטן אין רעכטן ברענען. מיר שטייען שוין אויף די פֿיס. ס׳איז דער 1־טער מאַי. דאָס ליכט פֿון אויוון שלאָגט זיך אָפּ אין שטיבל אויף אַלע ווענט, אַ גרויסע שטוב, און קענטיק, אַז עס איז דאָ נאָך אַ צימער. אַ שטוב מיט אַ היל־צערנער פּאָדלאָגע, וואָס דאָס איז זייער זעלטן אין די רוסישע דערפֿער. ס׳איז נאָך האַלב־פֿינצטער און די באַלעבאָסטע, אַן עלטערע פֿרוי, זאָגט אונדז:

— טרינקט אַ גלאָז מילך. אויפֿן טיש שטייט אַלץ. אָקאָרשט אויס־געמאָלקן די קו. קיין ברויט האָב איך נישט. וואַרט צו, אָט וועל איך אײַך געבן אַ פּאָר הייסע קאַרטאָפֿל.

דערווײַל פֿרעגן מיר ביי איר אויס וועגן אַנדערן דאָרף, ווײַל צוויי קילאָמעטער אויף רעכטס, זײַנען — דײַטשן. אויף לינקס גייט דער וועג אויף סמאָלענסק. אומעטום — דײַטשן. זי זאָגט אונדז, אַז אין דעם דאָרף, ווו מיר ווילן גיין, איז דאָ אַ סטאַראָסטאָ מיט אַ פּאָליציי־שעף.

— און ביידע... — זאָגט זי, און — פֿאַרהאַקט זיך.

מיר פֿאַרשטייען, אַז זי האָט מורא פֿאַר אונדז, אָבער אַז מיר בעטן זי ווידער, און פֿאַרזיכערן זי זאָל קיין מורא נישט האָבן, זאָגט זי:

— זיי זײַנען נישט קיין גוטע מענטשן. אָבער הײַנט זײַנען זיי ביי־דע נישטאָ, מען האָט זיי אַוועקגערופֿן אין גאָרקי. (אַ שטעטל אין ווײַס־רוסלאַנד.)

מיר דאַנקען, און לאָזן זיך אין וועג אַריין מיט הייסע קאַרטאָפל אין די קעשענעס, און גאָר גיך דערנענטערן מיר זיך צום אַנדערן דאָרף. אָנ־געקלאַפּט אין דער ערשטער כאַטע, גייט אַרויס אַ יונגע רוסישע פרוי. מיר באַגריסן זיך און פרעגן זי, ווי געוויינלעך, אויס. איך האָב שוין געהאַט מיין אויסגעאַרבעטן סיסטעם — נישט צו פאַרלאָזן זיך נאָר אויף איין מענטש. מיר האָבן איבערגעפרעגט עטלעכע מענטשן די זעל־בע פראַגן, און לויט די ענטפערס, האָט מען זיך אָריענטירט. די יונגע פרוי ענטפערט כמעט דאָס זעלבע. פרעגן פרעגט זי מישאַ, און איך שטיי דערביי מיט יאָסלען און מיר הערן זיך צו. דאַכט זיך, אַז זי ענטפערט אַלץ צו דער זאַך. אָבער איך כאַפּ אויף אין איר עפּעס אַ מאָדנע נישט אויפריכטיקייט. אַז זי גייט אַוועק, קוק איך איר נאָך. זי גייט גוט אָנ־געטאָן, אַ גאַנץ שיינע. עפּעס געפעלט זי מיר נישט.

דאָס דאָרף איז גרויס, די הייזער — ווייט אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן. מיר פילן, אַז מיר דאַרפן זיך דאָ נישט פאַרהאַלטן. עס שניידט דאָ דורך אַ צווייטער וועג אין דער לענג און ער פירט דירעקט צו אַן אויטאָ־שאָסיי ביזן ראַיאָנעם צענטער גאַרקי. דעריבער טאָרן מיר זיך אין אַזעלכע ערטער נישט ווייזן. אין אַזעלכע ערטער געפינען זיך גרע־סערע דייטשע גאַרניזאָנען, צענטראַלעס פון געשטאַפּאָ, און די, פאַר וועלכע איך האָב אַמערסטן זיך געשראָקן — די פעלד־זשאַנדאַרמעריע.

מיר גייען אַריין אין הויז און בעטן אַ טרונק. אַ קאַלכאָזניק אין די מיטעלע יאָרן גיט אונדז אָנצוטרינקען זיך. נישט אויסרעדנדיק קיין איין וואָרט, קוקט ער אונדז מאָדנע אָן. מיר גייט עפּעס אַריין אין קאָפּ און איך פרעג אים:

— וואָס קוקסטו אונדז עפּעס אַזוי מאָדנע אָן? אפשר איז דיר אַ שאָד, דאָס ביסל וואַסער?

— אַך — זאָגט ער — ניין, סתם. מען זעט אַזוי זעלטן ביי אונדז נישט קיין היגע.

דערווייל פאַררייכערן מיר און שענקען אביסל טאַבאַק דעם פויער. דאָס אַלץ געדויערט נישט מער ווי 15—20 מינוט, און גייען אַרויס. אונדז אַנטקעגן קומען אָן פיר ציווילע. זיי שטעלן אונדז אָפּ, און בשעת מעשה פרעגט איינער צי מיר האָבן נישט עפּעס צו פאַרויכערן. אינסטיק־טיוו קער איך אָפּ דעם קאָפּ און זע, ווי עס קומען אונטער נאָך צוויי ציווילע, איינער מיט אַ ביקס. איינער פון אַ זייט, איינער פון הינטן. עס גייט מיר דורך אַ געדאַנק, אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט. מיר ווילן זיי פאַרבייגיין. זאָגן זיי אונדז:

— וואַרט אַ ווײַלע. וואָס איילט איר זיך?

איך גיב זיך אַ רוק צו צו איינעם און פרעג:

— ווער זייט איר אַזעלכע, וואָס איר לאָזט אונדז נישט גיין?

— מיר זיינען היגע — ענטפערן זיי — אָבער ווער זייט איר?

— איך האַלט — אַז דאָס גייט אייך נישט אָן.

אַזוי רעדנדיק, זיינען צו די צוויי איבעריקע, איינער מיט אַ ווייסן בענדל. דער, וואָס גייט מיטן ביקס, זאָגט:

— ווייזט — זאָגט ער — אייערע דאָקומענטן.

צופעליק האָט דער פון אַלמאַ־מאַטא געהאַט ביי זיך עפּעס אַ דייטשן צעטל, אַז מען לאָזט אים אָפּ פון לאַגער, פאַרשטייט זיך, אויף אַ פאַלשן נאָמען. אָבער איך מיטן אַנדערן, האָבן קיין שום פּאַפּירלעך נישט צו ווייזן.

— איר מוזט דאָ בלייבן, ביז וואַנען דער סטאַראָסטאַ מיטן שעף פון דער פּאָליציי וועלן קומען.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יונגע רוסישע פרוי איז געווען די פרוי פון פּאָליציי־שעף, אַ פּאַרביסענע, פּונקט ווי איר מאַן, קעגן סאָוויעטישן רעזשים. אַז מיר האָבן זי אויסגעפרעגט וועגן דאָרף, וועגן די זייטיקע דערפער, וווּ עס זיינען דאָ דייטשן, וווּ מען קאָן פריי דורכגיין, האָט זי אונדז אַלץ געענטפערט; און ווי נאָר מיר זיינען אַריין טרינקען אַביסל וואַסער, איז זי געלאָפן זוכן די געהילפס־פּאָליציי, און מיר זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז זי האָט זיי געדראָט, אויב זיי וועלן נישט פאָלגן, וועלן זיי טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר האָבן געוווּסט, אַז די דייטשן אָרגאַניזירן אין פאַרשיידענע דערפער געהילפס־פּאָליציי, און אַ סך זיינען אַריינגעטראָטן, כדי נישט אַוועקגעפירט צו ווערן קיין דייטשלאַנד.

גלייך ווי מען האָט אונדז באַשאָסן, האָב איך דורכגערעדט מיט מיינע צוויי חברים, אַז מיר וועלן דעם פראָנט נישט קאָנען אַריבערגיין. איך האָב זיי דערוויזן, אַז וואָס מער מיר דערנעענטערן זיך צום פראָנט, — אַלץ אַ גרעסערע קאָנצענטראַציע פון די דייטשן. מיר זיינען אָפּט פאַרביי ערטער, וווּ עס זיינען פאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן. אַז מ'האָט גוט געזוכט, האָט מען געקאָנט געפינען געווער, האַנט־גראַנאַטן אָן צינדערס האָבן זיך געוואַלגערט אויף טריט און שריט. אָבער דעם על־טערן, יאַסלען, האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט איבערצייגן אין דעם, אַז גראָד דער אָנפאַנג פון אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע וועלן מיר אַליין זיין, און מיר וועלן זיכער טרעפן נאָך אַזעלכע, ווי מיר. אָבער דער מענטש איז געווען אַ פרידלעכער, אָן אַ גאַל, האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן אין האַנט קיין געווער. אפילו אין דער אַרמיי האָט ער געאַרבעט שוס־טעריי. און צו דעם — זיין יידישע אויסשפּראַך, וואָס פלעגט אים אָפּט שטערן אויסצובאַהאַלטן, אַז ער איז אַ ייד. די שטענדיקע שרעק פון אַלע זייטן האָט אים אַזוי צוגעדריקט, אַז זיין איינציקע רעטונג האָט ער נאָר געזען אין אַריבערגיין דעם פראָנט. ער האָט געוווּסט, אַז ס'איז פאַרבונדן מיט גרויסע ריזיקע. איז שוין בעסער זיין צווישן אַזעלכע ווי מיר זיינען, און אויב פאַלן, איז פאַלן ווי אַ מענטש, נישט באַליידיקט פון יעדן שמו־ציקן פאַרברעכער. אָדער פאַלן ביים פּרוּוון אַריבערגיין דעם פראָנט.

מיר האָבן געפּרוּווט רעדן מיט די, וואָס האָבן אונדז פאַרהאַלטן.

מיר האָבן זיי דערקלערט, אַז די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט און מען ווייס נאָך נישט ווי זי וועט זיך ענדיקן. אויב די סאָוויעטן וועלן זיך צוריקקערן אַהער, וועלן זיי זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע מעשים. אייניקע פון זיי זיינען געווען דערפאַר, אַז מען זאָל אונדז אָפּ־לאָזן. אָבער די איבעריקע האָבן דערקלערט, אַז נאָכדעם וועלן זיי מוזן ענטפערן פאַר אונדז. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן.

צומאָרגנס פאַרטאָג, דער שעף פון דער פּאָליציי פון דעם דאָרף. מיטן סטאַראָסטאַ, הייסן אונדז אונטעראיילן זיך. מען פירט אונדז אין דער ריכטונג פון גאָרקי. גייענדיק, מערק איך, אַז זיי קוקן זיך אויף אונדז נישט אום. מיר גייען עטלעכע מעטער פאָראויס, זיי גייען פון הינטן, רעדן צווישן זיך. צו מיין פאַרדרוס, זע איך קיין וואַלד נישט אין דער נאָענט. די וועלדער זיינען ווייט, ווייט, אויפן האָריזאָנט. אָבער אָפּט גייען מיר פאַרביי קליינע קוסטאַרניקעס. איך לייג פאָר מיינע חברים: לאָמיר שטעלן אַ גיכערן טראָט. אויב זיי וועלן בלייבן פון אונדז אַ 20 מעטער, דאַרף מען פּרובירן לויפן, אָבער אין דריי פאַר־שיידענע ריכטונגען, אַז מען זאָל זיי צעטומלען. זיי זיינען מיט מיר איינשטימיק. מיר שטעלן אַ גיכערן טראָט. מיט איין אויג קוק איך אויף די באַוואָפנטע באַגלייטער. צי זיי האָבן עס געמאַכט בכיוון — ווייל, קענטיק, אַז מיר זיינען שוין ביי זיי געווען נישט די ערשטע פאַרהאַל־טענע, וואָס זיי האָבן געפירט דורכן זעלבן וועג — אָדער סתם, זיי זיי־נען געווען זיכער ביי זיך, ווייל זיי זיינען געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען אַ 25—30 מעטער פון זיי, גיב איך אַ זאָג צו מיינע חברים:

— איר לויפט?

— ניין! — זאָגן זיי.

מיר געפינען זיך לעבן אַ טיפן גרובן, באַוואַקסן מיט קליינע ביימ־לעך. איך אַליין גיב זיך אַ וואַרף אין קוסטאַרניק און הייב אָן לויפן, באַרג־אַראָפּ. איך הער הינטער זיך אַ שיסעריי, און אַ וואָרנונג:

— שטיי, ווייסט ווייט נישט אַנטלויפן!

איך לויף אין גראָבן און דער פּאָליציי אויבן, ביים ראַנד. און פּלוצים בלייב איך שטיין — אַ זאַמדיקע וואַנט פאַרשטעלט מיר דעם וועג. איך פּרווו זיך דאָ ערגעץ צו פאַרשטעקן. עטלעכע ציווילע, וואָס האָבן געאַרבעט אין פעלד זיינען אים געקומען צו הילף און זיי האָבן מיך געפונען. דער פּאָליציי צעבריקעט מיך, גיט מיר עטלעכע מאָל מיט דער ביקס־קאָלבע.

— דיין גליק — זאָגט ער — וואָס איך האָב געקלונגען אין געס־טאַפּאָ, אַז איך האָב דיך געכאַפּט, צוזאַמען מיט דיינע חברים. צי איר זענט זשידעס, אָדער נישט, דאָס וועלן זיי שוין אַליין ביי אייך דער־גיין. אַז נישט, וואָלסטו ביי מיר גלייך געקראָגן אַ קויל אין קאָפּ פאַרן לויפן.

ער פירט מיך ווידער אַרויס אויפן ברייטן וועג. אויפן קאָפּ האָב איך אַ גרויסע בייל, די זייטן טוען ווי. מיינע אומגליקלעכע חברים שעמען זיך מיר צו קוקן אין די אויגן. אונדז אַנטקעגן קומט אַ רייטער־גרופּע, קענטיק, אַז זיי קומען אונדז איבערנעמען. דער שעף, אַ דייטשער פעלדפעבל, בלייבט רעדן אַ פּאָר מינוט מיטן רוסישן פּאָליציסט און סטאַראָסטע. דערנאָך קערן זיי זיך צוריק, און אונדז פירן די דייטשן קיין גאַרקי. אַכט אוקראַינער אויף פערד, גוטע פערד. דאָס פירן אונדז — טראַכט איך — די אייניקלעך פון באָגדאַן כמיעלניצקי, ימח שמו. מער־נישט, זיי טראָגן אַנדערע אוניפאָרמען. אָדער — רעשטלעך פון פּעט־לורעס באַנדעס. קענטיק, אַז דעם פעלדפעבל האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט, אַז ער האָט אַ פאַרדאַכט, אַז מיר זיינען יידן; איך הער ווי דער דייטש גיט אַ געשריי:

— היי, טימאָשענקאָ, קאָם היר!

מיר גייען אַלע דריי און די גרופּע רייטער — הינטער אונדז. מיר פילן די פערדישע מאָרדעס האַרט הינטערן רוקן. איך הער ווי ער פרעגט אים, צי לויט זיין מיינונג, זיינען עס יידן? ער ענטפערט אים אין אַ גאַנץ קאָרעקטן דייטש:

— ווען דו האָסט גערעדט מיטן סטאַראָסטע, האָב איך זיך צוגעקוקט. יענער, אין מיטן — פילייכט, אָבער די אַנדערע צוויי — גלויב איך נישט.

נאָך אַ פּאָר שעה גאַנג, קומען מיר קיין גאַרקי. איך בין נאָך אין דער שטאָט נישט געווען. אַ סך חרובע הייזער, מען זעט ווייניק שטאָט־לייט. אייניקע שטעלן זיך אָפּ, קוקן אונדז נאָך. מיר גייען פאַרביי פאַבריקן, הייזער, סקלאַדן, בריקן. אַלץ איז חרוב, נאָכן אָפּטרעטן פון דער רויטער אַרמיי, אָבער טורמעס זיינען געבליבן. און אָט ברענגט מען אונדז אין דער טורמע פון גאַרקי. (נישט גאַרקי־ניזשני־נאָוואָגאָראָד). מען פאַרשפּאַרט אונדז אין אַ קליין, פינצטער קעמערל. דאָס איינציקע פענצטער איז פאַרהאַקט מיט ברעטער. גאַרנישט, נאָר אַ צעמענטענע פּאָדלאָגע. ביים פאַרשרייבן, גיב איך דאָס מאָל אָן מיין נאָמען: שאַ־באַנאָוו. מען נעמט ביי אונדז אַלץ צו, מען באַטאַפּט, מען טוט אויס די שטיוול, אָבער די קעשענעס האָבן זיי נישט אויסגעקערט. אַ ביסל טאַבאַק ביי זיך, איז אויך גוט, און דעם קאַמפּאַס, וואָס דער לייטענאַנט פון לעאָנאָווקאָ האָט מיר געגעבן, האָב איך פאַרשטעקט ביים נעכטיקן אין דאָרף. די דייטשן באַטראַכטן עס פּונקט ווי געוועור.

די וועכטער אין טורמע זיינען געווען רוסן און דייטשן. איינער פון די רוסן האָט אונדז טאַקע געפרעגט, צי מיר זיינען יידן. ס'איז קאַלט, מיר טוליען זיך צוזאַמען. דעם דריטן לאָזן מיר נישט רעדן, ווייל זיין אַקצענט קאָן אים פאַראַטן. מיר מערקן, אַז אַלע ווײַלע הערט מען זיך צו פון דרויסן צו דער טיר. דערנאָך פירט מען אונדז אַלע אין קלאָזעט, און אַז מיר קומען צוריק אַריין, דערזעען מיר נאָך צוויי. איך דערזע באַלד — אַן אַלטע יידישע פרוי מיט איר קראַנקן מאַן. זיי קרעכצן,

אַבער קיין איין וואָרט רעדן זיי נישט אויס צווישן זיך. מיר איז דורך אַ געדאַנק, אַז איצט זיינען מיר פאַרלוירן.ביים עלטסטן פון אונדז האָט זיך גלייך אַרויסגעכאַפּט:

— אַ קלאָג צו אונדזערע יאָרן!

ער האָט עס אַרויסגערעדט אויף יידיש, און מעגלעך, אַז ער וואָלט נאָך ווייטער גערעדט, ווען איך גיב אים נישט אַ כאַפּ פאַרן מויל:

— שווייג!

די אַלטע פרוי האָט עס, קענטיק, נישט אויפגעכאַפּט, און אפשר — יאָ. איך בעט דעם עלטערן ער זאָל בלייבן שטיין ביים טיר, ווייל מיר איז איינגעפאַלן זייער שפּיצל, פאַרוואָס זיי האָבן געבראַכט אַהער צוויי אומגליקלעכע אַלטע יידן. אפשר צוויי שעה איז ער אָפּגעשטאַנען ביי דער טיר, דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אין ווינקל, ווו איך און מישאַ זיינען געזעסן, האָט מיך אַרומגענומען און מיר געזאָגט, דורך טרערן:

— מאַלאַדיעץ!

שפּעטער האָט ער מיר איינגערוימט, אַז ווען מיר האָבן גערעדט מיט דער יידישער פרוי, איז עמיץ געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך צוגעהערט, וואָס איך האָב גערעדט מיט דער אַלטער פרוי:

— ווער — פרעג איך — זענט איר, און פון וואַנען קומט איר? פאַרוואָס האָט מען אייך פאַרהאַלטן?

די אַלטע האָט מיר געענטפערט:

— פאַרוואָס פאַרפייניקן זיי אונדזער פאָלק?

איך דערוויס זיך אַז זיי שטאַמען פון מאָגילאָוו. ווען מ'האָט דאָרט אומגעבראַכט אַלע יידן, זיינען זיי געוועזן אין אַ דאָרף. אַזוי גייען זיי פון דאָרף צו דאָרף. עמיצער האָט זיי דאָ אָפּגעמסרט. צווישן דער גרופּע, וואָס האָט זיי פאַרהאַלטן, איז אפילו קיין איין דייטש נישט געווען, נאָר אוקראַינער און רוסן. די אַנדערע האָבן זיי געוואָלט אָפּלאָזן, נאָר איין געלער הונט, דערציילט זי, אַן אוקראַינער, טימאָשענקאָ, האָט געזאָגט, אַז ס'איז געווען אַ מסירה, און זיי מוזן אונדז איבערגעבן אין דייטשע הענט.

— און איר — פרעגט זי — זענט אויך יידן?

אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט עס געפרעגט, האָבן מיר ביידע, מישאַ און איך, זיך אַ קוועטש געטאָן אין דער פינצטער ביי די קני. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די פּאַטאָלע פראַגע וועט קומען. ביי זיך האָב איך געטראַכט: נאָכוואָס זאָגן דער אַלטער פרוי דעם אמת, כדי אַלע זאָלן גיין אין דער זעלבער גרוב? מיר מוזן לעבן, כדי נקמה צו נעמען אין די באַנדיטן. איך זאָג איר:

— ניין, טייערע אומגליקלעכע יידישע פרוי! מיר זיינען נישט קיין יידן.

און איך פיל, ווי עס פליסן מיר אַן בלוטיקע טרערן אין האַלדז.

— איך פרעג דאָס דערפאַר — זאָגט די פרוי, — ווייל זיי האָבן אונדז אַריינגעזעצט אין זעלבן צימער.

צום עלטערן חבר טו איך אַ שושקע:

— קיין איין איינציק איבעריק וואָרט זאָלסטו נישט רעדן, נישט דאָ און נישט אויפן פאַרהער.

און אַז אַ פאַרהער וועט זיין, אין דעם בין איך געווען זיכער. אויף די דייטשע כיטרע שטיקלעך, דאַרף מען ענטפערן מיט נאָך מער כיטרעקייט. צו דער פרוי ווענד איך זיך און זאָג איר, אַז פאַרהאַלטן האָט מען אונדז, ווייל מיר האָבן נישט קיין פּאַפּירן. איך שפּיר אַ לייכטן שטויס פון מישאַן.

יקאַלט, פיינצטער, און טוליענדיק זיך איינער צום אַנדערן, זיינען מיר איינגעשלאָפן. אָבער אַ טראַסק אין טיר האָט אונדז אויפגעוועקט. מען רופט אונדז אַלע דריי. מען פירט אונדז אין צווייטן עק פון לאַנגן קאָרידאָר. איינער פון דער וואַך קלאַפּט אָן אין אַ טיר, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, גייט ער אַריין, לאָזט די טיר עטוואָס אָפן. אין קאָ־רידאָר איז שטיל. וווּ נישט ווו הערט מען שטילע רייד, אָבער קענטיק, אַז די מערסטע צימערן זיינען ליידיק. דער דייטש, וואָס האָט אונדז געפירט, רעדט מיט איינעם אין דער קאַנצעלאַריע. איך כאַפּ אויף אַ וואָרט: אַרצט... סמאָלענסק... איך הער, ווי מען דרייט דאָרט דאָס הענטל פון פעלד־טעלעפאָן, און הער דייטלעך, ווי ער זאָגט, אַז מען האָט געבראַכט דריי קערלען אויף קאָנטראָל. אָבער דער אַרצט איז נישטאָ. פאַרשטיי איך שוין נאָכוואָס מען האָט אונדז געבראַכט און עס ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן. וואָס טוט מען איצט? איך הער ווי יענער לייגט אַוועק דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און זאָגט צו אונדזער וואַך:

— וועסט זיי ברענגען אין צוויי שעה אַרום. די קאָנטראָל וועט דער שעף זעלבסט דורכפירן...

און מען פירט אונדז צוריק אין דער זעלבער קאַמער. ווי שפּעט עס איז, ווייס מען נישט. אין קאָרידאָר ברענען עטלעכע קליינע לעמפּ־לעך. טונקל. אויפן האַרצן איז פינצטער ווי די נאַכט. איך פרעג ביי מיינע חברה, צי זיי ווייסן וואָס עס וואָרט אויף זיי? מישאַ זאָגט מיר, אַז ער ווייס. ער האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. וואָס טוט מען? צי דען האָט שוין די לעצטע שעה געשלאָגן? איך לאָז זיך אַרונטער אויף דר׳ערד און מיין גאַנץ לעבן גייט פאַרביי פאַר מיינע אויגן. איך דערמאָן זיך, ווי גליקלעך איך בין געווען אין 1939, ווען איך האָב דערזען די ערשטע אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי, וואָס זיינען אַריין אין ליטע. וואָס הייסט, די באַפרייער פון פעלקער! אַביסל האָט מיך אָפּגעקילט זייער הולך, זייער באַוואָפענונג, די אבמאַטקעס אויף די פיס, צעריסענע אַלטע שינעלן. צווישן זיך האָבן מיר גערעדט, אַז דאָס מוזן זיין רעזערוו־טיילן פון דער אַרמיי. זיי זיינען געקומען מיט

אַזעלכע קליינע פּערדלעך, וואָס דיביינער קריכן זיי אַרויס. אַביסל היימלעכער אויפֿן האַרצן איז געוואָרן, ווען מיר האָבן דערזען די גרויסע, שווערע טאַנקען. אַזעלכע גרויסע טאַנקען האָבן מיר ביז דעמאָלט נישט געהאַט געזען.

דער גליקלעכסטער מענטש בין איך געווען, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין קאָשעדאַר איז איינקוואַרטירט אַ רייטער־גאַרניזאָן. מיין ליבע צום סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ווען איך האָב געזען די אַלטע קופּערנע קעסלעך פֿון די סאָלדאַטסקע קיכן. איך האָב זיי פֿאַריכט, כאָטש מען האָט מיר נישט באַצאָלט. זיי פֿלעגן אויסשרייבן אַ צעטעלע, אַז די און די אַרבעט האָב איך געמאַכט פֿאַר דער רויטער אַרמיי. צאָלן האָט געדאַרפֿט דער שטאָב פֿון די ליט־ווינער אין קאָוונע. זיי האָבן אָפּגעזאָגט און נישט געוואָלט צאָלן. אָבער ס'האָט מיך נישט געאַרט. כ'האָב געאַרבעט פֿאַר דער רויטער אַרמיי. אפֿילו דער געשריי פֿון אַ שיכּורן קאַפּיטאַן, וואָס איז געריטן אויף אַ פֿערד און געשריגן: „בעי זשידאָוו! ספּאַסאַי ראָססייאַ”! האָט נישט אָפּגעשוואַכט מיין גלויבן. מילא, האָב איך געטראַכט, עס באַהאַלטן זיך נאָך אויס קאָנטרעוואָלוציאָנערן.

עס גייען מיר פֿאַרביי די בילדער, ווען איך האָב, אַ 12־יאָריק ייִנגל, געטראָגן פּעקלעך אין דער קאָוונער טורמע, פֿאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. נישט איין מאָל האָט מען מיך געפּאַרשט ווער עס גיט מיר די פּעקלעך, געדראָט. מיר, קליינע חבֿרה, פֿלעגן אַוועק ווייט הינטער קאָוונע, צום ברעג פֿון דער ווילִיע. איצטער רופֿן זיי דעם טייך: נעריס. פֿאַרוואָס, ווייס איך אַליין נישט. מיר פֿלעגן אַוועק ביז קליבאַנישעק. אַ הערלעכע געגנט, באַוואַקסן מיט סאָסנע־ביימער, 10 קילאָמעטער צפֿון פֿון קאָוונע. דאָרטן פֿלעגט מען אונדז צונויפֿקלייבן און דערציילן אונדז אַזעלכע מאָדנע זאַכן. אין חדר האָב איך געלערנט, אַז גאָט גיט אַלץ, אַלץ קומט פֿון גאָט, און דאָ דערציילט מען אונדז גאָר, אַז דער רעגן קומט פֿון די וואָלקנס. פֿלוצלונג האָט מען דערהערט דאָס בילן פֿון הינט, דאָס קרייען פֿון אַ האָן. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז אַלע זאָלן זיך פֿונאַנדערלויפֿן. ס'איז אַ געפֿאַר. האָט מען אַרונטערגעוואָרפֿן פֿון זיך די זאַכן און זיך אַ וואָרף געטאָן אין די קאַלטע וואַסערן פֿון טייך.

אַזעלכע מאָדנע בילדער פֿון דער יוגנט האָבן זיך געדרייט אין מיין צעהיצטן מוח. דער לעצטער עפּיזאָד מיטן באָדן זיך, און ווי איך וואָלט זיך אין דעם מאָמענט געוואָלט אָנכאַפּן ווי אַ טרינקענדיקער אין אַ שטרוי.

— קינדער! — זאָג איך צו זיי. איך רוף זיי: קינדער, ווייל איך בין נאָך אונטערן איינדרוק פֿון דעם, וואָס האָט זיך מיר דערמאָנט — איך האָב אַ פּלאַן.

— וואָס טרייסלסטו זיך אַזוי? — פֿרעגן זיי מיך.

— מען טאָר נישט פאַרלירן קיין איינציקע מינוט. איר האָט טיכ־לעך ?

זיי פאַרשטייען נישט, און אין דער שטיל זאָג איך זיי, וואָס צו טאָן. אין אַ ווײַלע אַרום קלאַפּן מיר שוין אין טיר. דער וועכטער פרעגט דורכן קליינעם פענצטערל וואָס מיר ווילן. איך האָב באַמערקט, ווי אין קלאָזעט שטייט אַ גרויסע פאַס וואַסער צו טרינקען. מיר זאָגן, אַז מען האָט אונדז נאָך נישט געפירט אין קלאָזעט. דאָרט וואַשן מיר זיך איין מיט קאַלט וואַסער. צוריק אין קאַמער, זיצן מיר אויף דר׳ערד מיט קאַלטע באַנדאַזשן אויף אונדזערע געשלעכט־אָרגאַנען. די גאַטקעס און די הויזן זײַנען נאַס. עס האַנדלט זיך אין ראַטעווען דאָס לעבן. וועט אונדז גע־ליגגען אָפּצונאַרן דעם שעף פון געסטאַפּאָ, וועלן מיר האָבן עטוואָס האָפענונג. ווען נישט — זײַנען מיר פאַרלוירן.

ווער קען נישט די דײַטשע פּינקטלעכקייט ? מיר הערן שליסן די טיר, און אַ הויכער, צוויי־מעטערדיקער דײַטש רופט אונדז : „קאָם" ! איין וואָרט. מיר הייבן זיך אויף און מען פירט אונדז ווידער צום זעלבן צימער אין קאָרידאָר. אַ גרויסער, פּירקאַנטיקער צימער. אַ פעלדפעבל פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע, און די דרײַ גרויסע דײַטשן, וואָס האָבן אונדז געבראַכט. דער פעלדפעבל גיט אַ קוק אויף זײַן זייגער. עס עפנט זיך די טיר. איך זע, ווי אַלע דײַטשן ציען זיך אויס און בילן : „הייל היט־לער !". שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען דער שעף פון געסטאַפּאָ. אַ מיטלוווּקסיקער, אַ שוואַרצער, אַן אויסגעבויגענע נאָז, געגוי אַזאָ, ווי די נאַציס האָבן אָפּגעמאָלט אַ קאַריקאַטור פון אַ ייד, מיט גרויסע אויגן, ווי בײַ אַ סאָווע. דעם ערשטן קוק, וואָס ער האָט געגעבן, האָב איך געשפּירט, אַז מײַן נשמה איז מיר אַרײַן אין די פּיאַטעס. איך שטיי אין מיטן און מײַנע חברים פון ביידע זײַטן. צוערשט ווענדט ער זיך צו אונדזער עלטסטן חבר :

— ווער ביסטו לויט דײַן גלויבן ?

ענטפערט ער, נישט טראַכטנדיק, אַז ער איז אַ בוכאַרינעץ. איך אַליין הער וועגן אַזאַ נאַציע צום ערשטן מאָל. דער שעף ווענדט זיך צום פעלדפעבל און פרעגט אים ?

— דו קענסט אַזעלכע ?

— דאָ, אין רוסלאַנד — ענטפערט יענער — זײַנען דאָ אַזויפיל פעלקער, איבער 50 האָב איך שוין געהערט. מען זאָגט, אַז עס זײַנען פאַראַן איבער 100 פעלקער.

איצטער פרעגט ער בײַ מיר, ווער איך בין. זאָג איך : אַ רוס. און בײַ דעם פון אַלמאַ־אַטאַ, זאָגט ער, אַז ער איז אַ טאַטאַר.

— נו, דאָס וועלן מיר שוין באַלד זען.

ער הייסט אונדז אַרונטערלאָזן די הויזן. מיר מאַכן אַזוי ווי מיר האָבן זיך פריער צונויפגערעדט. אַליין מיטן האַנט קריכט ער נישט. און ער גיט אַ זאָג : „דאָס זײַנען קיינע יודען... זיי זײַנען נישט באַשניטן".

אַ שמייכל איז אַדורך אויף מיין געזיכט. מ׳זאָל עס נישט באַמערקן, האָב איך זיך אַראָפּגעבויגן, כדי אויפצוהייבן די אַראָפּגעלאָזענע הויזן. די געפאַר איז דערווייל אַדורך, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. גערעדט האָט ער צו אונדז דורך אַ דאָלמעטשער, און דאָס האָט אַביסל פאַרלייכטערט. איך הער, ווי ער רעדט מיטן פעלדפעבל, זיי רעדן אין דער שטיל. ער פרעגט אים ווו מען האָט אונדז פאַרהאַלטן, און צי מען האָט עפּעס ביי אונדז געפונען. איך כאַפּ אויף אַ וואָרט, און עס ווערט מיר עטוואָס לייכטער אויפן האַרצן. איך הער ווי ער זאָגט, אַז לויט זיין מיינונג, זיינען מיר נישט קיין יידן. און ווידער — „הייל היטלער״, און ער גייט אַרויס. דער פעלדפעבל הייסט אונדז אָפּפירן. ער הייסט בלייבן נאָר דעם עלטסטן. ס׳הייסט, צו פרי זיך געפרייט.

אין אַ 25 מינוט אַרום עפנט זיך ווידער די טיר און מען רופט מיך. איך גיי מיט אַ רוסישן היטער און פרעג אים: ווו איז אונדזער חבר?

— ווערסט אים געפינען — גיט ער אַ זאָג.

ער פירט מיך אַריין אין זעלבן צימער. דער פעלדפעבל זיצט ביים טיש, לעבן אים דער דאָלמעטשער. עס דרייט זיך אַרום אַ דייטש פון אפשר צוויי מעטער די הויך, מיט אַ גראָבן גומענעם שטעקן אין האַנט. ער הייסט מיר צוגיין נעענטער און ער באַקוקט מיך פון קאָפּ ביז די פיס, נישט אויסרעדנדיק קיין איין וואָרט. איך גיב אַ טראַכט, אַז אַזוי קוקן פלעגט אויף מיר אין דער ליטווישער אַרמיי מיין קאַפּיטאַן, אַ ריכטיקער באַנדיט. ער פלעגט געבן אַ געשריי: „דריי שעה אונטערן ביקס!״. און פרעג נישט — פאַרוואָס, ווייל אַז נישט דערלייגט ער דיר נאָך דריי שעה.

מיר האָבן זיך פון פריער צונויפגערעדט, וואָס מיר זאָלן זאָגן, אַז אונדזערע רייד זאָלן שטימען. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז דער פון אַלמאַ־אטא זאָל זאָגן, אַז ער איז אַ טאָקער, ווייל פאַר אַ פאַבריקמאַכער קאָן ער זיין צו איידל. מיר ביידע וועלן זאָגן דעם אמת. צו דעם האָב איך געוווּסט, אַז איך דאַרף נאָר זיין פאַרזיכטיק וועגן די רוישטאָף, פון וועלכע איך אַרבעט אין די דערפער. זאָל גאָט היטן, אַז זיי זאָלן זיך דערוויסן, אַז איך נוץ די דייטשע בענזין־פעסלעך. דערפאַר אַליין האָב איך געקאָנט באַצאָלן מיטן קאָפּ. מען פרעגט מיך עטלעכע באַנאַלע פראַגן און איך ענטפער רואיק. צי בין איך געווען אין דער אַרמיי? זאָג איך — יאָ. וואָס פאַרא גראַד? אַ פּשוטער סאָלדאַט. צי איך בין געווען אין געפאַנגענשאַפט? איך האָב אפילו געטראַכט צו ענטפערן, אַז איך בין געווען און מען האָט מיך אָפּגעלאָזן. אָבער אין לעצטן מאָמענט האָב איך באַטראַכט אַן אַנדערן תירוץ. און אַזוי ווי מיר האָבן גערעדט דורכן דאָלמעטשער, האָב איך גענוג צייט געהאַט גוט דורכצוטראַכטן מיינע ענטפערס. און אָט וואָס איך האָב געזאָגט: ביי אָרשאַ האָט מען צעקלאַפּט מיין דיוויזיע. איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַ דאָרף, און אַז דער פראָנט איז אַריבער, גיי איך פון דאָרף צו דאָרף און אַר־

בעט ווי אַ בלעכער. פּלוצלונג הייבט ער זיך אויף, גייט צו צו מיר און זאָגט:

— ווייז דיינע הענט.

ער דרייט אום מיינע הענט. די נאַטור האָט מיר געגעבן אַ פּאָר גרויסע, גראָבע הענט. פאַר די צוויי חדשים, וואָס איך האָב געאַרבעט אין לעאַנאָוואָ ביי די שטיקער בלעך, זיינען ביי מיר געוואָרן גרויסע מאָזאָליעס. ער גיט אַ קוק אויפן דייטש, וואָס דרייט זיך אַרום לעבן מיר. און איך טראַכט, טאָמער גיט ער מיר אַ זעץ מיטן גומענעם שטעקן, וואָס ער האַלט אין האַנט, בין איך אַ פאַרלוירענער. איך מערק אָבער ווי זיי קוקן זיך מאָדנע איבער. און מער האָט מען מיך קיין זאַך נישט געפרעגט. קענטיק, אַז די מאָזאָליעס אויף מיינע הענט זיינען זיי געפעלן, און זיי האָבן אוודאי געטראַכט, אַז אַזעלכע הענט קאָנען צונוץ קומען.

מען פירט מיך אַרויס. און דאָ פאַרשטיי איך נישט, ווייל מען פירט מיך נישט אין זעלבן צימער, נאָר אין אַ צווייטן. איך גיי אַריין און בלייב שטיין צעטומלט. ס'איז אַ גרעסערער צימער, בעסער באַלויכטן. ער איז געפּאַקט. און איך זע, אַז מיין יאָסל איז אויך דאָ. ווו צו זיצן איז פאַר אַלעמען נישטאָ קיין פּלאַץ. מען בייט זיך אַלעמאָל. מיר קוקן זיך איבער, איך און יאָסל. ס'הייסט אַלץ איז „ופאַריאַדקע". (אין אָרדע־נונג). עס גייט אַריבער אַ שעה־אַנדערטהאַלבן, מישאָ איז נישטאָ. ערשט אין אַ צוויי שעה אַרום ברענגט מען אויך אים אַריין.

## קאַפּיטל 20

# אין דער שטיינהאַקעריי

מיר געפינען זיך אין געשטאַפּאָ פון גאַרקי. עס איז מאַי 1942.

די פאַרטיזאַנער־באַוועגונג זעט זיך נאָך אַזוי שטאַרק נישט אָן אין דער געגנט. דאָס זיינען אַלץ צעקלאַפּטע רויט־אַרמייאישע טיילן. זיי זיינען נישט אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, און האָבן נישט געקאָנט דורכרייסן זיך דעם פראָנט. זיי האַלטן זיך אויף אין די וועל־דער. אָבער ווי דערקריגט מען זיך צו זיי?

מיר זיצן אַלע דריי צוזאַמען און מישאָ דערציילט אונדז, פאַר־וואָס ער האָט זיך אַזוי לאַנג פאַרזאַמט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אויספאָרשער פון דער געשטאַפּאָ איז אַליין אַ געוועזענער מעכאַניקער. און אַז ער האָט געהערט, אַז מישאָ איז אַ טאָקער, האָט ער אים גענו־מען אויספרעגן וועגן דער אַרבעט; נישט ווייל ער האָט אים געפאָרשט, נאָר סתם, ווי אַ קוואַליפיצירטן אַרבעטער. ער פרעגט אים אויף וואָס פאַר אַ מאַשין ער האָט געאַרבעט. צום גליק, איז דער גאַנצער שמועס געגאַנגען דורכן דאָלמעטשער. מישאָ האָט פון קיין מאַשינעס נישט גע־

וווסט, אים איז אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק, אַז זײַן שער־מאַשינקע איז געווען פֿון „סקאָדאַ". ענטפֿערט ער דעם יעקע, אַז אויף אַ „סקאָדאַ"־מאַשין האָט ער געאַרבעט. „אַך, ענטפֿערט דער יעקע, דאָס איז אַ וווּנדערבאַרע מאַ־שין". און דער דײַטש, וועלנדיק ווײַזן, אַז ער קען גוט די מאַשין, האָט ער מישאַן אָפּגעגעבן אַ גאַנצע לעקציע, ווײַזנדיק דערבײַ, אַז ער אַלס „איבער־מענטש" ווייס בעסער פֿאַר אַזעלכע אָפּגעשטאַנענע אַזיאַטן, ווי מישאַ איז. יאָ, זאָגט ער, דאָס זײַנען איינע פֿון די בעסטע מאַשינען אין דער וועלט. צום סוף פֿרעגט ער בײַ מישאַן, וועלכע טײלן פֿלעגן זיי אויספֿאַרטיקן. אויף דעם האָט מישאַ לײַכט געענטפֿערט.

כאָטש מיר זײַנען געווען אין אַזאַ ביטערער לאַגע, האָבן מיר פֿונ־דעסטוועגן געקײַכט פֿון געלעכטער. און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, ווי ער האָט מיר באַקוקט מײַנע מאַזאָלידיקע הענט און ווי דער אויס־פֿאַרשער האָט זיך געהאַט איבערגעקוקט מיטן צווייטן דײַטש. דאָס הייסט, אַז איידער ער איז געוואָרן אַ מערדער, איז ער געווען אַן אײַנ־פֿאַכער ספּעציאַליזירטער אַרבעטער.

לעבן מיר זיצט אויף דר'ערד אַ יונגער בחור פֿון אַ יאָר 19. פֿאַר־זיכטיק הייב איך אים אָן אויספֿרעגן. ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַ היגער און געפֿינט זיך דאָ צוליבן געלן אוקראַינער. פּשוט, ער איז אים אַרײַנגעפֿאַרן אין דער מאָרדע. דערבײַ לייגט ער צו אַ פּאָר פּעטע רוסישע זידל־ווערטער.

— טימאָשענקאָ — זאָגט ער — איז ערגער פֿון די דײַטשן. אַ סוואָ־לאָטש! סײַדן איך וועל פֿון דאַנען נישט אַרויס, אַז ניט וועט ער בײַ מיר האָבן אַ מיאוסן סוף.

איך קוק זיך אַרום, צי קיינער הערט אונדז נישט, און ער באַ־מערקט מײַן קוק. איך זאָג צו אים:

— זײַ פֿאָרזיכטיק. דו קאָנסט נישט וויסן מיט וועמען דו רעדסט.

— איך האָב פֿאַר קיינעם קיין מורא נישט! — איז געווען זײַן ענט־פֿער.

— גיב מיר אַ האַנט! — זאָג איך צו אים שטרענג. ער קוקט מיך אָן. — גיב! — זאָג איך.

ער גיט מיר די האַנט און שרײַט באַלד אויס. ער האָט געקריגן יענעם דריק. איך לאָז אים אָפּ, און ער מאַכט צו מיר:

— זע, איך האָב זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז האָסט אַזאַ שטאַרקע האַנט.

— און דאָך האָב איך מורא, האָסט פֿאַרשטאַנען?

אַ היפּשע ווײַלע בלײַבט ער שטיל, און רופֿט זיך שטיל אָפּ:

— מעגלעך, אַז ביסט גערעכט. ביסט עלטער פֿון מיר. אפֿשר האָסטו וואָס צום רייכערן?

— איך האָב טאַבאַק, אָבער נישט קיין פּאַפּיר און נישט קיין פֿײַער. באַלד געפֿינט זיך אַלץ און מיר פֿאַרױכערן. מיר געפֿינען זיך

פאַרשפּאַרט מיט נאָך 22 פּאַרהאַלטנע. איך באַמערק איינעם, וואָס זיצט אויף דר׳ערד. אַלע ווײַלע גיט ער אַ באַהאַלטענעם קוק אין אונדזער זײַט. פון יעדן קוק גייט מיר דורך אַ געפּיל פון רחמנות און שרעק.

פּלוצלונג עפנט זיך די טיר און דער זעלבער הויכער דײַטש, אין אַ קאַסקע, ווײַזט אין מײַן ריכטונג. ער שרײַט:

— היי, יוטקע, קאָם היר.

איך וויל זיך אויפהייבן, שרײַט ער:

— נאַין, דיזער קערל.

און ער ווײַזט אויף דעם, וואָס האָט אַקאָרשט אַזוי געקוקט אויף אונדז, און אויף אונדזער יאַסלען. עס הייבט זיך אויף אַ הויכער, שיינער בחור, אין אונדזער עלטער, און גייט לאַנגזאַם דורך אונדז צו דער טיר. ער טראָגט אַ פּאָר גוטע קערזעווע שטיוול, מיט אַן אייגן געמאַכטער בור־קע. ווי ער גייט נאָר צו צו דער טיר, קריגט ער גלײַך אַ זעץ מיט דער קאָלבע.

— שנעלער! — שרײַט דער דײַטש — פּאַרפלוכטער יודע.

דורכן קליינעם פענצטערל באַמערק איך, אַז זיי שטופּן אונטער די צוויי אַלטע, די ייִדישע פּרוי מיט איר קראַנקן מאַן. זיי טראָגן אַלטע, צעריסענע שמאַטעס, די פיס אין אַלטע קאַלאָשן, אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך. איך שפּיר, אַז מײַנע הענט ווערן מיר שטײַף, ווי צוויי סטרו־נעס. מיר דאַכט זיך, טאָמער עפנט דער זעלבער דײַטש ווידער די טיר, בײַס איך אים איבער דעם גאָרגל. אַ ווײַלע בלײַבן מיר אַלע שטיל, פּונקט ווי אין אַ קבֿר.

שפּעטער האָט מען אונדז דערציילט די געשיכטע פון יונגן, שיינעם בחור: אַן אַנטלאָפענער פון געפאַנגענשאַפט, האָט ער גערעדט אַ שוואַכן רוסיש. (קענטיק אַ פּוילישער ייִד), האָט זיך אַנגעגעבן פאַר אַ גרוזינער. ער איז געווען אַ גוטער שניידער און אין די דערפער האָט מען אים זייער גערן אויפגענומען. דאַרף זיך מאַכן, אַז אין איינעם אַ דאָרף, קומט אָן אַן אוקראַיִניש־דײַטשער פּאַטרול און ער באַווײַזט נישט זיך צו באַהאַלטן. קיין דאָקומענטן האָט ער נישט. צום אומגליק איז אין דעם פּאַטרול געווען אַ גרוזין, ערגער פון אַן עס. עס. און דער גרוזין האָט געפּרוּווט מיט אים רעדן גרוזיניש, און ער האָט גלײַך פאַרשטאַנען מיט וועמען ער האָט צו טאָן. צו דעם האָט מען אים גלײַך קאָנטראָלירט, צי ער איז באַשניטן און געזען, אַז ער איז אַ ייִד.

איך האָב געמיינט, אַז אַלע קאַווקאַזער פעלקער זײַנען מוסול־מענער, ווײַזט זיך אַרויס, אַז נאָר די אַזערביידזשאַנער, און די איבעריקע — אַרמענער, גרוזינער, לעזגינען, דאַגעסטאַנער, זײַנען אָרטאָדאָקסן. איך זיץ לעבן יונגן חברהמאַן און זע, אַז ער ווייס אַ סך זאַכן, וואָס קאָנען אונדז צונוץ קומען. ער דערציילט מיר, אַז איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן, איז געפעלן צו ווערן דעם קאָמענדאַנט. מאָל איך אים אויס אומ־

געפּער דעם, וואָס האָט אונדז קאָנטראָלירט. זאָגט ער — ניין, דאָס איז דער שעף פֿון געשטאַפּאָ. דער קאָמענדאַנט איז גאָרנישט אַזאַ שלעכ־טער. ער רעדט נישט שלעכט רוסיש, ווייל ער איז אַליין געווען אין געפאַנגענשאַפֿט אין רוסלאַנד אין ערשטן וועלט־קריג. עס ווענדט זיך אָבער לויט זיין שטימונג. ער קאָן אַפּשיקן אין באַברויסק. דאָרטן איז אַ שטראָף־לאַגער. אָדער לעבן אָרשאַ, ביים דניעפּער.

פּלוצים הערן מיר, עמיצער איז געקומען. אַ גרויסער גערודער. איך לייג צו אַן אויג צום קליינטשיקן פֿענצטערל און זע אַז איינער פֿון די רוסישע זעלנער האַלט אין האַנט די שטיוול פֿון יידישן בחור, און אַ צווייטער גייט אַריין מיט אַ לאָפּעטע, אַנגעקלעפּט מיט פֿרישע שוואַר־צע ערד. אויף דער צווייטער האַנט ליגט די קורצע וואַרעמע קורטקע, וואָס מיר האָבן זי אָקאָרשט געזען אויפֿן יונגן יידישן בחור. קענטיק, אַז ביי די אַלטע לייט איז נישט געווען וואָס צו נעמען.

וועגן באַבראָיסקער לאַגער האָב איך געהערט, אָבער וועגן לאַגער לעבן אָרשאַ האָב איך נישט געהערט. איך פֿרעג מיין יונגן שכן:

— פֿאַרוואָס האָסטו אים געשלאָגן?

ער פֿאַרשטייט וועגן וועמען איך רעד. און ער ענטפֿערט:

— איך האָב אַ שוועסטער, איז זי נאָך קיין 16 יאָר נישט אַלט, און ער צווינגט זי, זי זאָל שלאָפֿן מיט אים.

ער דערציילט מיר אויך, אַז יעדע וואָך קומט אַן אויטאָ מיט עס. עס. און מען נעמט מיט יעדעס מאָל 15—12 מענטשן, מען רעדט דאָ, אַז זיי זיינען קאַנדידאַטן אויף יענער וועלט. ער דערציילט מיר, אַז דער קאָמענדאַנט, פֿאַרן אַפּשיקן אין לאַגער, מאַכט אַ מין פּראָבע, דאָס הייסט, ער געפֿינט וואָס פֿאַראַ נישט איז אַרבעט און קלייבט אָפּ לויטן אַרבעטן. דאָס האָב איך זיך שוין געהאַט איבערצייגט לויטן באַקוקן מיינע מאָזאָ־ליעדיקע הענט. האָסטו גוט געאַרבעט, קוקן זיי אויף דיר מיט אַנדערע אויגן. זיי האָבן אוודאי געטראַכט, אַז דער־אַ וועט זיין אַ גוטער, געהאָרכ־זאַמער שקלאַף.

אַ גערודער אין קאָרידאָר. מ׳האָט געבראַכט עסן. עס קומט אַריין איינער מיט אַ צעטל און רופֿט אויס לויט די נעמען. איך הער דעם נאָמען: שאַבאַנאָוו, מיין איצטיקער נאָמען. איך גיי אַרויס און מען גיט מיר אַ שטיקל ברויט פֿון 200 גראַם, מיט אַ שיסעלע זופּ. איך מערק, אַז נישט אַלעמען האָט מען אויסגערופֿן. צוויי בלייבן אין קאַמער, איי־נער, וואָס דער יונגער האָט מיר געוויזן, און דער צווייטער, אַן על־טערער. אין קאַמער האָט מען אים גערופֿן: דער לערער, און אַלע האָבן געהאַט פֿאַר אים רעספּעקט.

אין לאַנגן קאָרידאָר שטעלט מען אונדז אויס צו צוויי. מען ציילט איבער 40 מאַן, און מען פֿירט אונדז אַרויס, אונטער אַ שטאַרקער וואַך, נישט ווייט, אַנטקעגן טורמע. עס שטייען א סך ציווילע, מערסטנטייל

פרויען און קינדער. זיי ווילן איבערגעבן פּאָר זייעריקע פּעקלעך עסן. איך הער ווי דער קאָמענדאַנט ווענדט זיך אויף רוסיש צו די ציווילע און זאָגט זיי, אַז זיי וועלן עס באַלד קאָנען איבערגעבן זייערע קרובים, אָבער דערווייל זאָלן זיי זיך אָפּרוקן. אַן עלטערער הויפּט-פעלדפעבל, מיט די אָפּצייכנס פון פעלד-זשאַנדאַרמעריע, ברענגט אונדז לעבן דער קאָמענדאַטור, אַ געמויערטע געבײַדע, ענלעך אויף אַ שולע. רונד אַרום ליגן בוי-מאַטעריאַלן, שטעכל-דראָט. און דער קאָמענדאַנט אַליין ווײַזט אונדז וואָס מיר דאַרפן מאַכן. מיר דאַרפן אַרײַנגראָבן קלעצער, אָנציען די דראָטן.

מיר האַלטן זיך אַלע דריי אינאיינעם. פון אַ זײַט גיב איך אַלע מאָל אַ קוק אויפן קאָמענדאַנט. ער רוט נישט. אַלע ווײַלע גייט ער צו צו אַן אַנדערן. פּלוצים ווערט ער פאַרפאַלן. מײַנע חברה פאַרקלענערן דעם טעמפּאָ. איך אָבער מונטער זיי אונטער און זאָג זיי, אַז דער גורל איז נאָך נישט באַשטימט. מעגלעך, אַז ער קוקט זיך צו צו אונדזער אַרבעט דורך אַ פענצטער. מיר אַרבעטן פלײַסיק. אַזוי אַרבעטן מיר אָפּ ביז שפּעט אין אָוונט, און אַז עס הייבט אָן ווערן טונקעלער, פירט מען אונדז צוריק אין דער טורמע.

מען רופט ווידער אויס לויט די נעמען, און איך זע, נישט אַלע גייען אין דער זעלבער ריכטונג. מיר זײַנען אַ גרופּע פון 30 מאַן. די איבעריקע טרײַבט מען אַרײַן אין אַ צווייטן צימער. לעבן צימער שטייט אַ טיש. און אַרײַנגייענדיק האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויפן טיש האָב איך געזען אונדזערע זעקלעך, וואָס מען האָט בײַ אונדז צוגענומען. פאַרן אַרײַנגיין, פרעגט מען, וואָס מען האָט בײַ אונדז צוגענומען, און איך זע, אַז מען גיט אָפּ צוריק. אַט האָבן מיר שוין אונדזערע זעקלעך. דאָס, פאַרשטייען מיר, איז אַ גוטער סימן. אָבער אויף זייער יושר קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן. נישט אַלע האָבן וואָס צו עסן אין זייערע זעק־לעך. באַשליסן מיר אַלע דריי, אַז מיר וועלן זיך טיילן מיט די איבעריקע.

צומאָרגנס פאַרטאָג האָט מען אונדז אַרײַנגעזעצט אין צוויי לאַסט-אויטאָס און מען פאָרט. און אָט זײַנען מיר ווידער אין אָרשאַ. אַ נײַער לאַגער. אַלץ איז בײַ זיי גענוי אויסגערעכנט. דער לאַגער איז פאַר געוועזענע געפאַנגענע, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די דערפער, דאָס הייסט, מער ווייניקער געזונטערע. פון דאָנען האָבן די פאַרשיידענע דײַטשע אָרגאַניזאַציעס גענומען אַרבעטס-קראַפט, איבערהויפּט צו דער „אָרגאַניזאַציע טאָט".

עס גייט אַוועק אַ פּאָר טעג, און אונדזער עלטערער חבר ווערט קראַנק אויף טיפוס. מען לייגט אים אַרײַן אין לאַזאַרעט, וואָס איז אָפּ-געצוימט מיט שטעכל-דראָט אין לאַגער גופא. 7, אָדער 8 טעג זעען מיר אים נישט. אויפן 9-טן טאָג, מיר שטייען בײַם דראָטענעם צוים, זעען מיר ווי ער קומט אַרויס, און זאָגט אונדז מיר זאָלן דאָ מער נישט

שטיין. דער דאָקטער איז אַן אַרמענער, און האָט דערקענט אַז ער איז אַ ייד, און ער איז פאַרלוירן. מיר לייגן אים פאַר ער זאָל פּרוּוון אַריבער־גיין די דראָטן אין לאַגער אַריין. איצט, זאָגט ער, איז שוין אַלץ פאַר־פאַלן. מען היט אים.

— איך האָב איצטער — זאָגט ער — מורא פאַר אייך. גייט אַוועק, און וואָס גיכער.

איך האָב נאָך אַביסל טאַבאַק אין אַ טיכעלע און וויל עס אים געבן. ער נעמט עס אָבער נישט. ער דאַרף עס שוין סיי ווי נישט. מיר האָבן זיך געשטעלט טרערן. מיר זעען ווי עס עפּנט זיך די טיר פון לאַזאַרעט און איינער פון דער רוסישער וואַך הייבט זיך אָן דערנענטערן צו אונדז.

מיט אַ פּאָר טעג פריער האָב איך שוין דאָ געהערט, אַז איינער פון די געפּערלעכסטע דאָ אין לאַגער איז דער רוסישער קאָמענדאַנט, אַליין אַ געוועזענער נאַטשאַלניק פון נ. ק. וו. ד. איך זע אים אַלע ווײַלע און ווי ווייט מעגלעך מייד איך אים אויס. ער פּאַראַדירט דאָ אַרום אין זיין סאָוויעטישער אוניפאָרם, נאָר אָן דעם שטערן אויפן היטל און די אַנדערע אָפּצייכנס פון נ. ק. וו. ד.

צוליב פאָרזיכטיקייט האָבן מיר באַשלאָסן, אַז דאָ אין לאַגער וועט זיין פאַר ביידן בעסער, אַז מיר זאָלן ניט זיין צוזאַמען. איבערהויפּט נאָך דעם דורכפאַל פון אונדזער חבר יאָסל. און ביי דער ערשטער געלעגנ־הייט מוז מען פון דאָנען פּטור ווערן, איבערהויפּט צוליבן רוסישן קאָ־מענדאַנט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך געזען, ווי דער פון אַלמאַ־אַטאַ איז אַוועק מיט אַ גרופּע. מער האָב איך אים נישט געזען. צומאַרגנס, נאָכדעם ווי מישאַ איז אַוועק אויף אַרבעט מיט דער גרופּע, זיץ איך לעבן באַראַק. די קאָמענדאַנטור פון לאַגער איז פון יענער זייט טויער. איך זע עס פאָרט צו אַ לייַדיקער לאָסט־אויטאָ. אין אַ ווײַלע אַרום גייט אַריין אַן אונטער־אָפיציר פון דער לאַגער־וואָך מיט נאָך אַ דייטש. קיין באַזונדערע סימנים זע איך נישט אויף זיין אוניפאָרם. זיי גייען דירעקט אין לאַזאַרעט. און עס ווערט מיר פּלוצים קאַלט. איך זע באַלד ווי מען פירט אַרויס יאָסלען. מען פירט אים פאַרביי נישט ווייט פון באַראַק. איך שטיי צווישן אַנדערע געפאַנגענע. ער ווייס, אַז מיר שטייען דאָ. ער קוקט אָבער נישט אין מיין זייט. ער ווייסט נישט, אַז זיין גע־טרייער חבר מישאַ איז שוין נישטאָ. לויט זיין גיין, לויטן בלייכן טרויַ־עריקן געזיכט, זעט מען, אַז ער ווייס וווּהין ער גייט. איך זע ווי די צוויי דייטשן העלפן אים אַרויפגיין אויפן לאָסט־אויטאָ. ניין, זיי שלאָגן אים נישט. כאַפּט זיך אַריין אין מיין האַרץ אַ געוויסע האָפענונג. איך דער־מאָן זיך אָבער באַלד דאָס בילד וועגן די צעשאָסענע קינדער אין די ערשטע טעג פון קריג אויפן וואָקזאַל אין באַריסאָוו. עס דערמאָנט זיך מיר דער סמאָטיסלאָווער לאַגער, ווו די דייטשן האָבן פאַר אַלעמען

אין די אויגן דערשאָסן 85 מאַן, מערסטנס יידן, אָבער אויך פיל אַזער־ביידזשאַנער, אַרמענער און אפילו אוקראַינער.

צוויי פאַלן איז מיר אויסגעקומען צו זען אין די ערשטע טעג פון קריג, פון צוויי זעלבסטמאָרדן. איינער אַ קאָמיסאַר, ווען מען האָט אונדז אַרומגערינגלט, און אַ צווייט מאָל — אַ קאַפּיטאַן, נאָכדעם ווי מען האָט אים אויסגעזידלט דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרלוירן אין איין טאָג איבער 70 פּראָצענט פון זיין באַטאַליאָן. מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער איז דער הויפּט־שולדיקער אין דער מפּלה. נאָר מיר אַליין איז קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד, כאָטש איך בין אַ סך מאָל געווען אויפן שוועל פון טויט. דאָס נישט! — האָב איך זיך געזאָגט — אויב איך וועל אומקומען, וועל איך זען, אַז מיין לעבן זאָל זיי טייער קאָסטן.

דער גערויש פון אַ לאַסט־אויטאָ רייסט מיר איבער מיין טראַכטן. איך גיב אַ קוק, עס גייען אַרויס פון דאָרט 4 דייטשן. איך קען שוין זייער אוניפאָרם. דאָס זיינען די פון „אַט", און איך גיב אַ טראַכט, אַז איך אַליין דאַרף אויך וואָס שנעלער נעלם ווערן פון לאַגער. זיי גייען אַריין אין קאָמענדאַנטור. איך זע, אַז זיי גייען צו צום לאַגער־טויער. אין לאַגער זיינען אָט די דייטשן נישט אַריין, דאָס הייסט, אַז זיי זיינען געקומען זוכן אַרבעטער. מיר האָבן שוין געוווּסט ווו עס זיינען גוטע און ווו שלעכטע קאָמאַנדאָס. איך זע ווי פיל געפאַנגענע טראָגן זיך אַפּ אין די באַראַקן. די אינעווייניקסטע וואָך הייבט אָן צונויפטרייבן מענטשן, און איך באַשליס, וואָס עס זאָל נישט זיין, מיטצוגיין. מען קלויבט אָפּ 30 מאַן. געוויסע נעמט מען אַרויס און מען פאַרבייט זיי מיט געזונטערע, ייִנגערע.

מען פירט אונדז דורך דער שטאָט אָרשאַ. די גאַסן זיינען אַזוי צע־קלאַפּט, אַז אפילו די קוימענס פון די פאַרברענטע הייזער זעט מען נישט. און דאַך באַמערקט מען ציווילע אויף די גאַסן. מען זעט אויפגיין אַ רויך פון אַ חורבה. די שטאָט איז שוין לאַנג הינטער אונדז. מיר פאָרן פּאַ־ראַלעל מיט אַ באַן־ליניע. אַנדערע זאָגן, אַז דאָס גייט אויף וויטעבסק, אויף לעפּעל. און אָט שטעלן מיר זיך אָפּ. עטלעכע קליינע באַראַקן, אַרומ־געצוימט מיט שטעכל־דראָט. עס איז פאַרמיטאָג. מען פירט אונדז צו דער קיך, מען גיט דאָס ביסל באַלאַנדע מיט שטיקלעך ברויט און מען פירט אונדז גלייך צו דער אַרבעט.

אַ קאָלאָסאַלע גרויסע קופּע שטיינער. מען דאַרף זיי צעהאַקן אויף קלענערע. מען לאָדט זיי אָן אויף וואַגאָנעטקעס און מען שטופּט זיי צו אַ מאַשין, וואָס מאָלט זיי איבער.

14 חדשים האָב איך אָפּגעאַרבעט אין אָט דער שטיינהאַקעריי, מיט אַ 16 קילאָדיקן האַמער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז האַקן שטיינער דאַרף מען אויך קאָנען. יעדער שטיין האָט אַן אָדער. מען דאַרף אויך האָבן גע־זונטע הענט, און אַז געזונטע הענט זאָלן אַרבעטן, דאַרף מען עסן. און

עסן גיט מען דאָ פּונקט ווי אין די אַנדערע לאַגערן, אפשר עטלעכע גראַם ברויט מער. אָפּטמאָל האָבן מיר געקייט סמאָלע, ווי מען קייט קיי־גומי.

די שטיינהאַקעריי האָט פאַרנומען אַ שטח פון איבער אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער. די קיד, די אוקראַיִנישע וואַך און אונדזערע באַראַקן, זיינען געווען באַזונדער אָפּגעצוימט, ווייט אָפּגעטיילט פון די דייטשע באַראַקן מיט זייער קיך און שפּייז־סקלאַד. מיט דער צייט האָבן מיר זיך באַמיט אָפּצונאַרן די פּאָסטנס, וואָס האָבן אונדז געהיט. מיר האָבן באַקומען אַ געוויסע נאָרמע שטיינער צו האַקן. 25 מאַן האָבן געהאַקט, און 25 מאַן האָבן אָנגעלאָדן אויף די וואַגאָנעטקעס. מ׳האָט עס געפירט אומגעפער 200 מעטער ביז צו דער ברעך־מאַשין. טאָמער איז אַריינגעפאַלן אַ צו גרויסער שטיין, האָט זיך די מאַשין פאַרהאַקט, האָט מען זיך נישט געדאַרפט איילןביים צושטעלן די וואַגאָנעטקעס מיט שטיינער. אָבער דערפאַר האָבן די אויפפּאַסערס געשלאָגן מכות רצח.

איין מאָל בין איך געווען דערביי, ווי אַ מייסטער האָט דערלאַנגט אַ בריק אַ געפאַנגענעם, און יענער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט. ער האָט אים געטראָפן אין די ענגע ערטער.

„די קיסט־גרובע״, ווי די דייטשן האָבן גערופן די שטיינהאַקעריי, האָט זיך געפונען נישט ווייט פון די צוויי באַן־ליניעס, וויטעבסק און לעפּעל. אַביסל אין צפון האָט זיך געזען אַ געדיכטער וואַלד, אַ געניייער קילאָמעטער ווייט. אַז דער ווינט האָט געבלאָזן פון יענער ריכטונג, איז דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן אַ שיסעריי. מיר, אין לאַגער, האָבן אַ פּאָר מאָל איבערגערעדט, אַז דאָס מוזן זיין פּאַרטיזאַנער. אָבער אַז עס האָט זיך אָפּט איבערגעחזרט די שיסעריי, האָבן מיר באַטראַכט, אַז דאָס מוזן די דייטשן מאַכן איבונגען. ביז וואַנען איינע אַ פּרוי, פון די, וואָס מ׳האָט אַהערגעבראַכט צוזאַמען מיט נאָך 49 ציווילע מענער און פרויען צו העלפן די געפאַנגענע, האָט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן דאָרט איינגעאָרדנט אַן עקזעקוציע־פּלאַץ. צוויי מאָל אין וואָך פינקטלעך, שבת און מיטוואָך, פירן זיי אַהין זייערע קרבנות. האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען, הערנדיק שיסן, אַז דאָרט קוילען זיי אויס די אונדזעריקע. אין דעם מאָמענט האָב איך נאָך נישט געוווסט, אַז מען וועט מיך פירן אַהין, פון וואַנען קיין לעבעדיקע קומען מער נישט צוריק.

דערווייל אין דעצעמבער 1943. דער ווינטער איז נישט אַזאַ האַרבער, ווי דער פאַראַיאָריקער. אין דער געגנט פון אָרשאַ איז דער טערמאָמעטער דאָס יאָר נישט אַרונטער אונטער דרייסיק גראַד. שוין מאָנאַטן־לאַנג ווי מיר הערן נאָר איין וואָרט — סטאַלינגראַד. אויך צווישן די דייטשן מורמלט מען כסדר צווישן זיך. דער שעף פון לאַגער — אַ פּריוואַטער אונטערנעמער, אויגוסט גאַדאַוו, און זיין זון, אַ געזונטער דייטש פון אַ יאָר 30, היינריך. דער קאָמענדאַנט אַן עלטערער, אַ שטרענגער. פּאַר אים האָט מען געציטערט. דער איבערזעצער, אַן אוקראַיִנער,

איז פאַקטיש געווען דער אינעווייניקסטער קאָמענדאַנט פון לאַגער און שעף פון דער אוקראַיִנישער וואַך. די פירמע האָט זיך געפונען פאַר דער מלחמה אין האַנאָווער. די, וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט, זיינען געווען די אַ. ט.־לייט, באַוואָפנטע. צווישן זיי זיינען געווען עטלעכע ווילע מענטשן, אָבער נאָכמער סאַדיסטן, און פשוטע מטורפים, היס־טעריקער. איינער אַ קאַרל, וואָס אויף דער רעכטער האַנט האָט אים גע־פעלט דער גרויסער פינגער, איז קענטיק געווען אַ געבוירענער מערדער.

די גרופן זיינען איינגעטיילט געוואָרן צו 25 געפאַנגענע, די הי־טערס — איין דייטש און איין אוקראַיִנער. אַז אַט דער קאַרל האָט גע־וואָרפן אויף וועמען אַן אומחן, איז שוין יענער געווען אַ פאַרלוירענער. זיין גרופע האָט געדאַרפט צוגרייטן דעם באָדן. אַ מעכאַכנישע לאָפּעטע האָט נאָכדעם אַראָפּגענומען דעם ערשטן שיכט ערד, כדי אַ צווייטע, דאָס הייסט דער באַגער, זאָל גראָבן און אָנלאָדן אויף וואַגענער די זשוויר און שטיינער, אָפּצושיקן קיין דייטשלאַנד. האָט עמיצער געמאַכט נישט קיין גוטע באַוועגונג, איז גלייך געגאַנגען אין גאַנג דער גראָבער שטעקן. און אַז ער האָט אָנגעהויבן שלאָגן, האָט ער זיך מער נישט אָפּגעשטעלט. איך בין אַליין געווען אַן עדות, ווי אַט דער סאַדיסט האָט דערהרגעט 4 מענטשן.

אין לאַגער איז געקומען צוויי מאָל אין וואָך אַ רוסישער פעלדשער. האָט עמיץ זיך צעקלאַפּט אַ האַנט, אַ פוס, דעם קאָפּ, געליטן אויף די ציינער, האָט דער פעלדשער באַשטימט, אַז דער געפאַנגענער דאַרף בלייבן אין לאַגער, אין באַראַק, אויף אַ פּאָר טעג. אַט דעם פערטן אומגליקלעכן קרבן האָב איך געקענט, ווייל ער איז געווען אין מיין גרופּע. פיר טעג נאָכאַנאַנד האָט ער אים געהאַלטן אין איין שלאָגן. און אַז דער פעלד־שער איז געקומען, האָט זיך דער געפאַנגענער, אַ מיטלוווקסיקער טאַטאַר, אַ געלער, געווענדט צו אים, אַז ער זאָל אים לאָזן בלייבן עטלעכע טעג אין באַראַק. ער איז געווען אינגאַנצן בלוי פון די קלעפּ. דער קאָמענדאַנט האָט זיך אין אַזעלכע פאַלן געמאַכט נישט זעענדיק, און דער פעלדשער האָט אים איבערגעלאָזן אויף 3 טעג אין באַראַק.

אונדזער לאַגער איז געווען — אַ גרויסער באַראַק מיט 5 באַזונ־דערע צימערן. נאָך 6 טעג האָרעוואַניע מיט איבערטראַנספּאָרטירן אַ שווערע מאַשין, האָב איך זיך אויסגעלענקט אַ פוס. ער איז געשוואָלן געוואָרן. איך בין געבליבן אין באַראַק. אפשר אַ שעה דערנאָך, ווי אַלע זיינען אַוועק צו דער אַרבעט, — קאַרל איז דאָ. דאָס איז געווען שוין איבער אַ יאָר ווי כ״האָב זיך געפונען אין דעם לאַגער. די דייטשן האָבן שוין געוווּסט, אַז איך רעד אַביסל דייטש.

— וואָס מאַכסטו היר? — פרעגט מיך קאַרל.

ווייז איך אים מיין פוס מיטן באַנדאַזש.

— ביסט דו אַליין?

און די קאראבין האלט ער אין דער האנט, א גראבן שטעקן — אין דער צווייטער. ער לויפט ארום און איך האב מורא צו רירן זיך פון ארט. אבער פלוצלונג הער איך געוואלדן. איך קוק פארזיכטיק ארויס און זע, ווי קארל שטופט דעם טאטאר, און יענער שרייט, אז ער איז קראנק.

— איך וועל דיר שוין העלפן! — ריטשעט קארל.

ער האט אים מיטגענומען אין דער שטיינהאקעריי, און פון דער ארבעט איז שוין דער טאטאר נישט צוריקגעקומען. מען האט אים גע־בראכט צוטראגן אויף א „נאסילקע". פארנאכט איז ער געשטארבן. זיין קערפער איז געווען שווארץ פון קלעפ.

נאך אט דעם פאל האב איך ווידער גערעדט מיטן דייטש, וואס מיר האבן אים געהאלטן פאר א פיינערן מענטש. אז ער האט דערזען ועמען פון די שעפן, האט ער גענומען שרייען און האקן מיטן גראבן שטעקן אין די וואגאנעטקעס. ער האט אנגעמאכט א טומל פון א קאנא־נאדע, אבער קיין מאל האט ער אונדז נישט געשלאגן. איך ארבעט ביים האקן די שטיינער און איך שפיר, אז דער 16 קילאדיקער האמער נעמט צו מיין לעצט ביסל כוחות. האב איך באשלאסן צו ריזיקירן זייער גרויס, און גענומען ביסלעכווייז רעדן דייטש. אזוי ארום, אז אט דער ווילים — אזוי האט ער זיך גערופן — פלעגט אפטמאל פארפירן מיט מיר א שמועס. דעם טאג רעדט ער מיט מיר וועגן דעם סאדיסט, וועגן קארלען, און ווייזט מיטן פינגער אויפן קאפ, דאס הייסט, אז ער איז נישט קיין נאר־מאלער.

ער האט אבער געוואלט ביי מיר דערגיין, וואס מיר טראכטן וועגן אויסגאנג פון קריג. לויט זיינע רייד, האב איך פארשטאנען, אז דאס נע־מען סטאלינגראד איז א פראגע פון טעג. ער האלט אין האנט די צייטונג „דער שטאס־טרופ", א פראנט־צייטונג. ער ווייזט מיר א גרויסע לאנד־קארטע, און מערקט מיר אן, ווו עס גייט פארביי דער פראנט. ער הייבט זיך אן ווייט אויף קאווקאז, לעבן באקו, דורך ראסטאק, הארט ביי סטא־לינגראד. די ליניע שניידט איבער דעם צענטער פון סטאלינגראד. ווײ־טער ציט זי זיך לעבן וואראניעזש, טולא, הארט ביי מאסקווע, און גייט ווייטער אוועק ביז לעניגראד.

— זעסט — זאגט ער — דער שטח הינטער מאסקווע איז נאענט. און אז מיר וועלן נעמען סטאלינגראד, וועט מאסקווע אויך פאלן.

קענטיק, אז די געבעלס־פראפאגאנדע האט זיי גוט באארבעט. א פשוטער דייטש, אן ארבעטער, האט ער נאכגערעדט ווארט אין ווארט די דייטשע פראפאגאנדע. ער דערקלערט מיר, אז די וואלגא ליגט איצט אונטערן פייער פון דער דייטשער ארטילעריע. הארט ביי סטאלינגראד גייט דורך א טאפלטע באן־ליניע, וואס פירט צו מאסקווע און צו די איבעריקע וויכטיקע פונקטן פון פעטראל.

ער האט נאך צו מיר גערעדט און גערעדט, אבער מיין געדאנק איז געווען פארנומען מיטן באטראכטן וואס און ווי אזוי איך זאל אים

ענטפּערן. אין לאַגער האָט מען געוווּסט, אַז איך רעד אַביסל דייטש. איך האָב אָבער נישט געטאָרט אַרויסווייזן, אַז איך רעד אַ גוטן דייטש. איך האָב געוווּסט, אַז ער אַליין, דער דייטש, איז טאַקע נישט קיין שלעכטער מענטש. ער קאָן עס אָבער איבעררעדן מיט זיינע קאַמעראַדן, און ער וועט זיי עפּעס זאָגן וועגן מיר. פונדעסטוועגן האָב איך ריזיקירט. איך האָב אים געגעבן אַ לעקציע אין געאָגראַפיע. איך בעט אים די צייטונג, און מיטן פינגער ווייז איך אים, אַז סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז נישט פראַנקרייך, נישט פּוילן. איך ווייז אים, אַז פון דער דייטשער גרענעץ ביז מאָסקווע איז אומגעפער 1200 קילאָמעטער. אָבער פון מאָסקווע ביז יאַפּאַן איז אומגעפער 8000 קילאָמעטער. דאָס הייסט, נאָך 6—7 מאָל אַזוי פיל. איך האָב אים געפרעגט, צי ווייס ער ווי גרויס דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז? ענטפערט ער:

— גענוי ווייס איך נישט. אין דער שולע האָט מען אַמאָל געלערנט, אָבער דאָס איז שוין זייער לאַנג... איך מיין אַז גאַנץ רוסלאַנד איז אומגעפער פיר—פינף מאָל גרעסער ווי דייטשלאַנד. דאָס וויכטיקסטע — זאָגט ער — גאַנץ אוקראַינע, מיט אירע רייכטימער, איז פאַרנומען פון אונדזער אַרמיי.

אַלע ווײַלע האָט מען געמוזט איבעררייסן דעם שמועס, ווי נאָר עס איז אַלעמאָל אַנגעלאָפן אַ שעף. זיי זיינען געווען מער ווי די הינט. איך האָב געאַרבעט ביים האַקן די שטיינער און מען האָט נישט געקאָנט שטיין בלייבן לאַנג און שמועסן. קוקנדיק אויף מיין דייטש, האָב איך געטראַכט, אַז זיי זיינען אַ טעמפּ פאָלק, אָבער דיסציפּלינירט, אַרבעטזאַם, געהאַרכזאַם, באַפעל איז באַפעל! איך זאָג אים אָבער, אַז דייטשלאַנד איז עטוואָס גרעסער פון פראַנקרייך, האָט אומגעפער ביי 600.000 קוואַדראַט־קילאָמעטער. צוזאַמען מיט עלזאַס־לאָטרינגען, מעמעל־געביט — „פילייכט עטוואָס מער”.

— פילייכט האָסטו רעכט — זאָג ער.

— אויב מען נעמט און מען מאַכט אַזאַ פּאַס, פון דער דייטשער גרענעץ ביז מאָסקווע, איז אומגעפער 1200 קילאָמעטער. אַציגד געפינט זיך די דייטשע אַרמיי ביי 200 קילאָמעטער פון מאָסקווע. צי האָב איך גוט פאַרשטאַנען?

— יאַוואָהל! — זאָגט ער.

— מאָסקווע האָט נאָך הינטער זיך אַ גלייכע ליניע פון 8000 קילאָמעטער, און די טעריטאָריע פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז איבער 22 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער.

אַז ער האָט דאָס געהערט, האָט ער מיך געבעטן דאָס איבערחזרן. ער איז געבליבן שטיין אַן איין וואָרט, ווי אַ ביין אין האַלדז, נישט אַרונטערצושלינגען און נישט אויסצושפּייען. ער איז געגאַנגען אַהער און אַהין און עפּעס געמורמלט: „מיין גאָט! מיין גאָט!”.

דאָס איז געווען פאַר מיטאָג. מיטאָג האָט מען אונדז געפירט אין די באַראַקן. דער גאַנצער לאַגער מיט דער שטיינהאַקעריי איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּלויט פון שטעכל־דראָט. קיין זייטיקע פּערזאָנען זיינען אויף דער טעריטאָריע פון לאַגער נישט אַריינגעקומען. אונדזערע באַראַקן זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט אַ דאָפּלטן צוים, באַוואַכט טאָג און נאַכט. ביינאַכט — אַ פאַרשטאַרקטע וואַך.

נאָכן עסן, גייט ווילליס צו צו מיר און דערלאַנגט מיר אַ הויפן טאַ־באַק. ס׳הייבט זיך ווידער אָן דער נישט־פאַרענדיקטער געשפּרעך. אַצינד רעדט ער שוין וועגן אַלגעמיינעם גאַנג פון קריג. איך האָב מורא צופיל אַרויסצוכאַפּן זיך. אָבער פון מיינע עטלעכע ווערטער, פאַרשטייט ער, אַז איך בין נישט מסכים מיט אים. ער זאָגט מיר, צום ביישפּיל, אַז די רויטע אַרמיי וועט אַט־אַט קאַפּיטולירן. נאָכדעם ווי די דייטשן וועלן נעמען סטאַלינגראַד, וועט די רויטע אַרמיי קיין איין טראָפּן פּעטראָל מער נישט האָבן. און אין אַזאַ מאָדערנעם קריג פון מאָטאָרן, איז אוממעגלעך צו קעמפן אָן פּעטראָל. זיין אַרגומענט איז אַ ריכטיקער, אָבער ביי זיך טראַכט איך פּונקט פאַרקערט וועגן די אויסזיכטן און אויסגאַנג פון קריג. ווייל איך טראַכט, אַז אין פאַל ווען דייטשלאַנד געווינט, חלילה, בין איך אַ פאַרמשפּטער צום טויט, נאָר דערפאַר, ווייל מיין פאָטער הייסט יאַנקל־אַלטער, נאָר דערפאַר, ווייל איך בין באַשניטן, נאָר דערפאַר, ווייל איך בין געבוירן אַ ייד. דעריבער ריזיקיר איך און ענטפער אים:

— זע, ביסט פּונקט אַזאַ אַרבעטער, ווי איך. כ׳ווייס, אַז מען האָט אייך צוגעזאָגט, אַז נאָכן זיג, וועט קיין איין דייטש נישט דאַרפן אַר־בעטן צען יאָר צייט, איז עס ריכטיק?

ווייל דער סאַדיסט קאַרל האָט עס געזאָגט, און קענטיק, אַז אַלע דייטשן האָבן דערין געגלויבט. ענטפערט ער מיר:

— איך האָב געהערט דערפון, אָבער איך גלויב עס נישט. — ער קערט זיך אום צו זען, צי קיינער הערט זיך נישט אונטער — יאָ — זאָגט ער — דאָס איז נאַצישע פּראָפּאַגאַנדע. נאַצי — שייזע... אימער פּראָפּאַגאַנדע... רויטע פּראָפּאַגאַנדע... אַלעס שייזע...

איך זע, אַז ער רעדט מיט מיר אַזוי אָפן, דערצייל איך אים, אַז איך האָב געלייענט, אַז אין חודש נאָוועמבער 1941 האָט זייער „פירער" געמאָלדן, אַז די רויטע אַרמיי עקזיסטירט נישט מער און מען דאַרף בלויז האָבן פּאָליצייאישע קרעפטן אויף זויבערונגס־אַקציעס. און אין אַ חודש אַרום האָט די דייטשע אַרמיי געמוזט צוריקציען זיך פון מאָסקווע אויף איבער 200 קילאָמעטער. וואָס שייך פּעטראָל, זאָג איך אים, האָט סאָ־וויעטן־פאַרבאַנד פּעטראָל אויך אין סיביר. און אַמעריקע שיקט אויך. סטאַלינגראַד האָט מען נאָך דערווייל נישט גענומען...

— יאָ, זאָגט ער — פיליכט ביסטו גערעכט — עס איז אָבער דאָך אוממעגלעך מיר זאָלן דעם קריג פאַרלירן... צוליב אַזעלכע ווי קאַרל, וועט מען אונדז אַלעמען...

און ער ווייזט מיר אויפן האַלדז, אַז מען וועט זיי אַלעמען אויפֿ־הענגען. איך ענטפֿער אים מער נישט. אין דעם טאָג האָב איך געהאַקט די שטיינער מיט אַזאַ אימפּעט, מסתמא דערפֿאַר, ווייל איך בין געווען צופֿרידן, וואָס איך האָב זיך אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן. מיר האָט זיך גע־דאַכט, אַז מיט יעדן קלאַפּ פֿון האַמער, טרעף איך אין אַ דייטשן קאָפּ.

אין דעם לאַגער האָב איך אָפּגעאַרבעט 14 מאָנאַטן. די וועכטער

אין דער שטיינהאַקעריי זיינען געווען מערסטנס עלטערע, אינוואַלידן, אָדער פֿאַרשטעקטע, וואָס האָבן אויסגעמיטן צו גיין אויפֿן פֿראָנט. אַזעל־כע סאַדיסטן און מערדער ווי קאַרל זיינען געווען נישט ווייניק. פֿאַר דריי פֿון זיי האָבן מיר געהאַט באַזונדערע נעמען. איינעם פֿון זיי האָט מען גערופֿן קאַרל „אַליאַרעם", אַ פֿולשטענדיקער משוגענער. אָנגעטאָן איז ער געווען פּונקט ווי אַלע דייטשן, באַוואָפֿנט מיט אַ קאַראַבין, אַ פּאַטראָנען־טאַש. איך האָב געהאַט דאָס מזל קיינמאָל נישט אַריינצופֿאַלן אין זיין גרופּע. נאָר די איבעריקע געפֿאַנגענע האָבן דערציילט, אַז אָפֿט־מאָל שטעלט ער אויס די ביקס קעגן זיי און שיסט אויס. צום גליק — אויף פּוסט. אָבער גאָט זאָל אויסהיטן ס'זאָל זיך באַווייזן אַן עראָפּלאַן. ער צילעוועט אויף אים, האַלט אין איין קנאַלן, אָבער אויך אויף פּוסט. אין אַ פֿרימאָרגן, קאַרל גייט מיט אַ גרופּע געפֿאַנגענע אָנלאָדן געמאַלע־נע שטיינער אויף וואַגאָנען, וואָס דאַרפֿן אָפּגיין קיין דייטשלאַנד. מיר אַרבעטן נישט ווייט. פּלוצים הערן מיר אַ שאָס, אַ צווייטן, אַ דריטן. עס ווערט אַן אַלאַרם. אפֿשר איז עס אַן אַטאַקע פֿון פּאַרטיזאַנער? — טראַכטן מיר. וועגן אַזעלכע פֿאַלן האָבן מיר שוין געהערט. אונדזער וועכ־טער הייסט אונדז אויסלייגן זיך אויף דר'ערד, און אַליין שטייט ער מיט זיין קאַראַבין אין האַנט, און מיר מערקן, אַז עס ציטערט אויף אים די הויט. מיר הערן אַ טומל. דער קאָמאַנדאַנט מיטן שעף פֿון לאַגער זיינען דאָ. וואָס האָט פּאַסירט?

און דאָ דערוויסן מיר זיך אַ גאַנצע געשיכטע, און נישט איינער פֿון אונדז בייסט זיך די נעגל פֿון פֿאַרדרוס, ווייל מען האָט עס נישט געוווּסט, ווייל מען האָט געקאָנט לייכט אַנטלויפֿן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז קאַרל דער משוגענער האָט קיינמאָל נישט געהאַט ביי זיך קיין פּאַ־טראָנען. איינפֿאַך, מען האָט אים מורא געהאַט צו פֿאַרטרויען. אין דעם פֿרימאָרגן האָט ער דורך אַ טעות אָנגעטאָן נישט זיין פּאַטראָנען־טאַש. קודם האָט ער אָנגעלאָדן זיין ביקס מיט די פּאַטראָנען, וואָס ער האָט געפֿונען ביי זיך, און ווי נאָר ער האָט דערזען אַן עראָפּלאַן, האָט ער אָנגעהויבן שיסן. צי אַן אייגענער, אָדער נישט קיין אייגענער, האָט ער נישט געוואָלט וויסן.

נאָך דער דייטשער מפּלה ביי סטאַלינגראַד, ווען דער גאַנצער פֿראָנט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען גאַנצע עשאַלאָנען מיט פֿאַרשיידענע מאַטעריאַלן. טאַקע אין דער געגנט פֿון אַר־שאַ האָבן זיי עס אויסגעלאָדן. אין אַ פֿרימאָרגן האָבן זיי צונויפֿגענומען

כמעט דעם גאַנצן לאַגער און אונדז געפּירט אויסלאַדעווען אַן עשאַלאָן. דאָס איז געווען נישט ווייט פון אונדזער לאַגער, די באַן־ליניע גייט צו האַרט ביי אַן אָפּגעצוימטער גרופּע געביידעס. פאַרן קריג איז דאָרט געווען אַ טעכניקום פאַר ערד־אַרבעט. אין דעם טאָג האָבן מיר זיך דער־ווּוסט, אַז די דייטשן האָבן דאָ געהאַט איינגעאָרדנט אַ דיוועַרסאַנטן־שולע.

עס איז נאָך מיטאָג. מיר האָבן שוין אויסגעלאָדן איבער 20 וואַגאָ־נען מיט פאַרב. איך האָב ביי זיך אַ גרויס קעסעלע, אפשר פון 3 ליטער. אין וואַגאָן, זע איך, אַ גרופּע געפאַנגענע פּאַרעט זיך ביי אַ גרויסער באַנ־קע מיט פאַרב, זיי גיסן עס אַריין צו זיך אין די קעסעלעך. נאָכוואָס? וואָס וועלן זיי מאַכן מיט דער פאַרב? די דייטשן מישן זיך נישט. זיי ווייסן, אַז דאָס איז נישט אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס מען זאָל קאָנען גנבענען. אָבער אַ געפאַנגענער, טאַמער נעמט ער עפּעס נישט מיט, דוכט זיך אים, אַז ער האָט עפּעס פאַרגעסן. איך גיי צו צו איינעם און פרעג אים:

— זע, וואָס וועלן זיי טאָן מיט דער פאַרב?

ענטפערט ער מיר:

— זיי וועלן מאַכן וואָדקאַ דערפון.

איך האָב זיך געהאַט באַפריינדעט אין לאַגער מיט איינעם, אַ מאָ־לער פון פאַך. איך זע, אַז ער איז אויך אין צווייטן וואַגאָן. ער האָט, קענטיק, געהערט, וואָס איך האָב געפרעגט. דרייט ער זיך אום און מאַכט:

— גיב מיר אָקאָרשט דיין קעסעלע.

אין געפאַנגענשאַפט איז מען געוואָרן ווילד ווי די מאַלפּעס. טאָ־מער האָט איינער עפּעס געמאַכט, האָט עס דער אַנדערער געמוזט נאָכ־מאַכן. און אָט האָב איך שוין אויך אַ פול קעסעלע מיט פאַרב. די דייטשן האָבן באַמערקט, אַז אַלע טראָגן פולע קעסעלעך מיט פאַרב, אָבער זיי האָבן נישט געלייגט אויף דעם קיין אַכט. אַנדערע פון זיי האָבן געוויזן אויף אונדזערע קעסעלעך און דערביי געמאַכט אַ סימן מיטן פינגער צום קאָפּ, זאָגנדיק: די רוסן זיינען „פאַריקט".

אין באַראַק האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן אין 5 באַזונדערע גרויסע צימערן מיט דאָפּלטע נאַרעס. אין יעדן אָפּגעשלאָסענעם צימער איז אויף בײנאַכט געווען אַ גרויסע אייזערנע פּאַראַשע. האָט מען גענומען און זי אַביסל אויסגעוואַשן און אָנגעפילט זי מיט פאַרב. אין יעדן צימער איז געווען אַן אויוון מיט אַן אייזערנער פּליטע. קודם האָט מען אָנגעצונדן די אויוונס, אַרויפגעשטעלט די פּאַראַשעס. די זופּ האָט מען שוין געגעסן אויסגעמישט מיטן פאַרב. גאָט האָט אויך צוגעשיקט אין איינעם פון די וואַגאָנען אַביסל צוגעפרוירענע קאַרטאָפל. אַז די פאַרב איז געוואָרן גוט הייס, האָט מען גענומען אויף שטיקלעך האָלץ, אָנגעדרייט וואַטע פון די פופייקעס, וואָס איטלעכער האָט געהאַט. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען אָנגעהויבן דורכצווייען און אָפּצוטיילן די ברען־ספּירט פון די פאַרב. די פאַרב איז געבליבן אויף דער וואַטע. אָט דאָס קאָנען רוסן!

געגעסן האָט מען קדחת, אָבער די נאַכט איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. צו טאַנצן איז נישט געווען ווו, ווייל די באַראַקן זיינען געווען ענג, אָבער פון זינגען האָט זיך דער באַראַק געטרייסלט אין דער נאַכט פון די פיל שטימען.

אויף מאָרגן אין דער פרי — דער גלאָק אויפצושטיין, דאָס פייפל פון קאָמענדאַנט. אויפן הויף ווייזן זיך בלויז אַ 20 געפאַנגענע פון די 350. וואָס איז דאָ געשען? דער קאָמענדאַנט לויפט פון איין באַראַק אין צווייטן, האַלטנדיק זיך די האַנט ביי דער נאָז, ער זאָל נישט חלשן פון עיפוש, פון ספּירט־טשאַד. די פּאַראַשעס זיינען געווען אָנגעפילט מיטן ברען־ספּירט, האָבן די געפאַנגענע זייערע באַדערפענישן דערליי־דיקט לעבן דער שוועל.

אַ טומל, אַ גערודער. די דייטשן אַליין גייען שוין נישט אַריין אין באַראַק. ס׳קומען די אוקראַינער. דער אינעווייניקסטער קאָמענדאַנט, ער איז אויך דער דאָלמעטשער, ער גייט אַריין אין איינעם, אין צווייטן באַראַק. אומעטום די זעלבע זאַך. אַלע ליגן ווי טויט שיכור. אָדער מען שלאָפט, אָדער מען בורטשעט אונטער אַ שיכור לידל.

## קאַפּיטל 21

# נאָך סטאַלינגראַד

עס איז שוין נאָך סטאַלינגראַד, אין פעברואַר, מערץ 1943. די דייטשן זיינען שוין נישט די זעלבע. זיי פילן שוין דעם אויסגאַנג פון קריג, זיי ווייסן, אַז דער טאָג פון מוזן אָפּטרעטן איז נישט אַזוי ווייט, האָבן זיי די געפאַנגענע געלאָזן זיך אויסשלאָפן ביזן האַלבן טאָג. קיינעם האָט עס, צום גליק, נישט געשאַדט, און דאָך האָט מען געטרונקען ריכטיקן סם.

אַצינד, נאָך דער מפּלה פון סטאַלינגראַד, האָבן די דייטשן אויס־געזוכט אַלע רעזערוון, צו פאַרשטאָפּן זייערע גרויסע פאַרלוסטן אויף די פראָנטן. פינף דייטשן פון דער וואַך, האַלבע אינוואַלידן, האָבן זיי מאָביליזירט. איינער פון זיי האָט געאַרבעט אַלס באַגער שמירער, דאָס הייסט אויף אַ מעכאַנישע לאָפּעטע. האָט מען געזוכט צווישן די געפאַנ־גענע ווער עס זאָל אים פאַרבייטן. אין דער צייט האָבן זיי שוין געוווסט, אַז איך רעד אָביסל דייטש, אַז איך בין אַ בלעכער. אָפּטמאָל דאַרף מען עפּעס לייטן, אָדער סתם מאַכן עפּעס, וואָס איז פאַרבונדן מיט בלע־כעריי. האָט מען מיך איבערגעשיקט אַרבעטן מיט אַ גוטן דייטש. אין דער צייט בין איך שוין געווען געשוואָלן פון הונגער דאָס צווייטע מאָל. איך האָב קוים געשלעפּט די פיס. און דאָס איז טאַקע געווען דער גו־טער קאָרל.

דער עיקר האָב איך געליטן פון רויכערן. שטיקלעך ברויט האָב איך

אויסגעביטן פאַר אַ פּאָר צי. איך האָב געוווּסט, אַז איך פאַרמשפּט זיך אַליין צום טויט דערמיט. אָבער מיטן פאַרציען אַביסל רויך, האָט זיך מיר געדוכט, אַז עס ווערט מיר אַביסל גרינגער. פון הונגער, פלעגן מיר קייען סמאָלע. אין די לעצטע טעג האָב איך געפילט, אַז איך הייב אָן צו ווערן געשוואָלן פון הונגער. און אַט, ווען כ'האָב געמיינט, אַז מיינע טעג זיינען שוין געציילטע, זאָגט מען מיר אָן, אַז איך גיי אַרבעטן מיט קאַרלען. ברעגמאַן האָט ער זיך גערופן. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַ טייערער מענטש, און ס'האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר אַ נייע האָפע־נונג. איך האָב אים שוין אַ פּאָר מאָל געהאָלפן ביים לייטן. די דייטשן פלעגן מיך רופן: קלעמפּנער.

דעם צווייטן טאָג, ווי איך אַרבעט מיט מיין קאַרלען. אויפן גאַס איז קאַלט, און איך זיץ ביים גרויסן מאָטאָר פון באַגער. ביים מאָטאָר איז אַביסל וואַרעמער. קאַרל זיצט ביים רעדל, וויקלט אויף זיין בוטער־בראָד, און עסט. איך האָב זיך באַמיט נישט צו קוקן, אָבער מיין הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב אַליין נישט געפילט ווי עס רינט מיר די סלינע פון מויל. קענטיק, אַז ער האָט עס געמערקט. איך בין שוין געווען גוט געשוואָלן פון הונגער. מאַכט ער צו מיר:

— זע, קלעמפּנער, קוקסט וווּנדערבאַר אויס...

און איך פיל ווי עס רינען מיר טרערן פון די אויגן. ער קוקט מיך אָן פאַרוווּנדערט, דער ביסן בלייבט אים שטעקן אין האַלדז. איך ענטפער אים קיין וואָרט נישט. איך רוק אַריין צוויי פינגער פון מיין רעכטער האַנט אין דער הויט פון מיין לינקער האַנט, און אַז איך נעם אַרויס, בלייבן דאָרט צוויי לעכער, וואָס לאַנגזאַם הייבן זיי זיך אָן אויספילן. קענטיק, אַז ער האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט. און ס'רייסט זיך אים אַרויס:

— מיין גאָט! פאַרפלוכטע נאַצי!

ער ברעכט אָפּ אַ האַלבן בוטער־בראָד און גיט עס מיר. דעם זעלבן טאָג ברענגט ער מיר אַ פולן דייטשן טעפּל מיט עסן. פון דעמאָלט אָן האָט ער מיר יעדן טאָג וואָס נישט איז צוגעוואָרפן.

אין די חדשים מאַי־יוני 1943 האָבן זיך אין לאַגער אויפגעהאַלטן אַרום 350 קריגסגעפאַנגענע. עסן האָט מען געגעבן, קוים די נשמה אויפ־צוהאַלטן. ביים אויסלאָדן און אַנלאָדן די שטיינער, פלעגט מען אָפּט ברעג־גען ציווילע, און פון זיי האָבן מיר עפּעס וואָס גענאַסן — אַ ציבעלע, אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל. מיר האָבן עס אויסגעטוישט פאַרן סינטעטישן זייף, וואָס מיר האָבן איין מאָל אין מאַנאַט באַקומען צוגעטיילט.

לאַנג האָט מיין „גוט" לעבן נישט אָנגעהאַלטן. קנאה, שנאה. איך בין דאָ אָנגעגאַנגען ווי אַ האַלבער טאַטער און אַ האַלבער רוס. צווישן די געפאַנגענע זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעהויבן האָבן אַ חשד. זיי האָבן זיך געפרעגט: טאַטאַריש קען איך נישט רעדן און דייטש — יאָ.

צו דעם האָט זיך אײנגעפּונען נאָך אײנער, אַ פאַרבאַרגענער ייד. ער האָט געװוּסט װער איך בין און איך האָב געוווּסט ווער ער איז. מיר האָבן זיך ספּעציעל אויסגעמיטן. ביי אַ געלעגנהייט, האָט מען זיך דורכגעוואָרפן מיט אַ פּאָר ווערטער. מיר האָבן זיך אײנמאָל געטראָפן אין קלאָזעט, און ער רוימט מיר איין, אַז איך דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק. עס זיינען פאָראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אַ פאַרדאַכט, אַז כ'בין אַ ייד.

ספּעציאַליסטן, ווי איך, זיינען אין לאַגער געווען נאָר פינף. מיר האָבן געאַרבעט מיט די דייטשע מייסטערס. דער דייטש, מיט וועלכן איך האָב געאַרבעט, אַ געוועזענער סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַ גוטער מענטש, מיט אים האָב איך זייער אָפט דיסקוטירט. זיין מיינונג איז געווען, אַז אַלע צרות קומען נישט פון היטלערן, נאָר פון זיינע געהילפן. איך האָב אויך געקאָנט פרייער רעדן מיט די ציווילע רוסישע מענטשן, וואָס זיינען געקומען אַרבעטן אין לאַגער. איינע אַ פרוי, וואָס האָט געלעבט לעבן דער טעריטאָריע פון לאַגער, האָט מיר צוגעזאָגט צו פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער. זי האָט מיר אויך אָפּגעשטעקט בלעטלעך, געשריבן אין דייטש. איינס אַזאַ בלעטל האָב איך ריזיקירט און געוויזן מיין דייטש. יענעם טאָג האָט ער שוין כמעט נישט געאַרבעט, אַזאַ רושם האָט עס אויף אים געמאַכט. אין איינס אַזאַ בלעטל האָט מען געוויזן דייטשע סאָלדאַטן, שמוציקע, לייזיקע, אויפן פראָנט. און לעבן דעם בילד — דייטשע פרויען, וואָס די מענער זייערע זיינען אויפן פראָנט, גייען געאַרעמט מיט פראַנצויזן, און דער וועג זייערער פירט צום... בעט. אַ צווייט בילד: דייטשע מיליטערלייט אויף אַ פּאַראַד, מאַרשירן איינער לעבן אַנדערן. און אויפן צווייטן בילד — די זעלבע רייען, אָבער נאָר איינצלנע, מערסטנטייל זעט מען — צלמים... אַ דריט בילד: בערלין אין יאָר 1938. שיינע גאַסן. אַ בילד אויף רעכטס, לינקס — די זעלבע גאַסן אין יאָר 1943, באָמבאַרדירטע, צעשטערטע הייזער.

וואָס שייך פּראָפּאַגאַנדע, קאָן מען זיך אויף די סאָוויעטן פאַרלאָזן! עס איז געווען אַ בלעטל, — די מפּלה ביי סטאַלינגראַד, מיטן חשבון פון די דערהרגעטע, פאַרוווּנדעטע, געפאַנגענע דייטשן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע בלעטלעך טאָר איך ביי זיך נישט האַלטן. אָבער אַז איך האָב געקוקט אויפן בלעטל, האָט זיך אַ נייע האָפענונג אַריינגעגאָסן אין מיר. איך האָב זיך מיט די בלעטלעך נישט געקאָנט שיידן.

דער פרוי האָב איך אָפּגעשטעקט אַביסל קעראָסין. דערפאַר אַליין האָט מיר שוין געדראָט דער טויט. דער קעראָסין איז געגאַנגען פאַר די פּאַרטיזאַנער.

ענדע יולי, עטלעכע טעג נאָכדעם ווי דער ייד אין לאַגער האָט מיר אַזוי געוואָרנט, רייניקן מיר, איך און קאַרל, דעם מאָטאָר. איך זע, ער קוקט זיך אַרום צי קיינער איז נישטאָ, און ער מאַכט צו מיר:

— קלעמפנער, די קאַמעראַדן שפּרעכן, דאָס דו איין יודע ביסט... פאַר מיר איז דאָס שייס־עגאַל, אָבער דו מוזט עס פאַרזיכטיק מאַכן...

איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענט־פערן? ביי דער אַרבעט צוזאַמען מיט אים, האָב איך געהאַט אַפּט אַ גע־לעגנהייט צו אַנטלויפן. איך האָב אָבער נישט געוווּסט — וווּהין לויפט מען? אין פאַרגלייך מיט אַנדערע לאַגערן, איז דער דאַזיקער לאַגער געווען אַ גן־עדן. איך האָב געוואַרט, אַז די פרוי זאָל מיך פאַרבינדן, ווי זי האָט צוגעזאָגט, מיט די פּאַרטיזאַנער. איך האָב אויך דעם קאַרלען, דעם פּשוטן מענטש, נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין אומאָנגענעמלעכקייטן מיט מיין אַנטלויפן. איך בין נישט געלאָפן, און האָב דערפאַר טייער באַצאָלט. כ'האָב נאָך אַליין נישט געוווּסט וואָס פאַראַ אומגליק עס דערוואַרט מיר.

אַזוי זיינען אַריבער נאָך עטלעכע טעג. עס זיינען געקומען לאַסט־אויטאָס און מיר מיט אונדזער מעכאַנישער לאַפּעטע האָבן זיי אָנגעלאָדן זשוויר. אויפן לאַסט־אויטאָ איז אַלעמאָל געווען אַ דייטש, אַ היטער, און צוויי געפאַנגענע, וואָס דאַרפן דעם זשוויר אויסשיטן. איך האָב באַדאַרפט מיט אַ לאַפּעטע צורעכט מאַכן די לעכער, וואָס די מאַשין האָט געמאַכט. איך האַלט אין גראָבן, פּלוצים הער איך ווי מען רופט מיר ביים נאָמען:

— גרישאָ!

ס'וווערט מיר פינצטער אין די אויגן. כ'האָב מורא אויפצוהויבן דעם קאָפּ. ווער קאָן עס זיין? אָבער דער, וואָס האָט מיר גערופן, שטייט שוין לעבן מיר. און וועמען זע איך? ניקאָלאַי, דעם טאַטאַר. מיר אַליין האָט עס בעת מעשה טאַקע דערפרייט. און דאָך רעד איך מיט אים פאַרזיכטיק. ער גיט מיר צו פאַרוויכערן, און איך זע, אַז ער איז אָנגעטאָן האַלב־דייטש, האַלב־רוסיש. איך ווייז אים אויף דעם אוניפאָרם און פרעג אים:

— וואָס איז דאָס?

— דאָס איז אַ מאַסקיראַווקע... — מאַכט ער צו מיר.

ער גיט זיך אָבער אַ קער, און איך פאַרשטיי, אַז ער היט זיך פאַרן צווייטן, אַזאַ ווי ער. ער גייט צו נענטער און זאָגט מיר שטיל:

— איך גלויב, אַז דו ווייסט, אַז די דייטשן ווערבירן אין "ר.אָ.אָ." אָדער ווי מען רופט עס ביי אונדז: וולאַסאָווצעס. צוערשט גייען מיר, און דערנאָך — וועט מען זען... — גיט ער צו מיר אַ בלאַטן ווונק, וואָס דאָס פאַרשטיי איך מער ווי ווערטער.

ער רעדט נאָך צו מיר, אָבער מיין געדאַנק איז פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש: פאַרוואָס זאָל איך נישט קאָנען אַריינגיין אין וולאַסאָווס אַרמיי? וואָס איז דען וויכטיק וואָס פאַראַ אוניפאָרם איך טראָג? וויכטיק איז, פאַר וועמען כ'וועל זיך שלאָגן, אויף וועמען כ'וועל שיסן. איך הייב אים אָן אויספרעגן, ווי אַזוי מען גייט דורך די קאָנטראָל פון געסטאַפּאָ. און אַז מען גייט אַדורך אַזאַ קאָנטראָל, אין דעם האָב איך נישט גע־צווייפלט, און אויך אַביסל געהערט. אין עטלעכע ווערטער דערקלערט

ער עס מיר. דערווייל ווערט פול דער וואַגן און איך הער ווי פון דער קאַבינע פון לאַסט־וואַגן שרייט דער דייטש:

— קאָם דאָך, ניקאָלאַי.

דאָס הייסט, אַז אינגאַנצן צוטרוי האָבן זיי נישט, ווייל אַ באַוואָפנטער דייטש באַגלייט זיי. ער רוקט מיר אַריין כמעט ווי אַ גאַנץ פּעקל סיגאַ־רעטן, מיט ביידע הענט נעמט ער אָן מיין האַנט און זאָגט:

— נו, זיי געזונט!

אין דעם מאָמענט פאַלט מיר איין אים צו פרעגן, פאַרוואָס ער האָט געזאָגט אין לעאַנאָווקע, אַז איך בין אַ דאָקטער. ער איז שוין אָבער אויפן וואַגן און ער פאָכעט צו מיר מיט דער האַנט. דעם 28־טן יולי, איך גיי צו דער אַרבעט, און אויפן האַרצן האָב איך עפּעס אַ מאָדנעם שווער פאַר־געפיל. מיט קאַרלען מייד איך אויס איבעריקע רייד. נאָך מיטאָג טראָג איך, ווי יעדן טאָג, אַ באַנקע מיט גאַזאָל פאַרן באַגער.ביים טויער שטייט דער קאָמענדאַנט פון לאַגער. ער זאָגט:

— בלייב דאָ!

און ער הייסט אַן אַנדערן געפאַנגענעם אָוועקטראָגן די ברען־שטאָף, און איך בלייב אין לאַגער. פאַרוואָס? פאַר ווען? קיינער זאָגט מיר גאָר־נישט. דריי, האַלב־פיר אַזייגער, איך זע לעבן אונדזער לאַגער־טויער שטעלט זיך אָפּ אַ האַלב־פאַרמאַכטער קליינער לאַסט־וואַגן. פון קאַבינע גייט אַרויס אַ דייטש, פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע, מיט דער בלעך אויף דער ברוסט. עס גייט מיר דורך אַ מאָדנער ציטער, פּונקט, ווי אַן עלעקטרישער צוק. אינסטינקטיוו באַמערק איך פון הינטן אַנשטאָט אַ נומער, די בוכשטאַבן פּאָל. איך גיי אַריין אין קלאָזעט און דאָרט טרעף איך דעם סקלאַדאָווטשיק, מיט וועמען איך האָב זייער גוט געלעבט, ווייל ער האָט עס מיר אַרויסגעגעבן די ברען־שטאָף. יעדעס מאָל האָט ער מיר נישט דערגעבן די מאָס, און איך האָב זיך געמאַכט נישט ווויסנדיק. ער פרעגט מיר:

— דו האָסט געזען דעם לאַסט־אויטאָ?

— יאָ. פאַרוואָס?

— איך האָב געהערט דיין נאָמען — זאָגט ער.

ער האָט נאָך עפּעס גערעדט צו מיר, נאָר איך האָב אים שוין נישט געהערט. איך לויף אַריין אין באַראַק, וואַרף אַראָפּ די הילצערנע קלומפּעס, טו אָן אַ פּאָר ברעזענטענע שטיוול. דער קאָפּ אַרבעט מיט אַ שרעקלעכער פלינקייט. איך אַרבעט אויס אַ פּלאַן, און איך פרווו אים צו רעאַליזירן.

לעבן סקלאַד פון ברענשטאָף שטייען פולע און ליידיקע 20־ליטער־דיקע באַנקעס. איך גיב אַ נעם אַ האַלב־ליידיקע באַנקע און גיי צום טויער. דער פּאָסטן האָט זיך געהאַט געביטן און דער נייער האָט נישט געזען, אַז דער קאָמענדאַנט האָט מיר נישט געלאָזט גיין צו מיין אַרבעט.

און אַזוי ווי יעדן טאָג פֿלעג איך קומען נאָך ברענשטאָף, לייגט ער אויף מיר קיין אַכט נישט און איך גיי אַדורך.

אַ הייסער, שיינער טאָג. איך שטעל אַ האַסטיקן טריט און באַטראַכט אַמבעסטן דורך וואַנען איך זאָל לויפֿן. צווישן לאַגער און וואַלד איז געווען אַ קליין דערפֿל. פֿון דאָרט האָבן די דייטשן אָפּט געבערענגט צו טרייבן די ציווילע, אונדז צו העלפֿן. האָב איך באַשלאָסן צו גיין דירעקט דורכן דערפֿל. אָבער פֿריער מוז איך נאָך דורכגיין דעם גאַנצן לאַגער און דאָס וויכטיקסטע — זיך דורכצוקריגן אומבאַמערקט דורך די שטעכל־דראָטן.

אָט בין איך שוין ביי די מאַשינען, וואָס מאָלן די שטיינער. איך מערק, אַז קיינער לייגט נישט אויף מיר קיין אַכט. פּשוט, איך רעכן זיך דאָ ווי איינער פֿון די עלטסטע אין לאַגער. שוין איבער 14 חדשים ווי איך אַרבעט דאָ. איך שטעל אַוועק די באַנקע ביי דער ערשטער בעסטער מאַשין. עס שטייען שוין דאָרט נאָך עטלעכע. איך מערק, אַז די דייטשע פּאָסטנס האָבן זיך צונויפֿגעקליבן, זיי שמועסן צווישן זיך רואיקערהייט. געפֿאַנגענע אויפֿן אַרבעטס־פּלאַץ זיינען 70־80 און איך — צווישן זיי. לעבן דראָטענעם פּאַרקאַן ליגט אַ קופּע אַלטע אייזנס. אָפּט פֿלעג איך דאָ וואָס נישט איז זוכן. איך גיי דירעקט אַהין. גיי פֿאַרביי אַן אוקראַינישן פּאָסטן, און איך מערק, אַז אויך ער לייגט נישט אויף מיר קיין אַכט. איך לאָז זיך אַרונטער כלומרשט צום זוכן. איך מאַך דערביי מיט אַ שטיק אייזן אַ לאָך אין די דראָטן. דאָס גראָז איז הויך און זיי פֿאַרשטעלן מיר. אָט בין איך אויף דער צווייטער זייט שטעכל־דראָט. איך טאָר זיך נישט אויפֿשטעלן, איך פּויזע צום פֿעלד אויפֿן בויך. כ׳בין אויסגעווייקט פֿון שווייס. אָט בין איך שוין אפשר הונדערט מעטער, און פּלוצלונג הער איך אַ שאָס, אַ צווייטן. איך פֿאַרשטיי, אַז זיי האָבן זיך געכאַפּט מיין אַנט־לויפֿן. דער דריטער שאָס גיט מיר אַ הייב פֿון דער ערד און איך לויף אין דער ריכטונג צום דאָרף. פֿון הינטן שרייט מען:

— לויף נישט! וועסט סיי ווי ווייט נישט אַנטלויפֿן.

איך זע דריי אוקראַינער, אַלע מיט ביקסן, און אַלע שיסן לויפֿנדיק. די קוילן פֿליען פֿון רעכטס און פֿון לינקס. כ׳בין נאָענט פֿון דאָרף, אַ טיף טייכל פֿליסט דאָ. איך גיב זיך אַ וואָרף אין וואַסער אַריין. כ׳בין אויף דער אַנדערער זייט, און זע, אַז צו די אוקראַינער זיינען צוגעקומען צוויי דייטשן. זיי האָבן אויך מיט זיך אַ הונט. אַנטלויפֿן קאָן איך שוין נישט, אָבער איך שטעל זיך נישט אָפּ. וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין. בעסער שטאַרבן, אַנטלויפֿנדיק. צום וואַלד איז נאָך אַ היפּשע שטיק וועג. איך פֿיל, אַז די לעצטע כוחות גייען מיר אויס. די ברעזענטענע שטיוול זיינען פֿול מיט וואַסער, איך קאָן קוים שטעלן אַ פֿוס. איך זע אַן אָפֿענע שטאַל און כאַפּ זיך אַריין. קופּעס היי, און אין אַן אָפּגעצוימט ווינקל שטייט אַ ציג. איך קריך אַריין צו איר, פֿאַרשטעק זיך אונטערן אויסגעבעטן שטרוי און ליג.

דאָס דאָרף איז שוין אַרומגערינגלט. מען איז שוין אין שטאַל. איך

הער, ווי דער דייטש, און קענטיק דער מיטן הונט, זאָגט, אַז איך בין זיכער אין שטאַל. די שטאַל איז אַ קליינע, אַ בוידעם פול מיט היי און שטרוי. ס'איז פינצטער און זע ווי ס'לייכטן אַ פּאָר טאַשן־לעמפּלעך. זיי ווייסן אָבער נישט אַז איך ליג אונטער דער ציג. דער הונט האָט דאָ פאַרלוירן זיין חוש־הריח צוליבן גערוך פון בהמה־מיסט. שוין עטלעכע מאָל ווי זיי האָבן מיך פאַרבלענדט מיט זייערע טאַשן־לעמפּלעך. איך הער, ווי אין שטאַל איז אַריינגעקומען דער שעף מיטן לאַגער־קאָמענדאַנט. לויט זייערע רייד, זיינען זיי אויך זיכער, אַז איך בין דאָ. דער קאָמענדאַנט גיט אַ געשריי אויף דייטש, אַז מען גיט מיר דריי מינוט, אַז נישט צינדט מען אונטער די שטאַל.

די ציג איז, נעבעך, צעשראָקן. זי ווייסט אַליין נישט פאַר וועמען זי זאָל מורא האָבן, צי פאַר דעם, וואָס ליגט אונטער אירע פיס, צי פאַר די, וואָס גייען אַרום מיט טאַשן־לעמפּלעך און האַלטן אין איין לייכטן. פאַר שרעק, באַנעצט זי מיר. עס גיסט זיך מיר אויפן פּנים. אָבער איך ריר זיך נישט פון אָרט. קענטיק, אַז טאַקע צוליב דער ציג, פאַלט זיי נישט איין מיך דאָ צו זוכן.

דער דאָלמעטשער חזרט איבער דאָס, וואָס דער קאָמענדאַנט האָט געזאָגט, אַז מען וועט אונטערצינדן די שטאַל. די באַלעבאָסטע איז אויך דאָ. זי הייבט זיך אָן ביי זיי צו בעטן, מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן און נישט פאַרברענען די שטאַל. איך הער, ווי זיי רעדן עפּעס צווישן זיך. איך כאַפּ נישט אויף — וואָס. עס גייען אַריין נאָך פיר דייטשן, זיי זוכן אַלץ מיט זייערע טאַשן־לעמפּלעך. די אַנדערע צוויי שטייען מיט זייערע אויטאָמאַטן. זיי שטייען מיטן רוקן צו מיר. איך הער די שטימע פון קאָמענדאַנט:

— פייער!

און ביידע לאָזן זיי אַרויס די גאַנצע צוויי דיסקן פון זייערע מיטראַ־יעטן. איך ליג און באַמערק מיט פאַרדרוס, ווי פון זייער שיסעריי האָט זיך אָנגעכאַפּט די טרוקענע שטרוי. עס לויפט אַריין אַן עלטערע פרוי און שרייט:

— גאָטינקע, די „איזווערגן" וועלן פאַרברענען מיין טייערע מאַרגאָ.

זי טשעפּעט אָפּ לעבן מיר די פאַר העלצלעך, ווו די ציג איז פאַר־מאַכט. דאָס שטעלכל איז פול מיט רויך, און עס פלאַקערט. איך שפּיר, אַז איך ווער דערשטיקט פון היץ און רויך. די אַלטע באַמיט זיך אַרויסצופירן די ציג, אָבער קענטיק, פון שרעק און פאַרן רויך, וויל זי זיך נישט רירן פון אָרט. איך האָב באַשלאָסן — איך ריר זיך נישט פון אָרט. ווייל וואָס צו פאַרלירן האָב איך סיי ווי נישט. די פרוי איז אַריינגעקראָכן צו דער ציג, איר אַרויסצושטופּן. און פּלוצלונג רייסט זיך פון מיר אַרויס אַ געשריי. זי איז אַרויפגעטרעטן מיטן פוס אויף אַן ענגן אָרט. פון שרעק, האָט די ציג אַ לויף געטאָן צו דער אָפענער טיר, און די באַלעבאָסטע איז באַלד אַליין געפאַלן אין חלשות פון שרעק.

אַלץ איז פֿאַרגעקומען מיט אַזאַ שנעלקייט. איך גיב זיך אַ הייב אויף און אַ כאַפּ טועגדיק די האַלב-געהלשטע פּרוי אויפֿן אַקסל, לויף איך אַרויס מיט איר פֿון שטאַל. איך מערק ווי דער קאָמענדאַנט מיטן לאַגער-שעף שמועסן רואיק צווישן זיך. עס לויפֿן צו צו מיר די דריי אוקראַיִנער, און הייבן מיך אָן צו שלאָגן, צוויי מיט העלצער, דער דריטער — מיטן קאַראַבין.

אין מאָמענט, ווען איינער פֿון די אוקראַיִנער האָט ווידער אַ הייב געטאָן זיין קאַראַבין, מיר צו געבן אַ זעץ מיט דער קאָלבע, האָב איך זיך געגעבן אַ וואָרף, כדי אים צו טרעפֿן מיט מיין קאָפּ אין בויך. קענטיק, אַז ער האָט געמערקט מיין זשעסט. איך האָב שוין נישט באַוויזן. ער האָט זיך געטאָן אַ רוק אָפּ, און מיט מיין קאָפּ, אַנשטאָט אים צו טרעפֿן אין בויך, האָב איך אים געטראָפֿן אין ענגן אָרט. איך גיב אַ כאַפּ די ביקס, אָבער איידער וואָס-ווען בין איך שוין געבונדן די הענט אויף הינטן. דער שעף הייסט מיר זיך אויפֿהויבן. אין דעם מאָמענט גייט צו צו מיר איינער פֿון די אוקראַיִנער און שטעלט אָן אויף מיר די ביקס. איין וואָרט און איך קריג פֿון אוקראַיִנער אַ קויל אין קאָפּ. דער שעף זאָגט אים:

— וואָרט מאָל. מען בראַוכט אים האָבן.

און אַזוי ברענגען זיי מיך צוריק אין לאַגער. מען זעצט מיך אַריין אין אַ לייכטן וואָגן און מען פֿירט מיך אין פֿעלד-זשאַנדאַרמעריע. דאָרט פֿאַרמאַכט מען מיר אין אַ קעלער. פֿינצטער, חושך, נאַס.

צומאָרגנס, דעם 29-טן יולי 1943, פֿירט מען מיך אַרויס. און דאָ הער איך שוין:

— קאָם, פֿאַרפֿלוכטער יודע!

מען פֿירט מיך אין געשטאַפּאָ. קענטיק, אַז זיי האָבן שוין דורכ-געזוכט מיינע זאַכן, ווייל איך זע אויפֿן טיש עטלעכע מיינע קלייניקייטן, און צווישן זיי — דאָס פֿראָפּאַגאַנדע-בלעטל, געוואָרפֿן פֿון די סאָוויעטישע אַוויאָנען. זיי רעדן צו מיר דורך אַ דאָלמעטשער. פֿאַרוואָס, פֿאַר-שטיי איך נישט ביזן היינטיקן טאָג. אין פֿעלד-זשאַנדאַרמעריע האָט מיך אָפּגעפֿירט דער שאָפֿער מיטן שעף. ער האָט, קענטיק, פֿאַרגעסן איבער-צוגעבן, אַז איך רעד דייטש. און אפֿשר האָט די פֿעלד-זשאַנדאַרמעריע נישט געזאָגט אין געשטאַפּאָ, ווייל זיי האָבן זיך פֿיינט געהאַט און אָפּט זיך איינער דעם אַנדערן אונטערגעשטעלט פּיסלעך. ווי ס'זאָל נישט זיין, מיר האָט עס אַ סך געהאָלפֿן, ווייל איך האָב צייט געהאַט צו באַטראַכטן מיינע ענטפֿערס. געבראַכט האָבן מיר צוויי געשטאַפּאָווצעס אין קליידער פֿון עס.עס.ביידע באַלד צוויי מעטער די הויך. מען פֿירט מיך אַריין אין אַ צימער. ביים טיש זיצן צוויי, איינער אין אַ שוואַרצער אוניפֿאָרם, און דער צווייטער — אין פֿעלד-גרוי פֿון ס.ד.

מען הייסט מיך זיך זעצן אויף אַ טאַבורעט, און איידער איך זעץ זיך, קריג איך גלייך איינע נאָך די אַנדערע זעצן פֿון לינקס און פֿון רעכטס.

— שטיינבלייבן! — שרייען זיי.

דער, וואָס רעדט, שלאָגט מיר נישט, אָבער פון הינטן שפּיר איך שטייען די צוויי געזונטע געשטאַפּאָוצעס. ווייל ווען איך האָב געקריגן די עטלעכע זעץ, בין איך געפאַלן, און זיי האָבן מיר אַ הייב געטאָן ווי אַ פּעדערל. איך הער ווי זיי זאָגן צום דאָלמעטשער, אַז ער זאָל מיך פרעגן, צי איך בין אַ ייד. בעת מעשה האָב איך געטראַכט אַז איך וועל זיי זאָגן דעם אמת. אָבער פון זייערע רייד האָב איך פאַרשטאַנען אַז דאָס וויכ־טיקסטע איז אַן אַנדער זאַך. ווייל אויב זיי איז וויכטיק, צי כ'בין אַ ייד, וואָלטן זיי דאַך געמאַכט פּונקט ווי אין גאַרקי און געהייסן אַרונטערלאָזן די הויזן. געטראַכט האָב איך, אַז סיי ווי סיי וועט שוין קיינער נישט וויסן, ווו מיינע ביינער זיינען אַהינגעקומען. וואָס איז וויכטיק, צוליב וואָס זיי וועלן מיר אומברענגען? און אפשר האָט מיר אַפּגעהאַלטן זיי צו זאָגן דעם אמת, ווען איך האָב זיך דערמאָנט וואָס זיי האָבן געטאָן מיטן יידישן דאָלמעטשער אין צענטראַל־לאַגער. ענטפער איך זיי אַז ווען איך וואָלט געווען אַ ייד, וואָלט איך שוין לאַנג נישט געלעבט. ווייל איך בין אין געפאַנגענשאַפט פון 1941 און אין 1942 בין איך שוין געווען פאַרהאַלטן פון דער געשטאַפּאָ אין גאַרקי, איר קאָנט דאָרט פרעגן, איך בין אַדורך אַ מעדיצינישע קאָנטראָל. איך האָב געזוכט צו געווינען צייט.

לויט דעם ווי זיי רעדן צווישן זיך, פאַרשטיי איך, אַז דער ענטפער געפעלט זיי. די הויפּט־זאַך, פאַרשטיי איך, אינטערעסירט זיי פון וואַנען איך האָב דאָס בלעטל. איך באַטראַכט, אַז איך מוז געבן אַ לאָגישן ענטפער, און מער נישט פּלאָנטערן, אַז נישט, וועט זיין נאָך ערגער. אַז איך זאָל אַפילו אַרויסגעבן די עלטערע פרוי, וועט עס מיר נישט לייכטער מאַכן. און פאַרוואָס זאָל איך איר אַרויסגעבן — כדי צו ראַטעווען די אייגענע קאָפּ? ניין! אויף אַ ווײַלע איז מיר אַדורך אַ צווייפל, ווייל איך האָב געטראַכט אַז אַ טייוווייזע שולד ליגט אויף דער פרוי, וואָס איך געפין זיך דאָ. קענטיק, אַז מיט די קעראָסין פלעגט זי מאַכן גוטע געשעפטן, אַפילו מיט די פּאַרטיזאַנער. דערפאַר האָט זי זיך נישט אַזוי געאײַלט, מיר צו העלפן פּטור ווערן פון לאַגער, איך זאָל קאָנען קומען צו די פּאַרטיזאַנער.

אַצינד בין איך ביי דער געשטאַפּאָ אין אַרשאַ און מיין לעבן הענגט אויף אַ האָר. מען מוז זיך האַלטן ביי איין זאַך, און וואָס ווייניקער רעדן. מיינע ענטפערס דאַרפן זיין לאָגיש. דער קאָפּ טראַכט. איך וועל אים אָבער סיי ווי סיי פון דאַנען נישט אַרויסטראָגן. איך האָב געוווּסט מיט וועמען איך האָב צו טאָן, איך האָב אָבער אויך געוווּסט זייער טעמפּקייט, נישט שאַרפזיניקייט, אַזוי אַרום האָב איך כאָטש געוואָלט אויסמיידן איבעריקע קלעפּ. קיין סך האָט עס נישט געהאָלפן. מען פרעגט מיר, דורכן דאָלמע־טשער, ווו איך האָב גענומען דאָס בלעטל? זאָג איך, אַז אַרבעטנדיק אין לאַגער האָב איך געפונען, קענטיק פון די אַראָפּגעוואָרפענע פון אעראָ־פּלאַנען.

— דאָס איז אַ ליגן! — שרייט ער — עפּנט אים די שנויצע!...

איבערחזרן האָט ער נישט באַדאַרפט. איך קריג עטלעכע קלעפּ און איך שפּיי אויס צוויי ציינער מיט שטיקער בלוט. עס רינט מיר פון נאָז און פון מויל. איך קריג נאָך עטלעכע זעצן און איך פּרוביר זיך צו ראַטעווען דורך דעם, וואָס איך פאַל אין חלשות, מיטן פּנים אויף דער ערד. איך קריג נאָך אַ פּאָר בריקעס אין די זייטן. איך הער, ווי דער אויס־פאַרשער זאָגט צו זיינע געהילפן, זיי זאָלן עס מאַכן פּאַרזיכטיק, ווייל ער האָט מיר נאָך וואָס צו פרעגן. איך ריר זיך נישט פון אָרט. איך הער, ווי איינער פון די באַנדיטן גייט אַרויס אַ ווײַלע און באַלד פּיל איך, ווי אַן עמער וואַסער גיסט זיך אויף מיין קאָפּ. זיי הייבן מיך ווידער אויף. דאָס פּנים איז מיר געשוואָלן. עס רינט מיר בלוט פון מויל.

— איצטער — זאָגט ער — וועסטו ענטפערן.

איך וויל עפּעס זאָגן, נאָר קיין קלאַנג גייט נישט אַרויס פון מיין מויל. איך זע ס׳גייט אַריין אַ צווייטער, קענטיק אַ גרעסערער שעף, ווייל אַלע ציען זיך אויס. איך זיץ אויפן בענקל און מאַך בכיוון, אַז כ׳וויל זיך שטעלן, אָבער איך פאַל ווידער אויף דר׳ערד. איך הער ווי ער זאָגט זיי, אַז זיי זיינען לומפּן. זיי קענען נישט דאָס רוסישע פאָלק. מיט גוטן דאַרף מען אַלץ מאַכן... און נאָכדעם — אַ קויל אין קאָפּ...

— שייזע... — זאָגט ער און גייט אַרויס.

דער דאָלמעטשער, אַ וואָלגאַ־דייטש, רעדט נישט אויס קיין איין איבעריק וואָרט. מען הויבט מיך ווידער אויף און מען פירט מיך אַוועק אין טורמע. דאָרט וואַרפט מען מיר צו אַ שטיקל ברויט, אָבער איך קאָן עס נישט אַראָפּשלינגען. דאָס מויל איז מיר געשוואָלן.

דריי וואָכן נאָכאַנאַנד האָט מען מיך אַזוי געפּאַרשט, און איך האָב קיינמאָל נישט געביטן מיינע דערקלערונגען. די ערשטע צען טעג בין איך געזעסן אין נומער 16. אין זעלבן צימער זיינען געווען נאָך צוויי שכנים; איינעם, וואָס זיי האָבן פאַרדעכטיקט אין פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער. ער קאָן זיך נישט רירן פון אָרט. ער ליגט און אָטעמט קוים. ער מאַכט זיינע מענטשלעכע באַדערפענישן אונטער זיך. וויפל מיר האָבן געפּרוווט מיט אים רעדן, איז אונדז נישט געלונגען. מיין צווייטער שכן — אַ געוועזענער מאַשיניסט פון אַ לאָקאָמאָטיוו. די אויגן זיינען מיר אונטערגעהאַקט און עס דוכט זיך מיר, אַז עס איז שטענדיק טונקל. דאָס זעקס־מעטערדיקע צימערל, אָן נאַרעס, האָט געהאַט אַ צעמענטענעם דיל, אַ פענצטער, פאַרשטעלט מיט אַן אַפּדעכל. אַלץ איז געבליבן אומגעענ־דערט, ווי ביי די סאָוויעטן. דאָס איז געווען די דערפינדונג פון יאַגאָדאַ, אָבער יעזשאָוו און בעריאַ האָבן די „געניאַלע" דערפינדונג נישט געביטן און די געשטאַפּאָ אוודאי נישט. די דערפינדונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איבער די פענצטער פון די טורמעס, אויסער די גראַטעס, האָט מען געמאַכט אַזעלכע אַפּדעכלעך, פון האָלץ, אָדער מעטאַל, פאַרפעסטיקט פון דרויסן. דער אַרעסטאַנט האָט נאָר געקאָנט זען אַ פּאַסיקל הימל.

דער דריטער האָט זיך שוין געפּרוווט אויפהענגען — דערציילט מיך

דער צווייטער שכן — און די דייטשן האָבן אים אונטערגעכאַפּט אין לעצטן מאָמענט. ער האָט שוין סיי ווי נישט אויף לאַנג. ער איז געשוואָלן, בלוי. ער, מיין שאָכן, האָט נאָך געהאַט מער מזל ווי איך, ווייל אים האָט מען ביים ערשטן פאַרהער אויסגעהאַקט פיר ציינער. איך פרעג אים: פאַרוואָס ביסטו דאָ? ענטפערט ער, אַז מען האָט אים אונטערגעמסרט, אַז ער האָט אויסצובאַהאַלטן יידן און זיי דערנאָך איבערגעפירט אין וואַלד, אין זיין לאַקאַמאָטיוו.

— ווער האָט דיר געמסרט? ווו האָט מען דיר אַרעסטירט?

— אין מיטן נאַכט. ביי מיר אין שטוב.

— מען האָט ביי דיר געפונען עפּעס פאַרדעכטיקס?

— ניין.

— זיינען געווען ביי דיר אויסבאַהאַלטן יידן?

— גראַד דאָס מאָל — נישט.

אָבער פּלוצים כאַפּט ער זיך, אַז ער האָט זיך צופיל אַרויסגעכאַפּט. ער גייט צו צום טירל און קאָנטראָלירט, צי קיינער האָט זיך נישט אונ־טערגעהערט. און צו מיר זאָגט ער:

— ווען איך זע נישט, וואָס זיי האָבן פון דיר געמאַכט, וואָלט איך געקאָנט מיינען, אַז ביסט זייערער אַ מענטש. פאַרוואָס אינטערעסירט דיר אַזוי אַלץ, מיט אַלע איינצלהייטן?

אַליין רעדט ער קוים, מיט אַ פאַרשוואָלן מויל. איך אויך — דאָס מויל איז ביי מיר אין אַ זייט. וואָס זאָל איך אים ענטפערן? זיין גאַנצער פאַרברעך איז אין דעם, וואָס ער האָט געראַטעוועט עטלעכע יידן פון אַ זיכערן טויט. מעגלעך, אַז די בעסטיעס וועלן אים אומברענגען. אַלץ איז אָפּהענגיק פון אַ שטיקל שנעק, אַ שאַרפירער, אַן אונטער־שאַרפירער פון אַ יאָר 25־26. אויב יענער וועט זיין גוט געשטימט, קאָן ער בלייבן לעבן, אויב נישט — וועט מען אים שיקן צום טויט, ווי מיך. און אַז זיי וועלן מיך אומברענגען, אין דעם איז ביי מיר קיין ספק נישט געווען.

אויף דער פערטער אויספאַרשונג האָבן זיי זיך באַראַטן, דער גרוי־סער שעף מיט מיין אויספאַרשער, וואָס זיי זאָלן מאַכן מיט מיר. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך, זייענדיק זיכער, אַז איך פאַרשטיי נישט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך געפעל נישט דעם שעף. „עפּעס צו לאַנג לעבט ער"...

— האָט ער זיך אויסגעדריקט. מיין פאַרביסנקייט געפעלט אים נישט. מען פירט מיך אָפּ צוריק אין קאַמער. קיינער איז נישטאָ. אין אַ פּאָר שעה אַרום פירט מען צוריק אַריין דעם מאַשיניסט. ער איז אַביסל פריילעכער.

— דעם ערשטן מאָל פּאָר צוויי וואָכן, אַז מ'האָט מיר היינט נישט געשלאָגן — דערציילט ער — אפשר וועל איך זיך אַרויסדרייען פון זייערע שוואַרצע לאַפּעס...

איצטער בין איך שוין צו צו דער טיר און געוואַלט זען, צי קיינער שטייט נישט. איך זאָג אים:

— דערווייל ביסטו דאָ, און ביסט נישט פּאַרזיכטיק. די ווענט קאָנען האָבן אויערן. און ווו איז דער אַנדערער?

— ווען מ׳האָט מיך געפירט אויף דער אויספאָרשונג, איז ער נאָך געווען.

אין דריי טעג אַרום האָט מען אונדז איבערגעשיקט אין קאַמער נומער 12. דאָ זיינען מיר שוין געווען מיט נאָך 28 מאַן. אַ גרויסע קאַמער מיט איין נאַרע. אַלע זיינען שוין אַדורך די אויספאָרשונג. דאָ זיינען געווען די מערסטע, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, נישט געוואָלט פאָרן קיין דייטשלאַנד. אַ סך האָבן געקריגן פּעקלעך פון דער היים, זיי האָבן געהאַט וואָס צו רויכערן. יעדן טאָג האָט מען אַרויסגענומען אַ גרופּע צו דער אַרבעט, אין טורמע גופא. כ׳בין נאָך געווען גוט צעקלאַפּט, ווי אַן עפּל, אָבער צו דער אַרבעט בין איך אַרויס. איך האָב געהאַט דערביי עטלעכע אויסרעכענונגען. ערשטנס בין איך געווען אַ פּאַרמשפּטער צום טויט. אפשר וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט אַרויסצורייסן זיך פון זייערע נעגל. איך האָב אַלצאיינס נישט וואָס צו פאַרלירן. צווייטנס, האָב איך דאָ געזען עטלעכע פאַרדעכטיקע טיפּן. אַזוי לאַנג ווי מען לעבט, דאַרף מען נישט פאַרלירן די האָפענונג. און אַט די פאַלשע אילוזיע האָבן אונדז די מערדער געגעבן, כדי צו אַנטשלעפערן אין אונדז דאָס געפיל פון וואַכזאַמקייט. קאָן זיין, אַז צוליב דעם טאַקע האָבן זיי געפירט יעדן טאָג אַרבעטן. איך האָב געאַרבעט פלייסיק. די אַנדערע האָבן מיך אָנגעקוקט ווי משוגע און געמורמלט:

— ביי סטאַלינען ווייס איך נישט צי דו האָסט געאַרבעט אַזוי פלייסיק, אָבער דאָ קאָנסטו נאָר קריגן אַ סטאַכאַנאָווסקן צלם אויפן קבר...

## קאַפּיטל 22

## מען פירט אונדז צום טויט

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז סוף אויגוסט. טיילמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מ׳האָט אין מיר פאַרגעסן, אַז מען וועט מיר אפשר ווידער איבערשיקן אין אַ לאַגער. איך האָב אָבער נישט פאַרגעסן די דייטשע פּינקטלעכקייט, און צו דעם האָב איך געזען וואָס דאָ טוט זיך. זיי פלעגן עס מאַכן אומישנע. די, וואָס זיינען געווען באַשטימט צו ליקווידירן, האָבן זיי אַריינגעלאָזן אין דער אַלגעמיינער קאַמער. און דאָ האָבן זיי געהאַט עטלעכע מענטשן זייערע, רוסן, אָדער ווייסרוסן. אויס רחמנות כלומרשט, האָבן זיי צוגעוואָרפן אַ שטיקל סיגאַרעטל, כדי צו קריגן צוטרוי פון יענעם. זיי האָבן געפּרוווט צו דערגיין דאָס, וואָס די דייטשע פייניקער האָבן נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. ווען איך בין געווען אין דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין ליטע, האָבן די חברים מיר

אַלעמאַל געוואָרנט, אַז איך זאָל נישט האָבן קיין איבעריקן צוטרוי. עס קאָן זיין אַן איבערגעטוענער פּאָליציאַנט, אָדער אַ געהיים־אַגענט. דאָ האָב איך אויך באַלד דערשמעקט צו וועמען מען קאָן האָבן צוטרוי און צו וועמען — נישט. אַ פּאָר מאָל האָבן מיר געפּרוווט אַזעלכע טיפּן אָנציִען.

סוף אויגוסט האָט מען מיך איבערגעפירט אין קאַמער נומער 6. דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן, ווייל מיר האָבן געוווסט אַז די צוויי צימערן זיינען די, פון וועלכע מען פירט אָפּצושיסן. די אינעווייניקסטע וואַך זיינען די אוקראַינער. מיט אונדז באַגייען זיי זיך גוט, וואַרפן אונדז צו אַ ביסל טאַבאַק, אַ שטיקל ברויט. מעגלעך, אַז זייער שוואַרצער געוויסן מאַטערט זיי דאָך אַביסל. און אפשר זיינען טאַקע פאַראַן צווישן זיי אָרנטלעכע מענטשן, און זיי טראָגן די פאַרשאָלטענע אוניפאָרם נאָר כדי אַליין אויס־צובאַהאַלטן זיך?

און אָט קומט דער באַרימטער טאָג. איך זיץ אין קאַמער מיט נאָך עלף מאַן. יעדער פון אונדז בייט זיך אַלע ווײַלע דורכצוגיין ביזן ווינקל. אַנדערע רירן זיך נישט פון אָרט. איינער האַלט אין איין זינגען, מאָדנע אומעטיקע, שיינע לידער. ער איז אַ גערירטער, אָדער אפשר שפּילט ער די קאָמעדיע כדי צו ראַטעווען דעם קאָפּ?

ס'איז שבת, דעם 2־טן סעפּטעמבער 1943. פאַרטאָג. ס'איז נאָך פינצטער. אַ גרויסער טומל אין קאָרידאָר. עס גיט זיך אָן עפן די טיר, און עס פאַלן שטעקנס, קאָלבעס, אַלע זאָלן זיך אויסטאָן. געבונדן די הענט אויף הינטן, הייסט מען אונדז אַרויסגיין אויפן לאַסט־אויטאָ, וואָס וואַרט אין טורמע־הויף פון אָרשאַ. איינעם פון אונדזער טורמע איז גע־לונגען צו באַהאַלטן צווישן די פינגער אַן אָפּגעבראָכן שטיקל פון אַ טיי־לעפעלע. ער האָט אַזוי לאַנג געריבן אין צעמענט פון דיל, ביז עס איז געוואָרן שאַרף ווי אַ בריטווע. אַז מען האָט אים געפרעגט, נאָכוואָס ער דאַרף עס, האָט ער געענטפערט, אַז ער וויל נישט געבן דעם מערדער דאָס פאַרגעניגן צו זען, ווי זיי שיסן אים, אַז אין לעצטן מאָמענט וועט ער זיך אַליין איבערשניידן די אָדערן.

אַלץ איז געווען גוט אָרגאַניזירט, פּינקטלעך, אויפן דייטשן שטייגער. די עלף פאַראורטיילטע פון צימער נומער 3 זיינען שוין געווען אין לאַסט־וואָגן, צו וועלכן זיי האָבן אונדז געפירט. דער זינגער האָט געשוויגן די גאַנצע צייט, נאָר ווען מען האָט אים געבראַכט צום לאַסט־וואָגן, האָט ער פּלוצים, מיט אַ מעכטיקער שטימע, גענומען זינגען דעם „אינטער־נאַציאָנאַל". אַלע זיינען געבליבן ווי געליימט. אָבער באַלד איז געוואָרן אַ כאָר. די דייטשן האָבן מיט שטעקענעס און קאָלבעס געהאַקט איבער קעפּ, צום טאַקט. אַלע זיינען שטיל געבליבן, אויסער דער זינגער. אין דעם מאָמענט האָט ער זיך שוין געפונען אין לאַסט־וואָגן. די דייטשן האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן פאַר די פיס, פאַרן קאָפּ און אַרויסגעוואָרפן פון אויטאָ, און באַלד האָבן זיך דערהערט דריי שאָסן. צו אונדז אין לאַסט־וואָגן האָבן זיי אים אַריינגעוואָרפן שוין אַ טויטן. ער איז דערווייל נאָך

וואַרעם. עס גיסט זיך פון אים דאָס וואַרעמע בלוט. אָבער קיינער לייגט נישט קיין אַכט אויפן טויטן. אַ סך בלוטיקן אויך.

איך האָב אַ גרויסע בייל אויפן קאָפּ. איך קאָן עס נישט אָנטאָפּן. מיינע הענט זיינען געבונדן, אָבער נישט איינגאַנצן. ווייל אין דעם מאָ־מענט, ווען די דייטשן האָבן געהאַלטן אין אַרונטערוואַרפן דעם זינגער, האָב איך דערשפּירט, אַז עמיצער פון מיינע שכנים שניידט מיר איבער די שטריק און גיט מיר איבער אַ שטיקל מעסערל איך זאָל עס מאַכן מיט מיין שכן לינקס. איך מערק, אַז די גאַנצע ריי פון מיין זייט זיינען ביי זיי די הענט פריי. אָבער מען האַלט זיי אויף הינטן, כדי די דייטשן זאָלן עס נישט זען. מיר פאַרשן נאָך מיט איין אויג אונדזערע מערדער. זיי שטייען און שמועסן רואיקערהייט, ווי קיינמאָל גאָרנישט. אַ נאַטירלעכע זאַך ביי זיי — פירן מענטשן צום טויט.

אין די עטלעכע טעג האָב איך זיך מיטן געדאַנק שוין געהאַט אָפּ־געזעגנט מיט אַלע מייניקע, מיט מיין פרוי, מיט יאָסעלען, מיין קינד, וואָס וועט נישט קענען זיין טאַטן, מיט מיין פאָטער, ברידער, שוועסטער און די גאַנצע ברייט־פאַרצווייגטע משפחה. איך האָב זיך שוין געזען מיט אַ דורכגעלעכערטן גוף, פאַרבלוטיקט, פונקט ווי אָט דער זינגער, וואָס וואַלגערט זיך צווישן די איבעריקע 22 מאַן. ס׳איז אָבער גענוג געווען, אַז די הענט זאָלן מיר ווערן פריי, ווי ס׳זאָל אויפשיינען אַ שטראַל פון האָפע־נונג. איך האָב ווידער דערפילט ווי מיינע מוסקולן ציען זיך אָן ווי סטרונעס. עס האָט געצויגן אַ שאַרפער ווינט, אָבער מיין גוף האָט גע־ברענט ווי אַ פייער.

מיר פּרוּוון זיך שטיל דורכצורעדן. אין מיטן זיצן פיר מאַן, קעגנ־איבער ניין מאַן. טאָמער מערקן די דייטשן, אַז אונדזערע הענט זיינען פריי, זיפּן זיי אונדז דורך מיט זייערע אויטאָמאַטן דאָ אין לאַסט־וואָגן. מיר זיינען געווען 23 קאַנדידאַטן צום טויט. איינער ליגט שוין לעבן אונדז אַ טויטער. אַכט דייטשן פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע. פיר שטייען ביי דער קאַבינקע, צוויי מיט אויטאָמאַטן אין די הענט. אויפן הינטערשטן באָרט זיצן פיר דייטשן, אַלע אין מאַנטלען, און מיר — אין די אונטער־וועש. אונדז איז אָבער נישט קאַלט. מיר וואַרפן זיך דורך מיט אַ וואָרט און די דייטשן לייגן אויף אונדז קיין אַכט נישט. פונקט ווי זיי וואָלטן געפאָרן אויף אַ פּיקניק. מיר זיינען ביי זיי אוודאי נישט די ערשטע קר־בנות. ביסלעכווייז רעדן מיר זיך צונויף: מיר וועלן שפּרינגען פון לאַסט־וואָגן! אָבער פריער מוזן מיר אַרויסוואַרפן די הינטערשטע פיר דייטשן. און דאָס מוזן טאָן די ערשטע פיר מאַן, וואָס זיינען אַמנאָענטסטן צו זיי.

דער לאַסט־אויטאָ פאָרט. עס הייבט אָן צו טאָגן. דער, וואָס האָט ביי זיך דאָס מעסערל, זיצט לעבן מיר. דעם גראָד האָב איך געקענט מער ווי די איבעריקע, ווייל מיר זיינען די פּאָר נעכט געשלאָפן אויף דר׳ערד איינער לעבן אַנדערן. אַ יונגער חברהמאַן, אַ מאַטראָס. ער איז אפילו נישט אַדורך קיין אויספאָרשונג. ער איז געווען אין געפאַנגענשאַפט נישט לאַנג. אַ פּאָר

חדשים איז אים געלונגען אויסצובאַהאַלטן זיך צווישן איינפּאַכע געפאַנ־געגע, און דאַן — זאָגט ער מיר — האָט אים זעט אויס ווער דערקענט, ווייל ער האָט געהאַט אויסגעטאַטואירט אַן אַנקער אויפן ברוסט־קאַסטן. מען האָט אים פאַרקויפט פאַר אַ לעבל ברויט מיט אַ פּעקל טאַבאַק. דאָס איז געווען דער פּרייז פאַר יידן, קאָמיסאַרן, מאַטראָסן, אָדער באַהאַלטענע אָפיצירן, און מ׳האָט אים גענומען. געאַרבעט האָט ער ביי אַן אַעראָדראָם פון אָרשאַ. מיט 17 טעג צוריק האָט מען אים געבראַכט אין דער טורמע פון אָרשאַ. צווישן די נישט־היגע זיינען געווען נאָר צוויי — איך און דער מאַטראָס. איך ווייס נישט, צי ער האָט געקענט די געגנט, אָבער איך האָב זי שוין זייער גוט געקענט.

די דייטשע פּלאַנמעסיקייט! באַלד ווי זיי האָבן פאַרנומען אָרשאַ, האָבן זיי דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע איינוווינער פון דער שטאָט און פון דער אומגעגנט. די יידן האָבן זיי געהאַט אין האַנט לויט די פּעסער, ווו עס איז ביי זיי געווען פאַרצייכנט: יעווריי. דעם סאָוויע־טישן אַקטיוו אויסצוזוכן איז זיי געווען שווערער. אָבער דאָס האָט זיי געהאָלפן די אַרטיקע באַפעלקערונג און אַפילו געוועזענע מיטאַרבעטער פון נ.ק.וו.ד. אָדער פון דער פאַרטיי, די פאַרמאַסקירטע פאַשיסטישע פאַרעטער. ביי די דייטשע מערדער איז געווען גענוי אויסגערעכנט זייער פאַר־ניכטונגס־פּלאַן.

לעבן אָרשאַ זיינען געווען גרויסע טיפע גריבער. דערלעבן — דער יידישער קליינער בית־עולם, און דערביי — דער קריסטלעכער. דאָס זיינען געווען אַנטי־טאַנק־גריבער. ענדע סעפּטעמבער בין איך מיט נאָך 300 געפאַנגענע מיטגעגאַנגען צו די גריבער, זיי צו פאַרטיפערן. דערנאָך האָבן מיר געהערט אין לאַגער, אַז אין די זעלבע גריבער האָבן די דייטשן דערשאָסן 15 טויזנט מענטשן אין איין טאָג. יידן, ציגיינער, מענטשן פון סאָוויעטישן אַקטיוו. אָבער די מערסטע טייל — יידן. דערנאָך האָבן די דייטשן אויסגעקליבן אַן אַנדער עקזעקוציע־אָרט, זיבן קילאָמעטער צפון־מזרח פון אָרשאַ, 800 מעטער ביז אַ קילאָמעטער ווייט, ווו איך האָב גע־אַרבעט אין דער שטיינהאַקעריי. די ערשטע צייט האָבן זיי דערשאָסן צוויי מאָל אַ וואָך. די לעצטע צייט, דאָס הייסט, אין מאָמענט, ווען מען האָט מיר געפירט מיט דער גרופּע צום עקזעקוציע־פּלאַץ, פלעגן זיי פירן אַלע 10 טעג. אַלץ מיט סיסטעם. אַלץ מיט אָרדענונג.

אָט שטייען זיי, די דינער פון מלאך־המות, און רעדן זיך רואיק צווישן זיך. לעבן זיי ליגט אַ טויטער. זייערע שטיוול זיינען פאַרשפּריצט מיט זיין בלוט. כל זמן ס׳איז געווען פינצטער, האָב איך עס נישט געמערקט. איצטער איז אויף מיין חשבון אויסגעפאַלן אָנצוכאַפּן דעם פערטן דייטש פאַר די פיס, ווייל איך זיץ דער פערטער, און מיר האָבן זיך פאַרטיילט יעדער מיט זיין דייטש. איך קוק אים נישט אָן, איך קוק נאָר אויף זיינע פיס; און נישט ווילנדיק באַמערק איך, אַז יעדער פון אונדז קוקט אויף זיין דייטשס פיס.

ביים שפּרינגען, איז זייער וויכטיק זאָלסט שפּרינגען אין דער זעלבער ריכטונג, ווו דער אויטאָ פאָרט. די ווייטקייט פון שפּרונג איז אָפּהענגיק פון וואָגען דו שפּרינגסט, לויט דער הויכקייט און לויט דער גיכקייט, כדי נישט צו פאַרלירן די גלייכגעוויכט און פאַלן. איך געדענק נישט צי אין יענעם מאָמענט האָב איך געטראַכט וועגן דעם פשוטן גאַטור־געזעץ. איך האָב נאָר באַמערקט, אַז אַלע ביין מאַן האָבן צוגעצויגן צו זיך די פיס, גרייט צום שפּרינגען. ווען אונדזערע מערדער וואָלטן נישט געווען אַזוי זיכער אין זיך, וואָלטן זיי דאָס געקאָנט מערקן.

אַט פאָרט מען פאַרביי דעם געוועזענעם לאַגער, ווו איך האָב גע־אַרבעט 14 חדשים, פון מאַי 1942 ביזן 28־טן יולי 1943. שיסן פלעגן זיי פון 800 מעטער ביז אַ קילאָמעטער פון דער שטיינהאַקעריי, און מיר פלעגן דאָס אָפּטמאָל הערן.

עטלעכע הונדערט מעטער פאַרן עקזעקוציע־אָרט האָבן מיר אין איין אויגנבליק אַרויסגעוואָרפן די הינטערשטע דייטשן. זיי זיינען זיך גע־שטאָנען און גוטמוטיק געשמועסט צווישן זיך. און אַלץ — אַ דאַנק דעם אָפּגעריבענעם לעפעלע. אָנשטאָט שניידן זיך אַליין די אָדערן, האָט ער איבערגעשניטן ביי זיך די שטריק און ביי די שכנים פון רעכטס און לינקס. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן מיר, ווי איין מענטש אַ כאַפּ געטאָן פאַר די פיס די דייטשן און זיי אַרויסגעוואָרפן, דערנאָך — אַליין געשפּרונגען. די איבעריקע פינף מאַן זיינען נאָכגעשפּרונגען. קיינער פון אונדז איז נישט געפאַלן. קיינעם פון אונדז איז נישט איינגעפאַלן צו פּרוּוון העלפן די איבעריקע דרייצן מאַן, און אויך נישט צו כאַפּן די אויטאָמאַטן און ביקסן, וואָס די דייטשן האָבן פאַרלוירן ביים פאַלן. אַלע האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן כמעט אין דער זעלבער ריכטונג, דאָס הייסט — צום וואַלד.

איידער דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך נאָך פאַרהאַלטן אין זיין שנעלן פאָרן, זיינען מיר שוין געווען אָפּגעלאָפן אַ היפּש שטיקל וועג. די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער. די קוילן זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן. קיין כוח אין דער וועלט האָט מיר נישט געקאָנט אָפּהאַלטן, אויסער דער טויט; און פון טויט בין איך דאָך אַנטלאָפן.

דאָס האָט געמוזט זיין אומגעפער זעקס, אָדער האַלב־זיבן אין דער פרי. איך בין געלאָפן אַ גאַנצן טאָג, ביז עס איז געוואָרן גוט פינצטער. דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט אויפן פרימאָרגן. ווייטער גיין האָב איך מורא געהאַט. אין וואַלד ביינאַכט איז געפערלעך, מען קאָן לייכט נעמען גאָר אַ פאַרקערטע ריכטונג.

פאַרטאָג האָב איך גענומען זוכן אַ וועג. ביים שאָסיי בין איך גע־בליבן ליגן אַ היפּש ביסל צייט, כדי צו אָבסערווירן. איך האָב מורא געהאַט איבערצוגיין דעם שאָסיי. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז מ׳האָט אים ספּעציעל אויסגעלייגט, מיך צו כאַפּן. אַריבערגעכאַפּט זיך אויף יענער זייט שאָסיי, בין איך אַוועק טיפער אין וואַלד. אַז איך האָב דערשפּירט דער וואַלד ענדיקט זיך, האָב איך געביטן די ריכטונג. איך

האָב אָבער אויך געמוזט אַ פּאָר מאָל לויפן דורך אָפענע ערטער. פון ווייטן האָב איך באַמערקט הייזער, אָבער איך האָב זיך צו זיי נישט דערנענטערט.

ס׳איז געווען דער 3־טער סעפּטעמבער. ווו און וויפל קילאָמעטער איך בין ווייט אַוועק פון אָרשאַ, האָב איך נישט געוווּסט. די פּיס צעבלו־טיקט, באָרוועס, פאַרוואָקסן, הונגעריק, דורשטיק. שטיקער לייב קריכן אַרויס פון די צעפּליקטע וועש. איך כאַפּ אויף דאָס בילן פון אַ הונט, דאָס קרייען פון אַ האָן. איך גיי און באַמערק אַ הייזקע האַרט ביים וואַלד. איך קוק זיך אַרום פון אַלע זייטן. ס׳איז פאַרטאָג. איך פּויזע צו צום הייזל. עס הערט זיך נישט קיין שאָרך. איך באַמערק אַן אָפענעם פענצטער אויפן בוידעם, אַ לייטער שטייט. פאַרזיכטיק, ווי אַ קאַץ, קריך איך אַרויף אויפן לייטער. איך צי אויבן אַרויף דעם לייטער. דער בוידעם איז פול מיט היי. איך באַגראָב זיך ביז איבערן קאָפּ, דערוואָרעם זיך אַביסל. צוויי נעכט בין איך נישט געשלאָפן, אָבער דער שלאָף נעמט מיך נישט.

פלוצים דערהער איך, ווי מען רעדט אונטן. איך הער זיך בעסער צו — צוויי פרויען, אַן עלטערע און אַ יונגערע. איך קאָן אָבער נישט דערכאַפּן, וואָס זיי רעדן. עס עפנט זיך אַ טיר און די עלטערע גיט אַ זאָג צו דער יונגערער, זי זאָל ברענגען וואַסער. איך הער ווי זי גייט צו דאָרט, ווו ס׳איז דער פענצטער צום בוידעם. זי דרייט זיך אַרום, און איך האָב זיך מורא אַ ריר צו טאָן. זי גייט צוריק אַריין אין שטוב. זי ברענגט וואַסער מיט אַ קאַראָמיסלע. איך הער ווי די עלטערע פרעגט ביי דער יונגערער, צי זי האָט קיינעם נישט געליען דעם לייטער. דעם ענטפער האָב איך נישט דערהערט. איך האָב נאָר פאַרשטאַנען, אַז איינע פון זיי איז אַרויס פון שטוב. אין אַ ווײַלע אַרום זע איך ווי זי קריכט צום בוידעם. איך זע, פאַרשטעלט פון די היי, אַ בלאָנדן קאָפּ מיט צעפּלעך. זי זעט מיך נישט. זי קוקט אָבער אַן פאַרוווּנדערט אויפן לייטער, וואָס איך האָב אַרויפגעצויגן, און הייבט זיך אָן מיט שרעק אַרומצוקוקן.

פאַרזיכטיק הייב איך אָן צו איר צו רעדן. איך בעט זי זאָל זיך נישט שרעקן. דאָס מיידל האָט באַלד געוואָלט אַנטלויפן, אָבער די שרעק האָט זי צוגעשמידט צום אָרט. זי האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. מעג־לעך, אַז מיין אייגענע מאַמע וואָלט זיך דערשראָקן אויף טויט, ווען זי דערזעט מיר אין אַזאַ הולך. איך האָב איר געבעטן, זי זאָל קיינעם וועגן מיר נישט זאָגן.

— ווייט — האָב איך זי געפרעגט — זיינען מיר פון אָרשאַ ?

— 45 וויאָרסט.

דאָס האָט מיך אַביסל באַרואיקט. איך האָב איר דערציילט, אַז כ׳בין אַנטלאָפן פון אַ געפאַנגענלאַגער אין אָרשאַ. האָט זי זיך באַרואיקט, דאָס מיידל. איך האָב איר געהאָלפן אַראָפּשטעלן דעם לייטער, און אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין געווען לעבן מיר מיט אַ טאָפּ מילך און אַ שטיק שוואַרץ ברויט. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ קופּע היי פון בוידעם און אַריין אין

שטוב. אין אַ ווײַלע אַרום איז אַרױפֿגעקומען די מוטער. אַן עלטערע פֿרױ, מיט אַ טיכל אויפֿן קאָפּ. ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי זיך פֿונאַנדערגעוויינט, געשאָלטן די דײַטשן, וואָס זיי האָבן געמאַכט פֿון אונדזער פֿאָלק...

— ס'קאָן זײַן, אַז ער איז אומגעקומען, אָדער ער וואַלגערט זיך ערגעץ, פּונקט ווי דו...

דאָס האָט זי געמיינט דעם מאַן אירן. ער איז מאָביליזירט געוואָרן אין ערשטן טאָג פֿון קריג און זי האָט קיינמאָל פֿון אים מער נישט געהערט.

אײַנגעשלונגען דעם טאָפּ מילך מיטן ברויט, האָט זי מיר געבראַכט אַן אַלטע רובאַשקע מיט אַ פּאָר דאָרפֿישע לײַוונטענע הויזן, אַ פּאָר לאַפּטשעס. כ'בין שוין געווען אָנגעטאָן, כאָטש גיי אויף אַ באַל. זי האָט מיך אָבער געוואָרנט, אַז 800 מעטער פֿון דאָרף גייט דורך אַ גרויסער שאָסייוועג, אַז אָפֿטמאָל קומען דאָ דײַטשן. ס'הייסט, איך בין דאָ נישט גאַנץ זיכער. הײַנט בלײַבט זי אין שטוב, נאָר נעכטן האָט זי געאַרבעט אויף דער באַן־ליניע, דרײַ ווי‏ערסט פֿון דאָגנען. יעדן דריטן טאָג קומט איר אויס דאָרט צו אַרבעטן. אין דאָרף זײַנען פֿאַראַן 44 פֿרויען און זיבן מענער, פֿון זיי זעקס איבער זעכציק יאָר. דער זיבעטער איז אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר 16, נישט קיין „דערבאַקענער".

זי האָט אָבער מורא כ'זאָל אַרונטערגיין. ווער פֿון די שכנים קאָן נאָך באַמערקן. זי טראָגט מיר אַרויף אַ שער, וואָס מען שערט מיט איר שעפּסן, דעם מאַנס אַלט מעסערל צו ראַזירן. איך וואַש זיך אַרום. די קליינע האָט מיר אויך געבראַכט אַ פּעלץ, און איך בין אין אים אַרײַנגעקראָכן. זי האָט מיר צוריק פֿאַרוואָרפֿן מיט היי און איך בין אײַנגעשלאָפֿן.

אויפֿגעכאַפּט האָב איך זיך פֿון אַ לײַכטן שטויס. פֿון שלאָף הער איך ווי מען רופֿט:

— פּעטערל, שטיי אויף, ס'איז שוין גאַנץ שפּעט.

איך פֿאַרגעס ווּ איך בין אין דער וועלט. איך שפּיר אָבער אַ גלעט פֿון אַ פֿרויען־האַנט, פֿון אַ קינד. זי זאָגט, אַז אין שטוב איז אַלץ פֿאַר מיר צוגעגרייט. זי קריכט אַרונטער, איך — נאָך איר. פֿינצטער, חושך. ווּ נישט ווּ זעט מען אין דערפֿל אַ שפּעלטל פֿון ליכט. דאָס מיידעלע נעמט מיך בײַ אַ האַנט און פֿירט מיך דורך אַ טיר. זי פֿאַרשפּאַרט די טיר און עפֿנט אַ צווייטע. אויפֿן טיש איז צוגעגרייט עסן. אַן אויוון, ווי אין אַלע רוסישע כאַטעס, אַ קאַריטע מיט הייס וואַסער. איך בין שוין אַזוי אויסגעבענקט נאָך אַ וואַרעמער שטוב. צוערשט האָב איך זיך צוגעזעצט צום טיש. אַ לעמפּל אַן אַ גלאָז, געמאַכט פֿון אַ גילז פֿון אַ גראַנאַט, די קנויט אַרײַנגעלאָזט אין חזיר־שמאַלץ, געמישט מיט מאַשין־אייל. ס'שטייט אויך אַ פּלעשל סאַמאַגאָן. די אַלטע מיט דער טאָכטער עסן ווייניק וואָס, זיי פֿאַרגעסן אָבער נישט כסדר אָנצופֿילן מײַן גלאָז.

נאָכן עסן האָבן זיי אַראָפּגעצויגן פֿון מיר די קליידער. אין אַ ווײַ־

לע אַרום בין איך שוין געזעסן אין דער הילצערנער קאַריטע און זיי האָבן מיר געהאָלפן אַרומוואַשן זיך פון ברוד און שמוץ.

—אין אַט דער קאַריטע — דערציילט די אַלטע — פלעגן מיר געבן עסן די חזירים. אָבער איצטער זייַנען אין קאַלכאָז נישטאָ קיין חזירים, סיידן די, וואָס מען באַהאַלט זיי אויס אין אַ מאַלינע, אין וואַלד.

זי אַליין האָט די קו אירע אויך באַהאַלטן אין אַ גרוב, אין וואַלד, באַדעקט מיט ברעטער, פון אויבן פאַרשאָטן מיט זאַמד. עטלעכע קי זייַנען דאָרט באַגראָבן, און גיבן פאַרן דאָרף אַביסל מילך. אויך ברויט און קאָרן איז דאָרט באַהאַלטן.

די מאַמע און טאָכטער זייַנען אַוועק אין אַ זייט און עפּעס געשושקעט זיך:

— ווי רופט מען דיך? — האָט די טאָכטער מיך געפרעגט, שטיל און פאַרשעמט צוגעגעבן — קאָנסט היינטיקע נאַכט שלאָפן אויפן אויוון.

— און ווו שלאָפט איר?

— אויך דאָרטן.

האָב איך אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען, נאָר זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי הערט גאָרנישט, זעט גאָרנישט. בין איך צוגעגאַנגען צו איר, איר אַ קוש געגעבן אין האַנט און איר באַדאַנקט פאַר אַלץ, פון גאַנצן האַרצן. זי איז געוועזן אַזוי גערירט, אַז זי האָט זיך פונאַנדערגעוויינט, אַזוי היסטעריש געוויינט, אַז די טאָכטער האָט זי געמוזט באַרויִקן. איך בין שוין נישט געוווינט געווען צו טרערן, אָבער איך האָב נישט געפילט, ווי די טרערן רינען אויך ביי מיר איבערן פּנים.

מיר ליגן אַלע דריי אויפן אויוון. איך בין אַביסל שיכורלעך פון דעם סאַמאָגאָן. די לאַפּטשעס האָב איך געלאָזן אויף דר"ערד. און כאָטש דער קאָפּ אַרבעט נישט מער אַזוי קלאָר, טראַכט איך, אַז מ'וואָלט געדאַרפט זיך אפשר אָנטאָן. מאַלע וואָס עס קאָן פּאַסירן.

איך ליג צווישן מאַמע און טאָכטער. דער אויוון איז גענוג גרויס, איך פיל אָבער ווי דאָס מיידל טוליעט זיך צו מיר. איך געפין זיך אין אַ מאָדנער לאַגע. איך וויל זי נישט אָפּשטויסן, איך האָב אָבער מורא זי אַרומצונעמען. די מוטער רעדט צו מיר. זי דערציילט, אַז אָפט קומען אַהער פּאַרטיזאַנער. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָבן עס. עס. אַרומגערינגלט דעם וואַלד. 10 טעג האָבן געדויערט די שלאַכטן. ס'זייַנען געווען אַ סך טויטע פון ביידע זייטן. איצט האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער איבערגעקליבן אין אַנדערע ערטער.

— דער סטאַראָסטע ביי אונדז איז נישט קיין נאַרישער מענטש. ווען עס קומען פּאַרטיזאַנער, מאַכט ער זיך נישט זען... ער ווייס פון גאָרנישט... די דייטשן שטעלט ער צו אַרבעטער. מענער און פרויען דאַרפן גיין אַרבעטן, איבערהויפּט ווינטער, אָפּצוראַמען דעם שניי.

זי האָט מיר דערציילט פון איר פינצטער לעבן. פאַרן קריג זייַנען זיי געווען אַ פאַמיליע פון 6 מענטשן, 3 זין און אַ טאָכטער. דער על-

טערער זון — אַ מאַטראָס אין װלאַדיװאָסטאָק, 25 יאָר אַלט. דער צװײ־טער — 23 יאָר. דער יִינגסטער — 18 יאָר, האָט געהאַלטן ביים ענדיקן אַ פאַך־שול. און דאָס מיידל האָט זיך זייער גוט געלערנט, ביז ס׳איז אויסגעבראָכן דער פאַרשאָלטענער קריג. דער מאַן האָט, דעם אמת גע־זאָגט, ליב געהאַט דעם טרונק. פאַרן מאַכן דעם היימישן סאַמאָגאָן האָט, לויטן געזעץ, געדראָט פון 8 חדשים ביז 3 יאָר. דאָס הייסט — אַז מען האָט געכאַפּט מאַכן דעם סאַמאָגאָן — 8 חדשים, אָבער פאַר פאַרקויפן — ביז 3 יאָר. דאָ אין דאָרף, איז מען אָבער געװען פאַרבונדן צװישן זיך — משפחות, ברידער, שװעסטער, מומעס, פעטערס, שװאָגערס. צו קויפן ריכטיקע װאָדקאַ איז קיינמאָל נישט געװען גענוג.

— װיפל ברויט האָט איר געקראָגן פאַר אַן אַרבעט־טאָג? — פרעג איך.

— װי אַ יאָר, אַמאָל 300 גראַם, אַמאָל 400 גראַם. אין 1940 האָבן מיר געקראָגן 180 גראַם. אַזוי אַז מען האָט צום קאָרן־מעל געמוזט צו־מישן צעמאַלענע בלעטער. װינטער איז דער מאַן אַװעק אַרבעטן אין אָרשאַ, ביים האַקן און צוגרייטן אייז אויפן זומער. אויב ער האָט נאָר נישט פאַרשיכורט די פאָר רובל... מ׳האָט געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז ס׳װעט בעסער װערן. דער מאַן האָט נישט געקאָנט לייענען, נישט שרייבן, איך — אויך נישט. דערפאַר האָבן מיר געװאָלט, אַז די קינדער זאָלן כאָטש זיין „גראַמאָטנע". און מיר האָבן עס אויסגעפירט.

זי זשאַלעװעט נישט קיין שװעבעלע, פאַקטיש — אַ האַלב שװע־בעלע, װייל מ׳האָט זיי אין די דערפער געשפּאָלטן אין דער לענג — און צינדט װידער אָן דעם לאָמפּ. זי ברענגט מיר אַ פאַמיליע־בילד: צװיי יונגע מענטשן. זי האַלט אַ קינד אויפן שױס, אומגעפער אַ יאָר אַלט. הינטער זיי שטייען דריי יִינגלעך. איך קער אום דאָס בילד, די דאַטע: 1928.

— דאָס — זאָגט זי — איז די טאָכטער מיינע, און דאָס איז פאַ־װעל. הינטן שטייען פּאַװעל, אַליאָשאַ און מיכאַ.

זי װיקלט איין דאָס בילד אין טיכל. דאָס אַלץ, זאָגט זי, איז איר איבערגעבליבן. די טאָכטער כאַפּט זיך אַרויס:

— װאָס האָסטו זיך אַזוי פונאַנדערגערעדט? אַלץ דאַרפסטו דער־ציילן?

— זאָלן אַלע אין דער װעלט װיסן — זאָגט די אַלטע — װאָס פאַראַ פאַרשאָלטענע ראָסע די דייטשן זיינען. אין יולי 1941 האָבן מיר דער־הערט אַ גערויש פון טאַנקען און מאָטאָציקלען. זיי האָבן אַרומגערינגלט אונדזער דאָרף בעלאַיִע, אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די הייזער. די טאָכ־טער האָב איך באַהאַלטן אויפן אויװן. אויפן פּלאַץ זיי האָבן אַנגעשטעלט אויף אונדז די אויטאָמאַטן, און די איבעריקע זיינען אַװעק רויבן. זיי האָבן אָנגעלאָדן אַ לאַסט־װאָגן מיט הינער, קאַטשקעס, גענדז. איינער, אַן אָפיציר, אַ הויכער, אין ברילן, האָט אָפּגעקליבן די מענער. אַז ער

האָט אָפּגעקליבן 50 מאַן, האָט ער אַרויסגערופן אַ דייטש, וואָס האָט געקאָנט רעדן רוסיש, קענטיק אַ וואָלגאַ־דייטש, און ער האָט געמאָלדן, אַז זיי אַלע וועלן דערשאָסן, ווייל נעכטן האָט מען נישט ווייט פון דאָ־נען געשאָסן אויף אַ דייטשער מאַשין. אויב עס וועט פּאַסירן נאָך אַמאָל האָט ער געזאָגט, וועט מען דאָס גאַנצע דאָרף פאַרניכטן. די 50 אָפּגע־קליבענע האָבן זיי אָוועקגעשטעלט לעבן קאַנטאָר פון קאָלכאָז און זיי אויסגעשאָסן. אייניקע האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין קאַנטאָר, האָבן זיי אַריינגעוואָרפן גראַנאַטן דורכן פענצטער. דאָס הויז איז פאַרברענט געוואָרן. קיין איין איינציקער פון די 50 איז נישט געבליבן לעבן, צווישן זיי אויך — מיין 18־יאָריקער מיכאַ. עס האָבן זיך אָנגעכאַפּט נאָך צוויי הייזער דערלעבן, געדעקט מיט שטרוי. איינס איז געווען אונדזער הויז. דאָ בין איך גע־בוירן געוואָרן, דאָ חתונה געהאַט. דער דאָך ברענט און איך לויף ראַ־טעווען מיין טאָכטער, מיין יולען. זי ליגט אויף דער ערד, אַ פאַרבלו־טיקסטע, די קליידער צעריסן, האַלב־נאַקעט, און רירט זיך נישט פון אָרט. גלייך ווי איך בין אַרויסגעלאָפן, איז איינגעפאַלן דער ברענענדיקער דאָך. ביי דער שוועסטער אין שטוב האָב איך דאָס מיידעלע אָפּגעמונטערט. איך בין געלאָפן זוכן די דאָקטערשע, אַ יידישע, אַ טייערער מענטש... — און זי צלמט זיך איבער — ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז געווען באַ־האַלטן אויפן זעלבן בוידעם, וווּ דו ביסט אַרויף. זי איז געווען ביי איר שוועסטער. דער שוועסטערס מאַן איז געווען דער שמיד פון דאָרף. אָפּטמאָל פלעגט ער קומען צו מיין מאַן. ביידע האָבן נאָך פאַרן צאַר געדינט אין זעלבן פאָלק.

ביידע שוועסטער זיינען געווען אַזוי בלאַס, ווי לעבעדיקע מתים. איך האָב אָנגעכאַפּט די דאָקטערשע ביי דער האַנט, געשלעפּט זי וואָס גיכער צו מיין טעכטערל. דאָס קינד האָט געהאַלטן אין איין ווײנען. מער ווי צען דייטשן האָבן דאָס קינד פאַרגוואַלדיקט. איר גאַנצער גוף איז געווען בלוי. צוויי חדשים איז זי אָפּגעליגן אין בעט.

מיט דעם שכנס קינד, אַ מיידל פון אַ יאָר 11, איז געווען נאָך ערגער. מען האָט דאָס קינד פאַרגוואַלדיקט, און אין דריי טעג אַרום איז זי געשטאָרבן.

ביי אונדז אין דאָרף האָט צוויי יאָר ביז פאַרן קריג געאַרבעט אַ פאַרוואַלטער פון סקלאַד. פון וואַנען ער האָט זיך גענומען, ווייס מען נישט. דעם 22־טן יוני 1941 איז ער פלוצים נעלם געוואָרן. אין חודש יולי, עטלעכע טעג נאָכן גרויסן אומגליק, האָט ער זיך פלוצים באַוויזן אין דאָרף, אין אַ האַלב־דייטשן, האַלב־רוסישן אוניפאָרם, מיט אַ ווייסע באַנד אויפן אַרבל, באַוואָפנט, און מיט נאָך אַ צענדליק ווי ער. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז פון היינט אָן איז ער דער שעף פון דער פאָליציי אויף דריי דערפער. איך ווייס, האָט ער געזאָגט, אַז אין דאָרף זיינען קיין קאָמוניסטן נישט געבליבן, און ער האָפט, אַז אין גיכן וועלן אין

גאַנץ רוסלאַנד מער נישט בלייבן. אַז ס׳וועט זיך ענדיקן דער קריג, וועט ער צוריקקריגן זיין מיל אין קראַסנאַיע, לעבן סמאָלענסק. נאָר צוערשט — זאָגט ער — דאַרף מען פּטור ווערן פון די זשידעס און קאָ־מוניסטן. ער האָט באַמערקט די פּרוי פון שמיד, און אַן אַנדערע, זייער ענלעך צו איר. האָט ער געפרעגט ווער זי איז. דאָס איז איר שוועסטער, האָט זי געזאָגט, פון באַריסאָוו. ער האָט געוווּסט, אַז זי האָט אַ שוועסטער, אַ דאָקטערשע, אין באַריסאָוו. האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס האָט ער געמיינט אַנדערע יידן, וואָס טוען גאָרנישט. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ווי לאַנג ער וועט זיין דער שעף פון די דריי דערפער, וועט זיי גאָר־נישט געשען. „די בעסטע דאָקטוירים — האָט ער צוגעגעבן — זיינען מערטסנס זשידעס”. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אים גע־בראַכט אין דאָרף, אַ דורכגעשאָסענעם אין פּלייצע. מ׳האָט געשאָסן אויף אים אין וואַלד. עטלעכע פון זיינע מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן. ער האָט געבעטן די דאָקטערשע זאָל אים היילן.

אין סעפּטעמבער 1941 איז ער געקומען צורייטן אויף אַ פערד, איז אַריינגעלאָפן צו די יידישע פרויען, די קאַגאַנס. די צווײ שכנטעס האָט ער געהייסן אַרויסגיין, און האָט פאַרשפּאַרט די טיר. אין אַ ווײלע אַרום זיינען ביידע יידישע פרויען אַריין צו מיר און געזאָגט, אַז איך קאָן זיך אַריינציִען צו זיי, זיי מוזן אַוועק. עס דראָט זיי דער טויט. מיר האָבן זיך צעקושט און געוויינט. זיי זיינען אַוועק מיט די פּעקלעך אויף די רוקנס. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז אָנגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ, מיט 4 פּאָליציאַנטן און 4 דייטשן, אין שוואַרצע אוניפאָרמען, מיט קאַסקעס. זיי האָבן געפרעגט ווו עס וווינען דאָ די צווײ זשידאָווקעס. מיין טאָכ־טער איז פאַר שרעק גלייך אַרויף אויפן בוידעם. זיי פרעגן מיך ווי איך הייס. זאָג איך זיי, אַז איך הייס גאַליקאָווא.

— דאָ וווינען דאָך די שוועסטער קאַגאַן.

— זיי האָבן דאָ טאַקע געלעבט, אָבער מיט אַ וואָך צוריק האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי גייען אַרבעטן אין אַ דייטשן שפּיטאָל אין סמאָלענסק.

די דייטשן האָבן עפּעס גערעדט צווישן זיך. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב געהערט, איז געווען — „פאַרפלוכט”. זיי האָבן מיך געסטראַ־שעט און געפאָדערט איך זאָל זיי געפינען 100 אייער און 10 פלעשער סאַמאָגאָן. קוים געפונען 4 פלעשער. איך וואָלט דעם סאַמאָגאָן אָפּגעסמט. זיי האָבן אַלץ צוגענומען און אַוועק.

איינמאָל, ענדע אָקטאָבער, דער שניי איז שוין געלעגן פעסט, קומט אַריין אַן עלטערער מענטש און בעט עפּעס אָפּצועסן. איך האָב אים גע־געבן אַ גלאָז מילך, קאַרטאָפל, ברויט. ער איז געבליבן נעכטיקן. ער האָט געפרעגט, צי קאָן איך פאַר זיינע חברים קריגן אַ ביסל זאַלץ און אַ פאַר פלעשער סאַמאָגאָן. ווער זיינען דיינע חברים? — האָב איך אים געפרעגט. האָט ער זיך געמאַכט נישט הערנדיק. איך האָב געזען, אַז ער וויל מיט מיר עפּעס רעדן, אָבער די טאָכטער איז געווען דערביי.

ווי נאָר מיין טאַטע איז אַרויס, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט
פאַר מיר אַ גרוס פון ראַכילן. איך בין געבליבן ווי געליימט. איך האָב
געקושט זיין האַנט, ער זאָל מיר זאָגן וואָס זי מאַכט און וואָס מאַכט
איר שוועסטער? איר שוועסטער, האָט ער דערציילט, האָבן די בעס־
טיעס דערמאָרדעט. זיי האָבן זיך ביידע געפונען אין אַ פאַרטיזאַנער־אָפּ־
טיילונג. און אויך ער אַליין איז פון דאָרטן. ער האָט אָפּגעשפּיליעט זיין
שינעל און איך האָב דערזען אַ רויטן שטערן און אַ נאַגאַן, אַנגעטשע־
פעט אין אַ זייט. איך זאָל נישט מיינען, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך
בין אַזוי אַלט, ווי איך זע אויס. דאָס איז אַ פאַרמאַסקירונג. אין דעם מאָ־
מענט איז אַריין מיין טאַטע. אַז מיין טאַטע האָט געהערט, אַז דאָ
זיצט אַ פאַרטיזאַן, האָט זי אים געבעטן, ער זאָל זי מיטנעמען, ווייל זי
וויל נקמה נעמען פאַר מיכאַן און פאַר אַנדערע. וועגן זיך האָט זי זיך
געשעמט צו דערציילן. האָט ער אַרויסגענומען זיין נאַגאַן, אַרויסגענומען
די קוילן און געהייסן דער טאַטע פּרובירן שיסן. דאָס מיידל האָט
גענומען דעם נאַגאַן און פאַר שרעק זיך געטרייסלט ווי אַ בלעטעלע.
„זעסט — האָט ער געזאָגט — אַבי דו ווילסט ווערן אַ פאַרטיזאַן.
דאַרפסט צוערשט ווערן געזונט". וואָס מיט איר האָט פאַסירט, האָט ער
געוווסט פון ראַכילן.

נאָך איר לאַנגן דערציילן, האָב איך זיך אָנגערופן, אַז זי רעדט
צופיל פאַר אַ מענטשן, וואָס זי קען נישט. זי קאָן אַמאָל אַרויספאַלן אויף
אַ פאַרעטער. און איך האָב איר דערציילט, אַז אין שטראָף־לאַגער לעבן
אָרשאַ איז דער שעף פון לאַגער אַ געוועזענער נאַטשאַלניק פון נ. ק. וו. ד.
ער שלאָגט און פייניקט די געפאַנגענע. און דאָס איז אַ געוועזענער מיט־
גליד פון דער פאַרטיי...

אין דרויסן האָט שוין גענומען טאָגן. איך האָב איר געזאָגט, אַז עס
וועט זיין אַ סך פאַרזיכטיקער פאַר מיר כ'זאָל שלאָפן, טיף באַגראָבן אין
היי אויפן בוידעם. אָבער דעם לייטער דאַרף מען צונעמען.

איך בין צוריק אַרויף אויפן בוידעם, אַריינגעקראָכן אין פעלץ,
און איינגעשלאָפן, אַז אפילו אַ באָמבאַרדירונג וואָלט מיך נישט אויפ־
געוועקט. אויפגעמאַכט די אויגן, איז שוין געווען גרויסער טאָג. איך האָב
מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך. איך האָב אַראָפגעקוקט דורך אַ שפאַרע
און געזען — פון איין זייט איז געווען דער וואַלד און פאַר דער צווייטער
זייט — אַ שטיק פעלד, ווו פרויען גראָבן קאַרטאָפל.

פאַרנאַכט איז צו מיר אַרויפגעקומען דאָס מיידל, כלומרשט מיט
אַ קופּע היי. אין אַ טיכל האָט זי געברענגט אַ טאָפ הייסע קאַרטאָפל,
אַ פלאַש מילך און אַ גאַנצן דאַרפישן לאַבן ברויט. זי האָט מיר געזאָגט,
אַז ווען עס וועט פינצטער ווערן, זאָל איך אַראָפגיין. איך האָב זיך קוים
דערוואַרט ס'זאָל פינצטער ווערן. איך טאַפ אָן דאָס אָרט, אָבער כ'געפין
נישט דעם לייטער. בלייב איך ליגן און האָב מורא זיך אַ ריר צו טאָן.

איך הער, ווי מען רעדט אונטן, און ווי מיין גוטע באַלעבאָסטע רעדט ספּעציעל הויך, אַז איך זאָל הערן. אַ פּרוּי פרעגט ביים מיידל:

— פאַרוואָס ביסטן נעכטן ביי אונדז נישט געווען, יוליאַ?

— איך האָב אַ סך זאַכן צו טאָן. היינט איז מיין ריי צו מעלקן די קו, איך האָב נאָך עפּעס אויסצוואַשן.

זיי האָבן נאָך אַ היפּשע ווײַלע גערעדט, דערנאָך האָב איך געזען איר שאָטן, ווי יוליאַ איילט צום וואַלד, מיט אַן עמער אין האַנט. ווען איך האָב פאַרשטאַנען, אַז קיינער איז נישטאָ אונטן, בין איך פלינק ווי אַ קאַץ אַרונטער פון בוידעם. איך האָב אַוועקגעפויזעט אין דער ריכטונג צום וואַלד. איך האָב געפונען אַ ליידיק אָרט און געמאַכט גימנאַסטישע באַוועגונגען, אויסצוגלייכן זיך אַביסל פון מיין פאַרגליווערטקייט. מיט דער סטעזשקע בין איך אַוועק טיפער אין וואַלד. פּלוצים הער איך טריט. איך טראַכט: ווער קאָן עס גיין ביינאַכט אין וואַלד? קיין דייטשן זיכער נישט. זיי האָבן מורא פאַרן וואַלד בייגאַכט. איך לייג זיך אַוועק הינטער אַ בוים און פון אונטן קאָן איך זען יענעם, און יענער מיך — נישט. איך זע אַ נידעריקע פרוי מיט אַן עמער אין האַנט.

— יוליאַ! — האָב איך שטיל אַ רוף געטאָן.

זי האָט זיך דערשראָקן, אָבער באַלד זיך געכאַפּט:

— דיאַדאַ גרישאַ? דאָס זייט איר?

זי האָט מיך אַפילו נישט געפרעגט וואָס איך טו אַזוי שפּעט אין וואַלד. איך האָב צוגענומען ביי איר דעם עמער מיט דער מילך און מיר זיינען אַוועק צו דער שטוב. דערנאָך האָב איך זיך באַקלערט, בין געבליבן לעבן וואַלד און זי געבעטן, אויב קיין פרעמדע זיינען נישטאָ, זאָל זי קומען מיר זאָגן. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין געווען צוריק.

— קום אַביסל שפּאַצירן אין וואַלד — האָב איך פאַרגעלייגט.

זי האָט איינגעשטימט, אָן רייד. איך האָב זי אַלץ אויסגעפרעגט, וועגן גאַנצן דאָרף און פאַרוואָס איר מוטער איז אַזוי אָנגעשראָקן. זי האָט מיר דערציילט, אַז די דאָרפישע שפּירן, אַז דאָ אין דאָרף מוז זיין אַ מסור, און אפשר נישט איינער, נאָר זיי ווייסן נישט גענוי — ווער. עס זיינען דאָ עטלעכע פרויען, וואָס די סאָוויעטן האָבן געהאָט זייערע מענער פאַרשיקט אין סיביר. איינעם, ווייל ער האָט דערציילט אַן אַנעקדאָט, דעם אַנדערן — פאַר אַן איבעריק וואָרט, דעם דריטן — ווייל ער איז אַ פּאָר טעג נישט אַרויס צו דער אַרבעט, נאָך איינעם — כלומרשט אַ געוועזענער קולאַק. אין דאָרף אויף דער „פּראַוולעניע" (גמינע) הענגט אַ צעטל פון די דייטשן, און דאָרט ווערט געזאָגט, אַז אויב אין דאָרף וועט מען כאַפּן אַ רויט-אַרמייער, נישט קיין רעגיסטרירטן, וועט מען די גאַנצע פאַמיליע אַרעסטירן. און אויב עמיצער האָט פאַרבינדונגען מיט די פּאַרטיזאַנער, און מעלדעט נישט, וועט די גאַנצע פאַמיליע דערשאָסן ווערן. פאַר זיך האָט זי נישט מורא, נאָר — פאַר איר מאַמען.

איר איז אַלצאיינס. איידער אַזאַ לעבן, שטענדיק אין שרעק, איז בעסער דער טויט.

— אַט — זאָגט זי — גיי איך מיט אייך אין וואַלד, ביינאַכט, אין דער פינצטער. איך גיי אָן שרעק, כאָטש איך קען אייך אַזוי ווייניק. איך פיל אָבער, אַז איר וועט מיך פאַרטיידיקן ווי אַ ברודער. אָבער אַז די דייטשן קומען, איז ווו איינער קאָן, באַהאַלט ער זיך. זיי האָבן אָבער מורא פאַרן וואַלד, ווי פאַרן טייוול. אָבער די פאַרקויפטע „שקורעס", די פאָליציי, זיינען אַפּט נאָך מער געפערלעך ווי די דייטשן, ווייל זיי רעדן אונדזער לשון...

איך האָב זי באַרויִקט און געזאָגט, אַז ווי נאָר איך וועל זיך אַ פּאָר טעג אָפּרוען, וועל איך אַוועקגיין. צוליב מיר דאַרפן זיי נישט ריזיקירן. איין זאַך בעט איך, אויב די מאַמע וואָלט נישט געקאָנט פאַר מיר אַביסל סוכאַרעס אויסטריקענען. אויב זיי ווילן, קאָן איך פאַר זיי אין וואַלד אָנהאַקן האָלץ. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז שטענדיק אַ פּראָבלעם אין די דערפער.

אויף מאָרגן זיינען מיר שוין ווידער אין וואַלד, מיט אַ האַק. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז יוליאַ וועט מיר ברענגען עסן. און וועגן די סוכאַרעס, האָט די מאַמע געזאָגט, אַז כ׳זאָל נישט זאָרגן. דערביי האָט זי אַרויסגענומען אַ זעקעלע מיט מאַכאָרקע און ס׳איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן: אַ פול זעקעלע מיט מאַכאָרקע און אַ שטיק צייטונג, אויך אַ קעסטעלע אָנצווּריכערן. פאַרן קריג האָב איך אַזאַ קעסטעלע נישט געזען. דאָס איז געווען אַ שאַכטל, אַ העלפט די גרויס פון אַ קעסטל שוועבעלעך. אַ שטיקל שטאָל, אָדער סתם אַ שטיקל אייזן פאַרפעסטיקט. אין דער טיף פון קעסטעלע אַ שטיקל וואַלענע איבערגעברענטע שטאָף, אַ קרעמען, דאָס הייסט אַ שטיינדל, האַלב ווייס און האַלב שוואַרץ. אַז מען קלאַפּט דאָס שטיינדל אין אייזן, גייען אַרויס פונקען. פון די פונקען כאַפּט זיך אָן דאָס שטיקל שטאָף. און דאַן קאָן מען אָנברענען דאָס ציגאַרעטל, אָדער אפילו מאַכן פייער. אַ פאַרמעגן!

עס איז געווען פאַר מיר עטלעכע, נאָרמאַלע טעג, און איך בין ווידער געקומען צו די כּוחות.

דער באַווייז: די גרויסע קופּע האָלץ, וואָס איך האָב אָנגעהאַקט פאַר די פיר טעג און באַקומען ווידער מיינע מאַזאָליעס אויף די הענט. היינט איז פרייטיק דער 8־טער סעפּטעמבער 1943. שוין זעקס טעג ווי איך בין אַנטלאָפן פון טויט. עס איז נאָך גאַנץ פרי און איך בין גרייט אַוועקצוגיין.

איך האָב מיט זיי אָפּגערעדט, אַז יוליאַ וועט דורכגיין אין דאָרף און זיך אַרומקוקן, אויב ס׳איז נישטאָ קיין געפאַר. איך האָב אפילו מיט איר אָפּגערעדט אַ צייכן: אויב אַ געפאַר, וועט זי אָנטאָן אַ טיכל אויפן קאָפּ, אויב נישט וועט זי דאָס טיכל האַלטן אין האַנט.

קאפיטל 23

# ווידער אין די לאפעס פון שונא

אין דער פרי האָט מיך געמאַטערט אַ פּאַרגעפּיל. איך האָב געטראַכט, אַז דאָס איז אפשר דערפאַר, ווייל איך דאַרף זיך צעשיידן מיט די טייערע מענטשן. אָבער טאַקע דערפאַר, האָב איך געטראַכט, וואָס זיי זיינען גוטע מענטשן, דאַרף איך וואָס גיכער אַוועקגיין, ווייל זיי קאָנען זייער טייער באַצאָלן.

אָט איז אַרויף צו מיר אויפן בוידעם די אַלטע, האָט זיך מיט מיר געזעגנט, מיך איבערגעצלמט און געזאָגט, טאָמער בלייב איך לעבן נאָכן קריג, זאָל איך אומבאַדינגט קומען. זי האָט מיר געבראַכט אַ שטיקל פּוטער, אַ שטיקל קעז. דאָס מיידל האָט מיר אַרויפגעטראָגן נאָך אַביסל מאַכאָרקע. ווידער אַרויף, ווידער אַראָפּ.

און דאָס איז, קענטיק, געווען פאַר מיר פאַטאַל. זעט אויס, אַז עמיצער האָט באַמערקט. אַלץ איז געווען צוגעגרייט. מיר האָבן זיך אַרומגענומען, זיך געזעגנט ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. מיר האָבן געוויינט. זי איז אַרונטער און איך בין געבליבן וואַרטן אויפן סיגנאַל. איך האָב אויסגערעכנט, אַז דורכגיין דאָס דאַרף אַהין און צוריק, דאַרף געדויערן 20—25 מינוט. עס האָט אָבער געמוזט איבערגיין מער ווי אַ שעה און — נישטאָ קיין סימן פון יוליען. איך בין געווען אַזוי פאַרטיפט אין אויסקוקן, אַז איך האָב נישט באַמערקט ווי עמיצער האָט צוגענומען דעם לייטער. און אָט הער איך פון אונטן אַ געשריי, אַ האַרטע מענער־שטימע:

— קריך אַרונטער! גיי צו צום ברעג מיט אויפגעהויבענע הענט! אויב וועסט זיך פאַרטיידיקן, צינדן מיר אונטער די שטוב. ביסט אַרומגערינגלט!

עטלעכע מינוט האָב איך זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. איך האָב אויפגעהויבן די הענט און זיך באַוויזן ביים ברעג פון בוידעם. איך האָב דערזען עטלעכע באַוואָפנטע יונגען, אָנגעטאָן האַלב־רוסיש, האַלב־דייטש. 5 מאַן זיינען געשטאַנען אַנטקעגן מיר, אָנגעשטעלט אויף מיר די ביקסן. איינער האָט צוגעשטעלט דעם לייטער און איך בין אַרונטער.

מען האָט מיך אַרומגעטאַפּט און געפרעגט, צי איך האָב נישט קיין געווער. צוויי זיינען אַרויף אַ קוק צו טאָן, אפשר איז דאָרט נאָך עמיצער דאָ. ס׳האָבן זיך צונויפגעקליבן 12 באַוואָפנטע, אָנגעטאָן ווי איינער האָט געהאָט. געווען אפילו אַ באַרוועסער, און ער האָט צוגעהינקט.

מ׳האָט מיך נישט געשלאָגן, נישט געבונדן, נאָר אַוועקגעפירט אין דער קאָלכאָזנע „אופּראַוולעניע". דאָ האָב איך דערזען זייער שעף. איך האָב אים דערקענט לויט דעם ווי זיי האָבן מיר געהאָט דערציילט. מיט מיר איז ער זיך גוט באַגאַנגען, אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב אים גע־

ענטפערט אויף אַלץ, ווער איך בין, פון וואַנען איך בין. ווען ער האָט געבעטן פּאַפּירן, האָב איך אים געזאָגט:

— ווי האָט איר געזען, אַז אַ קריגסגעפאַנגענער פון 1941 זאָל נאָך האָבן ביי זיך פּאַפּירן?

דערווייל האָט זיך פאַרזאַמלט פיל מענטשן. איינע אַ פרוי האָט מיך געפרעגט, צי איך וויל עסן. איך האָב געזאָגט, אַז דער הונגער איז מיר פאַרגאַנגען, און איינע האָט צוגעגעבן:

— קאָן אים דען ליגן אין קאָפּ עסן?... זע ווי צעשראָקן ער איז...

כ'בין נישט צעשראָקן. וואָס פאַרא פאַרברעכן בין איך דען באַגאַנגען? זיי האָבן געבערענגט די פרוי, ביי וועלכער כ'בין געווען אויפן בוידעם.

— קענסט דעם בירגער? — האָט געפרעגט דער שעף.

איידער זי האָט געעפנט דאָס מויל, האָב איך געזאָגט:

— פון וואַנען זאָל זי מיך קענען? אַז איך בין אַרויף אויפן בוידעם, איז די שטוב געווען פאַרשלאָסן. דערנאָך בין איך פאַרהאַלטן געוואָרן...

דער שעף האָט זיך איבערגעקוקט מיט זיינע חברה. איך האָב געהאָט אַ געפיל, אַז עס פאַרדריסט זיי די גאַנצע מעשה. אַצינד זיינען זיי געצוווּנגען מיך איבערצוגעבן דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע. מ'האָט מיר מיט אַ צייכן אפילו אָנגעוויזן, ווער ס'האָט געמסרט — אַ יונגע פרוי. מענטשן האָבן פאַר איר מורא געהאַט. אומעטום שטעלט זי אונטער אַן אויער.

אַז ס'האָט גענומען טונקל ווערן, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ שטעלכל. זיי האָבן אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און איך האָב באַמערקט, אַז עמיצער ליגט שוין דאָרט אויפן שטרוי. דער געהילף פון שעף האָט מיך געפרעגט צי איך וויל עפּעס דערליידיקן, און אַז איך בין געגאַנגען מיט אים, האָט ער מיך אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל און אַ שושקע געטאָן, אַז כ'זאָל מיטן פאַרשוין זיין פאַרזיכטיק. האָב איך אים געזאָגט, אַז איצט, ווען מיר זיינען אויג אויף אויג, קאָן ער מיך דאָך לאָזן אַנטלויפן. ענטפערט ער, אַז טאָקע צוליבן צווייטן — קאָן ער נישט. זאָג איך, אַז איך פאַרשטיי נישט.

— ווען דו וועסט זיך געפינען מיט אים... — האָט ער עפּעס אָנגעהויבן און נישט פאַרענדיקט, ווייל טריט האָבן זיך דערנענטערט. איך גיי אַריין אין וואַטער.

ס'איז צוגעקומען אַ פּאָליציאַנט און געזאָגט, אַז דער שעף האָט אים געשיקט צו הילף, טאָמער פּרווו איך אַנטלויפן.

— איך גלויב נישט, אַז ער זאָל פּרווון אַנטלויפן. איצט — זאָגט ער — איז צו שפּעט, ווייל צופיל מענטשן האָבן ביידע געזען. אויב נישט, וואָלט מען געדאַרפט יענעם אײנגאַנצן אָפּרוימען, ווייל די ערגסטע זיינען די, וואָס אַרבעטן פאַר ביידע זייטן. פון אַזאַ קאָנסטו אַלץ דערוואַרטן.

איך האָב אַנגעשפּיצט די אויערן, גאָרנישט צו פאַרפעלן, און ביס־לעכווייז האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין, מיט וואָס פאַרא שכן איך וועל דאָ זיין פאַרשפּאַרט. פּלוצים זיינען ביידע פּאָליציאַנטן אַנטשוויגן גע־וואָרן. איך האָב געהערט ווי עמיצער שרייט צו זיי. זיי האָבן געענטפערט, אַז זיי קומען גלייך, און מיך האָבן זיי געפרעגט צי איך בין שוין פאַר־טיק. איך בין ארויס צו זיי. דער ניי־געקומענער גיט מיר אַ ציגאַרעט, רויכערט אַליין, און זיי פירן מיך צוריק. איך האָב זיי געבעטן, אפשר קאָנען זיי מיר געבן עפּעס וואָס צוצודעקן. ענטפערט מיר דער פּאָלי־ציאַנט, וואָס היט אין דרויסן, אַז „אין מיין האָטעל שלאָפט מען אָן קאָלדרעס"... און איך הער ווי ער פאַרוקט דעם פאַרוקער. פאַר דעם גיט ער מיר צוויי סיגאַרעטן מיט עטלעכע שוועבעלעך.

איך זעץ זיך אַוועק אויפן שטרוי און ענדיק רויכערן דאָס ציגאַ־רעטל. איך הער אַ יונגע שטימע:

— חבר, אפשר האָסטו וואָס צו פאַרויכערן... די שלענג האָבן פון מיר אַלץ צוגענומען...

— יאָ — זאָג איך — און גיב אים מיין ציגאַרעטל.

איך שפּיר, אַז ער דערנענטערט זיך צו מיר מיטן אָטעם. אין אָפּ־שיין פון ציגאַרעטל, זע איך אַ רויט פּנים, אַ טשופּריגע. איך בין ביי־געריק אים אָנצוקוקן און ציגד אָן אַ שוועבעלע. ער דאַנקט מיר און איך זע זיין זיכערע מינע. ווי הויך ער איז, האָב איך נישט געקאָנט מערקן, איך האָב אָבער געזען, אַז ער איז אַ גאַנץ יונגער. ער האָט זיך אָראָפּ־געלאָזן לעבן מיר און אַ היפּשע ווײַלע זיינען מיר געזעסן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך האָב נישט געוווּסט ווי צו האַנדלען, אײ־בערהויפּט, ווען מען האָט מיך שוין געוואָרנט מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן. און אפשר איז דאָס וואָרענען אויך געווען אַ פּראָוואָקאַציע? די וואָרנונג קומט פון פּאָליציי. אויב דאָס איז טאַקע זייערער אַ מענטש, קאָן זיין וואָרט האָבן אַ ווירקונג אויף מיין ווייטערדיקן גורל.

לאַנג טראַכטן האָט ער מיך נישט געלאָזן.

— קומסט פון ווייט, אַזש פון סאַראַטאָוו... איך אַליין בין אַ וויטעבס־קער. 70—80 קילאָמעטער פון דאַנען. ווו ביסטו געווען פריער?

— ווו לויט דיר נאָך, בין איך געווען?

— אַלנפאַלס, ביי די פּאַרטיזאַנער ביסטו נישט געווען. דאָס זעט מען גלייך אויף דיר. איך אַליין בין שוין עטלעכע מאָל געווען ביי זיי...

— וואָס הייסט — ווונדער איך זיך — מ׳קאָן צו זיי אַוועקגיין און צוריקקומען, ווען מען וויל? און צי דען איז זיי אַזוי לייכט צו גע־פינען? כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, שוין איבער צוויי יאָר, ווי כ׳בין אין געפאַנגענשאַפט. אַזוי לאַנג, ווי כ׳בין געווען אַ סאָלדאַט, האָב איך גע־קעמפט נישט ערגער ווי אַלע אַנדערע, נאָר אַז כ׳בין אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, האָב איך באַשלאָסן, אַז פאַר מיר איז דער קריג גע־ענדיקט. און ווען מען וואָלט מיך נישט מיט עטלעכע חדשים צוריק

אריבערגעפירט אין הויפּט־לאַגער, קאָן זיין, אַז ביז היינטיקן טאָג וואָלט איך נאָך אין לאַגער „וואיען־גאַראַדאָק". איך האָב צו די דייטשן גאַרנישט... זיי פלעגן זיך באַגיין מיט מיר אַלע מאָל גוט, אפשר דערפאַר, ווייל איך בין פון דער נאַטור אַן אַרבעטזאַמער.

— וואָס ביסטו פון פאַך ? ווייל פון דאַרף, זעט זיך, ביסטו נישט.

— ניין, כ'בין אַ בלעכער. טאָפּ אַן מיינע הענט, וועסטו פילן די מאַזאָליעס.

ער האָט מיך טאַקע אָנגעטאַפּט די הענט און איך האָב דערפילט זיינע ווייכע, נישט־אויסגעאַרבעטע הענט. אָבער מיינע מאַזאָליעס האָבן מיך טאַקע פיל מאָל געראַטעוועט דאָס לעבן. און איך דערצייל אים ווייטער :

— ווען זאָלסט זען, ווי די דערפער פלעגן מיך אויפנעמען. דאָ פלעג איך מאַכן אַן עמער, דעם פאַריכטן אַ טאָפּ, אָדער גאָר מאַכן אַן אַפּאַראַט צו טרייבן סאַמאָגאָן.

— וואָס — אַן אַפּאַראַט צו טרייבן סאַמאָגאָן ?

— האָסט קיינמאָל — פרעג איך אים — נישט געזען ווי מען טרייבט סאַמאָגאָן ?

און איך שפּיר, אַז איך האַלט דאָס ריכטיקע שטריקל.

— יאָ — זאָגט ער — געזען האָב איך. אָך, ווען מען קאָן איצט קריגן אַ פלעשל סאַמאָגאָן מיט אַ גוטן צובייס... אַ דאַנק דעם סאַמאָגאָן, קאָן זיין, בין איך דאָ מיט דיר איצט...

איך מאַך זיך, אַז כ'בין נייגעריק צו הערן, און טראַכט ביי זיך : רעד, וועל איך אפשר עפּעס דערגיין... איך דערצייל אים מיין סיסטעם, ווי אַזוי איך מאַך אַן אַפּאַראַט, אויף אַזאַ אופן, אַז ס'זאָל נישט ווערן צו־געברענט. ער זאָגט מיר, אַז אַזוי אַרום געדויערט לענגער און מען דאַרף פאַרברענען אַ סך האָלץ.

— איצט — מאַכט ער — וועל איך דיר אַביסל דערציילן וועגן זיך. כ'בין ווי געזאָגט, אַ וויטעבסקער. אַז די מלחמה האָט זיך אָנגע־הויבן, בין איך געווען אין דער אַרמיי. אונדזער פּאָלק איז געשטאַנען אין שאַוועל...

— ווו ביסטו געווען ? — האָב איך אים איבערגעפרעגט, און נאָך גוט וואָס אין קעמערל איז געווען פינצטער און ער האָט נישט געקאָנט זען ווי מיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט.

— פאַרוואָס — פרעגט ער — דו קענסט די שטאָט אין ליטע ? מען האָט אונדז דאָרט צעקלאַפּט און מיר זיינען אַפּגעטראָטן. כ'בין גע־ווען אין אַ לאַסט־וואָגן מיט נאָך פאַרוווּנדעטע, אַפּצופירן קיין ווילנע, און צוריקצוקערן זיך. לעבן ווילנע האָט מען אונדז ווידער אַטאַקירט. מיר זיינען געווען אַ קאָלאָנע פון 8 לאַסט־וואָגנס. מיר זיינען אַרויסגע־שפּרונגען פון די קאַבינעס, און די שיסעריי פון די פּולעמיאָטן שטעלט זיך נישט אָפּ. האָט יעדער אָנגעהויבן לויפן ווו ער האָט געקאָנט. איך

בין אַריין אין אַ דאָרף. דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו קעמפן פאַר די סאָוויעטן.

— פאַרוואָס ? — פרעג איך — ביסט דאָך אוודאי געווען אַ קאָמ־סאָמאָליעץ ?

— האָסט געזען אַ סך קאָמסאָמאָלצעס, וואָס זייערע עלטערן זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר ?

— צוליב וואָס ?

— זיי זיינען געווען קולאַקעס. כאָטש מיין טאַטע האָט כמעט אַלץ אַוועקגעגעבן אין קאָלכאָז. אָבער אַז ער האָט געזען וואָס ס׳טוט זיך אין קאָלכאָז, האָט ער אָנגעהויבן שפּעקולירן מיט וואָס ס׳מאַכט זיך. ביז ער איז אַרויפגעפאַלן אויף יענעם סוואָלאָטש און ער האָט געקריגן 10 יאָר סיביר. דאָס איז געווען אין 1938. די מוטער איז פאַר ווייטיק, אַריינגעפאַלן אין שיכרות...

און דאָ פאַרהאַקט ער זיך. פון זיינע רייד, פיל איך, אַז ער וויל זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן. ער דערציילט מיר, אַז ער גייט צו די פאַרטיזאַנער ווען ער וויל. אַציגד ווערט מיר קלאָר מיט וועמען איך האָב צו טאָן. איך האָב געהערט, און אפילו איין מאָל געזען, שולן, איינגעאָרדנט פון די דייטשן, ווו אַלע שעפן זיינען געווען פון ז. ד. דאָס זיינען ווערביר־טע דיוורסאַנטן־שולן פון דער אַרטיקער אונטערוועלט, אָדער זין פון קו־לאַקעס און גוט־באַזיצער, אָדער גאָר פּשוט, פאַשיסטן. זיי זיינען דורכגעגאַנגען אַ סטאַזש און דאַן האָבן זיי די געשטאַפּאָ און ז. ד. אַריינגעשיקט צווישן די פאַרטיזאַנער, אָדער אפילו אַריבערגעוואָרפן אויף דער צווייטער זייט פראָנט. קענטיק, אַז דער חברהמאַן איז געווען איי־נער פון זיי.

מיין פאַרדאַכט האָט זיך טאַקע שפּעטער באַשטעטיקט, ווען מען האָט אונדז ביידן געבראַכט אין דער פעלד־זשאַנדערמעריע פון קראַסנע, סמאָלענסקער קרייז. ער איז דאָרט צו צום ערשטן בעסטן דייטש און אים עפּעס אַ זאָג געגעבן. אין אַ ווײַלע אַרום איז אַרויס דער זעלבער דייטש, מיט וועמען ער האָט גערעדט, מיט אַ פעלדפעבל פון דער פעלד־זשאַנ־דארמעריע און מ׳האָט אים אַריינגערופן. איך שטיי צווישן צוויי רוסישע פּאָליציסטן. עס געדויערט נישט קיין 10 מינוט און איך זע, ווי ער גייט אַרויס מיטן זעלבן פעלדפעבל. מיט איין אויג מערק איך, אַז זיי רעדן וועגן מיר, ווייל אַלע ווײַלע ווייזט ער אין מיין ריכטונג. איך מאַך זיך נישט זעענדיק.

די געגנט, ווו מ׳האָט מיך געבראַכט אין פעלד־זשאַנדערמעריע, איז געווען נאָענט פון פראָנט. ווען איך בין אַנטלאָפן פון דער עקזעקוציע, איז מיין אויסרעכענונג געווען צוצוקומען וואָס נענטער צום פראָנט. איך האָב פאַרגעזען צוויי מעגלעכקייטן: אָדער איך וועל געפינען פאַר־טיזאַנער, אָדער עס וועט מיר געלינגען אַריבערצוגיין דעם פראָנט. איך האָב געוווסט, אַז אין געוויסע ערטער קאָן מען זיך אפשר דורכגליטשן.

אין דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע בין איך שוין נישט געווען דער ערשטער. פאַר מיר האָט מען געבראַכט 15 מענטשן, צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען די אויספאָרשונג. דריי זיינען שוין געווען האַלב־טויטע — צעבראָכענע הענט, געשוואָלענע זייטן, בלוי פון קאָפּ ביז פיס, מיט אויסגעהאַקטע ציין. דאָס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס די דייטשן האָבן געהאַט אויף זיי אַ פאַרדאַכט, אַז זיי האָבן פאַרשיידענע געצייג. די דייטשן זיינען זיכער געווען, אַז דאָס זיינען געצייג צו פאַבריצירן באָמבעס. זיי האָבן געלייקנט, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער דריטער איז דאָרט געווען צוליב אַן אינטריגע: דער שעף פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע האָט זיך פאַרליבט אין זיין פרוי, און ער האָט פשוט געוואָלט פון אים פּטור ווערן. די איבעריקע — אַזעלכע ווי איך, געכאַפּטע אין די דערפער, אָן דאָקומענטן, געפאַנגענע, אַנטלאָפענע, אָדער סתם ציווילע, נישט באַקאַנט אין דער געגנט. איינער פון זיי, אַ טאַטאַר, איז דערנאָך געוואָרן מיין בעסטער חבר.

ביי דער אויספאָרשונג האָט מען מיך נישט געשלאָגן, און דאָס איז שוין געווען פאַר מיר אַ גוטער סימן. ווייזט אויס, אַז דער געהיים־אַגענט פון דער זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז געזעסן צוזאַמען מיט מיר אין דאָרף, האָט קיין שלעכט וואָרט וועגן מיר נישט געזאָגט. איך האָב זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז איך בין אַ פּשוטער בירגער, אַן אַרבעטער, אַ בלעכער פון פאַך. קיין געווער האָט מען ביי מיר נישט געפונען. אַזוי אַז איך בין אין זייערע אויגן נישט געווען קיין גרויסער פאַרברעכער. ביי דער אויספאָרשונג האָב איך זיי, פאַרשטייט זיך, דערציילט אַזעלכע זאַכן, אַז ס׳זאָל זיין שווער צו קאָנטראָלירן. איך האָב געזאָגט, אַז כ׳בין אַנטלאָפן פון אַ לאַגער; אַז אַלצאיינס האָב איך שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן פון הונגער, בין איך אַנטלאָפן אין די דערפער און געאַרבעט אַלס בלעכער. איך האָב געהאַט אַ גוטן באַווייז: די מאַזאָליעס אויף מיינע הענט, וואָס זיי האָבן טאַקע באַקוקט.

צוויי טעג נאָכן פאַרהאַלטן מיך, האָט זיך אין דער געגנט אָנגעהויבן אַ קאָלאָסאַלע אָפענסיווע פון דער רויטער אַרמיי. דורכן פענצטער פון געשטאַפּאָ האָבן מיר געזען ווי דערלעבן אָרגאַניזירן זיך מיליטערישע שטאָבן. אַזוי ווי מיר זיינען געווען מיליטער־לייט, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען שטאָבן פון דיוויזיעס און פּאָלקן.

קענטיק טאַקע, אַז צוליב דער סאָוויעטישער אָפענסיווע, האָבן זיי קיין צייט נישט געהאַט צו קאָנטראָלירן דאָס, וואָס איך האָב זיי אָנדערציילט. אין יענעם מאָמענט האָט זיך אַלץ געווענדט אין אויספאָרשער פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע. און אפשר איז ער גראָד געווען גוט געשטימט אויך. מען האָט אונדז אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער קאַמער, אויסער די צעשלאָגענע. דערנאָך האָט מען די איבעריקע, און מיר צווישן זיי, אַפּגעפירט דירעקט קיין וויטעבסק, אין אַ געפאַנגען־לאַגער. דאָס

איז אָבער געווען אַ שטראָף־לאַגער פאַר געפאַנגענע. ביים אָנקומען האָט מען אונדז גוט צעשלאָגן. 15 טעג זיינען מיר געווען אין קאַראַנטין, און דערנאָך — אין אַ געוויינלעכן לאַגער.

דער לאַגער אין וויטעבסק איז געווען צעטיילט אין צוויי: אין איין טייל — רוסן, ווייסרוסן, אוקראַינער, און אין אַנדערן טייל — אַלע איבעריקע נאַציעס — גרוזינער, טאַטאַרן, קאַזאַכן, אַרמענער, אוזבעקן, קירגיזן, טשערקעסן; בסך הכל 48 נאַציעס. דאָס האָב איך געגוי גע־ווּסט. די רוסן, ווייסרוסן, אוקראַינער זיינען געווען פאַרשפּאַרט הינטער שטעכל־דראָטן. זיי האָבן געקראָגן 7 גראַם מאַרגאַרין, און מיר — 12 גראַם, אויף דריי טעג. אָבער אין אַלגעמיין איז דאָס עסן געווען נישט שלעכט. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל די אַרטיקע באַפעלקערונג איז געווען מערסטנס עוואַקואירט און אויף די פעלדער זיינען געבליבן קאַר־טאָפל, ווייץ, גריגס, וואָס מ׳האָט נישט באַוויזן אַראָפּצונעמען. אונדז פלעגט מען אָפט פירן גראָבן אַקאָפּעס, און ביי דער געלעגנהייט האָט מען מיטגעבערענגט פון פעלד גאַנצע זעק מיט קאַרטאָפל.

איך בין געווען צוזאַמען מיט אַ טאַטאַר, אַ יונגער בחור, אַ גע־כאַפּטער, אַזוי ווי איך. אים האָט מען שרעקלעך געהאַט צעשלאָגן. כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר ער האָט אַרויסגערופן ביי מיר סימפּאַטיע. ער צו מיר — דאָס זעלבע. זיין נאָמען איז געווען קערים. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. אויך צו דער אַרבעט זיינען מיר געגאַנגען צו־זאַמען. מיר זיינען ביידע געווען אומגעפער אין זעלבן עלטער.

איך האָב זיך אָנגעגעבן אַלס טאַטאַר נאָך פריער, ווייל די דייטשן האָבן כסדר געמאָלדן אַז זיי גיבן פּרעמיעס פאַר כאַפּן יידן. מיין חבר, דער טאַטאַר האָט, קענטיק, אַרויסגעפילט, אַז כ׳בין נישט דער, פאַר וועמען איך גיב זיך אָן. ער איז נישט חושד געווען, אַז כ׳בין אַ ייד, נאָר אַ רוס, אָדער אַ ווייסרוס, און איך גיב זיך אָן ווי אַ טאַטאַר, ווייל צו טאַטאַרן איז אַ בעסערע באַציִונג. פאַרוואָס, האָבן מיר זיך דערוווּסט שפּעטער: נאָך דער מפּלה ביי סטאַלינגראַד, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו שאַפן פאַרשיידענע לעגיאָנען. עס איז געווען אַ וואָלגאַ־טאַטאַרסקי לע־גיאָן, אַ קאַזאַכסקי־לעגיאָן, אַ קאַווקאַזקי־לעגיאָן, פון גרוזינער, אָן אַר־מענער־לעגיאָן.

מיר איז געקומען אַ געדאַנק, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועל איך זיך באַמיען אַריינטרעטן, בעסער געזאָגט — אַריינגליטשן זיך אין אַזאַ וולאַסאָווסקי־אָפּטיילונג, איבערהויפּט אַז איך האָב זיך דער־ווּוסט אין וויטעבסקער לאַגער, אַז אין עטלעכע ערטער זיינען גאַנצע באַטאַליאָנען מיט וולאַסאָווצעס אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער. פאַרן אַרי־בערגיין צו די פּאַרטיזאַנער, פלעגן זיי ליקווידירן די דייטשע אָפיצירן. עטלעכע ווערטער טאַטאַריש האָב איך געקענט, און אין געהיים פלעג איך זיך איינחזרן אַלץ מער נייע ווערטער אויף טאַטאַריש, איך האָב געהאַט אַ גוטן לערער, מיין נייער חבר קערים.

איך האָב שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז די דייטשן שיקן אַריין צווישן די געפאַנגענע געהיים־אַגענטן, אויסצוגעפּינען קאָמיסאַרן, יידן, אָדער סתם סאָוויעטישע אַקטיוויסטן. ס'איז געווען אין סעפּטעמבער 1943, און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן אַנטדעקט צוויי יידן. איך שטיי אַזוי און רייד מיט מיין טאַטאַר, מיר וואַרטן אַרויסצוגיין אַרבעטן. וואָס איז דאָס פּלוצים? איך זע איינעם אין אַ דייטשער אוניפאָרם, שטייט און רעדט מיט אַ גרופּע געפאַנגענע. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען ווער ער איז. אויפן אַרבל טראָגט ער אַן אַדלער מיט אַ האַקנקרייץ, אויפן צווייטן אַרבל אַן אַפּצייכן — ז. ד. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס זיינען נישט קיין רוסן, אָדער ווייסרוסן. האָט מיך אינטערעסירט צו הערן אויף וואָס פאַרא שפּראַך זיי רעדן. איך האָב זיך פאַרזיכטיק דערנענטערט, און מיין שרעק איז געוואָרן נאָך גרעסער, הערנדיק ווי ער רעדט אַ פּליסיקן טאַטאַריש. אַלע ווײַלע גייט ער צו צו אַ צווייטער גרופּע. איך האָב אים אָנגעהויבן נאָכצוגיין, און געהאַלטן זיך אַביסל פון דער ווייטן.

נאָך דער אַרבעט האָב איך אָנגעהויבן פאַרזיכטיק אויספרעגן זיך ביים טאַטאַר קערים וועגן דאָזיקן פאַרשוין. האָט ער מיר דערציילט, אַז אין לאַגער ווייסט מען נישט גענוי ווער ער איז, אַ דייטש, אַ רוס, אָדער אַ טאַטאַר. ער רעדט אפשר 12 שפּראַכן פליסיק. זאָל גאָט היטן — האָב איך געטראַכט — אַז ער זאָל מיך פאַרטשעפּען און אָנהייבן רעדן מיט מיר אויף טאַטאַריש.

עטלעכע ווערטער אויף טאַטאַריש, ווי געזאָגט, האָב איך געקענט, און מיין חבר קערים האָט מיך אָנגעהויבן לערנען. איך האָב אים דערציילט אַזאַ מעשה: מיינע עלטערן זיינען געווען טאַטאַרן, זיינען אומגעקומען אין דער רעוואָלוציע. ווי אַ 3־יאָריק קינד בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ רוסישער קינדער־היים. אַצינד וועל איך ווידער קענען מיין שפּראַך. שילטן און זידלען זיך אין טאַטאַריש האָב איך שוין געקאָנט. איך קאָן זיך לייכט אויסמישן מיט זיי, האָב איך באַקלערט, ווייל אויך די טאַטאַרן, מוסולמענער, זיינען ווי יידן, געמלט. און אין פאַל פון אַ קאָנטראָל וועט מיר נישט דראָען קיין שום געפאַר.

מיר האָבן טאַקע יעדן טאָג געוואַרט, אַז די רוסן זאָלן אָנגרייפן, און אויף אַזאַ אופן וועלן מיר אפשר באַפרייט ווערן. אויב נישט, האָט אונדז געדראָט טויט. ווייל אויב די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו עוואַקואירן די געפאַנגענע, האָבן זיי אַלעמען אויסגעשאָסן.

נאָך גוט, וואָס זיי האָבן אונדז דעם 10־טן נאָוועמבער אַרויסגעפירט פון דער פראָנט־זאָנע, קיין ווילנע, דורכן איינציקן פרייען וועג, דורך פּאָלאָצק. אין ווילנע האָבן זיי אונדז געבראַכט אין לוקישקער טורמע. אין זעלבן טאָג האָבן זיי אונדז געפירט אויף אַרבעט צום וואָקזאַל. דערנאָך האָט מען אונדז איבערגעפירט אין אַ צווייטער טורמע, ביי דער ווילִיע.

אין ווילנע זיינען מיר פאַרבליבן אַ חודש צייט. דאָ איז אָבער גע־

ווען פאַר מיר אַן אַנדערע שרעק. מיין שטעטל קאַשעדאַר געפינט זיך 55 קילאָמעטער פון ווילנע. און איך האָב מורא געהאַט, אַז די גויִים פון דער סביבה זאָלן מיך נישט דערקענען. האָב איך זיך פאַרלאָזן אַ באָרד מיט וואָנצעס און די פּילאָטקע אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. דאָך האָט אויף מיר די הויט געציטערט.

מ'האָט אָנגעהויבן רעדן, אַז מען וועט אונדז פירן אין אַ ספּעציעלן לאַגער, ווו מען וועט אָפּקלייבן פון אונדז פאַר דער ספּעציעלער גע־הילפס־אַרמיי, דאָס הייסט פאַר דער וולאַסאָוו־אַרמיי. דעם 8־טן דע־צעמבער האָט מען אונדז טאַקע פאַרלאָדן אין וואַגאָנען און אונדז גע־בראַכט קיין שעדלעץ, נישט ווייט פון וואַרשע. דער לאַגער איז באַשטאַ־נען פון אַ סך אָפּטיילונגען, יעדער לעגיאָן, וואָס האָט זיך פאַרמירט, האָט דאָרט געהאַט זיין אָפּגעטיילטן לאַגער.

## קאַפּיטל 24

# אין דער וולאַסאָוו-אַרמיי

כ'בין געווען צווישן אַ גרויסער גרופּע טאַטאַרן. איין טאָג האָט מען אונדז אַלע אויסגעשטעלט, באַקוקט, אָפּגעקליבן די, וואָס האָבן נאָך אויסגעזען קרעפטיק און קאָנען האַלטן געווער אין האַנט. איך בין אַריינ־געפאַלן אין דער גרופּע פון די שטאַרקערע. די עלטערע און שוואַכערע האָט מען געשיקט אין אַרבעטס־לאַגער. דערווייל האָב איך זיך דער־ווּוסט, אַז אַ טאָג פאַר מיין אָנקומען, האָט מען דאָ געכאַפּט אַ ייד, וואָס די טאַטאַרן אַליין האָבן אים אויסגעגעבן. עס איז מיר געוואָרן זייער נישט היימלעך אויפן האַרצן.

אין דער אָפּגעקליבענער גרופּע זיינען מיר געווען הונדערט עטלעכע און צוואַנציק מאַן. קודם האָט מען אונדז געגעבן אונטערצושרייבן אַ צעטל. ביז איצט האָבן זיך די דייטשן בכלל נישט אינטערעסירט ווי איינער הייסט. ווייל אַלצאיינס זיינען די רוסישע געפאַנגענע געווען ביי זיי פאַרמשפּט, טאָ וואָס איז די נפקה־מינה ווי איינער הייסט ? דאָ האָב איך זיך אָנגעגעבן לויטן נאָמען — שאַבאַקאַיעוו. אַזוי האָט מיך געראָטן מיין חבר. אין דעם צעטל איז געווען אַ פראַגע : צי מיר זיינען מסכים אַריינצוטרעטן פרייוויליק אין דער דייטשער אַרמיי ? דאָס הייסט, אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג, וואָס הייסט וואָלגאַ־טאַטאַרסקי לעגיאָן. מיין חבר, וואָס איז שוין געהאַט דורכגעגאַנגען אַזאַ פּראָצעדור, האָט מיך געוואָרנט, אַז די, וועלכע וועלן נישט אונטערשרייבן, וועלן פאַר־ניכטעט ווערן. איך האָב אונטערגעשריבן.

אָפּטמאָל פלעגט פּאַסירן, אַז איך פלעג אָנטרעפן אויף אַ יידן אָדער

אַזעלכע אויף וועמען איך האָב געהאַט אַ פֿאַרדאַכט, אַז דאָס איז אַ ייד, פֿלעגן מיר געפֿינען אַ מיטל ווי צו אידענדיפֿיצירן זיך, צו דערוויסן זיך, אויף אַזאַ מין סאָרט אופֿן, אַז זייטיקע פֿלעגן דאָס נישט מערקן. אפֿילו, אַז זיי פֿלעגן שטיין דערבײַ. איך האָב געהאַט מײַן מעטאָד, און די אַמ־מערסטן באַהאַלטענע יידן, ווי איך, פֿלעגן האָבן דעם זעלבן מעטאָד. דאָ אין שעדלעץ האָב איך דערקענט אַ ייד, וואָס בײַ די דײַטשן איז ער געווען פֿאַררעכנט ווי אַ וואָלגאַ־דײַטש. און גערופֿן האָבן זיי אים „האַנס".

גלײַך נאָכן אונטערשרײַבן, האָט מען אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ באַזונדערן באַראַק, געגעבן באַקליידונג, קאָלדרעס. אָנהייב יאַנואַר האָט מען אונדז אַריבערגעפֿירט אין לאַסט־וואַגאָנען אַזש קיין פֿראַנקרײַך. מען האָט אונדז נאָך באַוואַכט, אָבער די וואַך איז געווען נישט קיין שטרענגע. אויך דאָס עסן איז געווען אַ סך בעסער, דאָס זעלבע ווי פֿאַר די דײַטשע רעזערוו־סאָלדאַטן.

אויפֿן וועג קיין פֿראַנקרײַך (מיר האָבן נאָך נישט געוווּסט וווּהין מען פֿירט אונדז) האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט אין אַ דײַטשער שטאָט. מ'האָט אונדז דערלויבט אַרויסצוגיין אויף צוויי שעה, אָבער נישט ווײַ־טער ווי 50 מעטער פֿון די וואַגאָנעס. דאָ זײַנען געווען אויסגעשטעלט קיכן און מ'האָט צוגעטיילט הייסע, געדיכטע גרויפּן־זופּן. אַזאַ עסן האָבן מיר שוין נישט געזען יאָרן.

דרײַ טעג האָט געדויערט די רייזע, ביז מען האָט אונדז געבראַכט אין אַ שטעטל, וואָס האָט זיך גערופֿן לע־פּי, בײַ 250 קילאָמעטער פֿון ליאָן, אין מיטל־פֿראַנקרײַך. דאָרט האָט מען אונדז שוין אָפּגעוואָרט. נאָך איידער מיר זײַנען אַראָפּ פֿון די וואַגאָנען, האָט מען אונדז געוואָרנט, אַז מיר טאָרן נישט רעדן מיט קיין שום ציווילן. מ'האָט אונדז געפֿירט צופֿוס דורכן שטעטל, צו אַ קאַזאַרמע, און אונדז פֿאַרטיילט אין גרופּן. דאָ זײַנען שוין פֿון פֿריער געווען טאַטאַרישע אונטער־אָפֿיצירן, און אויך אַ מולאַ, אַ מוסולמענישער גייסטלעכער.

פֿאַרן מולאַ האָב איך אַמערסטן מורא געהאַט, ווײַל איך האָב געזען, אַז ער האָט אָפּט געפֿירט געשפּרעכן מיט טאַטאַרן, וואָס ער האָט אָנ־געטראָפֿן.

מיר זײַנען דאָרט געווען אַן ערך צווישן 12 און 14 הונדערט מאַן. איך האָב אָבער דאָ אײַנגיכן אַנטדעקט נאָך אַ ייד, וואָס איז, אַזוי ווי איך, אָנגעגאַנגען אַלס טאַטאַר. ער האָט געהאַט אַ טיפּיש־יידישן אויסזען, אַן אינטעליגענט. ס'האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען פֿון פֿאַך אַ דאָקטער, אָבער די טאַטאַרישע שפּראַך האָט ער גערעדט פּונקט ווי אַ טאַטאַר, אפֿילו מיט זייער אַ ספּעציפֿישן אַקצענט. מיר זײַ־נען ביידע איינמאָל געשטאַנען אויף דער וואַך אין דער טורמע לע פּי.

אין די לאַגערן האָב איך אָפֿט געטראָפֿן יידן, וואָס האָבן זיך פֿאַר־מאַסקירט און אָנגעגעבן זיך פֿאַר אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז יידן צווישן זיך, האָבן זיך באַלד דערקענט. מײַן מעטאָד און

טאַקטיק איז געווען, אַז פאַרבייגייענדיק, פלעג איך אין דער שטיל, אַז יענער זאָל אָבער הערן, זאָגן אַ פּאָר ווערטער פון סידור, וואָס איך האָב געדענקט, ווי צום ביישפּיל: יתגדל ויתקדש שמי רבה... אָדער: המוציא לחם מן הארץ... און עס איז נישט געווען דער פאַל, איך זאָל האָבן אַ טעות. אויב ס'איז געווען אַ ייד, האָט ער שוין געפונען אַ געלעגנהייט פאַר־זיכטיק פונאַנדערצורעדן זיך מיט מיר. דאָ, אין דעם וואָלגאַ־טאַטאַרן־לעגיאָן, האָב איך אָנגעווענדט דעם זעלבן מעטאָד.

אין דעם טאָג שטיי איך אויפן פּאָסטן ביים היטן די טורמע אין לע־פּי. די וואַך איז געשטאַנען 24 שעה אין מעת־לעת. די טורמע איז געהיט געוואָרן דורך צוויי סעקציעס פון צוויי פאַרשידענע ראַטעס. אַלץ האָבן די דייטשן געמאַכט פאַרזיכטיק, ווייל טאָמער איז עס פון איין ראַטע, קאָן מען זיך צונויפרעדן, באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע און מיט זיי אַוועקגיין אין וואַלד. איך האָב מיין סעקטאָר, פון וואַנען איך דאַרף גיין אַהין און אַהער 4 שעה צייט, און דאַן בייט מען מיך. אין 8 שעה אַרום דאַרף איך ווידער זיין אויף דעם פּאָסטן.

איך גיי אַהין און צוריק, און זע ווי פון דער צווייטער סעקציע קומט מיר אַנטקעגן אַ סאָלדאַט. אויפן הויף איז שוין טונקל. איך וויל זיך שוין אומקערן. נאָר ער האָט מיך דערקענט און רופט מיך:

— היי, שאַבאַנאָוו!

אין וויטעבסקער לאַגער האָב איך אַזוי געהייסן. איך קער זיך אום און דערקען אים — אַ ייד. ער פרעגט מיך:

— וואָס הערט זיך? ווי פילסטו זיך אין דער דייטשער אוניפאָרם?

ביז דאַן האָבן מיר נאָך קיינמאָל נישט גערעדט. איך האָב נאָר גע־טראַכט, אַז דאָס איז אַ ייד.

דאָך וויל איך אים אויספּרוּוון. איך ענטפער אים נישט אויף זיין פראַגע, נאָר איך זאָג צו אים אויף רוסיש:

— דו ווייסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס לחם, אָדער מים?

— ניין — זאָגט ער.

פרעג איך אים נאָך אַ פּאָר זאַכן, וואָס איז ספּעציפיש יידיש, און ער ווייס נישט. און ס'כאַפּט זיך אין מיר אַריין אַן אומרואיקער געפיל, אַז אויב ער איז נישט קיין ייד, קאָן ער אָבער פאַרשטיין ווער איך בין. און אויב ער איז איינער פון די ריכטיקע נאַציס, בין איך אַ פאַרלוירענער, און אַזעלכע זיינען דאָ געווען. מ'האָט זיי גערופן פעריבעזשטשיקי, איבער־בערגעלאָפענע. זיי זיינען געווען אָנגעשטעלט ביי די דייטשן ווי גע־היים־אַגענטן. און זיי זיינען עס טאַקע געווען דער פונדאַמענט פון דער ר. אָ. אַ. אָדער וולאַסאָוועצעס.

איך טראַכט, אַז אויב דאָס איז איינער פון זיי, מוז מען פון אים פּטור ווערן, נאָך איידער ער וועט זיך בייטן. איך האָב צייט נאָך צוויי

שעה, ווייל ער איז אויפן פּאָסטן מיט צוויי שעה פריער פון מיר. מיין פלוצלונג שווייגן איז אים, קענטיק, מאָדנע אויסגעקומען. און אפשר האָט ער פאַרשטאַנען מיין געדאַנק, ווייל ער רופט זיך אָפּ:

— קיין יידיש קאָן איך נישט, נאָר איך גלויב, אַז די פּאָר ווערטער, וואָס מיין פּאָטער פלעגט מיט אָזויפיל הארץ זינגען, וועלן דיר געפעלן ווערן. איך בין זיכער, אַז דו קענסט זיי.

און אַז ער הייבט אָן, פאַלט מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן און אַזאַ וואַרעם געפיל צעגיסט זיך אין מיר. ער זינגט שטיל:

כל עוד בלבב פנימה...

און איך ענטפער אים:

נפש יהודה הומיה...

מיר נעמען זיך ביידע אַרום און טרערן גיסן זיך פון אונדזערע אויגן. אַזוי, אָנגעטאָן אין דער נאַציִשער אוניפאָרם, האָבן מיר שטיל געזונגען די „התקוה". ער האָט מיר דערציילט, אַז ער שטאַמט פון סיביר. זיי האָבן געהאַט שכנים, טאַטאַרן, און פון זיי האָט ער געלערנט די שפּראַך. קיין יידיש האָט ער בכלל נישט געקאָנט. פון דעמאָלט אָן האָבן מיר זיך אויסגעמיטן, ס'זאָל אויף אונדז ביידן נישט פאַלן קיין חשד.

מיליטעריש האָט מען אונדז כמעט נישט צוגעגרייט, מ'האָט אונדז נאָר געזאָגט, אַז אין פראַנקרייך איז פאַראַן אַ פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג און קעגן זיי דאַרפן מיר קעמפן. ביי די דייטשן האָבן זיי געהייסן — טעראָריסטן, אָדער באַנדיטן...

איך האָב גלייך גענומען זוכן עפּעס אַ פאַרבינדונג מיט די פּאַרטי־זאַנער. רעדן מיט די ציווילע איז אונדז נישט דערלויבט געווען. איך האָב אויך נישט געהאַט מיט זיי קיין געמיינזאַמע שפּראַך, און דייטש האָבן זיי נישט געקענט. אָבער אַז מען זוכט — געפינט מען.

יעדן אָוונט האָבן מיר געהאַט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין אין גאַס. אין דער באַשטימטער צייט האָבן מיר געמוזט זיין צוריק אין קאַזאַר־מע. מען האָט אונדז אויך געגעבן טאַשן־געלט, סיגאַרעטן. די פּראָוו־צויזן האָבן נישט געהאַט וואָס צו רויכערן, און אַז מיר האָבן זיי אָנגע־באָטן אַ סיגאַרעט, האָבן זיי נישט געוווּסט ווי צו דאַנקען. איך האָב זיך צוגעוווינט אַריינצוגיין אין אַ קליינער קאַפע, ווו עס זיינען אויך געקו־מען פיל טאַטאַרן פון אונדזער לעגיאָן. געווען זיינען פיל קאַפעס, אָבער אונדז האָט מען דערלויבט נאָר צו באַזוכן 3 קאַפעס, און אַ... באַרדעל. אין דער קאַפע, זיינען געווען צוויי מיידלעך, שוועסטער, און איך האָב געמערקט, אַז די ייִנגערע רעדט יאָ דייטש. אַז זי האָט אונדז סערווירט, האָב איך פאַרזיכטיק אַריינגעוואָרפן אַ דייטש וואָרט. איך האָב געפילט, אַז זי האָט צו מיר אַ געוויסע סימפּאַטיע, און איך האָב איר געענט־פערט מיטן זעלבן. מעגלעך, אַז מיין צוריקגעהאַלטנקייט איז איר געפעלן. 70 פּראָצענט פון אונדזער לעגיאָן זיינען געווען ביי אונדז אמתע אַזיאַטן, אפילו די רוסן זיינען ענלעך געווען אויף מאָנגאָלן. מערסטנס חוצפּה־

דיקע, גראָבע יונגען. די דייטשע אוניפאָרם האָט זיי טאַקע געקליידט, און זיי האָבן זיך אפילו גרויס געהאַלטן. זיי האָבן געטראָגן אויפן אַרבל די דריי בוכשטאַבן: ר. אָ. אַ. דאָס הייסט רוסישע באַפרייאונגס־אַרמיי. ביי אונדז אויפן אַרבל איז געווען: וו. ט. ל. ד״ה וואָלגאַ־טאַטאַרן־לע־גיאָן. אויב עס איז ביי עמיצן נישט געווען אָט די צייכנס, הייסט עס — אַ ריכטיקער דייטש.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ געלעגנהייט ווי מיטן מיידל זיך דורכ־צורעדן אויג אויף אויג. און קענטיק, אַז זי האָט עס אַרויסגעפילט. זי איז אָפט געבליבן שטיין לעבן מיר און גערעדט אויף דייטש, אפילו אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר רוסישע ווערטער, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט אין קאַפּע. עס זיינען אָבער געזעסן לעבן מיר נאָך טאַטאַרן, און איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך פאַרשטיי קיין וואָרט נישט. איך האָב זי אַרומגע־נומען, און האָב געמערקט, אַז זי איז נישט פון די שרעקנדיקע.

אויבן, אויפן שטאָק, זיינען געווען נאָך עטלעכע צימערלעך פון קליינעם האָטעל. אַ פּאָר טעג האָב איך זי אָפּגעהיט, ביז איך האָב זי געטראָפן אַליין, און זי געפרעגט, אויף דייטש, צי זי וואָלט נישט גע־קאָנט מיט מיר זיך אַדורכרעדן אויג אויף אויג? זי האָט אַ מאָדנעם קוק געטאָן אויף מיר, קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. קענטיק אָבער זי אַליין האָט געוואָרט אויף דעם. זי נעמט אַראָפּ אַ בינטל שליסלען און אַן איין וואָרט עפנט זי אַ טיר פון אַ צימערל. איך גיי אַריין. זי זאָגט, אַז זי קומט אין אַ מאָמענט אַרום. איך הער, אַז זי פאַרשליסט די טיר פון אויסנווייניק און גייט אַראָפּ פון די טרעפּ. וואָס איז עס? — טראַכט איך אומרואיק — אַ פּאַסטקע? קודם גיי איך צו צום פענצטער און באַטראַכט, אַז פאַקטיש האָט עס קיין ווערדע נישט פאַר מיר אַראָפּצו־שפּרינגען. אָבער אויב זי אַרבעט פאַר די דייטשן, וועט מען מיך סיי ווי לייכט כאַפּן.

איך האָב אַ טבע אָנצוטרויען זיך מענטשן, און נאָר אין זעלטענע פאַלן האָט מיך דער אינסטינקט אָפּגענאַרט. אין 10 מינוט אַרום איז זי דאָ. ס'איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר 16. די ערשטע זאַך בעט איך זי, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, אַז איך רעד דייטש. זי קוקט מיך מאָדנע אָן און ביסלעכווייז דערגיי איך, אַז זי איז גאָרנישט קיין נאַריש מיידל. זי האָט פיינט די דייטשן, און אויך מיינע צערטלעכקייטן האָט זי נישט אָפּגעשטויסן. פאַרקערט.

אַזוי בין איך יעדן אָוונט געקומען צום מיידל. ביז וואַנען איך האָב איר אָפן געזאָגט, וואָס איך זוך, און זי האָט מיר טאַקע צוגעזאָגט צו העלפן.

צווישן די טאַטאַרן האָב איך געהאַט אייניקע אָנפאַרטרויטע, און אויך מיין באַקאַנטער, וועלכער האָט געוווּסט, אַז איך רעד דייטש. איינמאָל גייט צו צו מיר איינער פון זיי, גראָד אַ מאָרדווין, נישט קיין טאַטאַר, מיטן באַקאַנטן נאָמען קאַלינין, און ער זאָגט מיר, אַז מיין חבר

קערים האט אים געשיקט און געזאגט, אז ער וויל זיך מיט מיר דורכ־רעדן. ער זאגט מיר:

— דארפסט פאר מיר נישט מורא האבן. איך קען דיך פון ווי־טעבסקער לאגער. קענטיק, אז ביסט אריין אין דער דייטשער ארמיי מיטן זעלבן ציל, וואס איך... קערים קען מיך זייער גוט. נאך אייניקע חברים זיינען מיט מיר.

איך רייס אים איבער און פרעג אים, אביסל אומגעדולדיק, ווייל איך האב דאך מורא געהאט פאר א פראוואקאציע:

— צוליב וואס דערציילסטו מיר דאס אלץ?

— האב א וויילע געדולד — מאכט ער — דאס, וואס איך גיי רעדן מיט דיר, איז א פראגע פון לעבן, אדער טויט. איך וויל אז זאלסט האבן צו מיר צוטרוי. איך בין א קאמסאמאלעץ און א „מאריאק". (א מאטראס).

— אז דו ביסט א „מאריאק", ווייס איך. מען האט עס מיר געזאגט. דארט, ווו מיר גייען אפט אין דער קאפע, רעדט איינע פון די טעכטער דייטש. פרווו מיט איר זיך דורכרעדן...

פון איין זייט בין איך געווען צופרידן, וואס קיינער האט ביז איצט נישט געמערקט פון מיין באציִונג צום מיידל פון דער קאפע. איך האב אבער געפילט, אז צופיל ווייסן וועגן מיר, אז איך רעד דייטש. אין דער צייט, ווען די דייטשן רעדן צו מיר דורך א דאלמעטשער. אבער צום מארדווין זאג איך:

— איך קאן דיר גארנישט צוזאגן. אויב קערים האט צייט, זאל ער צו מיר אריינגיין, ווייל שוין עטלעכע טעג ווי כ'האב אים נישט געזען.

— קערים — ענטפערט ער — איז אויף זיין פאסטן, און ער קומט ערשט מארגן אין דער פרי.

א גאנצע נאכט בין איך שוין נישט געשלאפן. איך האב געוויגן די דעה — איז עס א פריינט, אדער א פיינט? יעדן מאמענט האט מען געקאנט דערווארטן א פראוואקאציע פון די דייטשן. יעדן מאמענט, ווען עמיצער האט זיך אומגעקערט פון גאס, אדער פון די פאסטנס, האב איך געקוקט נישט אזוי אויף זיין פנים, ווי אויף זיין ברוסט, צי יענער טראגט נישט די בארימטע בלעך פון דער פעלד־זשאנדארמעריע. פאר זיי האב איך אממערסטן מורא געהאט.

אין דער פרי. איך ראזיר זיך און רויכער א סיגארעטל. מיין קערים איז דא לעבן מיר. ער זאגט מיר:

— איך האב דיר געשיקט מיינעם א גוטן פריינט. איך האב א פאר טעג נישט געקאנט קומען, איך האב נישט געוואלט מיר זאלן פארלירן איבעריקע צייט.

עס זיינען ארום געווען נאך עטלעכע, און לויט מיין קוק, האט ער

פאַרשטאַנען, אַז ער האָט שוין געוועדט צופיל. מאַכט ער צו מיר אויף טאַטאַריש:

— טאַרטאַרגא קאַלדראַסעמע... ס׳הייסט, לאָז מיר איבער אַ פּאָר צי...

איך גיב אים אַוועק דאָס רעשטל פון מיין סיגאַרעט. אַז ער שטייט ביי דער טיר, זאָג איך אים אַז ער זאָל וואַרטן אין דרויסן. און אָט בין איך מיט אים אויג אויף אויג. מיר איז אַריין אַ געדאַנק, פאַרוואָס ער האָט אַ זאָג געטאָן אַז „מיר ווילן נישט פאַרלירן קיין צייט". איך פרעג אים:

— ווער זיינען דאָס די „מיר"?

— עטלעכע — זאָגט ער — קען איך און מיט די איבעריקע האָב איך זיך דאָ באַקענט, דאָס זיינען זיכערע מענטשן.

מיין אַלטע דערפאַרונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ליטע, האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז אין אַזעלכע פאַלן דאַרף מען זיין וואָס מער פאָרזיכטיק. דעריבער זאָג איך, און ער איז מיט מיר מסכים, אַז נאָר צוויי מענטשן דאַרפן קומען און רעדן יעדעס מאָל מיט מיר, ד״ה, אַז קערים און קאַלינין. די איבעריקע דאַרפן מיך דערווייל נישט קענען. אויב אַ דורכפאַל אפילו, זאָלן זיי נישט וויסן וואָס און ווען.

— זע — זאָגט ער — מיר זיינען אין די זעלבע יאָרן, און דו רעדסט ווי אַן אַלטער פּאַרטיזאַן. ענטפער ערלעך, אויב דו ביסט מיט מיר איינשטימיק.

איך האָב געקענט זיינע געפילן צו זיין מאַמען, קיין פאָטער האָט ער נישט געהאַט, האָב איך אים געזאָגט, ער זאָל מיר שווערן ביי זיין מוטער, אַז ער וועט האַלטן וואָרט.

— דו גלויבסט מיר נישט? איך גלויב דיר יאָ. נאָר איך ווייס וואָס עס הייסט געשטאַפּאָ. איך מוז גיין, ווייל ביי מיר אין ראָטע וועט מען מיך זוכן. — ער כאַפּט מיך אָן ביי דער האַנט — דו ווייסט — זאָגט ער — ווי טייער ביי מיר איז מיין מוטער. איך שווער דיר, אַז אויב איך וועל דיך פאַראַטן, זאָל מיר מיט מיין מוטער טרעפן דאָס גרעסטע אומגליק...

שוין חדשים-לאַנג אַז איך לעב צווישן די „נאַדסמענען" (נאַציאָ־נאַלע מינדערהייטן, אַזוי רופט מען זיי אין ראַטנפאַרבאַנד) און איך ווייס, וואָס עס הייסט ביי זיי אַזאַ שבועה. פאַרן אַוועקגיין, גיב איך אים אַ זאָג:

— קאָנסט זיין רואיק. כ׳האָב שוין אַ קאָנטאַקט.

בלייבט ער שטיין, בלייך, ווי פּאַפּיר. עס באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף זיין שיין פּנים.

— צי דען איז עס ריכטיק? — כאַפּט ער מיך אַריין אין זיינע אָרעמס — אַ דאַנק דיר, ברודער!

איך מוז אים אָפּשטופּן, איך זאָג אים, אַז מען דאַרף עס נישט באַמערקן, מען וועט נאָך מיינען, אַז מיר זיינען פּעדעראַסטן. דער מין האָט ביי אונדז נישט געפעלט, איבערהויפּט צווישן די קאַווקאַזער פעלקער.

ווען איך האָב גערעדט מיט קערימען, האָב איך שוין געהאַט אַ קאָנטאַקט. ביים מיידל פון דער קאַפע האָב איך יעדעס מאָל געפרעגט דאָס זעלבע: זי זאָל מיך באַקענען מיט עמיצן פון דער „רעזיסטאַנס". און יעדעס מאָל האָט זי מיר געענטפערט: „האָב געדולד".

איינמאָל, ווען זי האָט מיך סערווירט אַ גלאָז ווייַן, גיט זי מיר אַ ווונק אויף אַ מענטשן. איך גיב אַ קוק — איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל באַמערקט, אים אפילו געשאָנקען אַ סיגאַרעט. קענטיק אָבער, אַז זי האָט שוין מיט אים דורכגעשמועסט. ער גיט אַ קוים מערקבאַרן שאָקל מיטן קאָפּ און גייט אַרויס פון קאַפע. איך קוק זיך גוט אַרום אין קאַפע אויף די עטלעכע אַנגעטרונקענע דייטשן. ביי אַ טישל — עטלעכע טאָ־טאַרן. איך טרינק אויס מיין גלאָז און גיי אַרויס. און אַ געדאַנק איז געווען ביי מיר, אַז איצטער, אין דער פינצטער, ווער ווייס אויף וועמען איך קאָן אַרויפטאַנצן, אויב דאָס איז אונטערגעשיקט פון די דייטשן...

אין דרויסן קוק איך זיך גוט אַרום. מען זעט קיינעם נישט. עס איז מיר געבליבן אַ געצויגע שעה צו קומען צו דער צייט אין קאַזאַרמע. איך הייב אָן גיין אין דער ריכטונג פון דער קאַזאַרמע. איך שפּיר, אַז מען גייט מיר נאָך. אַ פּאָר מאָל קער איך זיך אום פאַרזיכטיק, קוק אַריין כלומרשט אין די וויטרינעס. איך מערק עטלעכע פראַנצויזן, אָבער נישט דעם, וועלכן איך זוך. עס איז געווען אומגעפער אַ קילאָמעטער גאַנג. און אָט געפין איך זיך שוין אַ פּאָר הונדערט מעטער פון קאַזאַרמע, איך דאַרף נאָר אַריבערגיין דאָס לעצטע געסל. איך קער זיך אום און זע די זעלבע דריי פראַנצויזן. פּלוצלונג הער איך פון געסעלע אָן אומבאַקאַנטע שטימע, אויף רוסיש, און דאָך דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב שוין די שטימע גע־הערט. איך שטעל זיך אָפּ. די זעלבע שטימע זאָגט מיר: „קום אַריין אַביסל טיפער, ווייל דאָרטן גייען צופיל מענטשן". דערביי באַלייכט ער זיך מיט אַ טאַשן־לעמפּל דאָס געזיכט. איך דערקען דעם, וואָס האָט מיך אין קאַפע אַ ווונק געגעבן. אַ נידעריקער, אַ פעסט־געבויטער. ער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַרן הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון די אַנטלאָפענע וולאַסאָווסקע אָפּטיילונגען. ער האָט געאַרבעט אונטערן דירעקטן באַ־פעל פון איינעם פון די שעפן פון דער „רעזיסטאַנס" פון דער געגנט אין האָט־לואַר. אַ רוסישער עמיגראַנט, מיכאַיל אגארין. זיין פּסעוודאָנים איז געווען פאַר אונדז — מיקאָ. ער האָט אוודאי געהאַט אַ סך פּסעוודאָנימען.

אַ ווייַלע לאָזט ער מיך איבער און גייט צו צו די דריי פראַנצויזן, וואָס זיינען מיר אַקאָרשט נאָכגעגאַנגען. זיי זיינען געווען נישט שלעכט אָרגאַניזירט. די דריי זיינען געווען — אַ דעקונג. יעדער פון זיי האָט גע־האַט צו צוויי פּיסטאָלעטן, מיט צוויי „לימאָנקעס". (גראַנאַטן). מיט זיי־ער נאָכגיין, האָבן זיי זיך פאַרזיכערט, צי קיינער שפּירט אונדז נישט נאָך. דער ערשטער האָט זיי עפּעס אַ זאָג געטאָן, און אַליין איז ער צו צו מיר. בעת־מעשה רעדט ער מיט מיר וועגן סיגאַרעטן, זייף, מאַרמע־לאַדע — אַלץ געשעפטן פון שוואַרצן מאַרק. ווייל די דייטשן גופא, און

פיל אונדזערע לעגיאָנערן, וואָס האָבן נישט גערויכערט, האָבן די סי־גאַרעטן אויסגעטוישט אויף כלערליי זאַכן. די קאָמאַנדשאַפט האָט גע־קוקט אויף דעם צווישן די פינגער.

דעם מיידל פון דער קאַפע האָב איך קלאָר געזאָגט, וואָס איך פאַרלאַנג פון איר — פאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטיזאַנער! איך האָב אין דעם מאָמענט פאַרשטאַנען, אַז ער פּרוּווט מיך אויס. זאָג איך אים:

— איר ווייסט גאַנץ גוט, נאָכוואָס מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן, שפּילט נישט קיין קאָמעדיע.

בלייבט ער שטיל און זאָגט מיר:

— איך ווייס, אַז דו דאַרפסט באַלד צוריקגיין אין קאַזאַרמע. איך רעד מיט דיר נישט אָפּ, נאָר קום, ווען וועסט האָבן צייט, אין דער זעלבער קאַפע.

שוין זייענדיק אין שעדלעץ, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז עס וועט מיר אַצינד נישט זיין שווער פּטור צו ווערן פון די דייטשן; און ביים אָפּ־טראָגן זיך — אַוועקלייגן אַביסל נאַציס. אָבער אַז זיי וועלן אונדז ברענ־גען קיין פראַנקרייך, דאָס איז אונדז נישט איינגעפאַלן. די ערשטע צייט בין איך דאָ געווען אַביסל דעזאָריענטירט. אָבער אַצינד, אַז איך האָב דאָס מיידל, וואָס רעדט דייטש, און אויך אַ רוס, מיט וועמען איך קאָן רעדן — ער וועט זיין מיין רעטונג. איך האָב נאָך אַביסל מורא געהאַט, פונדעסטוועגן האָט עס מיך צו אים געצויגן. פון דערפאַרונג האָב איך געוווּסט, אַז די דייטשן שיקן אַריין צווישן די קריגס־געפאַנגענע פּראָ־וואָקאַטאָרן, אויסצוגעפינען יידן, קאָמיסאַרן, איבערהויפּט צווישן די לע־גיאָנערן.

אַזוי האָב איך זיך מיט אים געטראָפן דריי־פיר מאָל. ביז איין מאָל האָט ער מיר באַשטימט אַ באַגעגעניש, און דעמאָלט האָט ער שוין גערעדט מיט מיר אינגאַנצן פריי. דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון פעברואַר 1944, בערך אַ חודש נאָכדעם, ווי מ׳האָט אונדז געבראַכט קיין פראַנקרייך. איך האָב געזען, אַז ער איז נישט אַליין. פון אַלע זייטן דרייען זיך אַרום פראַנצויזן. ער זאָגט מיר:

— שטעלסט זיך מסתמא פאָר, אַז אויב איך האָב אָפּגערעדט מיט דיר צו טרעפן זיך, איז עס צוליב וויכטיקס. דו זעסט די מענטשן? דאָס זיינען פראַנצויזישע פּאַטריאָטן. דיינע אָפיצירן רופן זיי: באַנדיטן. ענטפער מיר קלאָר און אָפן: ווילסט אָפּוואַשן די שמוץ, וואָס האָסט אָנ־געטאָן די נאַציִשע אוניפאָרם?

— איך האָב זיך פאַרגעשטעלט מיט וועמען איך גיי זיך טרעפן — ענטפער איך — דעריבער איז אַזאַ פראַגע איבעריק.

און איך האָב אים געזאָגט, אַז כ׳בין גרייט אויסצוטאָן די דייטשע אוניפאָרם און אָנטאָן אַן אַנדערע. האָט ער געפרעגט: מיט וואָס קאָן איך דאָס דערווייזן?

— איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איר וועט מיר באַפעלן.

— מיר ווייסן — זאָגט ער — אַז איר שטייט אויף דער וואַך ביי סקלאַדן מיט געווער. צום געווער איז שווער צוצוקומען, די טויערן זיינען גוט פאַרשלאָסן, עס איז אויך פאַראַן אַן אַלאַרם־סיסטעם. די קעסטלעך רוסישע אַמוניציע זיינען נישט שטאַרק געהיט, ווייל די דייטשן נוצן עס נישט. אָבער מיר האָבן רוסישע ביקסן און פאַר אונדז איז וויכטיק צו קריגן די אַמוניציע. באַזאָרגט אונדז עטלעכע קעסטלעך. דאָס וועט זיין פאַר אונדז אַ גאַראַנטיע, אַז איר זייט מיט אונדז.

ער האָט מיך אויך געפרעגט, צי קאָן איך זיי פאַרבינדן מיט אַנדערע חברים. איך האָב אָפּגערעדט אַז אין פאַל, ווען איך וועל זיך מיט אים נישט קאָנען טרעפן, וועל איך איבערלאָזן אַ צעטעלע אין אַ באַשטימטן אָרט, און אים געבן צו וויסן, ווען איך וועל שטיין אויף דער וואַך ביים אַמוניציע־סקלאַד, און אים איבערגעבן דאָס, וואָס ער פאַרלאַנגט.

אין דריי טעג אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך וועל שטיין אויף דער וואַך ביים סקלאַד. איך האָב געהאַט נאָך אַ גליק — דער צווייטער איז שוין אויך געווען מיינער אַ מענטש, קערים, דער טאַטאַר. ער האָט מיר געהאָלפן דאָס דורכפירן. ער האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט אַנדערע, צו וועלכע ער האָט געהאַט צוטרוי. אַזוי אַרום, אַז מיר זיינען שוין געווען אַ גאַנצע גרופּע, גרייט דורכצופירן אַלץ און צו אַנטלויפן.

און טאַקע מיט דער הילף פון דעם טאַטאַר, האָב איך אַרויסגע־טראָגן צוויי קאַסטנס מיט פּאַטראָנען און זיי אַוועקגעטראָגן 200 מע־טער ווייטער, אין אַן אָרט, ווו די פּראַנצויזן האָבן געוואָרפן מיסט. מיר האָבן די קאַסטנס פאַרשטעקט אונטערן מיסט, ווי ס׳איז געווען אָפּגערעדט. מיר האָבן אויסגעפילט די ערשטע אויפגאַבע, און די ווידערשטענדלער האָבן געקראָגן צו אונדז צוטרוי.

איין מאָל גיי איך אין גאַס, און פאַר מיר גייט אַ פרוי מיט אַ מאַן. די פרוי איז, געווען אַ טויבלעכע, און דער מאַן האָט איר אַריינגע־שריגן אין אויער. איך הער ווי ער שרייט צו איר:

— ציפּע, האָסט שוין אָנגעגרייט מצה ?

— איך האָב געבעטן וועלוולען — ענטפערט זי — און ער וועט שוין צוגרייטן...

איך האָב דערזען מיינע יידישע ברידער און שוועסטער, אָבער איך קאָן צו זיי נישט צוגיין. זיי האָבן דערזען, אַז הינטער זיי גייט אַ „דייטש", האָבן זיי זיך דערשראָקן. דער מאַן זאָגט: זיי פאַרזיכטיק הינטן גייט אַ יעקע. איך הער ווי זי ענטפערט אים: זאָל ער גיין אין דר׳ערד... און ביי זיך גיב איך זיך אַ טראַכט... ווען איר ווייסט ווער איך בין...

איך בין אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט גאַס און זיך געמאַכט, אַז איך באַמערק זיי נישט. אָבער מיטן זייטיקן בליק, האָב איך געזען וווהין זיי גייען, און איך בין זיי נאָכגעגאַנגען. דער מאַן איז, זעט אויס, נישט געווען קיין נאַר, און האָט זיך געכאַפּט, אַז איך גיי זיי נאָך. דערפאַר זיינען זיי נישט אַריין צו זיך אין שטוב, נאָר

געגאַנגען ווייטער. איך בין אַריין אין אַ קאַפע און דורכן פענצטער האָב איך זיי אָבסערווירט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען אַריין אין זעלבן הויז, וווּ איך האָב זיך געטראָפן מיטן רוס; הייסט עס, אַז אין דעם הויז זײַנען פאַראַן יידן.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער דייטשער קאָמענדאַנט פון שטעטל האָט זיך באַצויגן גענוג ליבעראַל צו די יידן. ווען ער האָט באַקומען אַ געהיימען באַפעל צו זוכן יידן, פלעגט ער געבן צו וויסן באַצייטנס, אַז די יידן דאַרפן „פאַרשווינדן". אַז ס'איז שטילער געוואָרן, האָט ער געגעבן צו וויסן, אַז זיי קאָנען קומען צוריק. דערפאַר טאַקע זײַנען אין יענער געגנט לעבן געבליבן אַ סך יידן. דער דייטש לעבט נאָך הײַנט. יידן האָבן עדות געזאָגט לטובת אים. דאַכט זיך, אַז ער האָט גע־הייסן סמעלינג.

קענטיק, אַז דער רוס איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט די טאַטאַרן פון וואָלגאַ־לעגיאָן. אין אַ געוויסן טאָג פון חודש מערץ 1944 האָט מען אַרעסטירט אַ טאַטאַר פון אַ צווייטער ראָטע. איך האָב אים נישט געקענט. בעת דער רעוויזיע האָט מען ביי אים געפונען צוויי גראַנאַטן און אַנטי־נאַצישע ליטעראַטור. אַרויסגע־געבן האָט ער, קענטיק, קיינעם נישט, ווייל מ'האָט, אויסער אים, קיי־נעם נישט אַרעסטירט. אין 7 טעג אַרום האָט מען אונדז געפירט צום עקזעקוציע־פּלאַץ, וווּ דער טאַטאַר איז דערשאָסן געוואָרן. דער ספּעק־טאַקל איז געמאַכט געוואָרן אונדז אָפּצושרעקן.

מען האָט אונדז איינמאָל אויסגעשטעלט אין רייען ביי דער קאַזאַר־מע, און אונדז געמאָלדן, אַז עס דאַרף קומען אַ גרויסער שעף. איך הער ווי די איבעריקע שושקען זיך, און איך פאַרשטיי נישט ווער עס קומט. פרעגן וויל איך נישט, ווייל ס'וועט מאָדנע אויסזען. אַלע ווייסן און איך — נישט. מיר שטייען אָפּ אַ שעה, צוויי. אַנדערע הייבן שוין אָן צו בורטשענען. באַשליסן זיי אויפצולייזן די ראָטע אויף אַ געוויסער צייט, און ביים ערשטן פייף, זאָלן זיך אַלע אָוועקשטעלן אויף זייערע ערטער.

קודם לויף איך זען קערימען און ער דערציילט מיר, אַז עס דאַרף קומען דער גרויס־מופטי פון ירושלים, אַמין עס הוסייני. ער קומט צו די מוסולמענער, דער גרויס־מופטי.

וואָס וווּנדערסטו זיך ? — זאָגט ער — ער איז אַ גרויסער פריינט פון היטלערן. אין בעלגיע האָט מען אויף אים געשאָסן.

— האָסט אים קיינמאָל נישט געזען קיין לעבעדיקן ?

— ניין, אפילו נישט אויף קיין פאָטאָ.

עס דערמאָנט זיך מיר, אַז איך האָב אים יאָ געזען אויף אַ פאָטאָ, אין די דרייסיקער יאָרן, אין דער יידישער פּרעסע אין ליטע, בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען אין פּאַלעסטינע. אָבער אים זאָג איך גאָרנישט. מיר שטייען אין אַ ריי צו דריי. און די ריי איז גאַנץ לאַנג. מיר זײַנען

ביי אַ 700 מאַן, אויסער די, וואָס זיינען אויף די פּאָסטנס און אין שפּיטאָל. דערווייל הערן מיר אַ פייף, און מיר לויפן אַלע אויף אונדזערע ערטער. מען הייסט אַלעמען זיך שטעלן אין אַ ריי צו 5, כדי מיר זאָלן אים אַלע קאָנען אָנקוקן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען אין די הינטערשטע רייען.

דער אָרקעסטער שפּילט אויף אַ דייטשן מאַרש. און צו אונדז גיט מען אַ געשריי:

— אַכטונג! סמירנאַ!

מיר זעען עס גייט אַ גאַנצע סוויטע. פאָרויס גייט אונדזער מולאַ, לעבן אים פון זיין זייט — אַ צווייטער, אָן ענלעכער אויף אונדזער מו־לאַ, מערנישט עטוואָס נידעריקער, אין אַ שוואַרצן כאַלאַט, מיט אַ ווייסן באַסמאַק. לעבן אים גייט אונדזער שעף פון לעגיאָן. לעבן אונדזער מולאַ — דער קאָמענדאַנט פון שטעטל לע פּי. עס האַלט פאַר אונדז אַ קליינע רעדע דער שעף פון לעגיאָן. ער רעדט אין דייטש און דער דאָלמעטשער גיט אונדז איבער אין רוסיש. איצט רעדט דער גרויס־מופטי. דאָס זעלבע לידל: קעגן באָלשעוויזם.

— יידן און באָלשעוויקעס — זאָגט ער — זיינען די הויפּט־שול־דיקע אין קריג.

נאָך די רעדעס דאַרפן מיר דורכפירן די תפילה. ער גיט עפּעס אַ זאָג צום מולאַ, דער מולאַ — צו אונדז. איך זע, אַז אַלע טוען אויס די שיך. איך — אויך. אַלע שטעלן זיך אויף די קני. דער מולאַ מיטן גרויס־מופטי — די ערשטע. איך זע מיינע שכנים פון רעכטס און פון לינקס לייגן אַריין די גראָבע פינגער אין די אויערן און מען בוקט זיך און מען זאָגט עפּעס וואָס, נאָר מערסטנטייל הערט מען: אַללאַ! אַללאַ! און איך שריי נאָך העכער ווי די איבעריקע.

די צערעמאָניע האָט זיך באַלד געענדיקט, און מיר קריגן צוגעאָב־לעכע סיגאַרעטן מיט פּעקלעך טאַבאַק. אייניקע פרעגן די טאַטאַרישע אונטער־אָפיצירן:

— אפשר קומט מאָרגן נאָך אַ מופטי?...

## קאַפּיטל 25

## אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג

אויסער האַלטן וואַך, פלעגט מען אָפט אַרויספאָרן אין דער געגנט אַרום שטעטל לע־פּי. איך האָב זיך אַמאָל צופעליק צוגעהערט אַ גע־שפּרעך צווישן אַ דייטשן קאַפּיטאַן מיט צוויי אָבער־פעלדפעבלס. ער האָט זיי דערקלערט, פאַרוואָס מען פירט אונדז אַרויס אין דער אַרומי־קער געגנט, און מיר איז באַלד אַלץ קלאָר געוואָרן. איבערדערציילט

האָב איך עס נאָר פּאָר עטלעכע, צו וועלכע איך האָב געהאַט צוטרוי. מען פירט אונדז אַרויס אין דער געגנט פון לע פּי און אין די שכנות־דיקע דעפּאַרטאַמענטן. ערשטנס אין פאַל, אַז אויב מיר וועלן דאַרפן קעמפן מיט די „טעראָריסטן", אָדער אין פאַל, פון אַ דעסאַנט פון דער לופטן דורך די אַלירטע; און צווייטנס צו באַווייזן, אַז זיי האָבן גענוג מיליטער כדי אומעטום צו זיין. מיר זיינען עטלעכע מאָל אַרויסגעפאָרן אויף אָפּעראַציעס, דאָס הייסט, אַז עמיצער האָט געמסרט, אַז דאָ באַהאַלטן זיך טעראָריסטן. נאָר צו מיין גליק, פלעגן מיר געפינען נישט מער ווי שפורן. שטעלט זיך פאָר מיין לאַגע, ווען איך וואָלט געדאַרפט פירן אַ קאַמף מיט דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס.

אין די לעצטע טעג פון מערץ איז געווען אַן אַלאַרם. מען וועקט אונדז אויף אין מיטן נאַכט און מען זעצט אונדז אַריין אין לאַסט־אויטאָס. וווהין פאָרט מען? יעדער האָט צוויי גראַנאַטן, די קאַסקעס אויפן קאָפּ. אַלע שווייגן. אַלע ווײַלע שטעלן זיך די לאַסט־וועגן אָפּ. מען פאָרט אַזוי ביז פאַרטאָג. מען הייסט אונדז אויסשטייגן. עס גייט צו אַ פעלדפעבל, שמוציק, די אויגן זעען זיך נאָר אַרויס. איך הער, ווי ער זאָגט צו אונדזער דייטשן אונטער־אָפיציר, אַז מיר זיינען געקומען צו שפּעט, ווייל זיי האָבן זיך דאָ געשלאָגן אפשר 3—4 שעה. אַז מיר זיינען אַראָפּ פון די אויטאָס, האָבן מיר דערשפירט אַ גערוך פון פאַרברענט האָלץ. ס'איז ביסלעכווייז ליכטיק געוואָרן און מיר דערזעען אַ גרויסן אָפּגעברענטן סאַראַי. ס'איז צו מערקן, אַז דאָ האָט מען זיך געשלאָגן. אין אַ זייט ליגן 4 דייטשן, איבערגעדעקט מיט זייערע מאַנטלען. עס ליגן אויך צוויי טויטע פון די פאַרטיזאַנער, דורכגעלעכערט פון דייטשע קוילן. איך האָב זייביידן נישט געקענט, איך האָב אָבער געפילט צו זיי אַ גרויסע נאָענטקייט. און גיב אַ טראַכט: גענוג, איך מוז וואָס גיכער זיין צווישן די, וואָס קעמפן פאַר אונדזער אַלעמענס פרייהייט!

אָבער דאָס אַנטלויפן האָט זיך נאָך פאַרצויגן. איך האָב געהאַט די אויפגאַבע אַרויסצופירן אַ וואָס גרעסערע גרופּע, באַוואָפנט מיט געווער און אַמוניציע. מיר האָבן זיך געגרייט לאַנגזאַם, זייער פאָרזיכטיק. צום גליק, האָבן זיך די דייטשע און טאַטאַרישע אונטעראָפיצירן נישט געקאָנט פאַרשטענדיקן. אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דאָלמעטשערס. איך האָב אָבער פאַרשטאַנען וואָס די דייטשן רעדן צווישן זיך.

ערשט סוף מערץ איז מיר געלונגען אַריבערצושיקן אַ היפּשע גרופּע, גוט באַוואָפנטע סאָלדאַטן צו די פאַרטיזאַנער. 28 מאַן. מיין חבר, דער טאַטאַר קערים, איז קודם אַוועק מיט זיי. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן רעש. זיי האָבן אַרעסטירט דעם געהילף־שעף פון דער דריטער ראָטע. אַ לייטענאַנט. אַ וואָך צייט האָט אים די געשטאַפּאָ געפּרעשט. ער האָט אָבער געוויזן דעם אויסטאַטוּאירטן ברוסט־קאַסטן מיטן דייטשן אָדלער און האַקנקרייץ, און דאָס האָט אים געראַטעוועט

דעם קאָפּ. מען האָט אים אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד, אין הויפּט־שטאַב פון ר. אָ. אַ. אין שטאַב פון די וולאַסאָווצעס.

מיט אָט די לייט, די וולאַסאָווצעס, בין איך געשלאָפן אויף די זעלבע נאַרעס, געלעבט מיט זיי אונטער איין דאַך. אַז מ׳האָט געמאַכט אַ שנאַפּס, איז די צונג געוואָרן לויזער, כאָטש געוויינטלעך זיינען זיי געווען פאַרשלאָסענע. אָבער אין שיכורן צושטאַנד האָבן זיי געעפנט אַ שפּעלטל פון דער נשמה — מערדער, סאַדיסטן, אָדער סתם אַוואַנטור־ריסטן. פונדעסטוועגן זיינען געווען פיל, וואָס זיי האָט געמאַטערט דאָס געוויסן, וואָס זיי טראָגן די דייטשע אוניפאָרם

טאַקע זיי זיינען ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער. אָבער אויך דאָרט האָט מען אָפט קיין צוטרוי נישט געהאַט צו זיי. זיי זיינען געגאַנגען אין קאַמף קעגן די דייטשן, אַרומגערינגלטע. דאָס הייסט, אויף יעדע 5 אָדער 6, איז פון הינטן געגאַנגען אַ פּאַרטיזאַן, און געהיטן זייער יעדן קער, טאָמער פאַראַטן זיי.

די דייטשן האָבן זיך געפונען אין אַ מאָדנע לאַגע מיט זייערע וולאַסאָווצעס. זיי האָבן געפילט, אַז די ערד ברענט אונטער זייערע פיס. עס איז אַראָפּגעקומען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט מיט אַ גאַנצער קאָמאַנדאָ טעכ־ניקער. אויפן הויף האָבן זיי אונדז געוויזן אַ פילם קעגן יידן. אויפן עקראַן האָט זיך אויך געוויזן וולאַסאָוו אַליין, דער פּראָפּאַגאַנדיסט און האָט געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט געזאָגט :

„איר זעט פאַר זיך דעם רוסישן גענעראַל וולאַסאָוו, וואָס איז פרייוויליק אַריבער אויף דער זייט פון געניאַלן פירער אַדאָלף היטלער. כדי צו קעמפן קעגן ענגליש־אַמעריקאַניש־יידישן קאַפּיטאַליזם און יידישן באָלשעוויזם״...

זיי האָבן אונדז אויך געוויזן די סאָוויעטישע פאַרברעכנס. איך דערמאָן זיך דערביי, אַז אין אַ זונטיק, ווען מיר זיינען נאָך געווען אין לאַגער אין רוסלאַנד, האָט מען אונדז, אַ מאַן 50, אַרויפגעזעצט, אונ־טער אַ שטאַרקער וואַך, אויף צוויי לאַסט־אויטאָס און געבראַכט אין דער געגנט פון סמאָלענסק. מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ וואַלד, פריש אויסגעהאַקט. אומעטום איז פול געווען מיט ס. ס.־לייט. מען האָט אונדז צוגעפירט צו אַ גרויסער גרוב, און מיר האָבן שוין פון דער וויטנס דערפילט אַ שרעקלעכן ריח פון פאַרפוילטע מענטשלעכע גופים. מיר גייען צו נענטער און זעען טויזנטער טויטע, די הענט ביי יעדן געבונדן פון הינטן. אַ דייטש דערקלערט אונדז, אַז דאָס זיינען דערשאָסענע פוילישע אָפיצירן. דאָס האָבן די באָלשעוויקעס זיי דערשאָסן פאַרן אָפּ־טרעטן פון דער געגנט. זיי ווייזן אונדז די דאָקומענטן, פויליש פּאַפּיר־געלט, קנעפּלעך פון פוילישע מונדירן. דאָ זיינען דערשאָסן געוואָרן 15 טויזנט פוילישע אָפיצירן. דאָס איז געווען — קאַטין.

ס׳האָט אויף אונדז געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם. און איך האָב זיך געשטעלט די פראַגע : ווי קומט עס ? מיר זיינען אין חודש יוני 1943,



דער דאָקטער גאָדאַין, אַ בעסאַראַבער ייד מיט גרעגאָרן.
קראַפּאָן, לואַר. אָקטאָבער 1944 פראַנקרייך.

MODÈLE N° 1.

OFFICE NATIONAL
DES
ANCIENS COMBATTANTS
ET
VICTIMES DE GUERRE

Office départemental
de HAUTE-LOIRE

RÉPUBLIQUE FRANÇAISE

16[illegible]

**CARTE DE COMBATTANT**
**VOLONTAIRE DE LA RÉSISTANCE**
délivrée à

Mr. R I T V A S
Prénoms : Grigori
Domicile PARIS (20°) 2 Rue Lippmann
Né le 1.1.1916 à SARATOW (Russie
A LE PUY le [illegible] 1953.

Le titulaire,

[illegible]
Le Secrétaire Général,





*Le même homme au service d'une même cause. Gehlen (l'officier de face à gauche) avec les officiers « Vlassovistes » en uniforme allemand durant la guerre contre l'Union Soviétique. Et Gehlen, chef des services d'espionnage de la République Fédérale Allemande.*

**דער אמתער שעף פון די וולאַסאָוועצעס. גענעראַל געלען צווישן די שטאַבס־לייט**
**פון ר. אָ. א. אין שעדלעץ פּוילן אין 1943.**

דאס הייסט, אז די געגנט איז שוין באלד צוויי יאר אין דייטשע הענט. און די קערפּערס זיינען נאך אזוי פריש ? קענטיק, אז די זעלבע פראגע האבן זיך געשטעלט א סך, אבער קיינער האט גארנישט געפרעגט. די געשטאפּאווצעס האבן אונדז דערקלערט, אז דא זיינען שוין געווען מע־דיציניש געלערנטע פון גאנץ אייראפּע. מען האט פעסטגעשטעלט, אז די קערפּערס זיינען נישט פארפוילט, ווייל דער באדן דא אין וואלד איז אזא, אז ער קאנסערווירט. איך האב געהאט א געפיל, אז דערשאסן האט מען זיי אין איין ארט און דערנאך געבראכט אהער און געלייגט זיי אין גליי־כע רייען. איך האב שוין געוווסט פון אלע דייטשע פּראוואקאציעס, מער־דערייען, מאסן־מארדן, פונדעסטוועגן האט זיך צו מיר אריינגעכאפּט א צווייפל. עס קאן זיין, אז דאס האט טאקע געמאכט די נ. ק. וו. ד. עוואקואירן זיי האט מען נישט געקאנט, און איבערלאזן אזעלכע טויט־שונאים פון ראטנפארבאנד, ווי אט די פוילישע קאדראווע אפיצירן, אין טיל פון פראנט, איז אויך געווען א גרויסע געפאר. האט מען זיי ליק־ווידירט ! אין יענער צייט האבן מיר נאך נישט געוווסט וועגן די קאנ־צענטראציע־לאגערן, וואס די דייטשן האבן אויפגעשטעלט אין פוילן, די פאבריקן פון טויט.

אין דער דייטשער ארמיי זיינען שוין פון פריער, איידער וולאסאוו איז אריינגעפאלן אין דייטשער געפאנגענשאפט, געווען רוסישע אפיציי־רן, אנגעפירט פון רוסישע און דייטשע אפיצירן. אבער א גענעראל פון דער רויטער ארמיי, וואס זאל טריי דינען היטלערן, דאס איז געווען עפּעס איבער אונדזערע באגריפן. מיטן קומען פון וולאסאוון, האבן אלע רוסישע אפטיילונגען זיך גענומען רופן וולאסאווצעס. אין די ערש־טע טעג פון קריג זיינען געווען פאלן, ווען גאנצע דיוויזיעס זיינען אריבער אויף דער זייט פון די דייטשן. פארן אריבערגיין האבן די רוסן אליין דערשאסן זייערע אפיצירן, די פאליטישע אנפירער. איבערהויפּט האט עס פאסירט אין ליטע, ווו דער 29־טער קארפּוס איז אריבער צו די דייטשן אן איין שאס. אויך אין מערב־אוקראינע זיינען עטלעכע אוקראינישע דיוויזיעס אריבער צו די דייטשן. דאס איז געווען דער פונדאמענט פון דער ר. א. א.

ווען די דייטשע ארמיי האט דערגרייכט קאווקאז, זיינען גאנצע מיליטערישע אפטיילונגען, גרוזינער, טשערקעסן, לעזגינער, דאגעסטא־נער, אריבער אויף דער זייט פון שונא. זיי האבן געהאפט, אז מיט דער דייטשער הילף, וועלן זיי שאפן אן אומאפהענגיקע קאווקאזער רעפּובליק. אויך פון די דאזיקע זיינען געשאפן געווארן וולאסאווסקע אפטיילונגען. זיי האבן זיך צוערשט גערופן : דייטשע געהילפס־ארמיי. עס איז אפילו געווען א קאזאקן־דיוויזיע אויף פערד, אין דייטשע אוניפארמען, מיט קובאנקעס. אויף די קרעגעלעך האבן זיי געטראגן פארשידענע אפצייכנס. אז די דייטשן האבן אפגעהאלטן נצחונות אויפן פראנט, פלעגן אט די וולאסאוו־אפטיילונגען, אנגעפירט דורך אפיצירן פון ס. ס. אטאקירן די

פּאַרטיזאַנער־באַזעס. זייערע גאַרניזאָנען זיינען מערסטנס געשטאַנען אין אַזעלכע ערטער, ווו עס האָבן זיך געפונען פּאַרטיזאַנער. די דייטשע אַרמיי איז שוין געווען נישט ווייט פון באַקו, ביי די טויערן פון סטאַלינגראַד. זיי האָבן פאַרנומען אַ שטח, פיר מאָל אַזוי גרויס ווי פראַנקרייך. אָבער די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. נאָך פאַר דער מפּלה פון סטאַלינגראַד, איז שוין פאַר דער דייטשער אַרמיי דאָס הינטערלאַנד געווען אַ פראָנט. מען האָט זיך קעגנזייטיק געמאָרדעט. אומעטום האָבן די דייטשן געמוזט איבערלאָזן גאַרניזאָנען.

נאָך דער מפּלה ביי סטאַלינגראַד איז די וולאַסאָוו־אַרמיי געווען פאַר די דייטשן ווי אַ בומעראַנג. אַ גרויסער טייל פון די וולאַסאָווצעס זיינען באַשטאַנען פון קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבן פּשוט געוואָלט ראַטעווען זייער לעבן. זיי האָבן געטראַכט: ביי סטאַלינען בין איך סיי ווי אַ פאַרעטער, מיטן פאַקט, וואָס איך בין אַ געפאַנגענער. טאָ צו וואָס שטאַרבן פון הונגער אין לאַגער? דערווייל גיי איך אין וולאַסאָווס־אַרמיי, פאַרשטייט זיך, אונטער אַ פאַלשן נאָמען, און דערנאָך וועלן מיר זען.

אַז דער פראָנט האָט זיך סטאַביליזירט און פון יענער זייט האָט מען אָנגעהויבן פאַראַשוטירן ספּעציעל צוגעגרייטע קאָמאַנדירן, פּאָליטישע קאָמיסאַרן, האָט זיך שוין אין יאָר 1943 אָנגעהויבן אַ מאַסן־דעזערציע פון דער וולאַסאָוו־אַרמיי. גאַנצע אָפּטיילונגען זיינען אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. מען האָט דערציילט אַ פאַל, אַז אַ גאַנצער פּאָלק קאָזאַקן איז אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן דערהרגעט 32 דייטשע אָפיצירן. זיי זיינען אַוועק אין פולער באַוואָפענונג, מיטנעמענדיק אפילו 4 האַרמאַטן.

און דערפאַר האָבן אפשר די דייטשן די וולאַסאָוו־אָפּטיילונגען גענומען אַריבערשיקן אין די אָקופּירטע לענדער, כדי דאָרט צו קעמפן קעגן די ווידערשטאַנדלער.

אַזוי אַרום, אַז די וולאַסאָוו־באַוועגונג איז ענג פאַרבונדן מיט סטאַלינס פאַלשער איינשטעלונג בנוגע די קריגס־געפאַנגענע.

כאָטש מענטשן, אין די טויזנטער, זיינען געפאַלן מיטן אויסגעשריי: „פאַר סטאַלינען! פאַרן פאָטערלאַנד". סטאַלין איז אָבער געווען דער, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט די פאַרטיידיקונגס־קראַפט פון דער רויטער אַרמיי. ער האָט נאָך פאַרן אויסברוך פון קריג פאַרניכטעט פון 60 ביז 70 פּראָצענט פון די בעסטע און געטרייסטע סאָוויעטישע אָפיצירן, צווישן זיי די באַרימטע יידישע גענעראַלער שטערן, יאַקיר, פעלדמאַן, שמושקעוויטש. זיי האָבן געהאַט געענדיקט די העכסטע מיליטערישע שולן, די אַקאַדעמיע. כרושטשעוו דערציילט אין איינע פון זיינע רעדעס, אַז אויף אַ פאַרזאַמלונג פון קאָמאַנדירן פון 283 פּאָלקן אין יאָר 1941, צונויפגעפאָרענע פון גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד, איז קיין איינער נישט געווען,

וואָס זאָל האָבן פאַרענדיקט אַ מיליטערישע אַקאַדעמיע. מען זאָל נעמען אין באַטראַכט, אַז די קאָמאַנדירן פון די פאַלקן זייגען, מינדעסטנס, געווען פאַד־פאַלקאָוניקעס, קאָן מען זיך פאַרשטעלן דעם חורבן, וואָס סטאַלין האָט אָנגעמאַכט אין דער רויטער אַרמיי. אפילו די, וואָס זייגען געבליבן לעבן, האָבן געלעבט אין פּחד, אַז יעדן מאָמענט קאָן מען זיי אַרעסטירן. דאָס האָט צוגענומען ביי אַלע אָפּיצירן דעם גלויבן אין זיך. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר יעדער זעלבסטשטענדיקער איניציאַטיוו. און וואָס פאַראַ אָנפירער קאָן עס שוין זיין, אַז ער האָט צו קיינעם נישט קיין צוטרוי?

וולאַסאָוו, אַ געבוירענער אין 1901, אין אַ משפּחה פון אייזנבאַנער, אַ קאָלאָס פון 1 מעטער 92 די הויך, איז געווען דער ליבלינג פון סטאַלינען. איליאַ ערענבורג דערציילט, אַז ער האָט געזען וולאַסאָוון אין מערץ 1942. וולאַסאָוו האָט אים דערציילט: „סטאַלין האָט אים דאָס געהייסן מאַכן... יענץ געהייסן מאַכן. ווען כ׳בין אַרויס פון דער אַרום־רינגלונג, האָט מען אויף מיר געקוקט קרום, כ׳האָב געפילט, אַז מען האָט צו מיר ווייניקער צוטרוי. כ׳האָב געכאַפּט אַן אַנגינע, אַרויסגייענדיק פון די זומפּן... ס׳איז געווען גענוג, אַז סטאַלין פּערזענלעך זאָל צו מיר אָנקלינגען און פרעגן וואָס איך מאַך, ווי אַלץ איז געוואָרן אין אָרדענונג״... אין חודש מערץ 1942 האָט מען וולאַסאָוון אַרויסגערופן קיין מאָסקווע און געגעבן אים די וויכטיקסטע אויפגאַבע.

לאָמיר הערן, פון דער צווייטער זייט, וואָס עס דערציילט דער דייטשער היסטאָריקער פון יענער צייט, פּאָול קאַרעל:

„אין מאָמענט ווען מיר האָבן צעקלאַפּט איינע פון די בעסטע רוסישע אַרמייען, אָנגעפירט פון גענעראַל וולאַסאָוו, באַקומען מיר אַ ידיעה דעם 1־טן יולי 1942, אַז מען האָט געפונען דעם טויטן קערפּער פון אַ סאָוויעטישן גענעראַל, און לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, איז עס וולאַסאָוו״.

„דער שטאַב פון 38־טן קאָרפּוס שיקט גלייך אַהין דעם טיכטיקן קאַפּיטאַן פון זיכערהייט־דינסט, שווערדנער. ער קומט אַהין און מען ווייזט אים אַ טויטן קערפּער פון אַ סאָוויעטישן גענעראַל, אומגעפער 1 מעטער 90 די הויך, די זעלבע הויך ווי וולאַסאָוו, פאַרפוילט, נישט צום דערקענען. מיר האָבן אין יענער צייט געהאַט אָפּגעדרוקט וולאַסאָווס בילד אויף אַ פלוגבלעטל, און אין דער געגנט פון וואָלכאָוו פונאַנדער־געוואָרפן עס, צוזאָגנדיק אַ גרויסע פּרעמיע, ווער עס וועט צושטעלן וולאַסאָוון אַ לעבעדיקן, אָדער אַ טויטן. אָבער אַזוי ווי ס׳איז שווער פעסטצושטעלן, אַז דער טויטער קערפּער איז וולאַסאָוו, זעצט דער קאַפּיטאַן פאָר זיין זוכונג. ער קומט אָן מיט זיין אָפּטיילונג אין אַ רוסישן דאָרף. דעם נאָמען פון דאָרף גיט ער נישט אָן. עס קומט אים אַנטקעגן דער נייער סטאַראָסטאַ פון דאָרף, און זאָגט אים, עז ער וואַרט טאַקע אויף אים, ווייל ער האָט פאַרהאַלטן אַ מאַן און אַ פרוי. לויט זיין מיי־

נוגג, מוזן עס זיין פּאַרטיזאַנער. ער פירט אים צו צום סאַראַי, שליסט אויף און גיט אַ געשריי: „גייט אַרויס !". עס גייט אַרויס אַ קאַלאַס פון באַלד צוויי מעטער די הויך, אין אַ לעדערנעם מאַנטל, מיט טונקעלע ברילן, און ווען ער דערזעט דעם אַנגעשטעלטן אויטאָמאַט, זאָגט ער: „שיסט נישט, איך בין גענעראַל וולאַסאָוו".

ווי קומט עס, וואָס אַזאַ ליבלינג פון סטאַלינען, אַזאַ העלד, זאָל ווערן אַזאַ פאַררעטער? דער ענטפער איז: וולאַסאָוו איז טאַקע געווען אין דער פּאַרטיי, ער האָט אָבער געזען אין דער פּאַרטיי נישט קיין אידייע, נאָר ווי אַ לייטער צו מאַכט, ווי סטאַלין אַליין האָט עס געמאַכט. וולאַסאָוון האָט מען אַנגעטרויט אַ געוואַלדיקע אויפגאַבע: דורכברעכן די לענינגראַדער בלאָקאַדע. וואָלט עס אים געלונגען, וואָלט עס געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע באַדייטונג פאַרן ווייטערדיקן גורל פון פראָנט, און מעגלעך אפילו — פאַרן גאַנצן אויסגאַנג פון קריג. דעמאָלט וואָלט די דייטשע אַרמיי איבערגעשניטן געוואָרן אויף דער העלפט, און דעם גאַנצן לינקן פליגל וואָלט געדראָט אַרומגערינגלט און פאַרניכטעט צו ווערן. דאָסגלייכן — דעם צענטער.

די גרויסע דייטשע מפּלה ביי מאָסקווע איז נאָך פריש געווען אין זכרון, און נישט געקוקט אויף די גרויסע דייטשע פאַרשטאַרקונגען, זיי־נען זיי אונטערן דרוק פון די סיבירער פרישע דיוויזיעס, געצוווּנגען געווען אין צענטער אָפּצוטרעטן. די דייטשע אַרמיי האָט געליטן שווערע מפּלות סוף 1941 און אָנהייב 1942. זי האָט נאָך אָבער געהאַט אַ גרויסע איבערגעוויכט אין טאַנקן, אין אַוויאַציע, איבערהויפּט זייערע באַרימטע „שטוקאַס". פון זייער געוואַי האָט מען געקאָנט אַראָפּ פון זינען.

די דייטשע אָנפירערשאַפט האָט געוווּסט די באַדייטונג פון דער שלאַכט ביי וואָלכאָוו. זיי האָבן אין דער שלאַכט געוואָרפן אַזויפיל קרעפטן, אַז וולאַסאָווס אַרמיי איז צעקלאַפּט געוואָרן. און וולאַסאָוו האָט דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז אַנשטאָט אַ גרויסן פינף־קאַנטיקן שטערן אויפן פּאַגאָן, וועט ער קריגן אַ קליינטשיקע קויל אין קאָפּ. אַזוי אַרום האָט ער אויסגעקליבן דעם וועג פון פאַראַט.

סטאַלין איז געווען אַ מענטש אָן געוויסן. היינט ביסטו פאַר אים אַ ליבלינג און מאָרגן — אַ פאַררעטער. ווו עס איז דאָ אַ דערפאָלג, גייט עס אויף זיין, סטאַלינס, נאָמען. איז אַ מפּלה — זוכט מען אַ שולדיקן.

צו דעם האָט וולאַסאָוו זיך דערטראַכט, אַז אויב אַ קאַפּאַראַל קאָן ווערן אַ „פירער", פאַרוואָס קאָן ער, אַ גענעראַל, נישט ווערן דער פירער פון „מאַטושקאַ ראַסיאַ?" דייטשלאַנד וועט אים העלפן. מילא, וועט ער דערפאַר אָוועקגעבן אַ העלפט פון אוקראַינע, די באַלטישע לענדער.

זייענדיק צווישן די וולאַסאָווצעס, פלעגט מען אָפּט הערן רעדן וועגן אים. אויב — האָבן זיי מאָטיווירט — אַזאַ גרויסער גענעראַל פון דער סאָוויעטישער אַרמיי דינט די דייטשן, פאַרוואָס קאָן אַן איינפאַכער סאָל־דאַט נישט טאָן דאָס זעלבע? אָבער די מערסטע האָבן אויסגעמיטן צו

רעדן וועגן אים. אַ סך זיינען אָבער געווען ערגער נאָך ווי די היטלעריסטן. די דייטשן פלעגן טיילמאָל אויף די שווערסטע פּאָזיציעס אַוועקשטעלן וולאַסאָווסקע אָפּטיילונגען. זיי פלעגן זיך פאַרטיידיקן ביזן לעצטן. נישט זיי האָבן גענומען געפאַנגענע און נישט די רוסן האָבן זיי גענומען געפאַנגען. זיי פלעגן זיך איבערטאָן אין סאָוויעטישע אוניפאָרמען און פאַרניכטן גאַנצע שטאָבן. אָנהייב מערץ 1944 האָט אַ וולאַסאָוויעץ דערהרגעט איינעם פון די בעסטע סאָוויעטישע מיליטערישע אָנפירער, גענעראַל וואַטוטין. אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך געמאָלדן אַ פּאָד־פּאָלקאָווניק פון דער גלאָוונער „סטאַווקע" פון מאָסקווע אין שטאָב פון דעם ערשטן אוקראַינישן אַרמיי־קאָרפּוס. דאָס איז געווען אַ וולאַסאָוויעץ. אויף מאָרגן האָט מען געפונען דעם גענעראַל וואַטוטין דורכגעשאָסן מיט פיר קוילן אין קאָפּ. דער איבערגעטוענער וולאַסאָוויעץ האָט אויך פאַרכאַפּט וויכטיקע געהיימע דאָקומענטן און איז נעלם געוואָרן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען געפונען דעם ריכטיקן פּאָד־פּאָלקאָווניק, וואָס מאָסקווע האָט געשיקט, אַ טויטן.

פּונקט ווי ביי די עס. עס. זיינען אויך ביי די וולאַסאָווצעס געווען פרייוויליקע און געצוווּנגענע. די פרייוויליקע צווישן אונדז פלעגן זיך שטענדיק אַרומדרייען, זיך צוהערן, נאָכפאָרשן, צו דעם האָבן די דייטשן אָרגאַניזירט אַן אַפּענע באַנדיטן־גרופּע. זי האָט געהייסן: יעגער־קאָמאַנדאָ. אַ גרופּע פון 35—40 מאַן, רוסן, אוקראַינער, טאַטאַרן, אַרמענער, גרוזינער און עטלעכע דייטשע נאַציס. מערסטנטייל האָבן זיי שוין אַנטיילגענומען אין שלאַכטן, אָדער ביים היטן יידישע געטאָס.

אַז מיר זיינען אַרויס פון קאַזאַרמע אויף איבונגען, אָדער צו מאַכן אַ מאַרש, פלעגן זיי מיט אונדז נישט מיטגיין. אָבער אַז מען איז געגאַנגען אויף אַן אָפּעראַציע, זיינען זיי געגאַנגען די ערשטע. זיי זיינען געווען די אויסשפּירער, אָדער פּאַטרול.

אין מיטן חודש מערץ 1944 איז אַ העלפט פון לעגיאָן אַרויסגעפאָרן אויף אַן אָפּעראַציע אין אַ דאָרף. איך געפין זיך אין דער מיט פון אַ קאַלאָנע פון לאַסט־אויטאָס. עס זיינען געווען 22 לאַסט־אויטאָס. פּלוצים — אַ שיסעריי. מיר פאָרן אַלץ נענטער, רינגלען אַרום דאָס דאָרף פון אַלע זייטן. אָבער קיינער שיסט נישט פון דאָרף. מיר גייען אַריין אין דאָרף, מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. לעבן דאָרף זעען מיר אַ באַרג, ווי ער וואָלט געווען אַ קינסטלעך־אָנגעשאָטענער. די שעפּן קוקן אַלע מיט בינאָקלען, און קענטיק, אַז זיי מערקן קיין זאַך נישט.

איך הער אַ געוויין פון אַ הויז. איך גיי אַריין און זע ווי אַ מאַן האַלט זיך פאַרן האַנט און עס גיסט זיך פון אים בלוט. צוויי פרויען שטייען און ברעכן זיך די הענט. איך קען נישט קיין איין וואָרט פראַנצויזיש. איך בעט זיי אַ האַנטוך און זיי פאַרשטייען מיך נישט. אין דעם מאָמענט גייען אַריין נאָך צוויי פון דער זעלבער גרופּע, צווישן זיי מיין טאַטאַרישער אונטער־אָפיציר. איך פרעג אים, צי דאַרף איך אים העלפן,

מאכט ער צו מיר: „ווי דו ווילסט". און אַליין גייט ער אַרויס. איך גיב מיין קאַראַבין דעם צווייטן טאַטאַר. אַליין רייס איך אַרונטער אַ גאַרדין פון פענצטער און בינד אים פעסט אַרום די האַנט. זאָגנדיק — „דאָק־טער". דאָס וואָרט האָבן זיי פאַרשטאַנען.

מיר האַלטן ביים אַרויסגיין, מיר זעען ווי איינער אַ רוס, אפשר אַ מעטער ניינציק די הויך, גייט אַראָפּ פון די טרעפּ, וואָס פריער האָב איך נישט געמערקט. ער האַלט זיך אין פאַרשפּיליען די הויזן. אין דער הויך הערן מיר דאָס וויינען פון אַ מיידל. איך זע, אַז די קעשענע ביי אים איז פול אָנגעשטאָפּט. פרעג איך אים:

— דאָס איז דיין קאַמפּס־מעטאָד?

— טראָג זיך אָפּ! — מאַכט ער — אַז נישט, זיפּ איך דיר אַדורך מיטן אויטאָמאַט!...

איין האַנט איז ביי אים פאַרנומען פון אַ גאַנצן אַקאַראַק, אַ גע־רויכערטן זשאַמבאַן, און לויט זיין וואָרף מיט דער האַנט דעם אויטאָמאַט, קאָן מען זען, אַז דאָס איז יענער געניטער שיסער. איבערחזרן האָט ער נישט געדאַרפט, ווייל איך בין גלייך אַרויס פון הויז. איך בין געווען זיכער, אַז ווען נישט דער צווייטער טאַטאַר, וואָס איז געגאַנגען הינטער מיר, זיפּט ער מיך דורך מיט עטלעכע קוילן.

אין זעלבן טאַטאַרן־לעגיאָן זיינען געווען דריי סאָרטן טאַטאַרן: קאַזאַנער, קרימער — מוסולמענער, במילא באַשניטענע; עס זיינען אויך געווען סיבירער טאַטאַרן, לויט דער רעליגיע אָרטאָדאָקסן. עס זיינען אָבער אויך געווען צווישן אונדז איינצלנע אוזבעקן, קאַזאַכן, קירגיזן, טאַדזשיקן, אודמורטן, טורקמענער, אַזערביידזשאַנער, אַרמענער, גרוזי־נער, לעזגינען, טשערקעסן, מאַרדווינער און נאָך אַנדערע פעלקערשאַפטן. ביים איינקאַרפּאַרירן די וואָלאַסאָווסקע אָפּטיילונגען, פלעגן זיך דורכגליטשן פאַרשיידענע מינים אָפּשטאַמלינגען. בפרט, אַז די ווייט מערסטע האָבן איבערהויפּט קיין דאָקומענטן נישט געהאַט. אָבער אַז די דייטשן האָבן דערשפּירט, נאָכן אַנטלויפן פון צוויי גרופּן פון טאַטאַרן־לעגיאָן, אַז עס מוז זיין עמיצער, וואָס פירט אָן, האָבן זיי קודם איבעראָרגאַניזירט אַלע ראָטעס. יעדן טאָג איז אַלץ מער פאַרשטאַרקט געוואָרן די אויפזיכט איבער אונדז. יעדן טאָג האָבן זיי פאַרקלענערט די צאָל דערלויבענישן אַרויסצוגיין אין שטאָט.

זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסרופן אין ביוראָ, און דאָרט איז פאָר־געקומען אַ נייע אויספאָרשונג. אַזוי ווי מען האָט מיך נאָר אַרויסגערופן, האָב איך, לויט זייערע פראַגן, פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז פאַר זיי נישט קלאָר וועגן מיר. זיי האָבן אָנגעהויבן גריבלען זיך, פאַרוואָס איך רעד אַזוי שוואַך טאַטאַריש. צו דעם האָט זיך נאָך אָפּגעפונען אַ וואָלגאַ־דייטש, וואָס האָט געלעבט אין אַ פאַרשטאָט פון סאַראַטאָוו, אין ענ־געלסק, און ער האָט מיך אויסגעפרעגט איינצלהייטן וועגן מיין געבוירן־שטאָט. מיין גליק איז געווען, וואָס צו אַט די פראַגן האָב איך זיך גע־

האָט צוגעגרייט נאָך זייענדיק אין געפאַנגענשאַפט. אויף קיין צווייטער אויספאָרשונג האָב איך שוין נישט געוואַרט. אין אַ פּאָר טעג אַרום, שטייענדיק אויפן פּאָסטן ביים וואַקזאַל פון לע־פּי, האָב איך באַשלאָסן, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צייט אָפּצוטראָגן זיך. מיט מיר זיינען גע־ווען נאָך 4 חברים. איך האָב זיי פריער געהאַט אָנגעזאָגט. מיר האָבן מיטגענומען דאָס געווער, און מיט נאָך 8 מאַן, בין איך אַוועק צו די ווידערשטענדלער אין מאַקי.

## קאַפּיטל 26

# אין דער „מאַקי"

ווי איך האָב שוין פריער געשריבן האָבן איך נישט גערעדט קיין איין וואָרט פראַנצויזיש. אַזוי אַרום, אַז דער עצם אַריבערגיין אין דער „רעזיסטאַנס", אַן אַ וועגווייזער, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, וועט זיין זייער שווער און קאָמפּליצירט. אָבער אַז דו האָסט אַ שטאַרקן ווילן און דערצו שפּירסטו, אַז די ערד ברענט אונטער דיר, גיסטו זיך שוין אַן עצה. און דאָך בין איך געווען געצוווּנגען אָנצוקומען צו אַגאַרינען. די נאַכט פון 9־טן אויפן 10־טן אַפּריל 1944, בין איך אָנגעקומען מיט נאָך 8 מאַן אין „רעזיסטאַנס" אין דער געגנט פון פּאַי־סיר־ליגנאָן.

אין דעם זעלבן טאָג האָב איך און מיינע חברים אָנטיילגענומען אין אַ שלאַכט קעגן אַ שטאַרקער ס. ס.־איינהייט אין דער געגנט פון פּאַי־סיר־ליגנאָן. איך האָב באַדינט אַ שווער מאַשין־געווער. איך בין דערנאָך באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון דער גרופּע ביים מאַשין־געווער, מיטן גראַד פון סערזשאַנט־שעף. מיין געהילף איז געווען אַן עלזאַסער, וואָס האָט גוט גערעדט דייטש.

איידער איך בין אַריבער אין דער רעזיסטאַנס, און שוין זייענדיק אין מאַקי, האָב איך מיט דער הילף פון אַגאַרינען, דעם רוס פון דער מאַקי, צוגעגרייט און אַריבערגעפירט צו דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס 110 לעגיאָנערן.

מיליטעריש בין איך געווען גוט אויסגעשולט, כאָטש די פּאַרטי־זאַנער־קאַמפן זיינען נישט ענלעך צו די קאַמפן פון אַ רעגולערער אַר־מיי. אויפן פראָנט, אין אַ נאָרמאַלער אַרמיי, איז געוויינלעך אין פאַר־טיידיקונג לעבן דיר לייכטע מינען־וואַרפערס, הינטער דיר — מיטעלע מינען־וואַרפערס, אַרטילעריע, לייכטע און מיטעלע, ביז גאָר שווערע. אין נאָרמאַלע באַדינגונגען דעקן דיך פון דער לופטן קעגן די אָנגריפן פון פיינטלעכע יאַגד־אַוויאָנען, די אייגענע יאַגד־אַוויאַציע.

גייסטו אין אָנגריף ווערט דער אַטאַקירנדיקער באַדן באַשאָסן פון אַלערליי לייכטע, מיטעלע ביז גאָר שווערע אַרטילעריע, באָמבאַרדירט

פון דער אַוויאַציע, כדי אַפּצורייניקן די געגנט. צו דעם האַסטו, אין נאָר־מאָלע באַדינגונגען, אַן אונטערשטיצונג פון אַלערליי טאַנקן.

אין דער פּאַרטיזאַנקע איז אינגאַנצן אַנדערש. דער גאַנצער קאַמף באַשטייט אין דעם, אַז זאָלסט דעם פּיינט געבן קלעפּ, זאָל עס זיין אפילו קליינע קלעפּ, און — באַלד נעלם ווערן. יעדעס מאָל — אויף אַן אַנ־דערן אָרט. פאַרשטייט זיך, אַז אָפט האָט מען געמוזט פירן קאַמפן אויפן זעלבן אָרט במשך פון עטלעכע טעג, ווי צום ביישפּיל אין מאָן־מושע, אין שאַגע, אָדער פּראַדעל. דאָרט זיינען מיר געווען אַרומגערינגלט, אָן עסן, אָן וואַסער, אָבער מיט גענוג אַמוניציע. און דאָ, אין די קאַמפן אין וואַלד, האָב איך זיך דערשפּירט ווי אַ פיש אין וואַסער. די אַנפּי־רערשאַפט האָט עס געזען און האָט מיר וואָס ווייטער אַלץ מער אָנפאַר־טרויט וויכטיקע אויפגאַבעס. פאַר די 32 חדשים געפאַנגענשאַפט בין איך שוין געווען אַזוי איינגעוווינט צו לעבן אונטער דער דראָאונג פון טויט, פון געפאַר, אַז איך האָב שוין נישט געקאָנט רוען און איינגעשטעלט דאָס לעבן אָן וואַקלעניש, אָן שום איבערקלערעניש. און ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די פירערשאַפט פון דעם מאַקי זוכט אייניקע, כדי אַריינצובאַקומען זיך קיין לע־פּי, ווו ס'איז געשטאַנען דער גאַרניזאָן פון טאַטאַרן־לעגיאָן, בין איך געווען איינער פון די ערשטע צו מעלדן זיך.

פון 16־טן יוני זיינען אַלע אַריינגענג צו דער שטאָט געווען בלאָקירט מיט געמישטע דייטש־טאַטאַרישע פּאָסטנס. איך האָב זיך גע־מאָלדן צום קאָמענדאַנט הילאַ. זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען לעווי, אַ קאָלאָנעל אין רעזערוו.

אין שטאָט בין איך איצט אַרומגעגאַנגען אין ציוויל, אָנשטאָט דאָ־קומענטן אַ פּאָר געלאָדענע פּיסטאָלעטן אין קעשענע. ווייל וואָס וואָלט מיר דען געהאָלפן די פּאַפּירן, אַז סיי ווי קאָן איך נישט קיין פראַנצויזיש.

איך האָב געוווּסט, אַז דאָס גיין קיין לע־פּי איז פאַרבונדן מיט אַ טויט־געפאַר. כאָטש איך האָב אָנגעטאָן גרויסע שוואַרצע ברילן, בין איך שטענדיק געווען אונטער אַ דראָאונג דערקענט צו ווערן, אָדער פון די טאַטאַרן, אָדער פון די געוועזענע שעפן מיינע, די דייטשן. מען האָט אָבער געמוזט קומען קיין לע־פּי, אַלץ גענוי אויספאָרשן און פעסטשטעלן די פּאַרפעסטיקטע פונקטן, די באַקוועמערע דורכגענג, ווייל מיר האָבן זיך געגרייט צו אַטאַקירן און צו פאַרנעמען די שטאָט לע־פּי.

אין וואָלגאַ־טאַטאַרישן לעגיאָן זיינען געווען פון 11 ביז 12 הונ־דערט מאָן, צווישן זיי — אַרום 30 פּראָצענט דייטשן. דער אינטערעס פון דער „רעזיסטאַנס" איז געווען, די וויכטיקע אויפגאַבע — צו דעזאָר־גאַניזירן דעם באַטאַליאָן.

איך בין אייניקע מאָל געהיים געקומען קיין לע־פּי, אָנגעטאָן אין ציוויל, כדי צו קאָנטאַקטירן נייע גרופּן און אַריבערפירן זיי. מיר איז עס נישט שלעכט געלונגען. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז ביים ערשטן דורכפאַל בין איך פאַרלוירן. צו די געלאָדענע פּיסטאָלעטן, וואָס איך

האָב געהאַלטן ביי זיך, האָט מען מיר נאָך, אויף מיין פאַרלאַנג, באַ־זאָרגט, מיט אַ פּיטשינקע פלעשעלע ציאַנקאַלי, אַריינגעניייט אין קראַ־געלע פון מיין אויבער־העמד.

אין לעפּי האָבן מיר געהאַט אייניקע פאַרטרויליכע קאָפּע־האָ־טעלן, ווו מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן ביי זיכערע מענטשן.

דעם 11־טן אויגוסט 1944 געפינען מיר זיך אין האָטעל אויף פּלאַס מישלע, ביי זשאַן פּאַיאַל. מיר געפינען זיך אויף אַ באַראַטונג אויפן ערשטן שטאָק, זאַלבעפינפט: מישעל אגארין, זשאָזעף באסס, אַ ייד, קויפמאַן, אויך אַ ייד, אַ פראַנצויזישער באַראָן, דער שעף פון אונדזער 2־טן ביוראָ, אַ מענטש פון אַ יאָר 70. איינער פון די וויכטיקסטע מענטשן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין יענער געגנט, און איך — צווישן זיי. פּלוצלונג לויפט אַרויף די באַלעבאָסטע, מאַדאַם פּאַיאַל, ווייס ווי שניי, זי טרייסלט זיך אינגאַנצן, און גיט אַ געשריי:

— געשטאַפּאָ!

מיר בלייבן ווי עלעקטריזירט. דאָס געדויערט אָבער נאָר עטלעכע סעקונדן. איינער פון די רואיקסטע און געלאַסנסטע איז געווען דער באַראָן. איך האָב געזען, אַז ער רעדט עפּעס מיט דער באַלעבאָסטע, בעת מעשה האָב איך נישט פאַרשטאַנען, נאָר שפּעטער האָט מען מיר דערציילט, אַז ער האָט זי געהייסן גלייך נעלם ווערן און מיטנעמען די קינדער.

ביז דאַן בין איך שוין דאָ געווען, קומענדיק פון מאַקי, דריי מאָל. קודם האָב איך גוט אויסשטודירט די סיטואַציע אין פאַל פון אַן אַבלאַווע, אָדער אַ פּראָוואָקאַציע. דורכגייענדיק אַ קאָרידאָר פון דעם האָטעל, איז אַ פענצטער אַרויסגעגאַנגען אין אַ צווייטן הויף, און דער הויף האָט געהאַט אַן אַרויסגאַנג אויף אַ צווייטער גאַס. איך לויף צו צו יענעם פענצטער און קוק אַראָפּ אין הויף. קיינער זעט זיך נישט, איך גיי צוריק אַריין און זע, ווי אַלע שטייען זיי ביים פענצטער. איך זאָג אַגארינען, אַז צוויי מאַן דאַרפן פאַרנעמען דעם אַראָפּגאַנג פון די טרעפּ. אַלע האַלטן זיי די פּיסטאָלעטן אין די הענט. דער באַראָן רופט אונדז, אַן ווערטער, צום פענצטער, נאָכן דורכרעדן זיך מיט דער באַלעבאָסטע, איז ער צו און פאַרזיכטיק, דורכן גאַרדין, אָבסערווירט וואָס עס טוט זיך לעבן הויז. איך זאָג צו אגארינען:

— בלייב דאָ, ביי די טרעפּ, און גרייט צו אַ פּאָר „לימאָנקעס" (גראַנאַטן).

און אַליין גיי איך צו צום פענצטער. איך זע עס שטייט אַ קליינער לאַסט־אויטאָ לעבן דער טיר פון רעסטאָראַן. און אַ צווייטער גרויסער לייכטער שוואַרצער אויטאָ, וואָס מיר האָבן אים געקענט. 12 ס. ס.־לייט שטייען אַנטקעגן מיט אויטאָמאַטן אין די הענט, און צוויי ציווילע מיט פּאַראַבעלומס, דרייען זיך אַרום אַהין און צוריק. איך מערק אָבער, אַז זייער אויפמערקזאַמקייט איז נישט אויף אונדזער הויז, נאָר דאָס הויז

פון אַנטקעגנאיבער. מיר קוקן זיך אַלע איבער און אַן ווערטער פאַר־שטייען מיר, אַז זיי מיינען נישט אונדז.

און אין אַ ווילע אַרום האָט עס זיך באַשטעטיקט. מיר זעען ווי מען פירט אַרויס פון קעגנאיבערדיקן הויז צוויי מענער, די הענט גע־קייטלט, מען זעצט זיי אַריין אין האַלב־פאַרמאַכטן קליינעם לאַסט־אויטאָ, די עס־עס־לייט גייען אויך אַרויף. אין גאַס בלייבן נאָר די צוויי ציווילע. אין אַ ווילע אַרום באַווייזן זיך נאָך צוויי ציווילע. זיי גייען אַרויס פון הויז מיט עטלעכע פעקלעך. זיי גייען אַלע אַריין אין לייכטן אויטאָ און פאָרן אָפּ.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט פון אונדזער אַגענ־טור, אַז די געשטאַפּאָ האָט אַרעסטירט דעם טאָג צוויי מיטגלידער פון פ. ט. פּ. מיר גופא זיינען דאָס מאָל אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

אין דער פראַנצויזישער „רעזיסטאַנס" זיינען געווען זייער אַ סך יידן. דער פירער פון שטאַב, וווּ איך בין געווען, איז אויך געווען אַ ייד. ער איז דעמאָלט געווען קאַפּיטאַן, היינט איז ער קאָלאָנעל אין רעזערוו, פון פאַך אַן אינזשעניער.

אין איינעם אַ טאָג איז אַ פּאָטער מיט זיינעביידע זין געגאַנגען צום וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער. איינער פון די זין איז אַריין צווישן די ביימער דערליידיקן זיינע באַדערפעניש. פּלוצלונג איז אָנגעפאָרן אַ דייטשער אויטאָ. מ'האָט ביי זיי געפרעגט אויף פּאַפּירן, און אָן אַ פאַר־וואָס זיי דערשאָסן אויפן אָרט. דער צווייטער זון האָט עס געזען דורך די ביימער. דער זעלבער איז שפּעטער אַריינגעפאַלן אין מיין אָפּטיי־לונג. ער האָט זיך זייער אויסגעצייכנט אין קאַמף. אַ בחור פון אַ יאָר 18. פאַר זיין דרייסטקייט אין קאַמף האָט ער באַקומען איינע פון די העכסטע אויסצייכענונגען אין פראַנקרייך. אַ „קרואַ דע גער".

אונדזער איינהייט האָט געציילט אומגעפער 350 מענטשן. אונדזערע גרעסטע אויפטוען זיינען געווען: מיר האָבן באַפרייט אַ טורמע מיט אַרעסטירטע. איינמאָל האָבן מיר אַרומגערינגלט אַ הויז, וווּ עס זיינען געווען צוויי פראַנצויזן, וואָס האָבן פרייוויליק געדינט אין ס. ס. מיר האָבן זיי ביידן געבראַכט אין אַ שלאָס, וווּ עס האָט זיך געפונען אונדזער שטאַב, לעבן רעטורנאַק (לואַר). ביידע זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, פון מיליטערישן טריבונאַל פון מאַקי. די אָנפירערשאַפט האָט זיך געווענדט צו מיר, אַז איך זאָל אויספירן דעם טויט־אורטייל. איך האָב דאַן געפרעגט, צי דאָס איז אַ באַפעל, אָדער אַ פרייוויליקע זאַך? האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך קאָן טאָן ווי איך פאַרשטיי. איך האָב געזאָגט, אַז שיסן קאָן איך נאָר אין קאַמף, און קיין מערדער בין איך נישט. די צוויי ס. ס. זיינען דערשאָסן געוואָרן, אָבער נישט דורך מיינע הענט.

די אָפּטיילונגען פון די פּאַרטיזאַנער־גרופּן פ. פּ. אי. זיינען געווען נישט שלעכט באַוואָפנט, אַ דאַנק דער שטענדיקער פאַרבינדונג מיט

לאַנדאַן און דעם פּאַרשוטאַזש פון דאָרטן. אָבער מיליטעריש געשולט זיינען זיי געווען זייער שוואַך. איבערהויפּט — אַ סך יוגנטלעכע, וואָס האָבן קיינמאָל קיין ביקס אין האַנט נישט געהאַלטן, אָבער די מערסטע דרייסטע און איבערגעגעבענע חברה. פאַרשטייט זיך, אַז קיין פּחדנים האָבן אויך נישט געפעלט. קענטיק, אַז ווען קיין פּחדנים וואָלט נישט געווען, וואָלט מען נישט געוווּסט, אַז עס זיינען דאָ העלדן. אָבער צוליב אַזאַ פּחדן, ליידן אָפט די דרייסטע, עס קומען אום די בעסטע, די העל־דישסטע. וועגן אַזאַ פּחדן וויל איך דערציילן:

נישט אומעטום האָט זיך עס אונדז אַזוי לייכט איינגעגעבן. די מפּלות האָבן טייער געקאָסט. אין דער קאָמפּאַניע באַרא, ווו איך האָב זיך גע־פונען מיט אונדזער קאַפּיטאַן, שפּעטער קאָמאַנדאַנט אַנדריי, לויטן ריכ־טיקן נאָמען קויפמאַן, האָט מען איינעם אַ לייטענאַנט, אַ פּראָפעסיאָ־נעלער מיליטערמאַן, געגעבן אַן אויפגאַבע ער זאָל מאַכן אַן „עמבוס־קאַדע", אַן אומדערוואַרטער אַטאַק קעגן דריי לאַסט־אויטאָס מיט דייטשן לעבן קראַפּאַן. אין אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון אַזאַ איבערפאַל האָב איך אָנטיילגענומען. דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין — קומען אַ פּאָר קילאָ־מעטער פון אויסגעקליבענעם אָרט, פאַרטאָג, און פאַרזיכטיק פאַרנעמען אַ גוטע פּאָזיציע. דער לייטענאַנט מיט זיין גרופּע איז אָבער אַוועקגע־פאָרן אין אַ דערבייאיק דערפל, כדי אָנצוזעמען זיך מיט קוראַזש, גוט אָנ־געטרונקען זיך און ערשט אין רעכטן ליכטיקן טאָג געפאָרן פאַרנעמען די פּאָזיציע. דאָס אָנטרינקען זיך איז געווען פאַטאַל. ווען ער איז גע־ווען אַ 200 מעטער פון דעם באַשטימטן אָרט, האָט מען אויף זיין לאַסט־אויטאָ פּלוצים געעפנט אַ פייער פון לייכטע און מיטעלע מאַשין־גע־ווער, ווייל די דייטשן האָבן זיי באַמערקט פריער. נאָך איידער זיי זיינען אַרונטערגעשפּרונגען פון לאַסט־וואָגן, זיינען פון די 18 מאַן געבליבן לעבן נאָר 11. דער לייטענאַנט אַליין האָט זיך פאַרשטעקט הינטער אַ קופּע שטיינער און האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

אין דער גרופּע האָט זיך אויך געפונען אַ שפּאַניער, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן בירגער־קריג אין זיין לאַנד. אין דער „רעזיס טאַנס" האָט ער זיך געפונען פון ערשטן טאָג אָן. אַ קאַלטבלוטיקער, איי־נער פון די בעסטע קעמפער אין אונדזער גרופּע. ביים ערשטן שאָס, איז ער גלייך אַרונטערגעשפּרונגען און פאַרנומען אַ גוטע פּאָזיציע לעבן אַ קופּע שטיינער. ער האָט גלייך געענטפערט מיט פייער פון זיין האַנט־קוילן־וואַרפער. די דייטשן, וואָס האָבן זיך גענומען דערנענטערן צום ברענענדיקן לאַסט־אויטאָ, האָבן זיך פאַרהאַלטן. דעם שפּאַניער האָט אַרויסגעהאָלפן דאָס יונגע יידישע יינגל, וואָס די דייטשן האָבן אומגעב־ראַכט זיין פאָטער מיטן ברודער פאַר אים אין די אויגן. איך ווייס אפילו נישט ווו ער האָט זיך אויסגעלערנט צו שיסן מיט אַ האַנט־מאַשין־גע־ווער. ער האָט געהאַט מער מזל פאַרן שפּאַניער. מיט אים איז געווען אַ יונגער פראַנצויז. זיי פלעגן איינער פון אַנדערן נישט אָפּטרעטן.

דוכט זיך, אַז דאָס יידישע יינגל האָט זיך געראָפּן קלאָר. ער האָט גע־טראָגן דעם מאַשין־געווער און אַ זאַק מיט דיסקן האָט געטראָגן זיין פּראָבוציוויזישער חבר. קיין אַמוניציע האָט נישט געפעלט. אָבער דער שפּאַניער האָט געהאַט אויסגענוצט זיינע דריי דיסקן, און זיין געהילף, וואָס האָט געטראָגן אין אַ זאַק נאָך 20 דיסקן, איז געבליבן ליגן אַ צען—פופצן מעטער ווייטער. וויפל ער האָט זיך ביי אים נישט געבעטן ער זאָל אים דערלאַנגען די דיסקן, האָט יענער מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך. דער שפּאַניער שרייט צו אים:

— אויב דו האָסט מורא זיך צו רירן, וואַרף מיר צו עטלעכע דיסקן!

און דער פּחדן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. צווישן זיי איז גע־ווען אַן אָפענער, נישט געשיצטער שטח. און דאָ האָט דער געניטער קעמפער אָפּגעטאָן אַ פעלער. אַנשטאָט צוצופּויזען אויף אַלע פיר, האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, צוגעלאָפן צו זיין געהילף, אַ כאַפּ געטאָן דעם זאַק מיט די קוילן, און לויפנדיק צוריק צו זיין האַנט־מאַשין־געווער, האָט אים אַ דייטשע קויל געטראָפן.

איך האָב געקענט ביידן, סיי דעם שפּאַניער, סיי זיין געהילף. איך פלעג אָפט דיסקוטירן מיטן שפּאַניער, מיט דער הילף פון איבערזעצער. זיינע איבערצייגונגען זיינען געווען דער קעגנזאַץ פון מיינע. ער איז גע־ווען אַ פאַרברענטער אַנאַרכיסט, און דאָס האָט נישט געשטערט מיר זאָלן ביידע זיין די בעסטע פריינט. אָפט האָב איך אים געפרעגט, פאַר־וואָס ער געפינט זיך אין דער פ. פ. אי. און נישט אין דער גרופּע פון די אַנאַרכיסטישע פאַרטיזאַנער? האָט ער מיר געענטפערט:

— די ערשטע זאַך דאַרף מען פּטור ווערן פון פאַשיסטישן שונא, און דערנאָך וועלן מיר זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק.

דאָס איז געווען אַ מענטש, שטענדיק גרייט אייך צו העלפן.

וואָס האָט מען געמאַכט מיט ביידע פּחדנים? דעם לייטענאַנט האָט מען אַרויסגעטריבן פון אונדזער גרופּע. דעם אַנדערן פּחדן האָט מען נאָר אויסגעזידלט. מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט.

וועגן דעם פאַל האָב איך דערנאָך געהאַט אַ שמועס מיט מיינע דריי וויכטיקסטע שעפן: לייטענאַנט־קאָלאָנעל זאַפּאַלסקי (זעוואַלד). ער איז געווען דער שעף פון מאַקי אין האָט־לואַר. זיינע געהילפן, קאָמאַנדאַנט לעווי־הילאַ און קאַפּיטאַן קויפּמאַן־אַנדריי. צו יענער צייט האָב איך שוין געוווּסט, אַז אויב מען איז נישט מסכים מיט דער פירונג פון דער פאַר־טיזאַנען־גרופּע, קאָן מען אַריבערגיין אין אַן אַנדערער גרופּע, אָבער פון דער זעלבער פּאָליטישער איינשטעלונג. אָדער אפילו בייטן די פּאַרב. דאָס הייסט, איך בין געווען אין פ. פ. אי. קאָן איך אַריבערגיין אין פ. ט. פּ. פּ. מיינע אַרגומענטן זיינען זיי קענטיק געפעלן געוואָרן. און אַט די עטלעכע ווערטער האָב איך גערעדט צו מיין גרופּע אין דער אַב־וועזנהייט פון מיינע שעפן. אין מיין גרופּע זיינען אין דעם מאָמענט גע־ווען 62 מאַן. איך זאָג זיי:

— איר אַלע האָט געזען דעם רעזולטאַט, ווען אַן אויפגאַבע ווערט אויסגעפירט אָן דיסציפּלין. און אָן דיסציפּלין קאָן מען נישט קעמפן. איר זענט אַלע געקומען פרייוויליק, צו קעמפן קעגן אַלגעמיינעם שונא, פּונקט ווי די איבעריקע אַלע אייערע שעפן. איר האָט אַלע געזען, וואָס עס קאָן ברענגען, ווען מיר האָבן צווישן זיך אַ פּחדן. איך בין גרייט אוועקצוגעבן מיין לעבן אין קאַמף קעגן היטלעריסטישן שונא, אָבער ווערן געהרגעט פּונקט ווי דער שפּאַניער ליסיען, ווייל איך נישט. און אויב עס זיינען פאַראַן אַזעלכע פּחדנים, וואָרן איך אייך פון פריער, אַז איך אַליין וועל געבן אַ קויל אין קאָפּ דעם, וואָס וועט זיך באַהאַלטן אין רעכטן קאַמף. לייג איך אייך פאָר, אַז ווער עס פילט, אַז ער וועט נישט קאָנען אויסהאַלטן אַן אָפענעם קאַמף מיטן שונא, זאָל ער גלייך פאַרלאָזן מיין גרופּע. איך זאָג אייך, אַז פון היינט אָן וועט זיין אַן איי־זערנע דיסציפּלין.

קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אפילו אַלבער, דער פּחדן. איך רוף אים אַרויס און זאָג אים:

— איך קאָן אויף דיר נישט שרייען. ווען דאָס איז אין קאַמף, שיס איך דיך אוועק, כדי צו ראַטעווען די איבעריקע און זיך אַליין. זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דיר די גרעסערע שעפן. גיב אָפּ דאָס געווער מיט דער אַמוניציע.

אַליין אַ געזונטער יונג, פון אַ יאָר 24, שטייט ער מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ. עס רינען אים טרערן פון די אויגן. אויף מיר אָבער ווירקט עס נישט. דאָס זיינען קראָקאָדיל־טרערן. צווישן מיר און אים ליגט דער טויטער חבר מיינער, ליסיען.

די שוואַכע אָנפירונג אין קאַמף האָב איך שוין פריער באַמערקט, אָבער אין אַנהייב האָט מען זיך מיט מיר קנאַפּ וואָס גערעכנט. אָט גע־פינען מיר זיך ערב דעם אַרויסזעצן פון דעסאַנט אין נאָרמאַנדיע פון די אַלירטע. נישט לאַנג צוריק ווי מיר האָבן אינסטאַלירט אונדזער באַזע אין מעזאָן פאָרעסטיער, לעבן פאַי־סיר־ליגנאָן, אין דעפּאַרטאַמענט האָט־לואַר. אויף אַלע וועגן ליגן אונדזערע פּאָסטנס, צו 3 מאַן, מיטן באַפעל, אין פאַל פון אַ געפאַר, עפענען צוויי מאַן פייער פון אַ מאַשין־געווער און דער דריטער מוז גלייך איבערגעבן מיט וועמען און אומגעפער מיט וואָסערע קרעפטן מען האָט צו טאָן.

פּלוצלונג, פאַרטאָג, אַ שיסעריי, אַ פּאַניק. איך מיט מיין גרופּע האָבן געהאַט פאַרנומען אַ צוגעגרייטע פּאָזיציע, געשלאָפן אויפן אָרט, בייטנ־דיק זיך. אַלע לויפן, און וואָס דאָ טוט זיך, פאַרשטיי איך נישט. מיין איבערזעצער איז לעבן מיר. איך גיב אַ געשריי ער זאָל הייסן אַלעמען זיך לייגן. ער באַווייזט נישט אַרויסצורעדן קיין וואָרט, ווי עס פאָרן פאַרביי צוויי דייטשע לאַסט־אויטאָס. זיי האַלטן אין איין שיסן, אָן אַ ציל, ווו עס מאַכט זיך. איך ליג ביי מיין שווערן ענגלישן מאַשין־געווער און מיר קאָנען נישט עפענען קיין פייער, ווייל צווישן אונדז און די

דייטשן לויפן אַרום צעשראָקענע פּאַרטיזאַנער. מיר געפינען זיך אין אַ וואַלד. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אַלץ איינגעשטילט. דריי דערהר־געטע וואַלגערן זיך נישט ווײַט לעבן אונדז.

וואָס האָט פּאַסירט? מיר לויפן גלייך אין דער ריכטונג, פון וואַנען די דייטשן זײַנען אָנגעקומען. דאָרט איז געווען אונדזערער אַ פּאָסטן. עס ליגן 3 טויטע, אַלע דערמאָרדעטע מיט קאַלט געווער. דאָס געווער לעבן זיי איז נישטאָ. מיר פאַרשטייען גלייך וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. די דייטשן זײַנען אָנגעפאַרן און זיי האָבן אונדזער פּאָסטן געפונען שלאָפנדיק. כדי זיי זאָלן קאָנען פריי דורכפאָרן דעם וואַלד, האָבן זיי געעפנט אַ פייער. געגוי ווו מיר געפינען זיך און וויפל מיר זײַנען, האָבן זיי נישט געוווּסט. דאָס זײַנען געווען עטלעכע צופעליקע פאַרבייפאָרנ־דיק לאַסט־אויטאָס מיט דייטשן און אַרמענער. זייער באַזע איז געווען אין מענדע, דעפּאַרטאַמענט לאַזער.

די אַרטיקע באַפעלקערונג איז אונדז שטענדיק געקומען צוהילף. עס האָבן אָבער נישט געפעלט קיין קאָלאַבאָראַטאָרן. אין די נאָענטסטע דערפער האָט מען אומגעפער געוווּסט ווו מיר געפינען זיך. זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז די וועגן צו אונדז זײַנען גוט באַוואַכט. מיר האָבן אַרונטערגעריסן אַלע אָנווייזונגען, די דייטשן זאָלן זיך נישט אָריענטירן ווו זיי געפינען זיך. די פּאַרטיזאַנער האָבן סיי ווי געוווּסט, ווײַל פיל זײַנען געווען פון דער געגנט. די דייטשן אָבער האָבן שטענדיק געמוזט אָנקומען צו דער אַרטיקער באַפעלקערונג. אַז די דייטשן האָבן געפרעגט דעם וועג אויף מענדע, האָט מען זיי ספּעציעל אָנגעוויזן אין אַ פאַר־קערטער ריכטונג, וויסנדיק אַז זיי וועלן קריגן יענע מפּלה פון דער קאָמפּאַניע באַרא. אָבער דאָס מאָל האָבן זיי אונדז קיין טובה נישט גע־טאָן. עס האָט אונדז געקאָסט 6 טויטע און צוויי פאַרוווּנדעטע.

נאָך דעם פאַל, האָט מען, לויט מײַן פאָרשלאָג, אַלע פּאָסטנס צו־נויפגעמישט מיט מײַנע טאַטאָרן און איך פלעג יעדע נאַכט קאָנטראָ־לירן די פּאָסטנס, אַז אַזעלכע סיורפּריזן זאָלן מער נישט פּאַסירן.

אין דער צווייטער העלפט יוני האָבן מיר זיך געפונען לעבן דאָרף פראַדעל, דעפּאַרטאַמענט האָט־לואַר. אַ קליין, שמוציק דערפל. ביי אַ סך פון דאָרף איז דער זעלבער אַריינגאַנג פאַר מענטשן און בהמות, אין די הייזלעך פילט זיך דער ריח פון בהמה־מיסט. פליי און וואַנצן נאָך מער ווי אין ווײַסרוסלאַנד. צו דעם, זײַנען דאָ די מענטשן זייער קאַרג. עס האָט נישט פּאַסירט, אַז מען זאָל וועמען פון אונדז אײַנלאַדן צום טיש. צו באַזאָרגן זיך מיט פּראָדוקטן, האָט מען זיי יעדעס מאָל געמוזט ווײַזן אַ מיטראַיעט. כאָטש מען האָט זיי אַרויסגעגעבן ספּעציעלע טאַ־לאָנען, נאָך דער מלחמה צו באַקומען פאַר אַלץ אויסגעצאָלט. דעם שעף פון אונדזער גרופּע, קאַפּיטאַן אַנדריי, האָט מען אַרויסגערופן אויף אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן מיר געקראָגן אַ וויכטיקן פאַראַשוטאַזש מיט געווער און אַמוניציע פון ענגלאַנד. קענטיק,

צוליב דעם איז געקומען צו אונדז דער הויפט־שעף פון שטאַב פון דע־פּאַרטאַמענט האַט־לואַר, קאַמאַנדאַנט הילאַ. ער רופט מיך אַרויס צו זיך. מיט אים קאָן איך רעדן אָן אַ דאָלמעטשער, אַ ייד פון עלזאַס. מיר פירן ביידע דורך אַן אינספּעקציע פון אַלע פּאָסטנס. דאָס דערפל ליגט רונד אַרום מיט וואַלד, מיט בערג, באַוואַקסן מיט גראַבע סאָסנע־ביימער. ער הייסט פאַרשטאַרקן אַלע פּאָסטנס, און צו דעם זאָגט ער מיר אָן, איך זאָל וואָס אָפטער זיי קאָנטראָלירן. שלאָפן שלאָפט ער אין אַ הויז, וואָס נאָר דריי מענטשן פון אונדז ווייסן ווו. מיר איז געפעלן זיין פאַר־זיכטיקייט.

מיין גרופּע האָט איינגעאָרדנט אַ באַקוועמע פּאָזיציע, גוט פאַר־מאַסקירט. פון 20 מעטער באַמערקט מען זי נישט אפילו בייטאָג. זייט דער אומדערוואַרטער אַטאַקע פון די דייטשן אין מעזאָן פאַרעסטיער, האָב איך צו קיינעם נישט קיין צוטרוי. איך אַליין קאָנטראָליר די פּאָסטנס.

אויפן דריטן טאָג, האַלב דריי פאַרטאָג; איך געפין זיך לעבן מיין גרופּע און האַלט אין מיטן רעדן מיט אַ יונגן פּאַליאַק פון סענט עטיען, באַמערק איך פּלוצים מאָדנע סיגנאַלן. דער פּאַליאַק באַמערקט עס אויך. דער וועג קעגן אונדז, וואָס גייט פון מערב אויף צפון־מזרח, דרייט זיך באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. מיר קוקן אַלע אין דער זעלבער ריכטונג, און איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָ טוט זיך. איך זאָג דעם פּאַליאַק דעם פּאַראָל און דעם אָרט, ווו עס דאַרף זיך געפינען דער קאָמאַנדאַנט. ער זאָל אים זאָגן, אַז גרעגאַר בעט אים אומבאַדינגט גלייך צו קומען. איך וועק דערוויל אויף מיינע צוויי בעסטע אויסשפּירער און קעמפער. איי־נעם, דעם מאָרדווין אמאַריאַק, און דעם צווייטן — געגנוי פון וואָס פאַראַ נאַציע ער איז געווען ווייס איך נישט. אַליין האָט ער קוים גערעדט רוסיש, קיין טאַטאַריש האָט ער אינגאַנצן נישט געקאָנט. אַ האַלבער עסקימאָס און אַ האַלבער קאַזאַך. ביי מיר פלעגן זיי אים רופן מאָנגאָל, און דאָס האָט ער שרעקלעך פיינט געהאַט. וואָס מען רופט אים אַזוי. דאָס איז געווען אַ געבוירענער יאָגד־מענטש. דאָרטן, ווו ער פלעגט זען מיט זיינע אויגן, פלעגן מיר נישט דערזען מיט קיין בינאָקל. און הערן — אויך דאָס זעלבע. דער בעסטער שיסער פון אונדזער גרופּע.

איך ווייז זיי ביידן די ליכט־צייכנס און זיי פאַרשטייען אויך נישט, וואָס דאָס באַדייט. איך פרווו אויפכאַפּן, אפשר איז דאָס מאָרזע. איך זע אָבער, אַז נישט. אָט קומט אָן דער קאָמאַנדאַנט און איך דערצייל עס אים. ער רופט אַרויס אַלע שעפן, און קודם זאָגט ער זיי אָן, זיי זאָלן אַרויסשיקן פּאַטרולן אויף מינימום צוויי קילאָמעטער, און יעדערע — אין אַן אַנדערער ריכטונג. מיר באַפעלט ער צו בלייבן לעבן אים. אין דער ריכטונג שיקט ער אַרויס 3 מאַן, צוויי פון דער געגנט און אַ דריטן — אַלס שעף פון פּאַטרול, אַ סו־לייטענאַנט, נישט לאַנג געקומען צו אונדז פון דער פראַנצויזישער זשאַנדאַרמעריע. ער איז געקומען צו אונדז, נאָכן לאַנדן פון די אַלירטע אין נאָרמאַנדיע.

אין אַ שעה אַרום — זיי זייַנען דאָ צוריק. איך מערק, אַז זיי גייען אַרויס פון וואַלד. דאָס דאָרף פּראַדעל איז אַרומגערינגלט פון בערג, באַוואַקסן מיט אַלטע, גראָבע ביימער. עטוואָס פלאַכער איז דאָרט, ווו עס לויפט דער גרויסער שאָסיי. וואַלד — רונד אַרום. איך הער, ווי זיי גייען און רעדן צווישן זיך, אויף אַ הויכן קול, פּונקט ווי קיין דייטשן וואָלטן נישט עקזיסטירט. צו דעם מערק איך, אַז אַלע דריי זייַנען גוט אָנגעטרונקען. דער קאָמאַנדאַנט הילאַ איז לעבן מיר, און ער באַמערקט עס אויך. זיי גיבן אים אָפּ אַ ראַפּאָרט, און דער קאָמאַנדאַנט זאָגט מיר, אַז זיי האָבן קיין באַזונדער פאַרדעכטיקס נישט געזען. איך האָב אָבער אַ מאָדנע פאַרגעפיל, און איך זאָג עס אים. איך בעט אים אַ דערלויבעניש, ער זאָל מיך לאָזן אַרויסגיין מיט נאָך 4 מאַן, כדי איך זאָל זיך אַליין איבערצייגן. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז נישט דאָקעגן.

און אָט זייַנען מיר אַוועק אַ צוויי קילאָמעטער. איך האָב פאַרטיילט מייַן גרופּע אין צווייען. מיר גייען פון ביידע זייטן וועג, פאַרזיכטיק, ווי די קעץ. אייַנער אָביסל הינטער אונדז גייט מיט אַ וועלאַ. מיר זייַנען באַוואָפנט, 3 מאַן מיט סטען און 2 מיט האַנט־מאַשין־געווער, אָדער מיטראַיעז. עס הייבט קוים אָן צו טאָגן. פּלוצלונג הייבט אויף דער מאַנגאַל די האַנט און מיר בלייבן שטיין. ער גייט אַרונטער הינטער אַ גרויסן בוים, און אַזוי ווי מיר זעען זיך, גיב איך אַ צייכן אַלעמען און פון ביידע זייטן וועג זייַנען מיר פאַרשטעקט. דער מיטן וועלאַ גייט אויך אַראָפּ פון וועג. וויפל איך קוק, מערק איך קיין זאַך נישט. פרעג איך דעם מאַנגאַל:

— האָסט עפּעס באַמערקט?

— גאָרנישט — זאָגט ער.

— איך האָב נאָר געהערט.

מיר גייען נאָך פאַרזיכטיקער ווידער פאָרויס. דער וועג הייבט זיך אָן אַרונטערלאָזן. און פּלוצום דערזעען מיר אַ 800 מעטער פון אונדז, אַ גאַנצע קאָלאָנע מיט דייטשן. פאָרויס — 4 מאָטאָציקלען, און הינטן — אַ מאַסע פון לאַסט־אויטאָס. עס איז שוין גוט ליכטיק. איך פּרוּוו איבערציילן: ביז 17 לאַסט־אויטאָס. איך זע אָבער, אַז פון הינטן פאָרן נאָך. איך כאַפּ זיך איצט פון וואַנען איך האָב באַמערקט די ליכטער בייַנאַכט. די האַלבע פאַנאַרעס זייַנען קאַמופלירט, פאַרמאַסקירט. אָבער אַז דער לאַסט־וואָגן פאָרט אַריבער דעם שפּיץ באַרג זעען זיך פון ווייטן בולט אָן די פייערן. און אַזוי ווי עס פאָרן אַ סך לאַסט־וועגענער מיטן זעלבן איבערוואַל, זעט מען זיי פון ווייטן, אַלע ווײַלע צוויי אַנדערע פייערן. איך קען זייער געוווינהייט און זייער טאַקטיק, און באַשליס זיי צו געבן אָביסל פייער, און צווינגען זיי קודם כל אָפּצושטעלן זיך, במילא געווינען אָביסל צייט.

איך שיק דעם מיטן וועלאַ צום קאָמאַנדאַנט און אַליין לייגן מיר זיך אַוועק נישט ווייט פון שאָסיי, הינטער צוויי באַקוועמע שטיינער.



אַ ייד פון טאַטאַרן־לעגיאָן, אַלעקסאַנדער קרופּינסקי מיט פריילין האָפּענונג.
מאַי 1945, לע־פּי האָט־לואַר, פראַנקרייך.



יאָסיף באַסס (קאַפּיטאַן אַנדריי), אַ ייד, מיטן קאַפּיטאַן גרעגאַר.
אין לע־פּי, האָט־לואַר, פראַנקרייך 1945




*Le Führer s'entretient cordialement avec le grand mufti*

דער מופטי, דער אמתער שעף פון טאַטאַרן־לעגיאָן און פון אַלע מוסולמאַנישע
אָפּטיילונגען פון עס. עס. דאָס בילד איז פון 1942 אין בערכטעסגאַדען.




אין די ערשטע טעג פון מאַקי אין פאַי־סיר־ליגנאָן. די הויזן זיינען נאָך דייטשע, דער באַנד אויפן אַרבל מיט דער קעפּקע, פראַנצויזישע, דער מיטראַיעט איז אַן ענגלישער סטען, אָבער דאָס האַרץ איז אַ יידישס. גרעגאָר, אַפּריל־מאַי 1944, פראַנקרייך.



לעבן פּריוואַ אין אַרדעש פראַנקרייך. סעפּטעמבער 1944. גרעגאָר.

**REPUBLIQUE FRANÇAISE**

Modèle 3862/2

**MINISTERE D'ETAT**
**chargé de la Défense Nationale**

SOUS-DIRECTION DES BUREAUX
DU CABINET

BUREAU DES DECORATIONS

**Loi du 4 février 1953 (J.O. du 5 février 1953)**

**N° d'inscription**

[redacted]

# CROIX

## DU COMBATTANT VOLONTAIRE

## 1939 - 1945

**Par décision n°** 2 9 8 7 **en date du** 4 août 1969

**Le droit au port de la Croix du Combattant Volontaire a été reconnu à**

Monsieur R I T V A S Grigori

né le 1er janvier 1916 à SARATOW (U.R.S.S.)

**A Paris, le** 4 août 1969

**POUR AMPLIATION**
*L'Administrateur civil hors classe, BERT*
*Chef du Bureau des Décorations.*

Le Ministre d'Etat
chargé de la Défense Nationale
**Signé : DEBRE.**

מיר רעדן צווישן זיך אָפּ, אַז די צוויי מיט די מיטראַיעטן קלאַפּן אויף די מאָטאָציקלען, און מיר לאָזן אַרויס די דיסקן אויף די ערשטע צוויי לאַסט־וועגן. די קאָלאָנע מיט די לאַסט־וועגן דערנענטערט זיך. און אַז מיר זעען ווי די ערשטע צוויי מאָטאָציקלען זיינען געגנוג נאָענט פאַר אונדזער סטען, גיב איך אַ מאַך מיטן קאָפּ, ווייל די הענט זיינען ביי מיר פאַרנומען ביים מאַשין־געווער. פון די ערשטע צוויי סעריעס אַרויסגע־לאָזן פון די אויטאָמאַטן, קערן זיך איבער די צוויי מאָטאָציקלען. איך האָב נאָך צייט צו באַמערקן, ווי די הינטערשטע אויטאָס הייבן אָן טאַר־מאַזירן. עס איז אָבער שוין צו שפּעט. ווייל אין דעם מאָמענט שטעפּ איך אָפּ דעם גאַנצן דיסק. מיין מאַנגאַל מאַכט דאָס זעלבע אויפן צווייטן לאַסט־וואָגן. קענטיק, אַז ער האָט געטראָפן דעם שאָפער, ווייל דער לאַסט־וואָגן פאָרט אַרויף אויפן ערשטן, וואָס האָט זיך האַלב איבערגע־קערט. מיר שטעלן אַריין נייע צוויי דיסקן און לאָזן זיי אין גאַנג. כדי מיר זאָלן קאָנען לייכט לויפן, וואַרפן מיר אַריין אונדזערע האַנט־מאַ־שין־געווער אין אַ קוסט. מיר ווייסן, אַז ביי אונדז איז דאָ באַוואָפענונג פאַר 300 מאַן, און מיר זיינען נאָר 120 מאַן. איך מערק, אַז די צוויי לאַסט־אויטאָס ברענען נישקשהדיק. איך גיב אַ צייכן, אַז מיר ציען זיך צוריק. די דייטשן עפענען אַ מוראַדיקן פייער אין אונדזער ריכטונג. עס פאַלן מינען פון זייערע מינען־וואַרפער, אָבער אין וואַלד זיינען זיי נישט געפערלעך, ווייל מערסטנטייל רייסן זיי אויף, פאַרטשעפּענדיק זיך אין די ביימער. די קוילן — דאַסגלייכן. אין וואַלד איז דער דייטש נישט קיין קעמפער. פאַרן וואַלד פלעגן זיי ציטערן.

אין דעם מאָמענט האָבן מיר נאָך נישט געוווּסט מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן. אין חודש מאַי 1944 האָט זיך אין פראַנקרייך פאַרשטאַרקט די פאַרטיזאַנען־באַוועגונג. מען האָט געפילט, אַז אָט־אָט וועלן די אַליר־טע אַרויסזעצן אַ דעסאַנט. די דייטשן האָבן אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע דיוויזיע וואַלד־העקער פון זאַקסן און פון שלעזיער דייטשן. זיי זיינען געווען געפערלעך אין די וועלדער אויך. שפּעטער האָבן מיר זיך דער־וווּסט, אַז מיר האָבן טאַקע געהאַט דעם צוזאַמענשטויס מיט דער־אַ דיוויזיע.

דעם ציל מיינעם האָב איך דערגרייכט — אַטאַקירן אונדז אומדער־וואַרט וועלן זיי נישט קאָנען. קיין דיסקן צום מאַשין־געווער האָבן מיר נישט ביי זיך. באַשליס איך איבערצולאָזן די מאַשין־געווער באַהאַלטן אין די געדיכטע קוסטן. אַזוי וועט זיין לייכטער צו לויפן. מיר קומען אָן צוריק אין דאָרף. פאַר דער צייט האָט שוין דער קאָמאַנדאַנט אַרויסגע־שיקט אין אַלע זייטן פאַטרולן. מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט אַרום און אַרום. אַ דאַנק דער קאַלטבלוטיקייט פון קאָ־מאַנדאַנט, האָט מען קודם אַרויסגענומען דעם מאַקסימום באַוואָפענונג און אַמוניציע פון די צוויי לאַסט־אויטאָס. יעדער דריטער קעמפער האָט געהאַט אַ לייכטן מאַשין־געווער מיט צען דיסקן. די לאַסט־וועגן זיינען

געשטאַנען גוט פאַרמאַסקירט אין אַ געדיכט וועלדל לעבן דאָרף. אין זיי איז געווען באַוואָפּענונג פאַר 300 מאַן. מיר זיינען אין דאָרף פּראַ־דעל געווען בלויז 120 מאַן. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר טרעטן אָפּ טיף אין וואַלד, כדי עס זאָל דער אַרטיקער באַפעלקערונג גאָרנישט שאַטן. ווייל טאָמער שטעלן מיר אַ ווידערשטאַנד אין פּראַדעל, קאָנען די דייטשן אומברענגען די גאַנצע ציווילע באַפעלקערונג. קענטיק, אַז די דייטשן האָבן נישט געוווּסט וויפל מיר זיינען דאָ. ווייל אַז מיר האָבן פאַרנומען אַ באַקוועמע פּאָזיציע אין וואַלד, איז ווו זיי האָבן זיך נאָר באַוויזן, האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ געדיכטן האָגל פון קוילן. קוילן האָבן מיר נישט געזשאַלעוועט. מיר האָבן מיטגענומען גאַנצע זעק מיט דיסקן. דריי טעג זיינען מיר געלעגן אין וואַלד, איזאָלירט פון דער וועלט, אָן עסן, אָן טרינקען.

מיט אונדז זיינען געווען 12 געוועזענע קריגסגעפאַנגענע פון דער רויטער אַרמיי. מיר, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געהונגערט האָבן אַלעמאָל געהאַט ביי זיך אין קעשענע אַ שטיק קעז, אָדער אַ שטיק סאַלע, אַ שטיק ברויט. אפילו נאָכן קריג איז ביי מיר געבליבן אַזאַ מין טבע. איך גרייט אָן שפּייז אַלעמאָל אויף עטלעכע טעג. קענטיק, אַז די מורא פאַרן הונ־גער איז ביי מיר פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

מיין דאַלמעטשער האָט מיר געזאָגט, אַז די פראַנצויזישע חברים לאַכן, וואָס איך גיי אַלעמאָל אַרום מיט אַ לאַבן ברויט, אפילו אויף אַ פּאַטרול. און ער אַליין האָט געלאַכט:

— גרעגאָר, דיר פעלט דען צו עסן ?

אָבער דאָס רוקזעקל איז שטענדיק געווען פול. אַציַנד, ליגנדיק אין וואַלד לעבן פּראַדעל זיינען אויפן אַנדערן טאָג אַלע געווען הונ־געריק, אויסער מיר, די רוסישע קריגסגעפאַנגענע. איך זוך אויף דעם קאָמאַנדאַנט און לייג אים פאַר די גאַנצע שפּייז, וואָס מיר האָבן ביי זיך, פונאַנדערצוטיילן. און מיר האָבן אַלץ אויסגעליידיקט אויף אָן אויסגע־שפּרייטן מאַנטל. מען האָט עס פאַרטיילט צווישן די 112 מאַן. צוויי זיינען פאַרפאַלן געוואָרן. צוויי זיינען איבערגעבליבן אין דאָרף, 4 מאַן זיינען געפאַלן בעת די קאַמפן.

איך מיטן קאָמאַנדאַנט הילאַ־לעווי האָבן געמאַכט אַ פּלאַן, און ער האָט מיר אָנגעטרויט דורכצופירן די אָפּעראַציע. דער פּלאַן איז געווען איינפאַך: מיר האָבן אויסגעשפּירט די גאַנצע דייטשע דיספּאָזיציע, און אין איין אָרט האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז דער שוואַכסטער פּונקט. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז אין דעם אָרט גייען מיר אויף אַ דורכ־רייס. דער רינג פון די דייטשן איז אומגעפער פון 8 ביז 10 קילאָמעטער. אָבער דאָרט, ווו מיר האָבן באַשלאָסן דורכצורייסן, האָבן מיר געוווּסט, אַז קיין וועגן זיינען נישטאָ, און דעריבער וועלן זיי נישט קאָנען אַזוי גיך אונטערשיקן קיין הילף. צו דעם האָבן מיר באַשלאָסן, אַז צוויי גרופּן פון 20 מאַן וועלן מאַכן אַ דיווערסיע, אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט

פון די דייטשן אין אַן אַנדער אָרט, און דאַן קומען זיי גלייך צוריק, צונויפצוגיסן זיך מיט דער גרעסערער גרופּע. אַלץ איז געווען רעגולירט לויטן זייגער.

און אַזוי אַרום זיינען מיר אַרויס פון דער אַרומרינגלונג, נישט פאַרלירנדיק קיין איין מענטשן. דער קאָמאַנדאַנט האָט געקראָגן אַ לייכטע ווונד, און נאָך צוויי פון אונדזערע קעמפער זיינען לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן.

פאַרן אַרויספירן די קאָמפּאַניע פון אַרומרינגלונג האָט מען מיך באַשאַנקען מיטן קריגס־קרייץ, און געגעבן אַ "סיטאַסיאָן". דאָס איז געווען די גרופּע קאָמפּאַניע בארא פון 13־טן מיליטערישן רעזשיאָן, דער שעף קאַפּיטאַן, שפּעטער קאָמאַנדאַנט, אַנדריי, לויטן ריכטיקן נאָמען קאָופמאַן. אין דער צייט פון דער אָפּעראַציע איז ער נישט געווען, ווייל מען האָט אים מיט אַ טאָג פריער אַרויסגערופן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין הויפּט־שטאָב פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין האַט־לואַר.

אין דער אָפּעראַציע פון דער דייטשער קאָלאָנע האָבן אָנטיילגענומען 12 טויזנט מאַן פון דער ספּעציעלער דייטשער דיוויזיע, אונטערשטיצט דורך דער אַוויאַציע. קיין טאַנקן האָבן מיר נישט געזען. אָבער צוויי פּאַנצער־אויטאָס האָבן מיר אונטערגעצונדן מיט פּעקלעך האַנט־גראַנאַטן. לויט אונדזער אַגענטור, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן געהאַט פאַרלוסטן אין דער אָפּעראַציע — 140 טויטע, איבער 300 פאַרוווּנדעטע.

עס האָט אונדז אַביסל אָפּגעגליקט. אָבער מען זאָגט, אַז דאָס גליק איז שטענדיק אויף דער זייט פון דרייסטן. דאָס גליק איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אונדזערע גרופּן האָבן געמאַכט די דיווערסיע און געעפנט אַ פייער פון 25 קוילן־וואַרפער מיטאַמאָל. ס'איז נאָך אין דעם מאָמענט געווען גאַנץ פינצטער, עס איז צו דעם נאָך געווען אַ געדיכטער נעפּל. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַנצוגרייפן ביידע גרופּן פון צוויי פאַרשיידענע זייטן. דעם ציל האָבן אונדזערע צוויי גרופּן דערגרייכט, קיין קאַמף האָבן זיי נישט אויפגענומען און גלייך אָפּגעטראָטן צו אונדז, ווו מיר האָבן זיך דורכגעריסן אָן גרויסע פאַרלוסטן. די שווערע פאַרלוסטן ביי די דייטשן זיינען געווען דאָס, וואָס שעהען־לאַנג האָבן זיי זיך געשלאָגן צווישן זיך גופא, מיינענדיק, אַז דאָס שלאָגן זיי זיך קעגן אונדז. זיי האָבן עס באַמערקט ערשט, ווען ס'איז געוואָרן גוט ליכטיק. אָבער מיר זיינען שוין געווען ווייט.

גלייך נאָכן דעסאַנט אין נאָרמאַנדיע, האָט אונדזער שטאָב געקראָגן אַן אויפגאַבע צוצוגרייטן אַן אָרט אויף אַ לופט־דעסאַנט פון די אַלירטע. די געגנט פון האָט לואַר איז אַ בערגלדיקע, און ס'איז שווער צו געפינען אַ פּאַסיק אָרט אַרונטערצולאָזן זיך. מ'האָט ענדלעך געפונען אַזאַ מין אָרט ביי סאַגע, אין האַט־לואַר. פאַרשטייט זיך, אַז די אָנפירערשאַפט האָט אין דער געגנט קאָנצענטרירט מערערע גרופּן פּאַרטי־

זאנער. אָבער די דייטשע אַגענטור איז אויך נישט געשלאָפֿן. קענטיק, אַז זיי האָבן דערטאַפּט אונדזער ציל, אָדער מ'האָט זיי אינפֿאָרמירט.

אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן שטויסט זיך אָן אונדזער פּאָסטן אין אַ גרופּע דייטשן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ פֿאַרשטאַרקטע גרופּע פֿון אַ דייטשן פּאַטרול פֿון טאַטאַרן־לעגיאָן. ס'איז געווען דעם 9־טן יוני. די דייטשן עפֿענען אַ שלאַכט קעגן אונדז האַרט ביי סאַגע. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט וועגן די צונויפֿגעזאַמלטע קרעפֿטן פֿון דער מאַקי ביי סאַגע. נאָך אַ קורצן קאַמף, גייען מיר אַריבער אין אַ קאָנטער־אָפֿענסיווע און מיר צווינגען זיי אָפּצוטרעטן. מיר האָבן געפֿונען אויפֿן שלאַכטפֿעלד 27 טויטע, 7 פֿאַרוווּנדעטע און 12 געפֿאַנגענע טאַטאַרן. קענטיק, אַז פֿיל טויטע האָבן די דייטשן מיטגענומען. די טאַטאַרן האָבן געבעטן מען זאָל זיי אַרייננעמען אין אונדזערע רייען.

אין עטלעכע טעג אַרום, ביים טוישן די באַזע, זיינען דריי פֿון די טאַטאַרן נעלם געוואָרן. זיי זיינען צוריקגעלאָפֿן צו די דייטשן. די אָנפֿירונג פֿון אונדזער שטאַב האָט געוואָלט די איבעריקע 9 טאַטאַרן דערשיסן, ווייל אין אונדזערע באַדינגונגען קאָנען מיר קיין געפֿאַנגענע נישט האַלטן. איך האָב עס אָבער נישט דערלאָזן. האָט מען באַשלאָסן, אַז מען טיילט זיי מיר צו אין מיין אָפּטיילונג. אין דעם מאָמענט איז מיין חבר, דער טאַטאַר קערים, געווען אין דער גרופּע לאַפּאַיעט. דער שעף זיינער, אַ גוטער פֿריינט פֿון מיר, קאָמאַנדאַנט פּיער פּערע, האָט אים מיר צוגעטיילט צו מיין גרופּע. איך האָב קערימען אָנגעטרויט די 9 טאַטאַרן. ער האָט געהאַט מיינעם אַ באַפֿעל, אין פֿאַל פֿון אַ פּרוּוו צו דעזערטירן, צו שיסן זיי אָן אַ וואָרענונג. די 9 טאַטאַרן האָבן אָבער ערלעך געדינט, ביזן באַפֿרייען גאַנץ האָט־לואַר.

נאָכן באַפֿרייען לע־פּי, זיינען מיר אַוועק צוהילף אַנדערע געגנטן. אַ גרויסן קאַמף האָבן מיר געפֿירט אין דער געגנט פֿון אַרדעש, מיט דער הויפּט־שטאָט פּריוואַ. לעבן פּריוואַ האָבן מיר אַרומגערינגלט אַ גרופּע פֿון 3500 דייטשן. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. דאָס איז געווען אַ טייל פֿון אַ צעשלאָגענער דיוויזיע, וואָס איז אָפּגעטראָטן פֿון מאַרסעיל. אונדזערע כּוחות זיינען געווען פֿיל שוואַכערע פֿון זייערע. אונדזער איינציקע איבערגעוויכט איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבן זיך געפֿונען רונד אַרום זיי. מיר האָבן זיי געפּרוּווט צו ברעכן מאָראַליש, געשיקט צו זיי שליחים, כּדי איבערצוצייגן זייערע אָפֿיצירן, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. איך בין געווען צווישן די 4 פּאַרלאַמענטאַריער. אונדזער שטאַב האָט מיר געגעבן די אויפֿגאַבע צו זען אין וואָס פֿאַראַ מצבֿ די אַרומגערינגלטע דייטשן געפֿינען זיך, וואָס פֿאַראַ באַוואָפֿענונג זיי האָבן. מיר האָבן געטראָגן אַ ווייסע פֿאָן, אַז געווער. די דייטשן האָבן אונדז אויפֿגענומען. איך האָב געהערט, ווי אייניקע אָפֿיצירן האָבן זיך איינגעשפּאַרט, מען זאָל מיט אונדז אַפֿילו נישט רעדן, נאָר גלייך אונדז

דערשיסן. אַנדערע אָבער זיינען געווען קעגן דעם, ווייל זיי האָבן גע־וווסט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי האָבן דעם זעלבן סוף. אין דער זעלבער גרופּע פון די 4 פּאַרלאַמענטאַריער איז געווען אַ ייד, יוסף באַסס, קאַפּיטאַן אַנדריי.

פיל יידן זיינען געווען אין מאַקי, אין דער געגנט פון האָט־לואַר. אין „מעסאַזש ד'איזראַעל" איז דעם 10־טן יוני 1946 געווען פּאַרעפנט־לעכט אַן אינטערוויו מיטן באַקאַנטן טוער און שרייבער וואַניקאַף. ער האָט דערציילט וועגן דער אַקטיוויטעט פון יידישע פּאַרטיזאַנער אין דער געגנט פון האָט־לואַר: אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1943 זיינען גע־גרינדעט געוואָרן ספּעציעלע 4 יידישע קעמפער־גרופּן, אונטער דער אָנ־פירונג פון יאָסעף באַסס־אַנדריי. אַן אָפיציר פון פ. ט. פּ. פּ. אָנגעהעריק דירעקט צו פ. פ. אי. צווישן די יידישע אָפיצירן דערמאָנט ער: קאָמאַנ־דאַנט פּאַיאַל, פּיער לעווי, קאַפּיטאַן בענוא, פּאָול בעקער, דער געהילף־שעף פון מ. ו. ר. פון אָווערן, דער דאָקטער שוואַרץ, אָדער סעגעין. עט־לעכע דייטשע יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט: קורט ספּיראַ, אָדער לייטענאַנט קלאָד, און דער קאַפּאַראַל וואַלטער באַסניק. וואַניקאַף דער־ציילט, אַז דער 352־טער באַטאַליאָן פון פּ. ט. פּ. פּ. איז געווען אָנגע־פירט דורך גריגאָרי ריטוואַס, איינער פון די בעסטע אָפיצירן פון מאַקי אין יענער געגנט.

אין אַ צווייט אַרטיקל, געשריבן שוין אין 1958, נאָך מיין אומקערן זיך צוריק קיין פראַנקרייך, אין דער צייטונג „לע מאָנטאַן", אין קלער־מאָן־פעראַן: „אַט ווערט 14 יאָר ווי לעַ־פּי איז באַפרייט געוואָרן. דער קאַפּיטאַן גרעגאַר קומט ווידער אין אונדזער שטאָט, וועלכע ער האָט באַפרייט אין דער שפּיץ פון דער רעזיסטאַנס".

מיד פרייט, וואָס איך, אַ פּשוטער ייד פון ליטע, האָב אויך אַ געוויסן חלק אין דער באַפרייאונג פון פראַנקרייך. איך האָב געטראָגן דעם נאָמען גרעגאַר, אָבער אויסער עטלעכע יידישע שעפן פון דער רעזיסטאַנס, האָט קיינער נישט געוווסט, אַז איך בין אַ ייד; ווייל צום באַדויערן, האָב איך אפילו אין דער פראַנצויזישער „רעזיסטאַנס" אָנגעטראָפן זיך מיט אַ געוויסן אַנטיסעמיטיזם. אייניקע פון מיינע פראַנצויזישע מיטקעמפער זיינען גע־ווען אָפענע אַנטיסעמיטן. ביי יעדער געלעגנהייט דערמאָנען זיי, אַז אין מאַקי זיינען נישט געווען קיין יידן... נישט אַלע פון מיינע מיטקעמפער, יידן, געדענק איך זייערע נעמען. אָבער אייניקע שעפן וויל איך דער־מאָנען: קאַלאָנעל לעווי, לויטן פּסעוודאָנים — הילאָ. קאָמאַנדאַנט גו־טאָוויטש, אָדער ראָבערט, קאָמאַנדאַנט קאופמאַן, אָדער אַנדריי, און אַ העלדישער ליטווישער ייד, לייטענאַנט פינקעלשטיין, אָדער סימאָן, פון דער גרופּע מאָן־מושע, אונטער דער אָנפירונג פון באַוווסטן פראַנצוי־זישן רעזיסטאַנטן־העלד, קאַלאָנעל גאַספּאַר.

קאפּיטל 27

# די לעצטע קלעפּ פאַר די דייטשן

מיט עטלעכע טעג שפּעטער נאָך דער לאַנדונג פון די אַלירטע אין נאָרמאַנדי, באַקומען מיר אַ ידיעה, אַז אַ גרעסערע גרופּע מאַקיזאַרן פון 1200 מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון קאַלאָנעל גאַספּאַר, קעמפט קעגן אַ מחנה דייטשן פון 13 טויזנט מאַן. דאָס איז געווען ביי מאָן־מושע, האָט־לואַר. 4 טעג האָבן געדויערט די שלאַכטן, און צולעצט, ווען ס'האָט זיך אויסגעלאָזן דער רעזערוו פון אַמוניציע, זיינען די פּאַר־טיזאַנער אָרגאַניזירטערהייט נעלם געוואָרן. אין דעם קאַמף האָב איך אויך אָנטיילגענומען. איך האָב געזוכט צו שטערן די דייטשן צו באַקו־מען פאַרשטאַרקונגען. לויט די דייטשע קוועלן גופא, האָבן זיי געהאַט אַ פאַרלוסט פון 1200 מאַן, אין טויטע און פאַרוווּנדעטע. ביי די פּאַרטי־זאַנער איז געווען איבער 250 טויטע און פאַרוווּנדעטע. דער קאַמף איז געווען גוט אָרגאַניזירט. און כאָטש די פּאַרטיזאַנער זיינען געווען אַרומ־גערינגלט, האָבן די נאַציס נישט געקאָנט נעמען קיין איין געפאַנגענעם. מען האָט אפילו עוואַקואירט אַלע פאַרוווּנדעטע.

מיין גרופּע איז געווען גוט דיסציפּלינירט און מען פלעגט אונדז אָפט אַריינשיקן צו אַנדערע גרופּן, צו ווייזן זיי ווי אַ גוטן ביישפּיל. צוליב דעם האָב איך זיך געקענט כמעט מיט אַלע שעפן אין די פיר דעפּאַר־טאַמענטן: לאַזער, אַרדעש, לואַר און האָט־לואַר. פאַר דער לאַנדונג אין נאָרמאַנדי האָבן מיר געהאַט מער געווער ווי מענטשן. דערנאָך האָבן אָנגעהויבן פליסן צו אונדז מענטשן פון אַלע זייטן. עס האָט שוין אויס־געפעלט געווער.

צו דעם האָבן זיך די מערסטע אויפגעפירט אַזוי, ווי די דייטשן וואָלטן שוין געווען אינגאַנצן פאַרטריבן פון לאַנד. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז אַ פאַרוווּנדעטע חיה איז אָפטמאָל נאָך מער געפערלעך. זיי זיינען אַרומגעפאָרן פראַנק און פריי אויף די וועגן. און אָט זיינען צוויי קעמ־פער אָנגעפאָרן אויף אַ האַלבער קאַלאָנע פון טאַטאַרן־לעגיאָן. דאָס זיינען געווען דער קאַפּיטאַן סעגלע, דער שעף פון דער גרופּע סאַנזאַ, מיט זיין שאָפער. זיי האָבן געפּרווט אַנטלויפן, אָבער דער אויטאָ האָט זיך איבערגעקערט אין אַ גרובן, און מען האָט זיי גענומען געפאַנגען לעבעדיקע. קענטיק, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן אויף דער אויספאַרשונג, און לויטן באַפעל פון שעף פון לעגיאָן, האָט מען זיי דערשאָסן. דער סוף איז געווען, אַז דער טאַטאַרן־לעגיאָן איז געוואָרן אַרומגערינגלט פון אונדזערע קרעפטן. אַ טייל איז געלונגען דורכצו־רייסן זיך און דורך סענט־עטיען אַוועקצוגיין קיין דייטשלאַנד. די אי־בעריקע האָבן, נאָך שווערע קאַמפן און שווערע פאַרלוסטן, קאַפּיטולירט, אין זעלבן טאָג, ווי מיר האָבן גענומען לע־פּי. אַזוי ווי מיר האָבן גע־

ווסט וועגן אומקום פון אונדזער באַליבטן קאַפּיטאַן סעגלע, האָט מען גלייך אויפֿן אָרט געמאַכט אַן אויספֿאָרשונג. צוויי טאַטאַרן האָבן געזאָגט, אַז דער פֿעלדפֿעבל האָט זיי געגעבן דעם באַפֿעל צו דערשיסן דעם קאַפּיטאַן מיטן שאָפֿער. מען האָט געפֿונען דעם פֿעלדפֿעבל, און ער האָט געטענהט, אַז אים האָט געגעבן דעם באַפֿעל דער הויפּט־פֿעלדפֿעבל. דער הויפּט־פֿעלדפֿעבל האָט געזאָגט, אַז אים האָט באַפֿוילן דער אָבער־לייטענאַנט. דער אָבער־לייטענאַנט האָט געקראָגן דעם באַפֿעל פֿון לייטענאַנט־קאָלאָנעל, דער שעף פֿון טאַטאַרן־לעגיאָן, וואָס איז צוזאַמען מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן און אָפֿיצירן געלונגען נעלם צו ווערן. די צוויי טאַטאַרישע לעגיאָנערן האָט מען באַפֿרייט. אָבער דעם פֿעלדפֿעבל, דעם אָבער־פֿעלדפֿעבל און דעם אָבער־לייטענאַנט האָט מען אויפֿן אָרט, אָן קיין שום צערעמאָניעס, אויפֿגעהאָנגען. עס איז נישט געווען קיין צייט מיט זיי זיך צו פֿאַרנעמען.

פֿאַרטאָג, דעם 19־טן אויגוסט, וועקט מען אונדז אויף און מען זאָגט, אַז אין אַ שעה אַרום דאַרפֿן מיר זיין גרייט. אונדזער הויפּט־שטאָב פֿון גאַנצן דעפּאַרטאַמענט האָט־לואַר האָט זיך געפֿונען אין דעם מאָמענט לעבן רעטורנאַק אין אַ שלאָס. מיר זיינען אַרום דער שטאָט לע־פּי. אין שטאָט געפֿינען זיך פֿיר באַוואָפֿנטע גרופּן אונדזערע מענטשן. צו דעם האָט זיך מיט זיי פֿאַרייניקט, נאָך אַ לאַנגער צוגרייטונג, די אַרטיקע פֿראַנצויזישע זשאַנדאַרמעריע. עס הערט זיך שוין אין שטאָט אַ שיסעריי. דערווייל זיינען אונדזערע אָפּטיילונגען אין פֿאַרטיידיקונג. אָבער נישט אויף לאַנג. צוויי גרופּן אַטאַקירן די קאָמאַנדאַטור מיט דער געשטאַפּאָ. אָבער די וויכטיקסטע פֿיינטלעכע קרעפֿטן געפֿינען זיך אין צוויי קאַזאַרמעס. דער הויפּט־אָנפֿירער פֿון דער געגנט, לייטענאַנט־קאָלאָנעל זעוואַלד, לויטן ריכטיקן נאָמען זאַפּאָלסקי, טיילט פֿונאַנדער די קרעפֿטן, און מיר אַטאַקירן גלייכצייטיקביידע קאַזאַרמעס. איך בין געווען דער שעף פֿון אַ ראָטע פֿון עטלעכע און אַכציק מאַן. זייער גוט באַוואָפֿנט זיינען מיר נישט געווען, אָבער דער מוט איז געווען אַ גוטער, ווייל מיר האָבן געפֿילט, אַז מיר וועלן באַלד באַקומען הילף פֿון די אַליִרטע אַרמייען, וואָס דערנענטערן זיך. מיר האָבן אַטאַקירט די שטאָט פֿון אַלע פֿיר זייטן. 8 שעה האָבן מיר געקעמפֿט און נאָך שווערע קאַמפֿן, האָבן מיר גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט 370 דייטשן און טאַטאַרן פֿון לעגיאָן. איך האָב גערעדט צו זיי דורך אַ מיקראָפֿאָן, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן, אין רוסיש און אין דייטש, ווייל פֿריער אָדער שפּעטער — האָב איך זיי געוואָרנט — וועלן מיר זיי פֿאַרניכטן. אויב זיי וועלן זיך אונטערגעבן, וועלן מיר זיי באַהאַנדלען ווי קריגסגעפֿאַנגענע, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון רויטן קרייץ. זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן, און אַזוי איז באַפֿרייט געוואָרן די שטאָט לע־פּי, מיט אַ באַפֿעלקערונג פֿון 40 טויזנט איינוווינער.

צווישן די טאַטאַרן פֿון לעגיאָן זיינען פֿיל געווען טובערקולאָז־

קראַנקע. זיי זיינען געגאַנגען אין לעגיאָן, ווייל דאָס איז געווען זייער לעצטע ברירה. מען קאָן רעכענען אפשר צען פּראָצענט באמת פריי־וויליקע, אַריבערלויפער, אָדער סתם פאַרביסענע שונאים פון סאָוויעטישן רעזשים. נאָר אַדאַנק די דאָזיקע האָט זיך דער טאַטאַרן־לעגיאָן געהאַלטן ביזן לעצטן מאָמענט, און זיי האָבן זיך געשלאָגן קעגן אונדז פאַרביסן, צוזאַמען מיט די דייטשן. צווישן די דאָקטוירים אין שפּיטאָל איז געווען אַן אַרמענער. ער איז אַריין אין מאָקי הארט פאַרן באַפרייען די געגנט. דער זעלבער דאָקטער האָט נאָכן קאַפּיטולירן פון די דייטשן, אָפּגעקליבן דריי דייטשע אָפיצירן, און איידער נאָך מען האָט באַטראַכט וואָס ער גייט טאָן, האָט ער זיי דורכגעזיפּט מיט זיין אויטאָמאַט. דאָס האָט גע־מאַכט אויף אונדז אַ שווערן איינדרוק. איך פערזענלעך האָב קיינמאָל נישט געשאָסן אויף אומבאַוואָפנטע פיינט. איך האָב זיך אָבער דער־מאָנט דעם פאַל אין שטראָף־לאַגער, ווו אַן אַרמענישער דאָקטער האָט דערקענט און אַרויסגעגעבן מיין יידישן חבר, און זיי האָבן אים אומגע־בראַכט. מעגלעך, אַז דאָס זיינען געווען דריי דייטשע אָפיצירן, וואָס האָבן געקאָנט עפּעס אויפדעקן וועגן דעם אַרמענישן דאָקטער, דעריבער האָט ער זיי פאַרמאַכט די מיילער. איך בין אין דעם מאָמענט געווען זייער צעטומלט, זייער אויפגעבראַוזט פון אונדזער נצחון.

עס שטייט אַ היפשע קאָלאָנע געפאַנגענע דייטשן און דער רעשט פון טאַטאַרן־לעגיאָן. איך שטיי און באַטראַכט מיינע געוועזענע פייני־קער. פלוצלונג קומט צולויפן צו מיר מיין דאָלמעטשער. מען רופט מיך צום הויפּט־שעף פון 13־טן מיליטערישן רעזשיאָן, לייטענאַנט קאָלאָנעל זאַפּאָלסקי־זעוואָלד. ער שטייט מיט אַ גרופּע אָפיצירן, און פאַר אַלעמען אין די אויגן — עס שטייען עטלעכע טויזנטער מענטשן פון שטאָט — גיט ער אַ באַפעל, אַז איך זאָל זיין דער, וואָס וועט אָנפירן מיט דער קאָלאָנע געפאַנגענע, באַגלייט פון אַ וואָך. אין דעם מאָמענט בין איך געווען לייטענאַנט. איך הער ווי ער רופט מיך אָן:

— קאַפּיטאַן גרעגאָר!

שפּעטער האָט מיר דער דאָלמעטשער דערקלערט, אַז שוין צוויי טעג, ווי עס איז געווען דער באַפעל, אַז איך בין נאָמינירט קאַפּיטאַן. אָבער צוליב דער צוגרייטונג צו דער שלאַכט, האָט מען עס פאַרגעסן צו מעלדן.

אַליין בין איך שמוציק. שוין דריי—פיר טעג נישט געוואַשן, אַ באָרד פון אַ פּאָר וואָכן, צוויי גראַנאַטן אָנגעטשעפּעט אין ברייטן דייטשן רי־מען, אַ גרויסן פּיסטאָלעט פון איין זייט, מיט אַ קינזשאַל פון עס עס, וואָס איך האָב צוגענומען ביי די פאַרכאַפּטע פּראָנצוויזישע עס. עס. דער דייטשער מיטראַיעט אויפן האַלדז. און עס קלינגט פּלוצים אָפּ מיין שטאַר־קע שטימע:

— אַכטונג! שטילשטאַנד! אומדריי — רעכטס! — און אויף רוסיש — שאַגאָם מאַרש!

צי קאָן ווער פאַרשטיין דאָס געפיל, חוץ די, וואָס האָבן איבערגע־לעבט אַ סך מפּלות און האָבן דערלעבט דעם נצחון, דורך אַ שווערן, בלוטיקן וועג ? און אַ נצחון, אָן דער דירעקטער הילף פון די אַלירטע אַרמייען. אַט פירן מיר אַ קאָלאָנע דייטשן. ווו איז זייער גרויסהאַלטן זיך ? די „אויבערמענטשן" גייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אַ סך פון די ציווילע שטאָט־לייט שפּייען זיי אין פּנים, שרייען :

— באַש, קאַפּוט !

דעם ערשטן אַמעריקאַנער סאָלדאַט האָבן מיר געזען ערשט אין 34 טעג אַרום נאָכן באַפרייען די געגנט.

די פראַנצויזישע „רעזיסטאַנס" איז געווען אָנגעפירט דורך פאַרשיי־דענע ריכטונגען. פון די וויכטיקסטע : די ריכטונג פון דע גאָלן, אָנ־געפירט פון לאָנדאָן, און די קאָמוניסטן. איך האָב אָבער וועגן דעם צו־ערשט נישט געוווּסט און בין צופעליק אַריינגעפאַלן אין דעם טייל, אָנ־געפירט דורך די גאָליסטן. איך בין אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער דעם 9־טן אַפּריל, אין אָוונט, מיט דער הילף פון מיכאַיל אגארין. גלייך צומאָרגנס איז אונדזער גרופּע אַטאַקירט געוואָרן דורך אַ שטאַרקער ס. ס.־אָפּ־טיילונג. ביי אונדז זיינען געווען קליינע פאַרלוסטן, אָבער די דייטשן האָבן מיר געגעבן שטאַרקע קלעפּ און זיך צוריקגעצויגן. איך האָב זיך אויסגעצייכנט ביים מאַשין־געווער און בין אין זעלבן טאָג באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון דער מאַשין־געווער־גרופּע. צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די פראַנצויזן, האָב איך געהאַט אַ דאָלמעטשער, אַן אונטער־אָפיציר פון דער דייטשער אַרמיי, אַ געבוירענער אין עלזאַס. ער האָט דעזערטירט פון דער דייטשער אַרמיי.

מיט דער צייט בין איך געוואָרן שעף פון אַ ראָטע, און שפּעטער — שעף פון 352־טן באַטאַליאָן. איך האָב באַקומען דעם גראַד פון אַ קאַ־פּיטאַן און באַשאָנקען געוואָרן מיט אייניקע מעדאַלן, אַ ספּעציעלן מע־דאַל — פאַרן אַנטלויפן פון דער דייטשער אַרמיי.

באַלד נאָך דער באַפרייאונג האָט מען מיר איבערגעגעבן צו קאָמאַנ־דירן מיט אַ באַטאַליאָן פון סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער. אַלע האָבן גערעדט רוסיש און אויך דער שטאַב האָט זיך געפירט אויף רוסיש. מיט דעם באַטאַליאָן האָט אָנגעפירט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, די פּ. ט. פּ. פּ. דער באַטאַליאָן איז איינגעשטאַנען טאַקע אין לע־פּי גופא, אין אַ גרויסער שולע, אויף פּלאַס מישלע. שפּעטער איז דער באַטאַליאָן איבערגעוואָרפן געוואָרן קיין קראַפּאָן, ווייל אין דער געגנט זיינען נאָך געווען באַוואָפנטע באַנדעס פון דער ווישי־מיליץ, נישט אַנטוואָפנטע דייטשן. איך האָב געקראָגן די אויפגאַבע אויסצורייניקן די געגנט.

אין סעפּטעמבער—אָקטאָבער 1944 זיינען די מערסטע פראַנצוי־זישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן אַריינגעגאָסן געוואָרן אין דער רעגולערער פראַנצויזישער ערשטער אַרמיי, און אָפּגעשיקט צום פראָנט, אין דער געגנט פון שטראַסבורג. אַזוי אַרום אַז לע־פּי איז געבליבן אָן אַ גאַרניזאָן.

דער שטאָב פון 13־טן רעזשיאָן האָט באַשלאָסן צו לאָזן מיין באַטאַליאָן אין לע־פּי, אין דער קאַזאַרמע ראַמעויף און שפּעטער — אין עספּאַלי.

נאָכן צעקלאַפּן די רעשטלעך פון טאַטאַרן־לעגיאָן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויסער מיר און דעם דאָקטער פון סיביר, זיינען געווען אין לעגיאָן נאָך 4 יידן, צווישן זיי איינער, וואָס האָט אינגאַנצן נישט געקאָנט קיין טאַטאַריש. ער האָט זיך אָ נאָמען געגעבן מאָריס פּאַפּאָוו. זייער אַ גוטער זינגער איז ער געווען, האָט פאַרן קריג געענדיקט די קיִעווער קאָנסערוואַטאָריע. פיל טאַטאַרן האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ ייד, און זיי וואָלטן אים פריער אָדער שפּעטער אויסגעגעבן; נאָר ער האָט געזונגען אַזעלכע שיינע טאַטאַרישע לידער, אַז די מערסטע טאַטאַרן האָבן אים ממש פאַרגעטערט. די איבעריקע האָבן געמוזט שווייגן, פאַר מורא.

דער ייד מאָריס פּאַפּאָוו איז איינער פון די ערשטע אַנטלאָפן אין דער מאַקי, אויך די איבעריקע 3 יידן זיינען אַנטלאָפן. איינער פון זיי האָט זיך גערופן אַלעקסאַנדער קרופּינסקי, און דערנאָך חתונה געהאַט מיט אַ יידיש מיידל, מאַדמואַזעל האַפּענונג.

אָנהייב 1945 האָב איך זיך קאָנטאַקטירט מיט דער סאָוויעטישער קריגס־מיסיע אין פּאַריז, און זייט דאָן האָט מיט אונדז אָנגעפירט דער שעף פון דער מיסיע, גענעראַל גאַליקאָוו. צוליב די אינטערעסן פון באַ־טאַליאָן, בין איך אָפט אַרויסגערופן געוואָרן קיין פּאַריז. אַ פּאָר מאָל האָב איך מיט זיך מיטגענומען מיין זינגער. און פאַרן גאַנצן סאָוויעטישן פּערסאָנאַל האָט מאָריס פּאַפּאָוו אָפּגעגעבן קאָנצערטן.

איין מאָל קומט צו מיר דער זעלבער פּאַפּאָוו און בעט ביי מיר אַ דערלויבעניש און אויך געלט, צו פאָרן קיין פּאַריז. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט איינשטיין אין דער סאָוויעטישער מיסיע. ער איז אָבער אַוועק און זייט דעמאָלט נעלם געוואָרן.

אין 352־טן באַטאַליאָן, הויפּטזעכלעך סאָוויעטישע בירגער, האָבן זיך צונויפגעקליבן ביי אַ טויזנט מאַן, צווישן זיי 300 קראַנקע, די מערסטע טובערקולאָז־קראַנקע. מיין ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו איזאָלירן די אָפענע באַנדיטן. ווען איך וואָלט געדאַרפט באַשטראָפן די אַלע, וואָס זייער געוויסן איז געווען נישט איבעריק ריין, וואָלט איך געדאַרפט איינזעצן איבער 40 פּראָצענט פון מיין באַטאַליאָן. איך רעד דאָ אָבער וועגן אַזעלכע, וואָס זייערע פאַרברעכנס זיינען מיר געווען באַוווּסט. פאַרברעכנס, וואָס זיי האָבן דורכגעפירט אין וואָלגאַ־טאַטאַרסקי־לעגיאָן. 5 מאַן זיינען זיי געווען, איינער אַ טשוואַש, וואָס איך האָב גענוי געוווּסט, אַז ער האָט מיך צוויי מאָל געמסרט, אַז איך בין אַ ייד, אין דער לאַגער־געשטאַפּאָ אין שעדלעץ, און שפּעטער שוין — אין באַטאַליאָן. אויב איך האָב זיך אַרויסגעדרייט, איז עס געווען ממש מיט נסים. אויך מיין גע־טרייער קערים האָט מיר געהאָלפן. צוויי רוסן האָב איך אַריינגעזעצט

פאַרן רויבן אין דערבייאיקן דאַרף לעבן לע־פּי, און נאָך צוויי — פאַרן פאַרוווּנדן, פאַרגוואַלדיקן און רויבן.

מיט יאַרן שפּעטער האָב איך געזען אַ פּראַנצויזישן פילם, מיט פּיער באַנדי. דאָרטן ווייזט מען ווי אַ באַנדע פירן דורך אַ גרויסן האָלד־אַפּ, רויבן צו אַ גרויסן אוצר פון צירונג. אָבער באַלד דערנאָך פירן זיי דורך אַ לייכטן פאַרברעכן, האָקן אויס די שויבן אין אַ קליינער קאַפע, שיכורן זיך אָן, אַז די פּאָליציי זאָל זיי אַרייַנזעצן אין תּפיסה, ווו זיי וועלן באַקומען אַ קליינעם אורטייל. אַז זיי וועלן אָבער זיין אין תּפיסה, וועט מען זיי נישט זוכן פאַרן גרויסן פאַרברעכן.

מיט מיין אַרייַנזעצן די פּראָפעסיאָנעלע פאַרברעכער, מערדער, באַנדיטן, האָב איך זיי נאָר געראַטעוועט, מעגלעך אפילו — דעם קאָפּ. נאָכן באַפרייען לע־פּי האָט מען די געפאַנגענע פאַרטיילט אין צוויי גרופּן — די ריכטיקע דייטשן, 300 מאַן, האָט מען אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער אָרט, און די וולאַסאָווצעס, אין אַן אַנדער אָרט, אונטער מיין אָנפירונג, אין אַ גרויסער שולע, אין צענטער פון שטאָט. זיי זיינען נאָך געווען באַוואַכט, דורך אַ טייל פראַנצויזן און אַ טייל געוועזענע לעגיאָנערן, וואָס זיינען אַריבער צו אונדז.

אין תּפיסה האָב איך זיי אַרייַנגעזעצט גלייך נאָך דער באַפרייאונג. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן אָנגעהויבן צו קומען פון די אַרומיקע דערפער געליטענע. אַלע זיינען זיי געקומען מיט צוגעגרייטע קאַלטע געווער. אייניקע האָבן מיר געוויזן בלייענע קאַנטשיקעס, שטאָלענע דראָטן, אייזערנע פויסטן. זיי האָבן געזוכט כמעט די זעלבע לעגיאָנערן. אין טורמע האָט מען זיי נישט אַריינגעלאָזן. איך זאָל זיי אַרויסנעמען, מ׳זאָל זיי לינטשן אויפן אָרט, האָב איך קיין מאָראַלישע רעכט נישט געהאַט. איך האָב געמוזט אויך הערן די באַפעלן פון אויבן. צו דעם בין איך געווען איבערצייגט, אַז סיי ווי סיי וועלן זיי באַקומען זייער שטראָף פון אַ לעגאַלן טריבונאַל. אַליין דורכפירן דאָס געריכט האָב איך נישט געוואָלט. אומבאַוואָפנטע, האָבן זיי געקאָנט זיין מיינע טויטלעכע שונאים, האָב איך פאַרזענלעך זיי נישט געשלאָגן, נישט געמאַטערט. נאָר ווען איך זעץ זיי נישט אַריין אין תּפיסה, בין איך זיכער, אַז זיי וואָלטן געהאַט דעם פינצטערן סוף.

אָבער גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן די רייסערייען, אָדער רייבונגען צווישן די גאָליסטישע פ. פ. אי. און די קאָמוניסטישע פ. ט. פּ. פּ. און זייער דירעקטיוו איז געווען דער זעלבער, ווי די פאַראָרדענונג פון דער סאָוויעטישער קריגס־מיסיע, דאָס הייסט — מאָסקווע, אַז — קיין שום סאָוויעטישע בירגער זאָלן נישט געמשפּט ווערן אין אויסלאַנד, און מיט אַלע מיטלען זען, אַז זיי זאָלן זיך צוריקקערן קיין ראַטנפאַרבאַנד.

עס איז דעצעמבער 1944. די דייטשע אַרמיי געפינט זיך נאָך דערווייל אויף פרעמדע טעריטאָריעס. אָבער נאָכן קריג האָט מען מיט די וולאַסאָווצעס זיך נישט געשפּילט, איבערהויפּט מיט די, ביי וועמען מען

האָט געפֿונען די זעלבע אָפּצייכנס ווי ביי די ס. ס. אונטערן לינקן אָרעם. אין דעצעמבער קריג איך אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער סאָוויעטישער מיסיע, אַז איך זאָל אַלעמען אַרויסלאָזן פֿון תּפֿיסה. ביי מיר זיינען געווען 14 מאַן. איך האָב אַליין געמוזט זיין פּאַרזיכטיק, ווייל דאָס זיינען געווען אַזעלכע פֿאַרשוינען, וואָס האָסט אַלץ געקאָנט פֿון זיי דערוואַרטן. איך בין געווען באַוואָפֿנט; איין פּיסטאָלעט אָנגעטשעפּעט אויבן אויף. און אַ צווייטן, אַ געלאָדענעם, האָב איך געהאַלטן אין די הויזן־קעשענעס. 12 מאַן פֿון די 14 זיינען נעלם געוואָרן, און מיר האָבן זיך אומגעקערט אַן זיי. קענטיק, אַז זייער געוויסן איז געווען געגנוג אומריין פֿון פֿאַרגאָסן בלוט, אַז אפילו דער טויט וואָלט זיי נישט ריין געוואַשן.

## קאַפּיטל 28

# נאָך דער באַפרייאונג

אין לע־פּי, אין מיין 352־טן באַטאַליאָן, בין איך נאָך אין פּאָליטיק געווען קנאַפּ וואָס באַהאַוונט, אָבער די דירעקטיוון פֿון דער סאָוויעטישער קריגס־מיסיע האָב איך אויסגעפֿירט פּינקטלעך. דאָס וויכטיקסטע אין דעם מאָמענט איז געווען, אַז אַלע סאָוויעטישע בירגער זאָלן זיך אומקערן צוריק אַהיים, זאָלן רעפּאַטריאירט ווערן. עס איז געווען אין דער לופֿט ממש, אַז מאָריס טאָרעז, דער פֿירער פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זאָל איבערנעמען די מאַכט, און די פֿ. ט. פּ. פּ.־גרופּן האָבן באַדאַרפֿט זיין אין אַ געוויסער מאָס די מיליטערישע אונטערשטיצונג.

די ענגלישע אינטעלידזשענס־סערוויס איז אויך נישט געשלאָפֿן. די גרעסערע שעפֿן פֿון פֿ. ט. פּ. פּ. האָבן פֿון מיר געמאַכט אַ גאַנצן דיפּלאָמאַט. איך האָב אָפֿט אָנטיילגענומען ביים זעלבן טיש אין קאָנפֿערענצן מיט פֿראַנצויזישע, אַמעריקאַנער, ענגלישע אָפֿיצירן. די פּאַקטישע אָנפֿירונג פֿון מיין באַטאַליאָן איז געווען — אַ טראָיקע: אַ טעכנישער קאָמיסאַר, אַן אָפּעראַטיווער קאָמיסאַר און דער וויכטיקסטער, דער פּאָליטישער קאָמיסאַר. איך בין געווען דער אָפּעראַטיווער קאָמיסאַר. פֿלעג איך נאָך אַזאַ קאָנפֿערענץ פֿרעגן ביי מיין דירעקטן פּאָליטישן קאָמיסאַר, קאָמאַנדאַדנט ראָבערט:

— נאָך וואָס נעמט מען מיך אויף אַזעלכע קאָנפֿערענצן?

האָט ער מיר געענטפֿערט, אַז איך בין נישט דער איינציקער פֿון די סטאַטיסטן. קענטיק, אַז נישט אַלע האָבן געוווּסט מיין פֿאַרגאַנגענהייט. איך בין שוין געווען גאַנץ קאָרעקט אָנגעטאָן, אַ געמישטע אוניפֿאָרם, האַלב פֿראַנצויזיש, האַלב סאָוויעטיש, מיט עפּאָלעטן פֿון אַ קאַפּיטאַן. האָבן זיי געמיינט אַז איך בין אַן אויסגעשולטער קאַדראָווער אָפֿיציר, אויב אַזוי — קאָן איך דאָך צונויף קומען אין אַזאַ דעליקאַטער סיטו־

אציע. אין דעם מאמענט האט זיך מיין באטאליאן געפונען איינקוואר־
טירט אין דער קאזארמע פון עספאלי, הארט לעבן לע־פי. איך אליין
האב פארנומען א צימער אין א האטעל אויך צוליב פארזיכטיקייט, ווייל
איך האב געוווסט, וועגן א סך פארברעכער פון לעגיאן. איך בין געווען
פארבונדן מיט א פעלד־טעלעפאן מיטן באטאליאן, צוויי קילאמעטער
ווייט. איך בין געווען דער פאקטישער באלעבאס פון דעם באטאליאן.
איינער פלעגט קומען אלע טאג מיך ראזירן, א צווייטער האט מיר גע־
בראכט שפייז. צו דעם האב איך געהאט אין מיין רשות א לייכטן אוי־
טאמאביל מיט א שאפער. מענטשן האבן דרך ארץ געהאט פאר מיר,
אבער אליין ביי זיך בין איך געווען א צעבראכענער יידישער מענטש,
אן אויסגעליטענער, אן אויסגעמאטערטער, טראכטנדיק כסדר — וואס
איז געווארן דארט מיט מיין פרוי און קינד, מיט מיין משפחה?

אין איינעם א פרימארגן, איך האלט זיך אין מיטן ראזירן, מען
קלאפט אין טיר. די באלעבאסטע זאגט מיר, אז עמיצער וויל מיך זען.
עס שטייט פאר מיר א מיטלוווקסיקער מענטש, אין ציוויל, ביי די פער־
ציקער. ער גיט מיר איבער, אז א פרוי וויל זיך מיט מיר טרעפן.

און אט זיץ איך אין א גרויסער קאפע און מיר שמועסן גאנץ גע־
מיטלעך, און — טרעפט אויף וועלכער שפראך? אויף רוסיש. איך זע
פאר זיך א גאנץ אינטערעסאנטע פרוי, פון איבער דרייסיק, אביסל על־
טער פון מיר. איך מערק, אז פאר לע־פי איז זי צו רייך אנגעטאן, אי־
בערהויפט מיט איר פעלץ־קראגן. פון געשפרעך, וואס מיר פירן, פאר־
שטיי איך, אז זי איז א געגטע. ביי זיך טראכט איך שוין, ווי עס זעט
אויס איר שלאפצימער. מער נישט, וואס זי איז זייער געשמינקט. איך
טראכט אבער: ווער דארף האבן איר צורה? זי רעדט א גוטן רוסיש,
מען פילט אבער ארויס דעם ענגלישן אקצענט. און איך בין נישט פון
די שעמעוודיקע און פרעג עס איר. זאגט זי, אז זי איז אן ענגלענדערין.
זי האט געלעבט א סך יארן אין מאסקווע, ווו איר פאטער האט געאר־
בעט. וואס מער איך רעד מיט איר, פארשטיי איך, אז מיר האבן זיך
געטראפן נישט מיטן זעלבן געדאנק. און אין מאמענט, ווען מיר גע־
זעגענען זיך, פארשטיי איך נאך דערוויל נישט, וואס זי האט געוואלט
פון מיר. איך גיי פון איר אוועק מיט א מאדנעם אנטוישטן מענער־גע־
פיל. א סך שפעטער האב איך ביי זיך געטראכט, אז קענטיק, דאס,
אויף וואס זי האט געהאפט, איז זי אויך געבליבן אנטוישט, ווי איך.

אין א פאר טעג ארום איז מיר קלאר געווארן, וואס זי האט גע־
וואלט פון מיר און — ווער זי איז.

די מערסטע פון מיין באטאליאן האב איך נישט געקענט פער־
זענלעך. אבער א גאנץ גרויסע גרופע, מערסטנס געוועזענע ערלעכע מא־
קיזארן, וואס איך האב זיי געקענט, פונקט ווי זיי האבן מיך געקענט.
איך האב ארגאניזירט א גרופע פון 30 מאן, וואס האבן זיך געפונען מיט
מיר פון די ערשטע טעג אן אין מאקי. זיי זיינען געווען פאר מיר אין

באטאליאן, פונקט ווי די 2־טע ביורא. אייניקע פון זיי האב איך באַ־שטימט אויף די וויכטיקסטע שליסל־פּאָזיציעס.

דאָס איז געווען אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך מיין שמועס מיט דער ענגלענדערין. פאַרטאָג, דעם 18־טן מאַי 1945, עס קלינגט דער טעלע־פאָן. מען זאָגט מיר, אַז 18 מאַן פון מיין באַטאַליאָן זיינען נישטאָ. דער שעף פון שטאַב, מיינער אַ מענטש, זאָגט מיר, אַז לויט זיין מיינונג... איך שפיר, אַז דורכן טעלעפאָן וויל ער מיט מיר צופיל נישט רעדן. איך זאָג אים, אַז ער זאָל מיטנעמען דעם מאַקסימום מענטשן אין מיין לייכטן אויטאָמאָביל, באַוואָפנט מיט מיטראַיעטן, און ער זאָל גלייך קומען צו מיר. אויסער דעם גיב איך אַ פאַראָרדענונג גלייך אַרויסצו־שיקן אַ באַוואָפנטע סעקציע פון 20 מאַן צום פּלאַץ מישלע. ווייל גלייך פון די ערשטע ווערטער זיינע, האָב איך פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך. עס זיינען שוין אַ פּאָר טעג אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין לעת־פּי געפינט זיך אַ גרופּע ענגלישע מיליטער־לייט, וואָס זיינען געקומען צו ווערבירן כלומרשט אין דער ענגלישער אַרמיי געוויסע עלעמענטן פון מיין באַטאַליאָן.

און אָט זיינען מיר אויפן פּלאַץ מישלע, 28 מאַן, באַוואָפנט מיט מיטראַיעטן. עס שטייען צוויי געדעקטע לאַסט־אויטאָס. זיי זיינען גרייט אָפּצופאָרן. הינטן זיצן צוויי ענגלענדער, מיט האַלב־אויטאָמאַטישע אַמע־ריקאַנער קאַראַבינען. אין איין קאַמיאָן זיצט אַ שאָפער אין אַ ענגלישער אוניפאָרם. אין קאַבינקע פון צווייטן לאַסט־וואָגן איז קיינער נישטאָ. הינטן איז אַ טרעפּל, ווו מען קריכט אַרויף. איך גיב אַ קוק אין איין וואָגן, קיינער איז נישטאָ. איך שטעל אַריין אַ פוס און איך וויל אַרויפקריכן אויפן וואָגן, ווו עס זיצן די ענגלענדער, שטעלט מיך איינער פון די ענג־לענדער אָן אַנטקעגן זיין קאַראַבין. נישט אויסערגעוויינלעך קיין איין וואָרט, צי איך זיך צוריק אויף אייניקע מעטער און איך באַראַט זיך מיט מיין שעף פון שטאַב, ווי אַזוי מיר זאָלן האַנדלען.

נישט געקוקט, וואָס עס איז נאָך פאַרטאָג, האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ היפּש ביסל מענטשן. מיר פאַרשטייען, אַז מען מוז האַנדלען אַנטשלאָסן און האַרב. איך שטעל אָוועק 6 מאַן מיט אויטאָמאַטן. איך האָב זיי אָנ־געזאָגט, אַז איך וועל זיי געבן אַ סימן. איך גיב אַ געשריי אויף רוסיש:

— זאָפאָרט זאָלן אַרויסגיין פון די לאַסט־וועגענער, ווער עס גע־פינט זיך פון באַטאַליאָן. קיין שום שטראָף וועט נישט אָנגעווענדט ווערן, ווייל מיר ווייסן אַז איר זענט געוואָרן פאַרפירט. אויב נישט — עפענען מיר אַ פייער אויף ביידע קאַמיאָנען.

איך צייל ביז דריי. ביים „דריי" הער איך, אַז אין איין לאַסט־וואָגן זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס ווילן אַרויסגיין, קענטיק אָבער אַז די איבעריקע לאָזן זיי נישט. לויט מיין ווונק, לאָזן זעקס מיטראַיעטן אַרויס פייער איבער די קעפּ פון די צוויי ענגלענדער. דאָס האָט געווירקט בעסער ווי אַלע רייד. לויט די זשעסטן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די ענג־

לענדער קריגן זיך צווישן זיך. איך נעם אַ מיטראַיעט און גיי צו האַרט צום קאַמיאָן. איך שטעל אים אָן אויפן ענגלענדער, וואָס האָט מיר אָקאָרשט געדראָט מיט זיין קאַראַבין. ווען ער מאַכט דעם מינדסטן זשעסט, שטעפּ איך אים אָפּ. אָבער קריכן אויפן קאַראַבין, קריך איך אויך בישט. איך הייס קודם מיינע סאָלדאַטן זאָלן אַרויסלאָזן די לופט פון די רעדער. איבערחזרן דאַרף איך נישט. מיט אַ פּיסטאָלעט אין האַנט, שיסט מען דורך אַלע רעדער פון ביידע לאַסט־וועגן.

איך ווייס נישט, ווי עס וואָלט זיך געענדיקט, ווען עס קומט נישט אָן זייער שעף. מיר שטייען און באַראַטן זיך, ווי מיר זאָלן האַנדלען. דעם באַשלוס דאַרף איך אָננעמען. די גרעסערע שעפן מיינע זיינען נישטאָ. זיי זיינען אַרויסגערופן געוואָרן קיין פּאַריז. אַן ערך 600 קילאָ־מעטער פון דאַנען. אייגער פון מיינע סאָלדאַטן גייט צו און זאָגט מיר, אַז אים דאַכט זיך, אַז אָט גייען אייניקע פון די אַנטלאָפענע מיט אַ פּאָר ענגלענדער. איך זע עס גייען צו 4 מאַן פון מיין באַטאַליאָן. ביי יעדן פון זיי אין האַנט איז אַ וואַליזע. דאָס זיינען צו גוטע וואַליזעס, זיי זאָלן געהערן צו זיי. איך הייס זיי זאָפאָרט אַרעסטירן. און אַז זיי באַמערקן מיין גרופּע, וואָגט קיינער נישט אויסצורעדן קיין וואָרט. פּלוצלונג באַ־מערק איך, אַז דער צווייטער ענגלענדער אין דער אוניפאָרם פון אַ קאַפּיטאַן, איז — אַ פרוי. און דאָ דערקען איך די זעלבע ענגלענדערין, וואָס איך האָב געהאַט מיט איר אַ ראַנדעוווּ אין קאַפע. און אַלץ ווערט מיר קלאָר. איך גיי צו און זאָג איר זי זאָל זאָפאָרט הייסן אירע סאָלדאַטן זיי זאָלן אַראָפּגיין פון די קאַמיאָנען און זי זאָל באַפרייען די אַרעסטירטע סאָוויעטישע בירגער. ענטפערט זי מיר, אַז דאָס זיינען פרייוויליקע. אָבער נישט פּאָר מיר. פאָר מיר זיינען זיי דעזערטירן. און אויב זי הייסט נישט מיט גוטן, זיי זאָלן פאַרלאָזן די קאַמיאָנען, וועל איך אָנווענדן כוח. און זאָל גאָט באַהיטן, אַז דיינע סאָלדאַטן זאָלן שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

זי ענטפערט נישט, גיט נאָר אַ קוק אויף מיינע באַוואָפנטע סאָל־דאַטן, גייט אָוועק אין אַ זייט און באַראַט זיך מיטן אַנדערן, אַן עלטע־רער סערזשאַנט. זי איז אָוועק אין אַ זייט קענטיק דערפאַר, ווייל זי האָט אוודאי געמיינט, אַז איך פאַרשטיי ענגליש. נישט אויסרעדנדיק צו מיר קיין איין וואָרט, גייט זי אַריין אין קאַבינקע פון קאַמיאָן, און דער סערזשאַנט גיט עפּעס אַ זאָג צו זיינע פיר סאָלדאַטן. צוויי טאַנצן גלייך אַרונטער פון לאַסט־וואָגן. צוויי האָבן אים עפּעס וואָס געענטפערט און — רירן זיך נישט פון אָרט. און מיינע סאָלדאַטן לאָזן נישט דורך קיין איין זשעסט וואָס עס קומט דאָ פאָר. איך גיב ווידער אַ שטעל אָוועק אַ פוס אויפן לייטערל און די ענגלישע סאָלדאַטן שטערן מיך נישט. איך זע אַז ער איז ליידיק. איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָ קומט פאָר. אָבער אַז איך גיי אַראָפּ, זע איך, אַז פון ערשטן קאַמיאָן נעמט מען אַראָפּ די איבעריקע 14 מאַן, וואָס זיינען דאָרט געזעסן.

אין קאַזאַרמע זיינען זיי ביי מיר אָפּגעזעסן צו 5 טעג אַרעסט.

פונדעסטוועגן האָבן צולעצט, איידער איך אַליין בין אַוועקגע־פאָרן פון פראַנקרייך, געפעלט איבער 50 מאַן פון באַטאַליאָן, און צווישן זיי — די 18 מאַן, וואָס איך האָב אַראָפּגענומען פון קאַמיאָן ביי די ענגלענדער.

איך האָב זיך אין דער צייט באַפריינדעט מיט אַ סך יידן, וואָס זיי־נען באַפרייט געוואָרן אין דער געגנט, ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. דאָס זיינען געווען קודם פרוי און מאַן יאַנקעלעוויטש, ציפּע און האַרי, וואָס איך האָב זיי אַנומלט געהאַט אַזוי איבערגעשראָקן אין מיין דייַטשער אוניפאָרם, ווען זיי האָבן הויך גערעדט וועגן — מצה.

מען האָט מיר געעצהט איך זאָל בלייבן אין פּאַריז. וועגן דעם האָט זיך צו מיר געווענדט איינער, אַ מיטאַרבעטער פון „דזשאָינט". קענ־טיק, אַז מ'האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר. ער האָט מיר פאָרגעלייגט צו ווערן אַן אינסטרוקטאָר פון אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע, צו פירן אַ פאַר־טיזאַנען־קאַמף. ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב כמעט אינ־גאַנצן נישט קיין לערע, האָט ער מיר געענטפערט, אַז נישט קיין לערע דאַרף ער, נאָר אַזעלכע יידן, וואָס האָבן אַ סך געליטן און געקעמפט. וואָס האָב איך אים אין יענער צייט געקאָנט ענטפערן ? מיין גאַנץ לעבן האָב איך געקעמפט פאַר דער מאַכט פון די סאָוויעטן, פאַרן „פאָטער פון אַלע פעלקער", פאַר סטאַלינען. איך האָב געטראַכט — איך וועל זיך אומקערן ווי אַ העלד אין מיין היימלאַנד, אין מיין „ראַדינאַ"; און אפשר וועל איך וועמען געפינען פון מיין משפחה. וואָס איז געוואָרן מיט מיין פרוי, מיט מיין זון ? קיין זאַך האָט מיר נישט געקאָנט אָפּוועגדן אומצוקערן זיך אַהיים.

## קאַפּיטל 29

## מיין אויסגעקוילעטע היים

איך האָב זיך אומגעקערט צו מיר אין שטעטל, אין ליטע, צו דער־וויסן זיך וועגן גורל פון מיין פרוי און קינד. די גרעסטע מערדערייען פון די יידן אין ליטע זיינען פאָרגעקומען אין אויגוסט 1941. אָרגאַני־זירט האָט עס די געשטאַפּאָ און די ז. ד. אָבער די גרעסטע באַנדיטן זיי־נען געווען די ליטווינער גופא. זיי האָבן איצט אָנגעהויבן ציטערן פאַר זייער אייגענער פעל, ווען זיי האָבן דערזען די איינצלנע צוריקגעקומענע, על פּי נס לעבנגעבליבענע יידן — פון דער רויטער אַרמיי, פון די פּאַר־טיזאַנער, אַרויסגעראַטעוועטע פון די פינצטערע געטאָס. די ליטווישע מערדער האָבן, פּונקט ווי אין יענעם פילם, זיך אַליין שולדיק געמאַכט אין קליינע פאַרברעכנס, אַביסל אונטערגעשמירט די ליטווישע ריכטער, און זיי האָבן באַקומען אַזעלכע לעכערלעכע אורטיילן, ווי צו דריי, אָדער



# MÉDAILLE DES ÉVADÉS

LE MINISTRE DES ARMÉES
Vu le décret nº 59282 du 7 février 1959

A DÉCERNÉ LA MÉDAILLE DES ÉVADÉS

à

Monsieur RITVAS Grégori

demeurant : 108, rue de Lagny à PARIS (20ème)

*PAR ARRÊTÉ DU* 5.2.1968 *J. O. (B. O. D. M. R.) du* 1er mars 1968

L'Administrateur civil hors classe BERT
Chef du Bureau des Décorations

Nº 27.187/S

7 AOUT 1958

**Le 18 août, il y aura 14 ans, Le Puy était libre !**

# Le capitaine Grégor, venant de Russie revient dans notre ville qu'il a libérée à la tête des résistants

## Homme courageux, grand résistant, ami le la France
## Il a perdu vingt-quatre membres de sa famille pendant la guerre

**CARTE D'IDENTITÉ**

N°

Délivré à
Nom de guerre GREGOIRE
Grade Capitaine
Unité
Signature

*(Partie à remplir ultérieurement)*
Nom véritable RITVA
Prénoms
Né le 1916
à
Nom du père JACQUES
Nom de la mère

Fait à
le

*Le Chef Départemental des F.F.I.*



Empreintes digitales

**SIGNALEMENT**
Taille 1,71
Cheveux
Yeux
Front
Nez
Bouche
Menton
Teint
Signes particuliers

En cas de perte de cette carte le titulaire devra immédiatement en aviser son Chef de Corps ou de Service qui lui-même devra prévenir sans retard l'Etat-Major régional auquel il appartient.

mée allemande où il avait été in- [redacted] avait été libérée de son camp de

פינף יאָר תפיסה. זיי זיינען צופרידן געווען נישט צו ווייזן זיך אויף דער פריי.

אַ ליטווינער, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר ביי די פּייער־לעשער־קאָמאַנדאַ, גאַספּאַראַוויציוס וואַציס, איז געווען איינער פון די הויפּט־מערדער אין שטעטל. אין 1945 האָט ער זיך, מיט נאָך אַזעלכע באַנדיטן, אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. זיי האָבן געהאָפט, אַז די דייטשן וועלן נאָך צוריקקומען. אָבער ווען די רוסישע אַרמיי איז שוין געווען לעבן בערלין, און זיי האָבן געזען, אַז די מלחמה גייט צום סוף, איז דער באַנדיט אַליין אַריין אין דער רויטער אַרמיי און ער איז אַוועק אויפן פראָנט. אומקערן זיך נאָכן קריג אין שטעטל, האָט ער געוווּסט, אַז ער וועט מיאוס אָפּשניידן. מען קען אים דאָ גוט פאַר זיינע בלוטיקע מעשים. זיין אָפּטיילונג איז געשטאַנען האַרט לעבן ווילנע. איז ער אַוועק צו אַ נקבה, און האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי איר עטלעכע טעג. ער האָט געוווּסט, אַז מען וועט אים קומען זוכן און באַשטראָפן, און — דאָס האָט ער געוואָלט, ער זאָל געמשפּט ווערן נישט מער ווי פאַר דעזערציע פון דער אַרמיי. באַקומען האָט ער 10 יאָר תפיסה. אין אַ יאָר אַרום איז געווען אַן אַמנעסטיע, צוליבן זיג איבער דייטשלאַנד, און ער איז אַרויס אויף דער פריי, אַ רעהאַביליטירטער.

די דייטשן מיט זייערע אייגענע מערדער, די איינזאַץ־גרופּן, האָבן געפונען נישט ווייניק מערדער אין ליטע. זיי האָבן זיך טרויעריק־באַרימט געמאַכט אין אַלע פאַרניכטונגס־לאַגערן, איבערהויפּט — ביים פאַרניכטן די יידן אין וואַרשעווער געטאָ, בעתן אויפשטאַנד. נאָכן קריג איז אַ טייל פון זיי געלונגען אַריבערצוגיין קיין דייטשלאַנד, ווו זיי לעבן ביזן היינטיקן טאָג. אַ סך האָבן עמיגרירט אין די אַמעריקעס, מיטן אָנגערויבטן האָב און גוטס פון יידן. אָבער פיל פון זיי האָבן זיך יאָרן לאַנג אויסבאַהאַלטן אין די ליטווישע וועלדער, טעראָריזירנדיק און געמאָרדעט יידן. מען האָט זיי אויך געכאַפּט און געמשפּט. אָט וואָס די באַנדיטן אַליין האָבן דערציילט אין געריכט אין ווילנע דעם 2־טן אָקטאָבער 1958. דער נאָמען פון באַנדיט איז רימשאַס אַלפאָנס.

„אין 1943 אין חודש מאַי, איז אונדזער אָפּטיילונג מוזיקאַנטן פון 13־טן באַטאַליאָן, געווען באַשטימט צו היטן די געטאָס און יידן־לאַגערן. איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון דער אָפּטיילונג, וואָס האָט געהיטן דעם לאַגער פון בעזדאַן, אין דער געגנט פון ווילנע. אין דעם לאַגער האָבן זיך געפונען ביי 300 יידן. זיי זיינען געווען באַשעפטיקט ביים גראָבן טאָרף. זיי האָבן געאַרבעט פון 11 ביז 12 שעה אַ טאָג. אין חודש אויגוסט איז אַראָפּגעקומען פון ווילנע אַ געשטאַפּאָ־גרופּע און באַפוילן אַלע יידן צו פאַרמאַכן אין באַראַק. זיי האָבן מיר געהייסן נעמען 10 מענטשן און 15 מעטער פון באַראַק אויסגראָבן אַ טיפע גרוב, אַוועקשטעלן אַ שטאַרקע וואַך לעבן די, וואָס גראָבן. מ'האָט דערנאָך אַרויסגעפירט אַלע געפאַנגענע יידן, זיי אויסגעשטעלט צו צוויי אין אַ ריי.

דער עלטסטער פון דער געשטאַפּאָ האָט אַוועקגעשטעלט אַ זאַק און זיי געהייסן אַלעמען אַריינוואַרפן זייערע ווערטפולע זאַכן — זייגערס, געלט, רינגלעך. נאָך דעם האָט מען אַלעמען אַריינגעטריבן אין באַראַק. דערנאָך האָט מען געהייסן די יידן צו 10 מאַן אַרויסגיין צו דער גרוב. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַרויסצוגיין. האָבן מיר געעפנט אַ פייער אויפן באַראַק. איינער פון די דייטשן האָט אַריינגעוואָרפן דריי גראַנאַטן אין באַראַק. דער באַראַק האָט זיך אָנגעצונדן, און די יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסלויפן. האָבן מיינע סאָלדאַטן און די דייטשן אַלעמען דערשאָסן".

אָט זיינען די דערקלערונגען פון ליטווינער יאָזאַס נאַאודזונאַס:

— דעם 20־טן דעצעמבער 1941 האָט אַ גרופּע פון דער געשטאַפּאָ געבראַכט אין 9־טן פאָרט לעבן קאָוונע 200 מאַן, צווישן זיי פרויען, מענער, אַלטע לייט און קינדער. אין פראָסט, האָט מען אַלע געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט. מען האָט זיי געטריבן צום פון פריער צוגעגרייטן גרוב, באַפוילן צו לייגן זיך אויף דר׳ערד. די געשטאַפּאָ האָט זיי באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן. אייניקע האָבן געפּרוּווט צו ראַטעווען זיך פון ברענענדיקן קבר, האָבן די געשטאַפּאָווצעס זיי פאַרוואָרפן מיט האַנט־גראַנאַטן. אויך איך בין געווען ביי די דערשיסונגען אויפן 9־טן פאָרט. מיר האָבן פאַרענדיקט מיט די קינדער, די אַלטע לייט און פרויען, וואָס האָבן נאָך געזשיפּעט. עס האָבן זיך נאָך געהערט פון אונטער די פאַרשאָטענע גריבער קרעכצן.

אַ סך פון די באַנדיטן איז געלונגען אַרויסצודרייען זיך, צוליב דער אומפּעאיקייט, און אָפט אפילו מיט דער הילף פון די אָרטיקע ליטווישע אויספאַרש־אָרגאַנען, וואָס האָבן אַליין פאַרווישט די שפּורן. אָבער אין די מ. ג. ב.־אָרגאַנען זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זייערע אייגענע פאַמיליעס זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן, נישט גראָד יידן, און זיי דעקן אויף די באַנדיטן, אָפט פאַרשטעלט אונטער פאַלשע נעמען. אָט זיינען די באַווייזן פון ליטווישן שעף פון 9־טן פאָרט, יאָזאַס סלעסאַראַיסטיס פאַרעפנטלעכט אין דער „ליטווישער פּראַוודאַ" פון 26־טן מאַי 1959 נומער 120:

„איך בין זיך מודה, אַז נאָך די מאַסן־דערשיסונגען אויפן 9־טן פאָרט, האָב איך מיט מיינע געהילפן פאַרענדיקט די פאַרוווּנדעטע פרויען, אַלטע לייט און קינדער. אין דעצעמבער 1941 האָט די געשטאַפּאָ, מיט דער הילף פון די ליטווישע נאַציאָנאַליסטן, דערשאָסן אין איין טאָג איבער 20 טויזנט מענטשן. איך פערזענלעך האָב געהאָלפן צו פאַרענדיקן די אַלע פאַרוווּנדעטע, אָפּטמאָל האָבן מיר זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט".

דאָס גיט איבער איינער, וואָס האָט פריער געדינט אין דער ליטווישער אַרמיי אַלס קאַפּיטאַן, אָבער דערנאָך איז ער געווען אַ געטרייער קאַלאַבאָראַטאָר מיט דער געשטאַפּאָ. זיין נאָמען איז איגנאַס וואַלאַוויצוס. אָט וואָס ער דערציילט:

— אין חודש נאָוועמבער איז, לויט אַ פאַראָרדענונג, דער 9־טער פאָרט צוגעגרייט געוואָרן אויפצונעמען נייע אַרעסטירטע. צוליב דעם האָט מען אַלע אַלטע אַרעסטירטע אַריבערגעפירט אין דער צענטראַלער טורמע פון קאָוונע. צומאָרגנס האָט מען אָנגעהויבן צו ברענגען הונדער־טער פרויען, אַלטע לייט, קינדער און זיי אָנגעפּאַקט אין די צעלעס פון 9־טן פאָרט. דאָרט האָבן זיך געפונען איבער 10 טויזנט מענטשן, די מערסטע — אונטערן פרייען הימל. קיין ברויט האָבן זיי אינגאַנצן נישט באַקומען, נאָר אַביסל שמוציקע זופּ פון קאַרטאָפל. אין יענער צייט האָב איך געקראָגן אַ פאַראָרדענונג פון דירעקטאָר פון דער צענטראַלער טורמע, בראַניוס אוסראַטאַס, איך זאָל באַלד קומען אויפן 9־טן פאָרט. אַזוי לאַנג ווי עס זיינען דאָרט פאָרגעקומען די מאַסן־דערשיסונגען, האָב איך דאָרט געהאַלטן אָרדענונג און זיכערהייט, זיי זאָלן נישט אַנט־לויפן. דער שעף פון 9־טן פאָרט, שלעסאַרייטיס, איז געווען מיינער אַן אונטערגעאָרדנטער. איך האָב פאַרשטאַרקט די וואַך אויף אַלע טורמעס. די פאַרמשפּטע האָט מען אַפילו נישט רעגיסטרירט, פאַרן אָפּפירן אויף דער עקזעקוציע. עטלעכע טעג פאַרן דערשיסן זיי, האָט מען אויסגעגראָבן אויף דער טעריטאָריע פון 9־טן פאָרט עטלעכע גריבער, 300 מעטער מערב־צו פון דער טורמע. יעדע גרוב 50 מעטער לאַנג, 2 מעטער די טיף, 2 מעטער די ברייט. די גריבער זיינען געווען פול מיט וואַסער. דעם 25־טן נאָוועמבער איז אַראָפּגעקומען אַ גרופּע פון 80 געשטאַפּאָווצעס, אָנגעפירט פון זייער שעף יעגער. מיר, 50 מאַן ליטווישע פרייוויליקע נאַציאָנאַליסטן, אָנגעפירט פון מאַיאָר שימקוס און זיין געהילף־לייטענאַנט באַרזדאַס, האָבן מיטגעהאָלפן.

„דער שעף פון געשטאַפּאָ, יעגער, האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע זאָלן פאַרנעמען פון פריער צוגעגרייטע פּאָזיציעס. פון איין זייט — געש־טאַפּאָ, פון דער צווייטער זייט — די ליטווינער, ביי די גריבער, גרייט צו שיסן. אַ טייל פון די געשטאַפּאָווצעס זיינען צוגעטיילט געוואָרן, צו באַגלייטן די מענטשן צום שיסן. דעם 25־טן נאָוועמבער, אַרום 7 אַזייגער אין דער פרי, האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־דערשיסונג. ס'איז גע־קומען צו מיר אַ גרופּע געשטאַפּאָווצעס פון 10 מאַן און איך האָב אַרויס־געגעבן צו 100 מאַן, פרויען, קינדער, אַלטע לייט. מ'האָט זיי אויסגע־שטעלט צו 4 אין אַ ריי. 150 מעטער ווייטער האָט מען זיי געצוווּנגען אויסצוטאָן זיך ביז די אונטער־וועש. דערנאָך האָט מען זיי געפירט צו די גריבער. מען האָט זיי אַריינגעטריבן אין די גריבער, געצוווּנגען צו שטעלן זיך אויף די קני, אין וואַסער. די, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט, האָט מען געשלאָגן מיט גראָבע שטעקנס, אָדער מיט די קאָלבעס פון די ביקסן. אויף אַזאַ אופן האָט מען דעם 25־טן נאָוועמבער דערשאָסן צען טויזנט מענטשן. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך געהערט געשרייען, געוואָלדן. די פרויען האָבן געטראָגן די פּיצלעך קינדער אין די אָרעמס, די גרעסערע האָבן זיי געפירט ביי דער האַנט. די לעבעדיקע האָט מען

נאָכדעם אויסגעלייגט אויף די טויטע, און זיי האָבן געוואָרט אויף זייער ריי. די צום טויט פאַרמשפּטע האָבן געשריגן מען זאָל בלייבן רואיק פאַרן טויט, מען זאָל שטאַרבן מיט אויפגעהויבענע קעפּ. אַנדערע האָבן אויסגעשריגן לאָזונגען פאַר דער פרייהייט, פאַר דער רעוואָלוציע.

„אין אָוונט, אַז די מאַסן־דערשיסונגען זיינען געוואָרן פאַרענדיקט, זיינען די דריי גרויסע גריבער געווען איבערפולט. די גריבער האָט מען גלייך פאַרשאָטן. איך האָב אַליין געזען מיט מיינע אויגן ווי נאָך לע־בעדיקע מענטשן זיינען אַרויסגעקראָכן פון די גריבער און געפּרוווט אַנטלויפן. אָבער די וואַך פון דער געשטאַפּאָ האָט זיי געכאַפּט, און זיי דערשאָסן. די געשטאַפּאָ און די ליטווינער האָבן אָפּגעקליבן די בעסערע זאַכן, אויפגעלאָדן אויף לאַסט־וועגן און אַוועקגעפירט. דאָס איבער־געבליבענע האָבן צוגענומען די קאַלאַבאַראַטאָרן אין קאָוונע.

„אַ צווייט מאָל האָט מיך דער דירעקטאָר אוסראַטאַס אַרויסגערופן, און מיר געמאָלדן, אַז דעם 11־טן דעצעמבער זאָל איך זיין 6 אַזייגער אין דער פרי אין 9־טן פאָרט מיט אַן אָפּגעקליבענער גרופּע זיכערע זעל־נער. דערביי האָט ער מיר געזאָגט: „איך גלויב, דו פאַרשטייסט צו וואָס". אויספירנדיק דעם באַפעל, בין איך אָנגעקומען 5 אַזייגער אין דער פרי דעם 11־טן דעצעמבער אויפן 9־טן פאָרט מיט מיין געהילף באַרזדאַס. דעם טאָג איז צוגעגרייט געוואָרן דאָס דערשיסן 3 טויזנט מענטשן, געבראַכטע פון עסטרייך, אַלטע לייט, פרויען, צוויי יאָריקע קינדער, די מערסטע אינוואַלידן. איך האָב אַוועקגעשטעלט אַ פאַרשטאַרק־טע וואַך. מיט אַ טאָג פריער האָט אַ גרופּע קריגסגעפאַנגענע פון פריער אויסגעגראָבן צוויי גרויסע גריבער, 50 מעטער לאַנג, 2 מעטער ברייט, 2 מעטער טיף. געשאָסן האָבן די זעלבע געשטאַפּאָוועס, אונטער דער אָנפירונג פון זייער שעף יעגער. מיט די ליטווישע גרופּן האָט אָנגע־פירט מאַיאָר סימקוס און לייטענאַנט באַרזדאַס. די טעכניק פון מאָרד איז געווען די זעלבע — אַרויסגעבן יעדעס מאָל צו 100 מענטשן פון טור־מע, באַפוילן זיי אויסצוטאָן זיך, מען פירט זיי כלומרשט אין באָד. מען האָט זיי געיאָגט, זיי זאָלן לויפן אין דער קעלט, גלייך צו די גריבער, אַוועקצולייגן זיך. כדי די איבעריקע זאָלן נישט הערן די שיסעריי, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ לאַסט־וואָגן, געלאָזן אין גאַנג דעם מאָטאָר. יעדע 15 מינוט איז אָפּגעגאַנגען אַ פרישע קאַלאָנע צו דער עקזעקוציע. אַז די מענטשן האָבן דערזען די גריבער, האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע געוואַלדן. אַזוי זיינען אין עטלעכע שעה דערשאָסן געוואָרן 3 טויזנט מענטשן.

„דאָס דריטע מאָל בין איך ווידער געשיקט געוואָרן פון טורמע־דירעקטאָר אוסראַטאַס דעם 17־טן דעצעמבער אויפן 9־טן פאָרט. מ'האָט דעם טאָג דערשאָסן 1800 מענטשן, אָפּגעקליבענע פון דער קאָוונער פאַרשטאָט אין סלאַבאַדקער געטאָ".

אויפן 9־טן פאָרט האָט מען אומגעבראַכט נישט נאָר יידן, נאָר אויך

רוסן, פּאָליאַקן און אפילו דייטשן, פּאָליטישע קעגנער פון היטלער־רע־זשים. מען האָט נאָכדעם געפונען אויף די ווענט אויפשריפטן אויף אַלע שפּראַכן פון אייראָפּע.

פערזענלעך האָב איך נאָך אין 1945, אומקערנדיק זיך קיין ליטע, געהערט צו די גליקלעכערע. איך האָב געפונען מיין פאָטער, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון דעפּאָרטאַציע אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דאַכאַו. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1952 דעם 1־טן סעפּטעמבער. אַ שוועסטער איז צוריקגעקומען פון לאַגער אין שטוטהאָף. צוויי ברידער, דורכגעלעכערטע פון דייטשע קוילן. זיי זיינען ביידע געווען אין דער 16־טער ליטווישער דיוויזיע.

## קאַפּיטל 30

# די לעצטע אילוזיע

און אָט גיט מען אונדז לאַסט־וואַגאָנען, ווו מען פירט בהמות, און דעם 16־טן אויגוסט 1945 פאָרן מיר אָפּ פון פראַנקרייך. אין דייטש־לאַנד בין איך דורכגעגאַנגען די קאָנטראָל פון די סאָוויעטישע פאַרש־אָרגאַנען. קיין גרויסע צערעמאָניעס האָבן זיי מיט מיר נישט געמאַכט, וואָס איך בין געווען אין דער פראַנצויזישער „רעזיסטאַנס". שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן בכלל נישט אָנערקענט די פראַנצויזישע „רעזיסטאַנס" אַלס פּאַרטיזאַנער, נאָר בלויז די, וואָס האָבן געקעמפט אַלס פּאַרטיזאַנער אויף דער רוסישער ערד, האָבן געהאַט קאָנטאַקט מיט מאָס־קווע, אָדער די יוגאָסלאַווישע פּאַרטיזאַנער. איך בין געווען אין אַ לאַגער פון געוועזענע קריגסגעפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך גערעכנט ביי סטאַ־לינען ווי פאַרברעכער. מיט מיר האָבן זיי זיך פאָרט גערעכנט, ווייל איך בין געווען אַן אָנפירער פון אַ קאָמוניסטישן באַטאַליאָן.

סוף 1945 האָב איך געזען, אַז עס נעמט נישט קיין סוף, האָב איך געגעבן אַ פּאָר זייגערס אַן אָפיציר, און ער האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ דאָקומענט, מיט וועלכן איך האָב געקאָנט צוריקפאָרן קיין ליטע. דעם 7־טן נאָוועמבער בין איך אָנגעקומען קיין ווילנע. אויפן וועג האָט מען מיך באַגנבעט, עס איז מיר נישט אַזוי אַ שאָד געווען די זאַכן, ווי די בילדער און דאָקומענטן. איך האָב געהאַט אַ סך בילדער פון טאָטאַרן־לעגיאָן, פון רעזיסטאַנס. אַ טייל דאָקומענטן האָב איך שפּעטער געמאַכט אויפסניי, דורך עדות־זאָגן פון חברים, אָבער די בילדער זיינען פאַרפאַלן ביזן היינטיקן טאָג.

איך האָב זיך אין איינעם אַ פרימאָרגן צוריקגעקערט אין שטעטל קאָשעדאַר. דאָרט האָב איך אין לעצטן פאַרטאָג איבערגעלאָזן מיין פרוי און מיין קינד. איך האָב קיין זכר פון זיי נישט געפונען, אפילו נישט

דאָס הייזל, וווּ זיי האָבן געלעבט. אין מיין ליטוויש שטעטעלע האָב איך געוווינט זייט 1938; אַ קליין ליטוויש שטעטל, פונאַנדערגעטיילט דורך אַ באַן־ליניע. ביז 1939 איז די באַן געגאַנגען נאָר ביז אַ קליין שטעטעלע, וועוויע, 28 קילאָמעטער פון קאָשעדאַר. די אייזנבאַן־ליניע קאָוונע־וועוויע, 55 קילאָמעטער, און אַ צווייטע ליניע, וואָס מען האָט איבגאַנצן נישט גענוצט, זיינען — נאָכן באַפרייען ווילנע — געוואָרן די צוויי וויכטיקסטע סטראַטעגישע באַן־ליניעס, און קאָשעדאַר — אַ וויכטיקע קנופּ־שטאָט. ביז היינט גייט דאָרט פאַרביי די באַן מאָסקווע־ריגע, דורך סמאָלענסק, אָרשע, מינסק, ווילנע, קאָשעדאַר, שאוול, אויך די ליניע מאָסקווע־קעניגסבערג (היינט קאַליניגראַד). דאָס גאַנצע שטעטל האָט ערב מלחמה פאַרמאָגט פון 800 ביז 900 איינוווינער, פון זיי — 150 יידישע משפּחות. כ׳האָב געטראָפן דאָס שטעטל יידן־ריין. איך האָב זיך דערוווּסט, ווי אַזוי דער חורבן איז געקומען. דעם 27־טן אויגוסט 1941 האָבן די ליטווישע באַנדיטן, אָנגעפירט פון שעף פון דער ליטווישער פּאָליציי אין קאָשעדאַר, אַנטאַנאַס פּאַשקאַוסקאַס (ער לעבט אין אַמעריקע) אַוועקגעפירט אַלע יידן הינטערן שטעטל, 800 מעטער פון קלויסטער, און זיי אַלעמען דאָרט אויסגעשאָסן. צווישן זיי — מיין פרוי מיטן דריי און אַ האַלב־חדשימדיקן זון יאָסעלע. אַלץ איז געווען פּינקטלעך אָרגאַניזירט. מיט אַ טאָג פריער האָבן זיי אָפּגעקליבן די געזונטסטע און יונגסטע מענער, און האָבן זיי געצוווּנגען אויסצוגראָבן אַ גרויסע גרוב. נישט ווייט פון דאָרט פלעגט מען גראָבן טאָרף. האָט מען זיי געזאָגט, אַז פון היינט אָן וועלן זיי אַלע טאָג גיין אַהער אַרבעטן ביים גראָבן טאָרף. דעם 26־טן אויגוסט האָבן זיי אַ גאַנצן טאָג געגראָבן די גרוב. געהיט האָבן זיי נאָר דריי וועכטער, אַלע דריי ליטווינער. מעגלעך, אַז זיי אַליין האָבן אויך נישט געוווּסט, אַז דאָס גראָבן זיי פאַר זיך אַליין אַ קבר. ווען די גרוב איז פאַרטיק, איז אָנגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ. עס זיינען אַרויסגעשפּרונגען עטלעכע דייטשן מיט אויטאָמאַטן, און אַ צענדליק ליטווינער, מיטן שעף אין דער שפּיץ. עס זיינען אויך אָנגעלאָפן די אַרומיקע פּויערים. מען האָט זיי אפילו נישט אַוועקגעטריבן. מען האָט צוגענומען ביי די יידן די לאָפּעטעס, אויסגעשטעלט זיי אין אַ ריי און געהייסן זיי אויסטאָן זיך, ביז די וועש. זיי האָבן אונטערגעאיילט מיט די ביקסן־קאָלבעס. דערנאָך האָט מען זיי אַריינגעטריבן אין גרוב און גענומען זיי אויסשיסן. די זאַכן פון די יידן האָבן זיי צעטיילט די ליטווינער. זיי האָבן אַרויסגענומען אַ קאַסטן וואָדקאַ, און גענומען אָנשיכורן זיך. אַזוי זיינען אומגעקומען די ערשטע 34 יונגע קרבנות.

אומגעקערט זיך אין שטעטל, האָב איך חדשים לאַנג נאָכגעפאָרשט ביי די אַרומיקע ווי אַזוי מיין משפּחה איז אומגעקומען. מיין שוועסטער איז פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין קאָוונער געטאָ. מיינע אַ צווייטע שוועסטער האָט מען, צוזאַמען מיט דריי קינדער, אַוועקגעפירט אין קרעמאַטאָריום, אין לאַגער פון שטוטהאָף. פון מיינע דריי שוואָגערס

איז איינער געפאַלן אויפן פראָנט ביי אָריאָל, צוויי האָט מען אומ־געבראַכט, צוזאַמען מיט דער שוועגערין און אירע 7 קינדער. איך בין געווען דערגאַנגען, ווו מען האָט אומגעבראַכט מיין פאָטערס ברודער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. ער האָט זיך גראָד געקאָנט לייכט עוואַקוּאירן. ער האָט געאַרבעט אַלס שאָפער אין אַ פאַבריק. ער האָט זיך אָבער מקריב געווען פאַר זיינע צוויי פיצלעך קינדער, וואָס זיינען אין דעם מאָמענט געלעגן אין קינדער־שפיטאָל, אויף שקאַרלאַטין. אים האָבן די ליטווישע באַנדיטן דערהרגעט, נאָך איידער די דייטשן זיינען אַריין אין קאָוונע. צוויי פעטערס און מומעס מיט זעקס קינדער האָבן די בעסטיעס אומגעבראַכט אין לעטלאַנד. איין פאַמיליע האָט געלעבט אין ריגע, די צווייטע — אין דווינסק. אָט איז דער חשבון: 32 פערזאָן, די נאָענטסטע פון מיין משפּחה, אומגעקומען פון די נאַציס, פון די וויי־טערע קרובים — רעד איך שוין נישט.

קיין פּאָגראָמען זיינען טאַקע אין ליטע קיינמאָל נישט פּאָרגעקו־מען, אָבער סתם אָנברעכן די יידן די ביינער — דאָס איז געווען אַ נאָרמאַלע זאַך. עס ווענדט זיך אָבער אויך אויף ווי ווייט די יידישע יוגנט איז געווען אָרגאַניזירט. מען איז אויך באַפאַלן יידישע סטודענטן, אָדער ישיבה־בחורים, אָבער דאָרט, ווו עס זיינען געווען געזונטע יידישע באַלעמעלאָכעס, דאָרט איז דערצו נישט דערגאַנגען. זיי האָבן צוריקגע־קריגן אָזעלכע קלעפּ, אַז די ליטווישע כוליגאַנעס האָבן עס געהאַט צו געדענקען אויפן גאַנצן לעבן.

20 קילאָמעטער פון קאָשעדאַר געפינט זיך אַ ביסל אַ גרעסער שטעטל, יאַנאווע. דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט ערשטקלאַסיקע מעבל. די מערסטע יידן פון יאַנעווע זיינען געווען גוטע סטאָלערס. מען האָט געוווּסט, אַז יאַנעווער יידן טאָר מען נישט טשעפּן. מען האָט זיי גערופן — די שטאַרקע. אָבער ווען די דייטשן זיינען אַריין, האָט מען צווישן זיי אָפּגעקליבן די געזונטע יידן, און מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען פירט זיי אויף אַרבעט. געפירט האָט מען זיי אויפן בית־עולם, געצוווּנגען זיי אויסצוגראָבן אַ גרוב און זיי דערשאָסן. דער געטאָ אין יאַנעווע איז גע־שאָפן געוואָרן גלייך אין יולי 1941. די דייטשן האָבן אָפּגעקליבן 25 מאָן, אַלע גוטע פאַכמענער פון מעבל, אָפּגעצוימט זיי אין אַ הויז מיט שטעכל־דראָט. די איבעריקע זיינען אין חודש אויגוסט דערשאָסן געוואָרן. די אָפּגעקליבענע 25 מאָן האָבן געאַרבעט ביזן 17־טן דעצעמבער 1941, אין דעם טאָג האָבן די דייטשן געבראַכט גרויסע פעסער, אָנגעפילט זיי מיט וואַסער און זיי האָבן געצוווּנגען די 25 מאָן זאָלן זיך אויסטאָן און אַריינגיין אין די פעסער. עס איז געווען אַ פראָסט פון 27 גראַד. ביי יעדן פאַס האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ דייטש און אַ ליטווינער. צוויי פון די אסירים האָבן זיך גלייך אַרונטערגעלאָזן אין וואַסער; דאָס האַרץ האָט ביי זיי געפּלאַצט, אָדער זיי האָבן זיך אַליין דערטרונקען. ווען די איבעריקע האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז געקומען דער לעצטער מאָ־

מענט פון זייער לעבן, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זייערע מערדער מיט די הוילע הענט. דער קאַמף איז געווען נישט קיין גלייכער. אין עטלעכע מינוט אַרום זיינען דערשאָסן געוואָרן די 7 שטאַרקע יאַ־נעווער יידן. די איבעריקע זיינען אַריין אין די פּעסער וואַסער. צוויי שעה האָט געדויערט זייער גסיסה. איינער פון די דייטשן, האָט נישט אויס־געהאַלטן, צוזעענדיק די יסורים, און איז אַראָפּ פון זינען. ער האָט זיך צומאַרגנס אַליין דערשאָסן. דאָס האָבן די דייטשן אַליין דערציילט.

דאָס אַלץ האָט מען מיר דערציילט, נאָך מיין אומקערן זיך קיין קאַשעדאַר.

אין 1946 האָב איך געקראָגן אַרבעט, דאַסמאָל נישט ביי מיין פאַך, בלעכעריי, נאָר אין מיניסטעריום פון פיש־פאַנג, מיט אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט כאַפּן פיש, באַאַרבעטן, פאַרקויפן. פאַר דער מלחמה האָט אין ליטע נישט עקזיסטירט אַזאַ מין אינדוסטריע. אין איין אָרט האָט מען געדאַרפט קריגן שיפלעך, אין אַ צווייטן — נעצן, אין אַ דריטן — צעמענט, און נאָך אַ סך אַנדערע מאַטעריאַלן. אין ליטע, פּונקט ווי אין גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד, איז אַלץ פאַרפלאַנירט אויפן פּאַפּיר. אָבער אַז מען זאָל אַליין נישט פאָרן אומעטום, אונטערשטופּן, אונטער־איילן, וועט עס בלייבן בלויז אויפן פּאַפּיר. און שטופּן דאַרף מען האָבן — מיט וואָס. אַז מען „שמירט" נישט, גייט נישט. אָפיציעל האָט זיך מיין אַרבעט גערופן „טאָוואַראָוועד" — באַהאַוונטער אין סחורה, אָבער אויף דער געוויינלעכער שפּראַך האָבן מיר געהייסן — „טאָלקאַטש" (שטו־פּער).

אַזוי אַרום, אַז איך בין אַרומגעפאָרן איבער אַ האַלב רוסלאַנד, בין אַפילו געווען אין וויבאָרג, דאָס געוועזענע פינלאַנד. נאָך אין גע־פאַנגענשאַפט האָב איך געזען דעם גרויסן חורבן אין אַ סך שטעט, ווו איך בין דורכגעגאַנגען, ווי אין מאָהילעוו, וויטעבסק, קריטשעוו, סמאָ־לענסק, אָרשאַ, האָמעל, באָברויסק, ווילנע, און נאָך אַ צענדליק שטעט און פיל דערפער. איך האָב אַלעמאָל געטראַכט, אַז אפשר איז ערגעצוו נישט אַזאַ חורבן, נישט אַזאַ פאַרניכטונג. אין פראַנקרייך איז געווען אָראַ־דור סיר גלאַן, אין טשעכאָסלאָוואַקיע — אַ לידיציע, ספּעציעל איבער־געלאָזן, צוריק נישט אויפגעבויט. אָבער אין ראַטנפאַרבאַנד זיינען פאַר־בליבן אין די טויזנטער שטעט, שטעטלעך און דערפער, פאַרניכטעטע פולשטענדיק, די באַפעלקערונג אויסגעמאָרדעט. לויט דער סטאַטיסטיק, זיינען אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרניכטעט געוואָרן 1710 שטעט, 70 טויזנט דערפער, 32 טויזנט פאַבריקן און אונטערנעמונגען, דערצו — 22 מיליאָן מענטשן. אין 1946 בין איך געפאָרן לעבן גאָמעל זוכן גלאָז אויף פענצטער, האָב איך געזען ווי אפשר 30 פרויען, איינגעשפּאַנטע, האָבן געשלעפּט אַן אַקער, ווייל קיין אַנדערע שלעפּ־קראַפט איז נישט געווען.

אָט אַזוי האָט זיך סטאַלין פאַרנומען מיטן אויסגעמאַטערטן, אויס־געהונגערטן פאָלק. דאָס רוסישע פאָלק איז אַן אַרבעטזאַם פאָלק. פאַר



די ליטווישע באַנדיטן פירן די יידן צום קבר, אינמיטן שטייט אַ גלח אין זיין לאַנגער קאַפּאָטע מיטן געווער אין האַנט. איישישאָק, ליטע, אויגוסט 1941.



אַט איז דער ספעקטאַקל וואָס די ליטווישע באַנדיטן האָבן איינגעאָרדנט דעם 24־טן יוני 1941 אויף דער לעיינסקע פּראָספּעקט אין קאָוונע. ליטע 1941.



דערשאָסענע יידן אויפן 9־טן פאָרט אין קאָוונע. ליטע 1942.



**דער אומקום פון די יידן אין אליטע, ליטע 1941.**

**דער ליטווישער באַנדיט האָט זיך אויסגעפוצט מיט זיינע בעסטע קליידער אויפן יום־טוב ער האָט אפילו אָנגעטאָן אַ פּאַר כראָמענע שטיוול, ווייל געוויינלעך פלעגן זיי גיין אין קלומפעס. (הילצערנע פאַנטאָפל).**

זיך קאָן עס אַרבעטן אפילו 16 שעה אַ טאָג. דער רוס האָט אַ קלוגן צוגאַנג צו דער אַרבעט. ניטש אומזיסט זאָגט מען: „רוסקאַיאַ סמי־קאַלקאַ" (רוסישער איינפאַל). דער רוסישער פּויער איז דער זעלבער, ווי אין דער גאַנצער וועלט: ער וויל וויסן פאַר וואָס ער אַרבעט. אין דער צייט, ווען ער אַרבעט אין קאָלכאָז, ווייס ער נישט פאַר וואָס און פאַר וועמען ער אַרבעט, אַלנפאַלס, ווייסט ער אַז — נישט פאַר זיך. אין דער צייט פון לעניגען זיינען געשאַפן געוואָרן די ערשטע קאָלכאָזן. די אידייע פון לעניגען איז געווען, אַז מיט דער צייט וועט אין ראַטנ־פאַרבאַנד זיך שאַפן 75 פּראָצענט פרייווילי̇קע קאָלכאָזן, וועלן במילא די איבעריקע אויך איבערגיין צו קאָלעקטיווער ווירטשאַפט אויפן דאָרף. אָבער סטאַלין האָט מיט צוואַנג געצוווּנגען די 95 פּראָצענט פּויערים אויסערן קאָלכאָז צו קאָלעקטיוויזאַציע. דער רעזולטאַט האָט לאַנג נישט געלאָזן אויף זיך וואַרטן — די בהמות אויסגעקוילעט, די תבואה באַגראָבן, די געצייג צעבראָכן און פאַרברענט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הונגער, טויזנטער מענטשן — אומגעקומען אין די יאָרן 1930—34. אָפּנעמען ביים פּויער די גערעטעניש האָט מען שטענדיק געמוזט אונ־טער דער דראָאונג פון טורמע און סיביר.

קיין שום בירגער אין דער וועלט קען נישט אַזוי געגוי די קאַ־דעקסן און די געזעצן, ווי דאָס פאָלק אין ראַטנפאַרבאַנד. אַז איינער קומט אין טורמע, פרעגט מען אים נישט פאַר וואָס ער זיצט, נאָר — לויט וועלכער „סטאַטיאַ" (פאַראַגראַף) ער זיצט. יעדער קאָלכאָזניק האָט געמוזט אָוועקגעבן אַזאַ און אַזאַ צאָל אייער, פּוטער, מילך, פלייש, וואָל. קיינער האָט נישט געוואָלט וויסן, צי ער האָט דאָס אַלץ, אָדער נישט. דאָס פאָלק האָט געהאָפט, אַז נאָכן קריג וועט סטאַלין אָפּשאַפן די קאָל־כאָזן, אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס הייבט זיך נישט אָן. פאַר־קערט. ער איז זיך געזעסן אין קרעמל און פאַרנומען זיך מיט נייע אינ־טריגעס, מיט נייע פּראָצעסן. אין 1947 האָט ער ווידער דורכגעפירט אַ פּראָצעס אין לעגינגראַד, אין די יאָרן 1948—49 — פאַרמשפּט די יידישע שרייבער, שפּעטער — די יידישע דאָקטוירים.

אַ קורצע צייט נאָך סטאַלינס טויט בין איך צופעליק געווען אין אַ דאָרף, ווען דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז 50 פּראָצענט פון דער „גאָס פּאָסטאַווקע" ווערט אַרונטערגענומען. מענטשן האָבן פאַר פרייד געטאַנצט אין די גאַסן. איך האָב גערעדט מיט פרויען פון דאָרף. זיי האָבן געוויינט פון פרייד; אַזוי ווייט איז געווען פאַרסמט די אַטמאָספער פון די סטאַלינסקע קייטן. איך האָב אָנגעהויבן זוכן און גריבלען זיך, פון וואַנען ס'איז געקומען אַזאַ גרויס אומגליק. איבערהויפּט — נאָך מיין אַריינגיין אין שפּיטאָל. ווייל מיין געזונט איז נישט געווען דער זעלבער ווי פריער. די פרייד פון נצחון איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב נישט געטראַכט וועגן פאַרבעסערן מיין אונטערגעבראָכענעם גע־זונט. מענטשן דינען אין איין אַרמיי, איך האָב געדינט אין פיר אַרמייען.

מענטשן זיינען אַריינגעפאַלן אין געשטאַפּאָ און זיינען אומגעקומען. איך בין געווען דריי מאָל אין זייערע הענט. מענטשן זיינען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און געשטאָרבן. איך בין געווען צוויי מאָל געשוואָלן, און ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן, ווייס איך אַליין נישט. מענטשן זיינען קראַנק געוואָרן אויף די לונגען, אויף די קישקעס. אָבער אַז איך בין קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז, איז אַלץ געווען קראַנק ביי מיר. גרויסע לעכער אין די לונגען, און דערצו נאָך אַ פּיסטול אַז איך האָב אפילו נישט געקאָנט זיצן. אָבער דאָ האָט מיר ווידער געהאָלפן מיין אייזערנער ווילן.

איך בין אַריין אין שפּיטאָל אין 1949, און מיט קליינע איבעררייסן, בין איך דאָרט געלעגן ביז ענדע 1951. ווי אַזוי איך האָב פאַרטריבן דעם מלאך המות וועט מיר נאָך אפשר אויסקומען צו דערציילן אַן אַנדערש מאָל. טאַקע ליגנדיק אין שפּיטאָל, איז מיר אַריינגעפאַלן אין האַנט אַ בוך, וואָס דער שרייבער האָט געקראָגן פאַר אים די סטאַלינס־קע פּרעמיע, דריטע קאַטעגאָריע. דאָס בוך האָט זיך גערופן „די טראַ־געדיע פון יוגאָסלאַוויע". גראָד דאָס אַנטי־טיטאָ־בוך האָט מיר געעפנט די אויגן.

זייענדיק אין פראַנקרייך, האָב איך אָפט גערעדט מיט יוגאָסלאַוון וועגן טיטאָן. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער סטאַלין פון יוגאָסלאַ־וויע, און אפשר נאָך מער. סטאַלין, האָבן זיי געזאָגט, זיצט ערגעצוו אין אַ טיפן בונקער און גיט אָפּ באַפעלן, און טויזנטער מענטשן פירן עס אויס. טיטאָ אָבער געפינט זיך שטענדיק צווישן זיינע סאָלדאַטן, שטענ־דיק אין אַ טויט־געפאַר. און דאָ פּלוצלונג איז ער ביי סטאַלינען — אַ שפּיאָן פון דער געשטאַפּאָ, פון „אינטעליגדזשענס סערוויס", פון איי. בי. סי., די אַמעריקאַנער „ראַזוועדקע"... די סאָוויעטישע פּרעסע נאָכן קריג האָט געהאַלטן אין איין לויבן סטאַלינען. וואָס הייסט? ווען נישט סטאַלין, וואָלט מען פאַרלוירן די מלחמה. אפילו אין אויסלאַנד האָבן די, וואָס זיינען געווען קעגן ראַטנפאַרבאַנד, געהאַט אַזאַ מיינונג. ביי מיר אַליין איז סטאַלין געווען אַ גאָט. אַלץ, וואָס די „פּראַוודאַ" שרייבט, איז הייליק. עס האָט מיך דערמאָנט אַ שמועס מיטן שפּאַניער, איי־דער ער איז אומגעקומען. מיר האָבן גערעדט וועגן סאָוויעטישן רעזשים. לוסיענען איז דער רעזשים נישט געפעלן געוואָרן. ער איז צו האַרט — האָט ער געהאַלטן — צו שטרענג, נישט גענוג פרייהייט. אָבער סטאַ־לינען האָט ער ממש פאַרגעטערט. וואָס איז דער וווּנדער — האָט ער געזאָגט — אַז די רויטע אַרמיי וועט זיגן; מיט איר פירט אַן אַ אַזאַ געניאַלער מענטש ווי סטאַלין! און אויב איך האָב אפילן באַמערקט, אַז נישט אַלץ איז אַזוי ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, האָב איך שטענדיק געטראַכט, אַז סטאַלין איז אין דעם נישט שולדיק.

אַז מען האָט פאַרניכטעט די יידישע שרייבער, האָט מען דערוויל אין דער אָפיציעלער פּרעסע ווייניק וואָס דערמאָנט. אָבער אַז מען האָט

אַרעסטירט די דאָקטוירים, און די „פּראַוודאַ" האָט אַלע טאָג געפונען פאַר נויטיק צו אַלאַרמירן וועגן דעם, אַז זיי זיינען געוועז פאַרעטער, שפּיאָנען, און אפילו מערדער, מען האָט זיי באַשולדיקט אין דערמאָרדן זשדאַנאָוון — דאָס האָט מיך שוין אַריינגעבראַכט אין אַ גרויסן ספק. עס זיינען אפילו אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די מ. ג. ב. און מ. וו. ד. גרייטן צו ליסטעס פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און מען וועט פאַרשיקן ערגעץ, פּונקט ווי די קרימער טאַטאַרן. ביי מיר האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע: צי ווייס נישט סטאַלין דערפון? עס האָט זיך מיר דערמאָנט די יאָרן אין דער ליטווישער אונטערערד, אין בורזשואַזן ליטע, ווען עס האָבן אָנגעהויבן די פּראָצעסן פון זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, בוכאַרין, ריקאָוו און נאָך אַזעלכע גרויסע מענטשן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. עס זיינען געפאַלן גרויסע קעפּ. און נאָכן טויט פון יאַגאָדאַן, האָט מען אַלץ געוואָרפן אויף אים. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו באַשולדיקן סטאַלינען גופא. שפּעטער, אין די ווייטערדיקע פּראָצעסן, האָט מען אומגעברענגט די בעסטע קאַדערן פון דער רויטער אַרמיי. מען וועט שוין אפשר קיינמאָל נישט וויסן וויפל טויזנטער הויכע אָפיצירן מען האָט אומגעבראַכט... ווער ווייסט וויפל אומגליק און ליידן סטאַלין וואָלט נאָך געבראַכט דעם סאָוויעטישן פאָלק, ווען דער מלאך המות וואָלט אים נישט צוגענומען.

איצטער וויסן מיר, אַז סטאַלינען האָט מען געוואָרנט, אַז היטלער גייט אַטאַקירן דעם ראַטנפאַרבאַנד. די אַטאַקע איז געווען באַשטימט אויפן 15־טן מאַי 1941. אָבער אין שייכות מיטן יוגאָסלאַווישן פּוטש, איז עס אָפּגעלייגט געוואָרן אויפן 22־טן יוני. אָבער סטאַלין האָט נישט געגלויבט דעם אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד. 5 וואָכן פאַרן דייטשן אָנגריף האָט דער סעקרעטאַר פון אַמעריקאַנער סטייט־דעפּאַרטאַמענט געוואָרנט סטאַלינען, דורך דער פאַרמיטלונג פון סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר, און ער האָט אַלץ נישט געגלויבט. ער האָט נישט געגלויבט די בעסטע סאָוויעטישע אַגענטן פון געהיים־דינסט.

קענטיק, אַז נאָכן קריג האָט סטאַלין וועגן דעם געטראַכט. ער האָט געפּרוווט צו פאַרווישן אַלע שפּורן. ער האָט אָבער איינגעזען, אַז דאָס וועט אים נישט געלינגען. און קענטיק, אַז צוליב דעם האָט ער איינגעזעצט אין תפיסה דעם לעבעדיקן עדות לייב דאָמב, דעם שעף פון „רויטן אָרקעסטער". אויך אין אומקום פון גרויסן סאָוויעטישן פּאַטריאָט סאָרגע האָט סטאַלין געהאַט אַ פערזענלעכע שולד. ווייל די יאַפּאַנער האָבן אים געוואָלט אויסבייטן אויף יאַפּאַנישע שפּיאָנען, געכאַפּטע אין מאָסקווע. אָבער קענטיק, אַז סאָרגע וואָלט געווען פאַר סטאַלינען אַן אָפענע באַשולדיקונג.

אַט זיינען עטלעכע דאָקומענטן פון דער סאָוויעטישער זייט, ווי סאָרגע האָט קודם געוואָרנט סטאַלינען. אין חודש מערץ 1941 גיט ער איבער סטאַלינען, אַז היטלער האָט אַ צוגעגרייטן פּלאַן צו אַטאַ־

קירן דעם ראַטנפאַרבאַנד. ער גיט אָן, אַז 150 דייטשע דיוויזיעס שטייען גרייט. און נאָך עטלעכע מאָל גיט ער אים איבער גענוי די דאַטע פון אָנפאַל. אויך רודאָלף ראשלער, אַ דייטשער פּליט אין דער שווייץ, וואָרנט אַז די דייטשן גרייטן צו דעם אָנגריף.

אין שייכות מיטן פאַרניכטן די יידישע שרייבער, און שפּעטער — די דערמאָרדונג פון באַרימטן אַרטיסט מיכאָעלס, וויל מען דעם גאַנצן אַנטיסעמיטיזם צושרייבן סטאַלינען. גראָד אין מאָרדן, האָט סטאַלין נישט געמאַכט קיין אונטערשייד פון פעלקער. מיט איין קלאַפּ האָט ער אַרי־בערגעפירט די קרימער טאַטאַרן אין די סיבירער סטעפּעס. צווישן די הויכע אָפיצירן, וואָס ער האָט פאַרניכטעט, זיינען געווען נישט נאָר יידן, נאָר אויך רוסן, ליטווינער, אוקראַינער, לעטן. פון 5 מאַרשאַלן אין 1936, זיינען אין 1940 געבליבן נאָר צוויי, וואָראָשילאָוו און בודיאָני. דריי מאַרשאַלן האָט ער אומגעבראַכט: טוכאַטשעווסקי, בלוכער און יעגאָראָוו. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך שטאַרק פאַרשטאַרקט נאָך סטאַ־לינס טויט, ספּעציעל נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה צווישן ישראל און עגיפּטן.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַל מיטן יידישן גענעראַל צערני־כאָווסקי. אין חודש יאַנואַר 1945 איז ער געווען דער ערשטער, וואָס איז מיט זיינע אַרמייען אַריבער די אַלטע דייטשע גרענעץ, און דערמיט אַריבערגעטראָגן די קאַמפן אויף דער דייטשער טעריטאָריע. ער איז געווען צוויי מאָל העלד פון ראַטנפאַרבאַנד. דעם 18־טן פעברואַר 1945 איז גענעראַל צערניכאָווסקי געפאַלן אויפן פראָנט, אין דער געגנט פון שטעטל מעלזאַק, אין מזרח־פּרייסן. אָבער אויף זיין דענקמאָל, וואָס שטייט אין צענטער פון ווילנע, קאָן מען בשום אופן נישט וויסן, צי גענעראַל צערניכאָווסקי איז געווען אַ ייד. און דאָס גראָד קרענקט מיך אַ סך מער, ווי די אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען אין דער „פּראַוודאַ". אויפן דענקמאָל הייסט נישט דער העלדישער גענעראַל איסאַק, נאָר איוואַן דאַנילאָוויטש צערניכאָווסקי. ווען דער זעלביקער וואָלט געווען אַ שפּע־קולאַנט, וואָלט ער שוין נישט געהייסן איוואַן, נאָר לויט זיין ריכטיקן נאָמען איסאַק.

צוויי טויזנט יאָר זוכן יידן אַן אָרט, צו לעבן אַ פרייע, נאַציאָנאַל לעבן. אומעטום האָט מען זיי ברוטאַל דערמאָנט, אַז זיי זיינען נישט ביי זיך, אַז זיי זיינען פרעמדע. מיר האָבן געמיינט, אַז די רעוואָלוציע וועט לייזן אַלע אונדזערע פראַגן. אויך די לייזונג פון ביראָבידזשאַן אין רוסלאַנד איז דורכגעפאַלן. מען האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז דאָס איז אַ מין פאַרשיקונג, אָבער נישט קיין נאַציאָנאַלע היים. מיר איז אויס־געקומען צו רעדן מיט עטלעכע יידן אין מאָסקווע, אין 1954. זיי האָבן געלעבט אין ביראָבידזשאַן שיינע עטלעכע יאָר. ווינטער דערגרייכט דאָרט די קעלט ביז 55—50 גראָד. דאָס וואָלט געווען פונקט ווי מען

וואָלט גענומען געבוירענע סיביריאַקעס און שיקן זיי צו לעבן אין טראָפּישן קלימאַט פון עגיפּטן.

פון 1955 ביז 1957, דאָס הייסט ביז מיין אָוועקפאָרן צוריק פון ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך געאַרבעט אין אַ בוי־אונטערנעמונג פון 300 אַרבעטער. מיט מיר פלעגט אָפט רעדן אַ ליטווישער אינזשיניער. אַז איך בין געקומען צו דער אַרבעט אין דער פרי, איז זיין ערשטע פראַגע געווען:

— נו, ווי האַלט עס דאָרטן? ווי ווייט זיינען אונדזערע אַוועק? זיינען זיי נאָך ווייט פון סועץ?

אין זיינע רייד איז אפשר נישט אַזוי ווייט געלעגן די ליבשאַפט צו ישראל, ווי די פיינטשאַפט פון די ליטווינער צו די רוסן. איינמאָל, ביי אַ גלעזל, האָט מיר דער ליטווינער דערלאַנגט אַ זאָג, דאָס, וואָס איך איך האָב שוין געהערט צווישן אַלטע און טרייע קאָמוניסטן, אַז ווען סטאַלין וואָלט זיך נישט געווען פאַרנומען מיט זיינע אינערלעכע און אויסערלעכע אינטריגעס נאָכן קריג, וואָלט ער געפונען אַ לייזונג מיט דער יידן־פראַגע, און נישט נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, אין אַלע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, נאָר מעגלעך אין וועלט־מאַסשטאַב. ער האָט אָפּגעשניטן ביי די דייטשן מזרח־פּרייסן, האָט ער עס באַדאַרפט אָוועקגעבן יידן, ווי אַ פרייע אייראָפּעאישע יידישע רעפּובליק. ער וואָלט דערמיט געשאָסן צוויי האָזן מיטאַמאָל: ווער וואָלט נאָך געהאַט אַזויפיל רעכט, ווי די יידן, צו באַזעצן זיך דאָרטן, ווו עס האָבן געלעבט זייערע מער־דער? און ווער אין דער וועלט וואָלט געקאָנט קומען און זאָגן, אַז זיי האָבן אויף דעם קיין רעכט נישט, נאָך דער אויסראָטונג פון 6 מיליאָן יידן? נאָכן קריג איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין יענער געגנט זעקס, צי זיבן מאָל. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט מיט גרויסע שוועריקייטן באַזעצט די געגנט מיט רוסן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן חשק צו פאָרן אַהין, נישט געקוקט דערויף, וואָס די געגנט איז געווען אַ סך בעסער אַנטוויקלט, ווי זייערע היימען אין רוסלאַנד. קיין דייטשן זיינען שוין דאָרט נישט געווען. פריער האָבן אין דער געגנט געלעבט ביי 10 מיליאָן דייטשן.

אין דער סאָוויעטישער פרעסע קאָן מען אָפט לייענען אַרטיקלען וועגן דער עקספּלאָטאַציע פון די אַראַבער דורך יידישע קאַפּיטאַליסטן אין ישראל. איך בין געווען אין ישראל אין 1966 און אין 1968. איך האָב אָבער געזען צווישן די עקספּלואַטירטע מער יידן ווי אַראַבער. דער קאַפּיטאַליסט בלייבט דער קאַפּיטאַליסט, צו ער הייסט דיפאָן, אי־וואַנאָוו, צי ראָטשילד. צוליב דער שטענדיקער אויסערלעכער סכנה, קאָן זיך נישט דער ישראלדיקער אַרבעטער־קלאַס אָפּגעבן מיט זיינע קלאַסן־אינטערעסן.

די אַנטיסעמיטישע אַנטי־ישראלדיקע אַרויסטריטן אין דער סאָ־

וויעטישער פּרעסע ברענגען נאָך שאָדן דעם ראַטנפאַרבאַנד גופא, און במילא פאַרשטאַרקט עס דאָס געפיל פון יידישן נאַציאָנאַליזם.

איך בין געווען אין ישראל אין 1968 און די דערציילונג פון מיינע מלחמה־איבערלעבענישן איז פאַררעגיסטרירט געוואָרן אויף אַ באַנד אין יד ושם. מען האָט מיר צולעצט דאָרט געשטעלט אַזאַ מין פראַגע:

— צי געהערט איר צו וועלכער ס'איז פּאַרטיי אין פראַנקרייך?

אָט איז מיין ענטפער:

— איך געהער נישט צו קיין שום פּאַרטיי. מיין פּאָליטישע מיינונג איז — איך בין געווען און וועל בלייבן אַן ערלעכער קאָמוניסט, אָבער נישט קיין קאָמוניסט פון שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם. ביזן 6־טאָגיקן קריג האָב איך פאַרטיידיקט דעם קאָמוניזם אויף אַן אַנדער אופן, ווי איך פאַרשטיי אים היינט. איך לייען צוויי מאָל אַ וואָך די „פּראַוודאַ" און די „איזוועסטיאַ" און די דאָזיקע צייטונגען האָבן איבגאַנצן געענדערט מיין בליק. זיי האָבן מיך געמאַכט פאַר אויס קאָמוניסט. איך האָב געזען אין זיי די זעלבע קאַריקאַטורן, וואָס איך האָב געזען אין די צייטונגען פון מיינע טויטלעכע שונאים, די דייטשן. צי קאָן מען אָבער אַזוי לייכט אַרויסרייסן פון זיך אַן אידייע, פאַר וועלכער מ'האָט געקעמפט איבער 40 יאָר? צי קאָן איך ווערן אויס קאָמוניסט, ווייל סטאַלין האָט פאַראַטן די רעוואָלוציע? צי קאָן אַ קאָמוניסט זיך צוקוקן גלייכגילטיק, ווי אַ קאָמוניסטיש לאַנד ווי פּוילן, אויף וועמענס טעריטאָריע מען האָט אומגעבראַכט מיליאָנען יידן, זאָל איצט, נאָך אַזאַ חורבן, פירן אַן אָפענע אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק? צי קאָן מען זיך צוקוקן, ווי פּראָפעסיאָנעלע מערדער פון דער פּאַטאַח, מאָרדן יידישע קינדער מיט די באַרימטע „קאַטיושעס" פון ראַטנפאַרבאַנד? צי קאָן אַ קאָמוניסט זיך צוקוקן גלייכגילטיק ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי קאָלאַבאָרירט מיט אַלע שוואַרצע כוחות פון עקסטרעם לינקס ביז אולטראַ פאַשיסטן, אַבי זיי זיינען נאָך קעגן ישראל? צי קאָן מען זיך גלייכגילטיק צוקוקן, ווי דער ראַטנפאַרבאַנד אַרבעט־מיט מיט די נאַצישע קריגס־פאַרברעכער אין עגיפּטן? צי קאָן מען פאַרשטיין, אַז אין אַ לאַנד, ווי ראַטנפאַרבאַנד, ווו עס לעבן ביי 3 מיליאָן יידן, זאָל נישט דערשיינען קיין יידישע צייטונג?

אָט די אַלע פאַקטן, און נאָך אַזעלכע, האָבן דערפירט, אַז די יידישע מאַסן האָבן פאַרלוירן דעם צוטרוי צו די קאָמוניסטישע פירער. זיי האָבן איינגעזען, אַז דער איינציקער פאַרטיידיקער פון יידישן כבוד, איז — ישראל. ווען עס וואָלט פאַרן צווייטן וועלט־קריג עקזיסטירט ישראל, וואָלט נישט געקומען צו קיין אוישוויץ. היינט צו טאָג איז ישראל ווי אַ מוטער פאַרן יידישן פאָלק און וועלכער ייד וועט נישט וועלן פאַרטיידיקן זיין געטרייע מאַמע!...

איך שטיי דעריבער אויף דער זייט פון ישראל אָן שום רעזערוון. כאָטש איך ווייס, אַז איך שטיי אין איצטיקן מאָמענט אויף דער זעלבער

זייט באַריקאַדע ווי ראָטשילד. אָבער די קלאַסן־חשבונות וועלן מיר מאַכן שפּעטער. איך בין איבערצייגט, אַז ווען ישראל וועט קאָנען פירן אַ פרידלעך און נאָרמאַל לעבן, בין איך זיכער, אַז ישראל וועט נישט אויסקלייבן נישט קיין שאָוויניסטישן און נישט קיין פאַשיסטישן רעזשים.

נאָכן אומקערן זיך קיין ראָטנפאַרבאַנד בין איך אַ סך אַרומגעפאָרן. איך האָב געלעבט אין קאָוונע צווישן די יאָרן 1952 ביז 1957. איך האָב זיך דאָרט באַקענט מיט אַ יידיש מיידל, אַ געבוירענע אין פּאַריז. זי איז דורכגעגאַנגען דעם סלאַבאַדקער געטאָ און דעם לאַגער אין שטוטהאָף, און איז על פּי נס לעבן געבליבן. מיר האָבן דאָרט חתונה געהאַט. זי רופט זיך ליבאַ, פון דער היים סעשאַליס.

אין ראָטנפאַרבאַנד זיינען מיר פאַרבליבן ביזן יאָר 1957. פאַר דער צייט האָב איך דאָרט געאַרבעט ביי פאַרשיידענע מלאכות. נאָך גרויסע שוועריקייטן און באַמיאונגען, האָט מען אונדז ענדלעך דערלויבט אַרויס־צופאָרן קיין פראַנקרייך. מיין שווער האָט דאַן געלעבט אין פּאַריז. מיין שוויגער, מיין פרוי און איך — אין קאָוונע. דערפאַר האָט מען אונדז דערלויבט צו פאָרן קיין פּאַריז.

דאָ איז מיר אָפט אויסגעקומען צו רעדן מיט באַקאַנטע, וואָס האָבן געוווסט פון מיינע איבערלעבונגען. איך האָב זיי געזאָגט, אַז פאַקטיש וואָלט איך אויך געדאַרפט עפּעס אָנשרייבן וועגן מיין לאַנגן ליידן־וועג, נאָר איך ווייס נישט ווי אַזוי אָנצוהייבן. האָט מיר איינער אַ גוטער פריינט געענטפערט און דערציילט שלום־עליכמס אַ מעשה, ווי ביי אַ יידן איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוויי. אין יענער צייט האָט מען זיך נישט געאיילט אַרויסצונעמען אַ מעטריקע. לויפט דער ייד אַרום אין שטעטל און פרעגט ביי זיינע באַקאַנטע, ווי אַזוי ער זאָל פאַרשרייבן זיין קינד אין דער מעטריקע. האָט אים איינער געענטפערט:

— ווי רופסטו אים אין שטוב?

— יאָסעלע — ענטפערט דער ייד.

— קאָנסטו דאָך אים אַזוי פאַרשרייבן.

— זע — זאָגט דער ייד — דאָס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן...

אַזוי איז געווען דער ענטפער פון מיין גוטן פריינט:

— וואָס דאַרפסטו זוכן וואָס צו שרייבן? שרייב דאָס, וואָס דו האָסט איבערגעלעבט.

אָבער די האַנט איז מער געוווינט צו אַ האַמער, ווי צו אַ פּעדער. אַ דאַך דעקן, אַפילו אויף אַ קלויסטער, איז לייכטער ווי אָנצו־שרייבן אַ בוך.

פאַרן קריג, אַז מען פלעגט ביי אונדז וועלן זאָגן אויף אַ מענטש, אַז ער איז אַ געזונטער, פלעגט מען זאָגן: „וואָס הייסט? ער האָט קיינמאָל קיין דאָקטער נישט געקענט". איך האָב יאָ געקענט עטלעכע דאָקטוירים, ווייל איך האָב ביי זיי געדעקט די דעכער. דערפאַר אָבער

נאָכן קריג, האָב איך, דער געזונטער חברהמאַן, וואָס איך בין געווען, זיך אָנגעהויבן באַקענען מיט דאָקטוירים, אין שפּיטאָלן, אין סאַנאַטאָריעס. יעדעס מאָל, אין שפּיטאָל, האָט זיך מיר געדוכט, אַז דער מלאך המוות שטייט שוין לעבן מיר, מיך מיטצונעמען. אין די שפּיטאָל־נעכט האָב איך זיך דערמאָנט אַ לידל, וואָס איז זייער ענלעך צו מיין גורל. איך געדענק אפילו נישט וועמענס די ווערטער זיינען:

די בערלינער שוואַרצע וואָלקנס
האָבן אונדז געבראַכט די נאַכט.
פּאַר אַ פאַרברעכער האָבן זיי מיך געמאַכט,
ווייל פון פאָלק אברהם, יצחק שטאַם איך.
זיי האָבן מיין האַרץ צעשטאָכן,
מיין היים צעבראָכן,
געבליבן בין איך עלנט ווי אַ שטיין.
און אַט בין איך אָן אַ היים, אָן אַ טאַטן,
ווי פון קיין מוטער געזויגן.
הינטער אייזערנע גראַטן —
דאָרט בין איך דערצויגן.
און אַט זע איך מיין ענדע
אין שפּיטאָל אויף אַ בעטל,
און ס׳פאַרגייט מיין לעגענדע,
ווי דער רויך פון אַ סיגאַרעטל.

יאָ, פיזיש האָט מען מיך צעבראָכן, אָבער מאָראַליש בין איך פאַר־בליבן ווי געווען. אָט דאָס בוך איז מיין עדות.
און דאָס איז מיין געשיכטע.

פּאַריז, 1971.